צו די געזעלשאפטן, קלובן, צענטערס און
אסאָציִאציעס פון דער ייִדישער קולטור,
צו די געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער פון
„סאָוועטיש היימלאנד",
צו אלע ליבהאָבער פונעם ייִדישן קינסטלעריִשן וואָרט.

אין קומענדיקן יאָר וועלן אין „סאָוועטיש היימלאנד" פארעפנטלעכט ווערן אייניקע אוניקאלע ווערק, וועלכע זײַנען ביז איצט ניט באוווּסט דעם ברייטן לייענער:

די ייִדישע אגאָדעס, וועלכע ס'האָט זײַנערצײַט צונויפגעזאמלט און איבערגעזעצט אף ייִדיש דער גרויסער ייִדיש־העברעיִשער דיכטער כאיִם־נאכמען ביאליק צוזאמען מיט זײַן פרײַנט און מיטארבעטער יאָשוע־כאָנע ראווניצקי;

אינעם אָפּטייל „ייִדישע געשיכטע" — די פּאָרזעצונג פונעם כראָנאָלאָגישן קורס לויט די ווערק פון שימען דובנאָוון און אנדערע ייִדישע היסטאָריקער.

עס וועט אײַנגעפירט ווערן א נײַער אָפּטייל — „אנטאָלאָגיע פון דער ייִדישער זינגליד" (מארקווארשאווסקי, מאָרדכע געבירטיג, פּאָפּולערע פאָלקסלידער).

„סאָוועטיש היימלאנד" וועט עפענען א ווינקל אף צו טיילן זיך מיט דער דערפארונג פון לערנען ייִדיש און א ספּעציִעלן אָפּטייל „נײַס פון ייִדישער קולטור־טעטיקײַט".

אין דער ביכער־בײַלאגע צו „סאָוועטיש היימלאנד" וועט פּאָרגעזעצט ווערן דאָס „זשורנאלעכל אין זשורנאל" — „יונגוואלד".

דאָס מאמאָשעסדיקע, וואָס אין דער אבאָניר־קאמפּאניע אפן 1990 יאָר קאָנט איר אָפּטאָן לעטויוועס דעם ווײַטערדיקן קיִעם פון דער ייִדישער קולטור, איז — צוציִען נײַע לייענער פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד".

גיט אונדז צו וויסן וועגן די דערגרייכונגען אין אָט דעם פּראט.

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאל

ארגאן פון שרייבער-פארבאנד פון סססר

דערשיינט פון 1961

פארלאג „סאוועטסקי פיסאטעל"

מאסקווע



סענטיאבער

1989

# אינהאַלט

שמועל גאָרדאָן

# ייִזקער

(ראָמאַן)

## פאָרוואָרט

דער ראָמאַן „ייִזקער" איז אין אַ געוויסער מאָס אַ דאָקומענטאַל ווערק. איך האָב אים געשריבן ניט בלויז אויפן סמך פון דעם, וואָס האָט זיך באַ מיר פאַרהיט וועגן יענער שווידערלעכער צייט אין זיקאָרן. אַליין דער זיקאָרן האָט מיר אונטערגעזאָגט זיך ניט פאַרלאָזן אינגאַנצן אויף אים, ער קאָן צומאָל פּשוט אונטערפירן, ביפראַט, אַז אין אַ ראָמאַן גייט אַ רייד וועגן געשעענישן פון מיט עטלעכע און פערציק יאָר צוריק, דערצו נאָך איז דער אווטאָר שוין אַ זאָקן, באַ די אַכציק. אָן באַגלייבטע איידעס אין אַזעלכע פאַלן איז זיך ניט צו באַגיין. כ'זאָל ניט געווען האָבן אַזאַ באַגלייבטן איידעס, וואָלט איך ניט גענומען אויף זיך די אַכרײַעס דערציילן פון גשעענעם און געוועזענעם, וואָס איז ביז איצט נאָך פאַרבאָרגן הינטער זיבן שלעסער, פול מיט סודעס. אויף וויפל איך בין אימשטאַנד און ס'איז אין מײַנע קויכעס, באַמי איך זיך עס אַנטפּלעקן. און וועגן דעם איז דער ראָמאַן. ער איז פאַרטראַכט ווי אַ ייִזקער נאָך אונדזערע קדושים, אַ ייִזקער נאָך די ייִדישע שרײַבער און אַנדערע שעפערישע קויכעס פון אונדזער פאָלק, אַכזאָריעסדיק אומגעבראַכטע אויפן בלוטיקן לובייאַנקער מיזבייעך.

מײַן באַגלייבטער איידעס בײַסן שרײַבן דעם ראָמאַן איז געווען די צופעליק פאַרהיטע קאָפּיע פון מײַן אָנקלאָגע, וואָס איך האָב דעם 17 יול 1954 אַוועקגעשיקט פון לאַגער אין די העכסטע אינסטאַנצן מיקויעך איבערקוקן מײַן איניען, לויט וועלכן דער לוביאַנקער „דרײַלינג" האָט מיך פאַרמישפּעט אויף 15 יאָר לאַגער מיט אַ צוגאָב: נאָכן באַפרײַען זיך אין פופצן יאָר אַרום פונעם לאַגער אָפּנעמען באַ מיר די רעכט נאָך אויף פינף יאָר.

אין דער אַוועקגעשיקטער אָנקלאָגע האָב איך אויסגעפירלעך, מיט אומבאַשטרײַטע באַווײַזן צו נישט געמאַכט די אַלע באַשולדיקונגען קעגן מיר, וועלכע זײַנען, צוליב די זעלבע פּראָוואָקאַציאָנעלע צוועקן, געווען פונקט אַזוי פאַבריקירט לעגאַבע די טויער פונעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט און די אַנדערע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

קעדיי מיך אײַנברעכן, כ'זאָל זיך מודע זײַן אין די שווערסטע פאַרברעכנס — אין פאַראַט, שפּיאָנאַזש, בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם, אַנטיסאָוועטישער אַגיטאַציע (אַרטיקל 58, פונקטן 1—א, 10, 11) — האָבן די אויספאָרשער מיך באַקאַנט מיט אייניקע אויסצוגן פון די פּראָטאָקאָלן, אונטער וועלכע ס'האָבן זיך געכאַסמעט די ביז מיר אַרעסטירטע מיטגלידער פון קאָמיטעט און שרײַבער, ווו זיי אַנערקענען זיך אין אַלץ, אין וואָס מע באַשולדיקט זיי, און ווײַזן אָן אויף מיר, ווי אויף איינעם פון די טעטיקע אָנטיילנעמער אין פאַרווירקלעכן זייערע אַנטיסאָוועטישע פאַרעטערישע צילן.

די אָנקלאָגע האָב איך געשריבן אויפן פערטן יאָר פון מײַן אַרעסט, ווען באַ מיר איז נאָך געווען פריש אין זיקאָרן דאָס אויסגעלייענטע אין די פאַלסיפיצירטע פּראָטאָקאָלן, ווו ס'זײַנען געווען אָנגע־

וויזן אלע „פארברעכנס", אין וועלכע מע האט באשולדיקט דעם קאמיטעט און די יידישע שרייבער. צוזאמען גענומען האט עס געשאפן א פארגאנצט בילד פון דער שרעקלעכער פראוואקאציע בענעגייע אונדזער פאלק. דאס אלץ האב איך גענוי איבערדערציילט אין דער אנקלאגע. (די קאפיע פונעם אריגינאל אף 56 זייטן דינעם פאפיראס־פאפיר האט זיך בא מיר ביז איצט פארהיט. דערווייל איז עס דער איינציקער דאקומענט, פון וועלכן מע קאן זיך דערוויסן וועגן דעם אנהייב און דעם סאף פון דעם שרעקלעכן בילבל.)

די אויסצוגן פון די פראטאקאלן, ווי אויך די אנדערע דאקומענטאלע באווייזן, וועלכע ווערן געבראכט אין דער אנקלאגע, האבן מיר געהאלפן אופשטעלן אין עטלעכע און פערציק יאר ארום א רעאל עמעסדיק בילד פונעם געשעענעם אין יענער שוידערלעכער צייט. דאס באטייט אבער ניט, אז „ייזקער" דארף ווערן אופגענומען ווי א דורכויס דאקומענטאל ווערק. „ייזקער" איז א ראמאן, ווו באגלייך מיט די רעאלע ווירקלעכע געשעענישן און בילדער פארנעמען אן אנגעזעען ארט אויך בילדער און פאסירונגען, וואס זיינען זיך דעמלט ניט פארלאפן, אבער לאגיש וואלטן זיי געקאנט זיך פארלויפן, ווי סע קומט פאר אין יעדן קינסטלעריש ווערק. דאס קאן מען ארויסזען דערפון, וואס אויסער עטלעכע פערסאנאזשן זיינען אלע איבעריקע אנגערופן ניט מיט זייערע נעמען, כאטש קימאט יעדערער פון זיי האט געהאט אין דער ווירקלעכקייט זיין פראטאטיפ. גלייכצייטיק זיינען אין יעדן געשטאלט פארקערפערט עטלעכע רעאלע פערסאנאזשן. אויך די געשעענישן ווערן געגעבן ניט כראנאלאגיש, ניט לויטן סיידער, ווי זיי זיינען זיך דעמלט פארלאפן אין דער ווירקלעכקייט.

דערווייל האב איך פארענדיקט בלויז דעם ערשטן טייל. די האנדלונג אינעם צווייטן טייל פונעם ראמאן, וועלכן איך בין צוגעטראטן שרייבן, וועט פארקומען הינטער די דיקע ווענט פונעם בארימטן טויער אף לוביאנקע, ווו יעטווידער, ווער ס'איז, ווי איך, אריבערגעטראטן די שוועל פון אט דעם הויז, האט אף שטענדיק פארלאזט די האפענונג, אז ער וועט ווען־ניט־איז זיך אומקערן פון דארט צוריק אין דער וועלט, פונוואנען מע האט אים אף א שוידערלעכן אויפן ארויסגעריסן. די האנדלונג וועט ווערן אריבערגעטראגן אויך אין לאגער אף יענער זייט פונעם פאליאר־קרייז, הינטער די האריי־כישער.

אנשרייבן וועגן דעם אלעמען איז מיין היילקער כויוו, ווייל איך בין דער לעצטער, ווער סע קאן דערפון דערציילן, דער איינציקער פארבליבענער באלטפילע פון יענעם שרעקלעכן כורבן.

# ערשטער טייל

## 1

דעם ארן מיטן מעס האט מען נאך פאר האלבן טאג געדארפט ברענגען פונעם באטקין־שפיטאל, וווהין מע האט אים אוועקגעפירט פון ווייסרוסישן וואקזאל, ווי נאר דער צוג מיטן ניפטער איז אנגעקומען פון מינסק. ס'איז שוין אבער ווייט נאך האלבן טאג, עס רוקט זיך אן שוין דער אוונט, לעשט ביסלעכווייז אויס די פונקען פונעם הויכן שניי, דעקט אים איין צו דער נאכט מיט די שאטנס פון די ענג־צונויפגערוקטע הייזער און נאקעטעביימער. אינעם גרוי־אומעטיקן הימל ווערן זיך באלד אנהייבן באווייזן שטערן. נאר קיינער פונעם פארזאמלטן האמוין, וואס איז געקומען זיך געזעגענען מיט שלוימע בענמיכאעלן, זיכרוינע ליווראכע, גייט פונדאנען ניט אוועק, קלערט ניט אוועקגיין, אויב אפילע ס'זאל אויסקומען ווארטן ביז טיף אין דער נאכט און דאס לינדע אוונטיקע פרעסטל זאל צו דער נאכט איבערגיין אין א קרעפטיקן פראסט. אף דעם קאן מען זיך ריכטן. ס'איז כוידעש שוואט, אין סאמע רעכטן מיטן יאנוואר, און געקומען איז דער אוילעם אהער נאך אינדערפרי, ווי נאר די טרויעריקע יעדיע האט זיך צעשפרייט איבער דער שטאט און איז איבערגעגעבן געווארן מיט פארטרערטע אויגן פון מויל צו מויל.

די ריי צו דער געביידע פונעם יידישן טעאטער אין אנהייב פון דער קליין־בראנע־גאס האט צו אוונט זיך שוין אוועקגעצויגן העט ארוף דורך דער שכיינעסדיקער גרויס־בראנע אזש ביזן פושקין־פלאץ. געשטאנען איז מען צו פינף־זעקס אין א שורע, פארכאפנדיק מיט זיך אויסער דעם טראטואר

איך א שטיק פונעם ברוק. איבערציילן, וויפל מענטשן אן ערעך האָבן זיך הייַנט אהער פאַרזאַמלט, וואָלט קיינער פון זיי געוויס זיך ניט אונטערגענומען, ווייַל דער אַרלעם האָט ניט אופגעהערט זיך מערן, געהאַט שוין פאַרקערעוועט דורך דער גאַרקע־גאַס צו דעם מאַיאַקאָווסקי־פּלאַץ, בייס ניט נאָר די הינטערשטע רייען האָבן געסאַפּעקט, צי וועלן זיי, ביז מע וועט אָפּשטעלן דעם צוטריט, באַוויַזן פאַרבייַגיין דעם אָרן, צום לעצטן מאָל א בליק טאָן פונדערנאָענט אויף דעם, וועמען די וועלט האָט געקרוינט מיטן נאָמען שלוימע האַכאָכעם. מאָרגן וועט מען צו אים שוין מיסטאָמע ניט צולאָזן. מאָרגן פאַר האַלבן טאָג איז די לעווייַע.

אין איינעם פון די הינטערשטע רייען איז געשטאַנען זאַלמען מאַנדעל. ער איז געווען צו לייַכט אָנגעטאָן, אז ער זאָל קאָנען אויסשטיין עטלעכע שעה אויף דער קעלט, וואָס האָט צו אָוונט געגעבן וועגן זיך שטאַרקער צו פילן. זאַלמען איז געווען אין א גריַנגן האַרבסטיקן מאַנטל, אין לייַכטע, ניט ביזן סאָף פאַרשנורעוועטע שיך, ווי ער זאָל געווען וווינען דאָ ערגעץ דערבייַ און זיך אַרויסגעכאַפּט אויף א וויַילע פון שטוב קויפן אין קיאָסק א פּעקל סיגאַרעטן. ער האָט זיך ווירקלעך טאַקע אַרויסגעכאַפּט פון דער שטוב אויף א וויַילע, אָנקלינגען פון א נאָענטן טעלעפאָן־אוטאָמאַט זייַן באַוואָר, דעם טעאַטראַלן קריטיקער נאָסן לעוויטינען. בא זאַלמענען אין דער קאָמונאַלער וווינונג איז שוין פון א פּאָר טעג אויסגעשלאָסן דער טעלעפאָן. עמעצער פון די שכיינים האָט פאַרגעסן צו דער צייַט איינצאָלן פאַר א טעלעפאָן־געשפּרעך מיט אן אַנדער שטאָט. זאַלמען האָט ניט באַוויזן נאָך גאָרניט פרעגן, ווי דאָס טרייַבל איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. די ניַיס, וועלכע נאָסן האָט אים אָנגעזאָגט, איז געווען אויף אַזויפיל דערשיטערנדיק, אז זאַלמען, ניט פאַרגייענדיק אין שטוב זיך איבערטאָן, איז אַרייַנגעשפּרונגען אינעם אָנגעקומענעם טראַמווייַ, וואָס האָט אים דערפירט בלויז ביזן צענטער שטאָט. דעם וויַיטערדיקן וועג פון אַכאָטני ריאַד ביז די ניקיטסקע־טויערן האָט ער דורכגעמאַכט צופוס, ניט באַמערקנדיק, ווי ער איז א פּאָר מאָל פאַרקראָכן אין די צונויפגעשאַרטע קופּעס שניי און האָט אָנגעשעפּט פולע שיך.

דאָס איינציקע ווינטערדיקע אָנטאָן אויף זאַלמענען איז געווען דאָס טונקל־ברוינע פּיזשיקענע היטל, וואָס ער האָט, ניט לויט דער מאָס זייַנער, נאָר בלויז ווייַל עס איז אים געווען געפעלן, אנומלט געקויפט אין א קאָמיסיאָנער קלייט. דאָס טיפע פּיזשיקענע היטל איז אים שיר ניט אַריבערגעפאַלן איבער די אויגן. אזא היטל איז פונקט צוגעפּאַסט פאַר א מענטשן, וועלכער איז ברייט באַרימט און וויל זיך אויסבאַהאַלטן פון נייַגעריקע בליקן. זאַלמען מאַנדעל איז אויך געווען א מענטש מיט א נאָמען, אָבער ניט אויף אַזויפיל באַרימט, אז מע זאָל אים דערקענען אין גאַס, כאָטש זייַנע פּאָטרעטן זייַנען געווען מיט א פאָטאָבילד פונעם אוטאָר, אין אין פאָיע פון טעאַטער, צווישן די אַרויסגעהאַנגענע פאָטאָס פון די שרייַבער, וועמענס פּיעסעס מע האָט אין פאַרשיידענע צייַטן דאָ געשפּילט און וועמענס מע שפּילט ביז איצט נאָך, איז געווען אַרויסגעהאַנגען אויך זייַן בילד. דרייַ זייַנע פּיעסעס האָט דער טעאַטער שוין געשטעלט. אין איינער פון זיי האָט די הויפּט־ראָל געשפּילט בענמיכאָעל. דאָס האָט זיי ביידע נאָך מער דערנעענטערט, זיי זייַנען געווען לעצטנס אפילו אויף „דו", ניט געקוקט אפן אונטערשייד אינעם עלטער. זאַלמען איז געווען יינגער קימאַט אויף אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר.

נאָר ווי מאַנדעל זאָל ניט געווען זייַן באַוווסט, וואָלט ער סוף ניט געדאַרפט אָנקומען צו א היטל, אונטער וועלכן ער זאָל זיך דאָ דאַרפן אויסבאַהאַלטן פון נייַגעריקע אויגן. ער סאָפּעקט בי־כלאל, צי עמעצער פון די, מיט וועמען ער שטייט אין דער ריי, קען אים אין פּאָנעם. ער האָט קיינ־מאָל ניט געהערט צו די שרייַבער, וועלכע לייענען אָפּט פאַר זייערע ווערק אויף די ליטעראַרישע אָוונטן און דערמיט, אייגנטלעך, פאַרגעדענקען זיי זיך דעריקער דעם עולעם. אַלנפאַלס, פאַר דער צייַט, זינט ער שטייט דאָ אין דער ריי, האָט זיך צו אים דערווייַל נאָך קיינער ניט געווענדט. דערפון אליין שוין האָט זאַלמען געקאָנט מאַכן אן אויספיר, אז קיינער פון זיי האָט מיסטאָמע קיינמאָל ניט געהאַלטן אין דער האַנט זייַנע יידישע ביכער, ווייסט אפילו ניט, אז ער איז דער אוטאָר פון דער דראַמע, וועלכע זיי האָבן זיכער געזען און פאַרגעדענקט, ווייַל די הויפּט־ראָל אין איר האָט געשפּילט דער, מיט וועמען זיי זייַנען געקומען זיך געזעגענען, אַרויסבאַגלייטן אין לעצטן וועג. נו, און ווען עמעצער פונעם פאַרזאַמלטן עולעם דערקענט אים שוין יאָ און פרעגט זיך נאָך, וויאַזוי איז געשען דער אומ־גליק, וואָס האָט ער וועגן דעם זיי צו זאָגן? ווער נאָך, אויסער ווי א יידישער שרייַבער, קאָן אַזוי באַנעמען דאָס, וואָס איז געשען? סייַווי וואָלט ער זיי דאָך ניט געקאָנט דערויף ענטפערן מער ווי ער האָט, שטייענדיק באַגלייַך מיט אַלעמען אין דער ריי, זיך דאָ אָנגעהערט וועגן דעם, כאָטש ער איז צווישן זיי געוויס דער איינציקער, ווער ס'איז שוין געווען אינווייניק אין טעאַטער, ווו אַלץ איז צוגע־גרייט אויף באַגעגענען און אַרויסבאַגלייטן דעם אָרן: די ליוסטרעס, די שפּיגלען, די ברא אויף די טרעפּ אין פּאָיע זייַנען אין שוואַרצן. אפן אַראָפּגעלאָזטן פאָרהאַנג מיטן שוואַרצן קרעפּ איז שלוימעס בילד מיטן לעניון־אָרדען אפן לאַץ פון רעקל. זייַנע ברייט־צעעפנטע עטוואָס אויסגעשטאַרצטע אויגן אפן צושמייכלענדיקן געזיכט מיט דער פאָרויס־אַרויסגערוקטער אונטערשטער ליפּ האָבן פאַרכידעשט אַרייַנ־

געקוקט אין האַלב־פֿינצטערן צוּשויער־זאַל, ווי ער זאָל וועלן פֿרעגן, פֿאַרוואָס איז דאָ היינט אַזוי פּוסט און שטיל? פֿאַרוואָס דרייט זיך אום הין און הער פֿאַרבײַ דער בינע זײַן נאָענטסטער פֿרײַנד בּיניאָמין בּענאַריע, מיט וועמען ער איז דורכגעגאַנגען אַ לעבן, כאַפּט נאָכאַנאַנד אַרײַן דעם קאָפּ אין די הענט און ווישט די אויגן?

זאַלמען איז געווען אין טעאַטער אַ היימישער מענטש. אים האָבן דאָרט אַלע געקענט און קיינעם וואָלט ניט פֿאַרוווּנדערט, ווען ער זאָל זיך געווען דאָרט פֿאַרהאַלטן, ניט וואַרטן אין דרויסן אויף דער קעלט בּיז מע וועט בּרענגען צו פֿירן דעם ניפֿטער. ער וואָלט געווען דער זעקסטער, צי דער זיבעטער צווישן די, וואָס זײַנען געזעסן אינעם האַלב־פֿינצטערן צוּשויער־זאַל אויף די לעצטע רייען און געוואַרט. זאַלמען האָט אַלעמען דערקענט. צוויי פֿון זיי זײַנען וועלט־בּאַרימטע רעזשיסערן. די איבעריקע — גרויסע רוסישע שרײַבער. אים האָט ניט פֿאַרוווּנדערט, וואָס צווישן זיי האָט ער ניט געזען קיין איין יידישן שרײַבער. זיי זײַנען אַפּאַנעם געשטאַנען צוזאַמען מיטן פֿאָלק אין דרויסן.

נאָר ניט צוליב דעם, ער זאָל זיי אָפּזוכן צווישן דעם המון, איז זאַלמען מאַנדעל אַרויס פֿון דער וואַרעם אין פּראָסטיקן דרויסן און ניט געאײַלט פֿאַרקערעוועט פֿון דער קליין־בּראָנע אויף דער גרויס־בּראָנע־גאַס. ער האָט געוואָלט פּאַשעט אַ צייל געבן, וויפֿל מענטשן אַן ערעך האָבן זיך היינט אַהער פֿאַרזאַמלט און וואָס זײַנען עס פֿאַר אַ מענטשן. פֿיר טויזנט מאַן האָט ער אָנגעציילט נאָך מיט אַ צײַט פֿאַר דעם, ווי ער איז דערגאַנגען בּיזן פּושקין־פּלאַץ און פֿאַרנומען דאָרט זײַן אָרט. ער וועט ניט מאַכן פֿאַר זיך קיין אויסנאַם. ער וועט צוזאַמען מיטן פֿאָלק דורכמאַכן פֿונדאַנען דעם גאַנצן וועג צו דער טעאַטער־געבײַדע און, אַרײַנקומענדיק אַהין, צוזאַמען מיט אַלעמען פֿאַרבײַגיין דעם אָרן. מאַנדעלן האָט ניט געכידעשט, וואָס אינעם המון, ווי ער האָט באַמערקט, זײַנען געווען אי טיף בּאַיאָרטע, אי יונגע, מענטשן ציווילע און מיליטערישע. קליינוואַרג, וואָס האָט ניט בּאַוויזן נאָך זען און וועט שוין מער קיינמאָל ניט זען אין לעבן דעם, מיט וועמען עס איז געקומען זיך געזעגענען, האָט אויך ניט אויסגעפֿעלט. אייניקע פֿרויען זײַנען געשטאַנען מיט נאָך גאָר קליינינקע קינדער אויף די הענט.

מעגלעך, אַז ס'איז געווען אַ פֿאַרזען פֿון זײַן זײַט, האָט זאַלמען, קלאַפּנדיק פֿון קעלט אַ פֿוס צו אַ פֿוס, אַ קלער געטאָן פֿאַר זיך, וואָס ער האָט, אויסהערנדיק פֿון בּיניאָמינען די געשיכטע וועגן שלוימעס אַרונטערפֿאַלן אונטער אַ מאַשין, אויסבּאַהאַלטן, ניט דערציילט אים וועגן זײַן לעצטער בּאַגעגעניש מיט שלוימען אַ פּאָר טעג פֿאַרן אומגליק.

פּונקט אין יענע טעג, ווען שלוימע מיטן צווייטן שאַליעך פֿונעם קאָמיטעט פֿון די סטאַלין־פּרעמיעס, מיטן אומגעקומענעם צוזאַמען מיט אים טעאַטראַלן קריטיקער גאָלובּאָוון, זײַנען געווען אין מינסק, איז ער, זאַלמען, אויך דאָרט געווען. ער האָט געבּראַכט צו פֿירן פֿאַרן מינסקער יידישן טעאַטער זײַנע אַ נײַע פּיעסע. שלוימע איז אויף דער פֿאָרלעזונג ניט בּײַגעווען. ער איז געווען פֿאַרנומען, געגאַנגען אין אָפּערע־טעאַטער זען, צי די נײַע פֿאָרשטעלונג פֿאַרדינט, מע זאָל זי בּאַלוינען מיט דער סטאַלין־פּרעמיע.

אויף מאָרגן נאָך דער פֿאָרלעזונג פֿון זײַן פּיעסע האָט ער צוזאַמען מיט שלוימען געגעסן מיטיק אין רעסטאָראַן פֿונעם האָטעל, וווּ זיי זײַנען אײַנגעשטאַנען. בּאַם וואַרמעס האָט שלוימע צו אים שטיל אַ זאָג געטאָן, ווי בּייסן פֿאַרטרויען אַ סאָד, און ווי זאַלמען בּאַנעמט עס איצט, איז דאָס ווירקלעך געווען אַ סאָד.

— זאַלמענקע, — האָט שלוימע אים געזאָגט, — זיי וועלן עס אונדז ניט מויכל זײַן.

— ווער? פֿאַרוואָס?

שלוימע האָט אים דערויף ניט געענטפֿערט, בּלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, וואָס האָט געקאָנט בּאַטײַטן: קיינעם קיין וואָרט ניט פֿון דעם, וואָס דו האָסט פֿון מיר דאָ געהערט. אָדער: פֿאַרגעס בּיכלאַל, וואָס כ'האָב דיר געזאָגט. ס'האָט אויך געקאָנט הייסן: מעגלעך, איך בּין זיך טועה...

עפּשער דערפֿאַר האָט זאַלמען עס ניט דערציילט בּיניאָמינען, ווײַל ס'ווילט זיך אויך איצט נאָך ניט גלייבן, אַז דאָס, וואָס שלוימע האָט אים אין יענעם טאָג פֿאַרטרויט, האָט געקאָנט האָבן אַ שײַכעס צום געשעענעם אומגליק. אַזוי ווײַט פֿאַרויסזען האָט אפֿילע אַזאַ גאָען, ווי בּענמיכאָעל, ניט געקאָנט. נאָר עפּעס אַפּאַנעם האָט אים געפּײַניקט. דעם סאָד דערפֿון האָט ער מיטגענומען מיט זיך אַהין, פֿונוואַנען ס'איז ניטאָ קיין וועג צוריק. כאָטש ווער ווייסט... וויפֿל טיף פֿאַרבּאָרגענע סוידעס זײַנען מיט דער צײַט אויפֿגעשטאַנען טכיאַס־האַמייסים!

ווײַזט אויס, אַז מע האָט געבּראַכט צו פֿירן דעם אָרן, ווײַל דער אוילעם האָט מיטאַמאָל זיך היפּשלעך אַ רוק געטאָן פֿאָרויס. דאָס האָט אָבער אויף קיין רעגע ניט אָפּגעשטעלט די רייד, וועלכע מע האָט די גאַנצע צײַט געהאַט געפֿירט צווישן זיך. זאַלמען האָט זיך ניט אַרײַנגעמישט, נאָר קיין וואָרט ניט דורכגעלאָזט פֿונעם גערעדטן, גלײַך ער זאָל זיך ריכטן דערהערן, וואָס איז געווען פֿאַרבּאָרגן אינעם סאָד, וועלכן שלוימע האָט געטראָגן אין זיך און ניט בּאַוויזן אים אַנטפּלעקן.

— כ'וואָלט וועלן פֿאַרשטיין, — האָט זיך אָנגערופֿן פֿון דער פֿאָדערשטער ריי אַ הויכער יונגערמאַן מיט אַ פּאָר געדיכטע וואָנצעס, אין וועלכע ס'האָט זיך אויסבאַהאַלטן דער שפּיץ פֿון זײַן לענגלעכער נאָז, אַ היפּש רויטלעכע פֿון דער קעלט, — קוים ס'איז טאַקע אַזוי, ווי מע דערציילט, אַז זיי איז איבערגעפֿאָרן אַ לאָסטמאַשין, הײַנט צו וואָס איז נייטיק געווען פֿירן אים אין שפּיטאָל פֿאַלמעסן און אים אַזוי לאַנג דאָרט אָפּהאַלטן?

— מיסטאָמע האָט מען אַזוי באַדאַרפֿט. — בײַ דעם באַיאָרטן מאַנצבל מיטן קורץ אונטערגעשוירענעם בערדל, וועלכער האָט זיך אַרײַנגעמישט פֿון דער זײַט, איז געווען אַן אויסזען פֿון אַן אַדוואָקאַט, דורך וועמענס הענט עס איז דורך אין געריכט ניט איין אינייען. — געווען דערצו, ווי איך שטויס מיך אָן, אַ וויכטיקע סיבה.

— דעהײַנע? — האָבן אים געפֿרעגט עטלעכע מיטאַמאָל.

— דעהײַנע, פֿרעגט איר? ווײַל אין אַזוינע פֿאַלן דאַרף מען פֿריִער פֿאַר אַלץ אויסקלאָרן, צי זײַנען זיי ניט געווען בעגילופֿין און אַליין, ווי סע זאָגט זיך, געקראָכן אונטער די רעדער.

— נאַרישקײַטן.

— זאָל זײַן נאַרישקײַטן...

— נו, ווי קאָנט איר אַזעלכעס דערלאָזן? איר ווייסט, וויפֿל כ'קען זיך מיט שלוימען? כ'האָב אים נאָך געזען שפּילן דעם באַדכן אין „באַנאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק". און וויפֿל מאָל האָב איך אים פּאַשעט אַזוי געזען. מיר געדענקט זיך אָבער ניט, אַז כ'זאָל אים ווען־ניט־איז האָבן באַגעגנט אונטערן גלעזל, ווי דאָס טרעפֿט, זאָלן זיי מיר מוחל זײַן, צווישן די גדולים.

— און איך האָב אים גראָדע יאָ געזען בעגילופֿין. ניט אין גאַס, פֿאַרשטייט זיך. פֿאַר אַ זײַטיקן מענטשן איז עס קוים געווען צו באַמערקן. די טירע פֿון נעמען אַ קויסע איז ער אָפּאָנעם דורכגעגאַנגען בײַ די גאָר גרויסע אַרטיסטן און שרײַבער. איך בין מיט זיי אויך אַ ביסל באַקאַנט. אַלנפֿאַלס, די מעלאָכע פֿון מאַכן אַ קויסע האָט ער געקאָנט אַ ביסל בעסער פֿון רעב אַלטערן אין „מאַזלטאָוו", וווּ נאָכן ערשטן גלעזל האָט דער העלד זיך שוין קוים געהאַלטן אויף די פֿיס און בעשאַסמײַסע געשריִען: אַ ייִד איז קיינמאָל ניט שיקער. אַ ייִד איז דאָך עפּעס אַ ייִד...

זאַלמען האָט געהאַט דערויף וואָס צו זאָגן, ער האָט אָבער קיין וואָרט פֿון מויל ניט אַרויסגעלאָזט. ס'וואָלט געווען פֿון זײַן זײַט דער גרעסטער כילול־האַשעם געבן אַפֿילע אַ מינדסטן אָנדײַט אויף דעם. פֿון אַלע האַשאָרעס, וועלכע ער האָט זיך דאָ אָנגעהערט, האָט מער פֿון אַנדערע געלייגט זיך אויפֿן סייכל די האַשאָרע פֿונעם שאָכן אין דער ריי, פֿון דעם מיליטעריש־געקליידטן יונגערמאַן אין די ברילן:

— דער שאָפֿער פֿון דער מאַשין איז, זעט אויס, געווען שיקער. און דאָס, וואָס ער האָט זיי ניט איבערגעלאָזט אויפֿן וועג, נאָר אַראָפּגעוואָרפֿן אין ריוו, איז ניט שווער צו פֿאַרשטיין. ער זאָל זיי געווען לאָזן ליגן דאָרט, ווו ער איז זיי איבערגעפֿאָרן, וואָלט מען אים באַלד געווען געכאַפּט, וואָרעם ער וואָלט דאָך דערמיט פֿאַרצאַמט דעם וועג פֿאַר אַנדערע מאַשינען. און אַזוי האָבן די שפּורן פֿון די רעדער פֿון זײַן מאַשין זיך איבערגעמישט מיט אַנדערע...

קיינער אָבער האָט דאָ דערווײַל זיך ניט פֿאַרגעבן די פֿראַגע, וועלכע פּײַניקט זאַלמענען די גאַנצע צײַט: בעעמיכאָעל איז ניט דאָס ערשטע מאָל אין מינסק. וויאַזוי זשע האָט ער געקאָנט פֿאַרבלאָנדזשען איבער דער שטאָט אויף אַ פּוסטן פּלאַץ? געגאַנגען אַ קוק טאָן די כאָרעווע ייִדישע געטאָ? ווער גייט עס אַהין אין אָוונט, ווען ס'איז כוישעך? מע האָט דאָך געקאָנט גלאַט אָנפֿאַלן אויף זיי און באַרויבן. אויף שלוימען איז געווען אַ גוטער פֿוטער. אַזאַ פֿוטער אַן ערעך האָט ער געבראַכט פֿון אַמעריקע, בײַס ער איז דאָרט געווען אין שליכעס, סטאַלינען, אַ מאַטאָנע פֿון די ניו־יאָרקער ייִדישע אַרבעטער. פֿאַר יעדן שטאָך מיט דער נאָדל בייסן נייען דעם פֿוטער האָבן די אַרבעטער געצאָלט דאָלאַרן צושטײַער אויף אײַנקויפֿן געווער פֿאַר דער רויטער אַרמיי. די רויבער, ווען דאָס זאָל געווען זײַן אַן אָנפֿאַל, האָבן, פֿאַרשטייט זיך, דערפֿון ניט געוווּסט און ניט געקאָנט וויסן. שוין גופֿע דאָס אַליין, וואָס דעם פֿוטער, ווי ביניאָמין דערציילט, האָט מען ניט צוגערויבט, איז דער בעסטער באַווײַז, אַז ס'איז ניט געווען קיין אָנפֿאַל פֿון רויבער. ביניאָמין גלייבט אויך, אַז ס'איז געווען אַ צופֿעליקער אָנפֿאָר אויף זיי פֿון אַ לאָסטמאַשין. נאָר ווי קומען זיי פּלוצעם זײַן אין אָוונט אין עק שטאָט? צי איז ניט פֿאַרלאָפֿן זיך דער אומגליק גאָר אין אַן אַנדער אָרט און, קעדיי פֿאַרווישן די שפּורן, האָט דער שאָפֿער זיי געבראַכט צו די כורוועס און אַראָפּגעלאָזט אין ריוו?

„זיי וועלן אונדז ניט מויכל זײַן די נעסיִע קיין אַמעריקע".

„ווער? פֿאַרוואָס? איר זײַט דאָך געפֿאָרן ניט אַליין. מע האָט דאָך אײַך געשיקט אַהין לויט זײַן פֿאַרטראַכט, מיט זײַן וויסן".

דעם ענטפֿער דערויף האָט שלוימע אָוועקגעטראָגן מיט זיך. אויף אייביק.

פֿאַרבײַ דער ריי, ווו זאַלמען איז געשטאַנען, האָט ער געזען דורכגיין צוויי יונגעלײַט אין איין און דער זעלבער קליידונג: ברוינע מאַנטלען מיט שוואַרצע קאָלנערס, אָנדאַטראָווע היטלען און אונ־

טערגענייטע וואָליקעס. זאַלמען וואָלט ניט געקאָנט זיך דערקלערן, פֿאַרוואָס איז אים פּלוצעם איינ־געפֿאַלן, אַז די דאָזיקע צוויי יונגעלייט וואָלטן אים געקאָנט דערוף ענטפֿערן? עפּשער דערפֿאַר, ווייל אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עפּעס קוקן זיי זיך צו אים אַנדערש צו.

— צי זעט איך ניט אויס מאָדנע, — האָט זיך געווענדט צו זאַלמענען דער באַיאָרטער שאָכן, — וואָס מע האָט דעם באַרמינען אוועקגעפֿירט פֿון וואָקזאַל ניט אין סקליפֿאָסאָווסקי־אינסטיטוט, נאָר גאָר אין באָטקין־שפּיטאָל.

— דעם ספּעקטאַקל „יוליס" האָט איר געזען?

— איך האָב אין קאַמער־טעאַטער אַלץ געזען.

— איר גדענקט נאָך אַפֿילע, אַז מע האָט דעם גאַסעט גערופֿן קאַמער־טעאַטער?

— אַ פֿיינע זאַך! באַם ייִנגערן אוילעם האָט דער טעאַטער אַלעמאָל געהייסן גאַסעט. באַ אונדז, עלטערע לייט, האָט ער זיך פֿאַרהיט אין זיקאָרן אויך מיט זיין פֿריִערדיקן נאָמען — קאַמער־טעאַטער. איז וואָס האָט איר געוואָלט זאָגן?

— איר האָט מיך געפֿרעגט, פֿאַרוואָס האָט מען אוועקגעפֿירט בענמיכאָעלן ניט אין סקליפֿאָסאָוו־סקי, נאָר אין באָטקין־שפּיטאָל? און ווי האָט געקאָנט זיין אַנדערש? דער הויפּט־דאָקטער פֿון באָטקין־שפּיטאָל איז דאָך דער ברודער פֿונעם אָנפֿירער פֿון דעם ערשטן ווילנער ראַט בייסן בירגערקריג, און וועגן דעם דערציילט זיך אין דער פּיעסע „יוליס", ווו די הויפּטראָל, יוליסן, דעם ברודער פֿונעם הויפּט־דאָקטער פֿון באָטקין־שפּיטאָל, האָט געשפּילט בענמיכאָעל.

— אייל מאָלע ראַכמים שויכיין באַרוימים... — האָט פֿון די פֿאָדערשטע רייען, ווען זאַלמען האָט פֿאַרקערעוועט פֿון דער גרויס־בראָנע־גאַס אויף דער קליין־בראָנע, זיך דערהערט אַ געזאַנג, וואָס האָט מיט זיין מעכטיקייט געדאַרפֿט גרייכן צו די פֿאַרגליווערט אַראָפּגעהאָנגענע שטערן אינעם פֿראָס־טיקן הימל.

— עס נישמאַס... — איז אַריין אינעם געזאַנג אַ צווייטע שטים, אַ הויכע, לויטערע, פֿול מיט צאַר און געבעט.

באַ זאַלמענען האָט פֿונעם ניט־אויסגעוויינטן אין אים געשריי זיך פֿאַרהאַקט דער אָטעם. ער האָט זיך דערפֿילט אויף אַזויפֿיל אָפּגעשוואַכט, אַז ער איז ניט געווען בעקויעך פֿרעגן באַ דעם ווייבל, וואָס האָט פֿאַרטרויט אַ צווייט ווייבל, אַז גאָלדע איז געקומען.

— וועלכע גאָלדע? — האָט אָנשטאָט זאַלמענען געפֿרעגט באַם ווייבל זיין באַיאָרטער שאָכן אין דער ריי.

— ס'הייסט, אוועלכע גאָלדע? מע זאָגט, אַז בענמיכאָעל האָט איר איבערגעגעבן פֿאַר ייִסראָעל אַ מיליאָן דאָלאַרן.

— פֿונוואַנען קומט צו אים אַזאַ קאַפּיטאַל און נאָך אין וואַליוטע?

— ער איז דאָך געווען אין אַמעריקע, האָט ער פֿון דאָרט געבראַכט מיט זיך צו פֿירן.

— סאַראַ ווילדע זאַכן מע טראַכט עס אויס.

— פֿונוואַנען זייט איר זיכער, אַז ס'איז ניט אַזוי? סטאַם אין דער וועלט אַריין וואָלט מען דאָך אַזוינס ניט געזאָגט.

— און איר גלייבט אין דעם?

ניט ווייט פֿון זיך האָט זאַלמען דערזען אייגעם פֿון די צוויי אַלציינס געקליידטע יונגעלייט.

— גיכער, כאַוויירים, גיכער, — האָט אונטערגעיילט דעם אַריינגייענדיקן אוילעם אַ יונגער קרעפּטיקער באָכער מיטן רויטן, שוואַרץ־אַרומגעזוימטן באַנט אויפֿן אַרבל. דערזען זאַלמענען, איז דער באָכער אָפּגעטראָטן אין אַ זייט פֿון דער טיר און ביז גאָר פֿאַרכידעשט געפֿרעגט: — זאַלמען באָמאָ־וויטש, איר זייט געשטאַנען אין דער ריי?

מאַנדעל האָט דעם באָכער ניט דערקענט, נאָר זיך אָנגעשטויסן, ווייבאַלד ער האָט אים אָנגערופֿן באַם נאָמען און פֿאָטערנאָמען, אַז ער דאַרף מיסטאָמע זיין אַ סטודענט פֿון דער טעאַטראַלער שול, וועמען מע האָט אוועקגעשטעלט באַם אַריינגאַנג קוקן נאָך דער אָרדענונג.

— איר האָט דאָך געקאָנט אַריינגיין, ניט פֿרירן אַזויפֿיל אויף דער קעלט.

— איך ווייס, אַז איר וואָלט מיך דורכגעלאָזט. באַ אַן אומגליק דאַרף אַ ייִדישער שרייבער זיין צווישן פֿאָלק און מיטן פֿאָלק. צוזאַמען מיטן פֿאָלק בין איך געשטאַנען אויף דער קעלט און געוואַרט, ביז ס'וועט דערגיין די ריי און צוזאַמען מיטן פֿאָלק גיי איך זיך געזעגענען מיט אונדזער גאָדל האַדאָר, מיט אונדזער גרויסן שלוימע בענמיכאָעלן. — זאַלמען האָט אַרויסגענומען די פֿאַרפֿרוירענע הענט פֿון די קעשענעס, פֿאַרבייגט דעם קאָפּ און זיך אָפּגעהיטן מיט די טרעפּ פֿאַרביי די פֿאַרהאַנגענע בראַ אויף די ווענט, שטיל, ווי ניט צורירנדיק זיך מיט די פֿיס צום דיל, איז ער אַריין אינעם טונקל־באַלויכטענעם צושויער־זאַל.

פֿאַמעלעך, פֿאַרהאַלטנדיק אויף עטלעכע איבעריקע רעגעס די הינטערשטע רייען, איז זאַלמען פֿאַרבייגעגאַנגען דעם אָרן און לייכט זיך צוגערירט צו שלוימעס צונויפֿגעלייגטע קאַלטע הענט,

וועלכע האָבן בײַסן שפּילן אויסגעדריקט מער ווי די אַרויסגעבראַכטע רייד. אין זיי איז געלעגן פֿאַרבאָרגן אַ באַזונדערע קראַפֿט, אַ באַזונדער קישעף. געווינישע הענט פֿון אַ גאָען אַ סקולפּטאָר.

דאָס ליבלינג פּונעם טעאַטער און פֿון דער טעאַטראַלער שול, די מילדע סטודענטקע פּעסעלע איז געווען צווישן די, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די גאַנצע זאָרג מיטן אַרויסבאַגלייטן אין לעצטן וועג זייער גרויסן לערער. וויסנדיק די נאָענטע פֿרײַנטשאַפֿט צווישן בענמיכאָעלן און מאַנדעלן, איז פּעסעלע, ווי נאָר זי האָט אים דערזען, אַרויס אין פּאָיע, וווּ ס'האָבן געוואַרט אויף זייער ריי שטעלן זיך אין ערנוואַך וועלט־באַרימטע קינסטלער, געלערנטע, שעליכים פֿון זאַוואָדן און אַנשטאַלטן, און געבראַכט פֿון דאָרט צו טראָגן אַ רויטן באַנט מיט שוואַרצע קאַנטן, אַרומגעבונדן מיט אים זאַלמענען דעם לינקן אַרבל. אין פּאָר מיט אַ צווייטן האָט זאַלמען זיך געשטעלט אין ערנוואַך בײַם צופֿוסנס פֿונעם אָרן, ניט אָפּגעפֿירט אויף קיין רגע די אויגן פֿון שלוימעס געזיכט מיטן פֿאַרבלויטן שלייף.

— אוי, שלוימע, שלוימע...

דער, ווער ס'איז געשטאַנען מיט אים אויף דער וואַך, האָט פֿאַרוווּנדערט־דערשראָקן זיך אומגעקוקט. אָפּאָנעם, אַז ער האָט עס אַרויסגעבראַכט אויף אַ קאָל, ווײַל אויסער אַלעם איז ער געקומען אַהער אויך אויסטײַנען זיך מיטן אומגעקומענעם, וויאַזוי האָט געקאָנט געשען, אַז ער זאָל דערלאָזן צו זיך דעם טויט, זיך ניט ראַנגלען מיט אים, ווי ער האָט אין „קיניג ליר" אין דער שטורעמדיקער נאַכט פֿון דונערן און בליצן פֿאַרלאַנגט פֿון דעם באַשעפֿער, אַז דער ערדקײַלעך זאָל זיך צונויפֿפּלעטשן.

— אוי, שלוימע, שלוימע... — דאָס מאָל האָט זאַלמען ניט געסאָפּעקט, אַז ער האָט עס אַרויסגעבראַכט אין זיך. ער האָט אָבער אַלץ נאָך געווענדט זיך צו בענמיכאָעלן, ווי צו אַ לעבעדיקן, ניט געקאָנט פֿויעלן בײַ זיך כאָטש איין רגע קוקן אויף אים, ווי אויף אַזעלכן, מיט וועמען מע שיידט זיך אויף שטענדיק, אויב אויסער דער וועלט איז ניטאָ קיין אַנדערע. צי עפּשער...

— אוי, שלוימע, שלוימע...

ערשט מיט צוויי טעג צוריק זײַנען זיי געזעסן אין דעם מינסקער רעסטאָראַן, געגעסן צוזאַמען מיטיק. ער, זאַלמען, איז אינעם זעלבן טאָג אָפּגעפֿאָרן אַהיים, שלוימע האָט זיך געקליבן פֿאָרן אויפֿן אַנדערן טאָג. וואָס האָט אים אָפּגעהאַלטן, אַז ער זאָל צוזאַמען מיט אים געווען זיך אומקערן מיטן זעלבן באַנאַכטיקן צוג? אין מינסק זײַענדיק האָט זאַלמען געהערט פֿון די אַקטיאָרן, אַז דער, ווער ס'האָט בײַ זיי אין שאָלעם־אַליייכעמס „צוויי הונדערט טויזנט" געשפּילט די הויפּט־ראָל, שימעלע סאָראַקער, האָט געבעטן בענמיכאָעלן, ער זאָל אַ קוק טאָן כאָטש דעם ערשטן אַקט, און בענמיכאָעל האָט אים צוגעזאָגט. זאָל זײַן, אַז צוליב דעם האָט ער אָפּגעלייגט דאָס פֿאָרן אויף אַ טאָג שפּעטער? ווען ס'זאָל געווען זײַן אַזוי, וואָלט שלוימע עס פֿון אים דאָך ניט אויסבאַהאַלטן. פֿאַרקערט. ער וואָלט אים צוגערעדט אויך זיך פֿאַרהאַלטן נאָך אויף אַ טאָג.

„ערשט מיט צוויי טעג צוריק זײַנען מיר מיט דיר געזעסן צוזאַמען אין רעסטאָראַן... מיר איז פֿאַר דעם שוין איינמאָל אויסגעקומען זיצן מיט דיר אין מאָסקווע אין אַ רעסטאָראַן בײַ איין טישל. דאָס איז געווען ניט לאַנג צוריק. איך בין געגאַנגען פֿון דער ביכער־קלייט אויף קיראָוו־גאַס און זיך מיט דיר צופֿעליק באַגעגנט אויף פּושעטשנע, ניט ווײַט פֿונעם צענטראַלן הויז פֿון די קונסט־טוער. האָסטו מיך ניט אָפּגעלאָזט, אײַנגעלאַדן זיצן מיט דיר אַ ביסל דאָרט אין רעסטאָראַן. קיין פֿרײַע טישלעך זײַנען אין דער דאָזיקער סאָפּטאָגיקער שאָ ניט געווען. אָבער ווי נאָר מע האָט דיך דערזען, האָט מען פֿון אַלע טישלעך גענומען מאַכן צו דיר מיט די הענט, פֿאַרבעטן צו זיך, באַווײַזן דערבײַ מיט די פֿינגער, אַז ס'וועט לעבן זיי זיך אָפּזוכן אַ פֿרײַער פּלאַץ אויך פֿאַר דײַן גאַסט, פֿאַר מיר. איז אין אַ מינוט אַרום אַלעמען פֿאַרלאָפֿן דעם וועג אַ בלאָנדער יונגערמאַן מיט געקרײַזלטע באַקענבאַרדן און מיט אַ באַבעלע אויף דער האַרט־אָנגעקראָכמאַליעטער העמד. ניט אָנפֿרעגנדיק זיך בײַ דיר, האָט ער דאָס אַרײַנגעטראָגענע טישל אוועקגעשטעלט בײַם פֿענצטער, געבראַכט צוויי ווייכע בענקלעך מיט הויכע רוקנס. כ'האָב באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז דאָרט איז דײַן שטענדיקער פּלאַץ און אַז דער בלאָנדער יונגערמאַן מיט די געקרײַזלטע באַקענבאַרדן איז דײַן שטענדיקער אָפֿיציאַנט. אַ שאָ צוויי, אויב ניט מער, זײַנען מיר מיט דיר דעמלט אָפּגעזעסן, נאָר קיין צוויי ווערטער ניט באַוויזן אויסריידן צווישן זיך. איטלעכווײַל איז עמעצער פֿון די באַזוכער — מענטשן, אָנגעזעענע און באַוווּסטע אין דער וועלט, — צוגעגאַנגען צו אונדזער טישל אויסטרינקען אַ גלעזל ווײַן מיט שלוימע האַמעלעכן פֿון דער קינסטלערישער וועלט. ניט וועלנדיק קיינעם באַליידיקן, האָסטו זיך בלויז צוגערירט מיט די ליפּן צום קעלישעקל. דאָס געפֿיל פֿון מאָס האָט דיך, ווי אויף דער בינע, ניט אונטערגעפֿירט אויך אינעם טאָגטעגלעכן לעבן. בעגילופֿן האָב איך דיך געזען בלויז, ווען דו האָסט געשפּילט רעב אַלטערן און געטומלט: „אַ ייִד איז קיינמאָל ניט שיקער, ווײַל אַ ייִד איז דאָך עפּעס אַ ייִד...". בײַ אַזאַ בעגילופֿנקײַט, שלוימע, פֿאַלט מען ניט אַרונטער אונטער אַ מאַשין..."

דעם קליינוווּקסיקן פֿאַרכוישעכטן מאַנצבל, וועמען איינער פֿון די עלטערע אַקטיאָרן האָט פֿון הינטער די קוליסן אַרײַנגעפֿירט פֿאַר דער האַנט אין צושויער־זאַל און ער איז צוגעפֿאַלן צום אָרן,

ווי מע פֿאַלט צו אין אַן אײַסצאַרע צום אָפֿענעם אָרן־קוידעש, האָט זאַלמען ניט דערקענט. דער מענטש האָט, דאַכט זיך, גאָרניט געזען פֿאַר זיך. ניט באַגריפֿן, וואָס קומט דאָ פֿאָר, ווי אין די ערשטע רעגעס, בײַס מע דערלאַנגט הינטערווײַלעכס איבערן קאָפּ. ערשט דערנאָכדעם, ווען זאַלמענען האָט אַ צווייטער פֿאַרביטן אין דער ערנוואַך, האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס דאַרף זײַן דאָוויד שעטיק, דער געוועזענער מאַן פֿון בענמיכאָעלס יונג־פֿאַרשטאָרבענער פֿרוי, דער שוישפּילערן פֿרידע. דער פּריצײַטיקער טויט פֿון דער יונגער פֿרידע האָט געשטאַרקט די פֿרײַנטשאַפֿט פֿון די ביידע מענטשן.

בענמיכאָעלס קאַבינעט אין טעאַטער איז אײַנצײַטיק טיילווײַז געווען אויך דער קאַבינעט פֿונעם פֿאָרזיצער פֿון דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, וווּהין ס'פֿלעגן קומען אַלע אָנגעווייטיקטע הערצער, די געליטענע און אַלפֿי נפֿש געראַטעוועטע פֿון דער מילכאָמע. בײַ דער טיר איז געזעסן דאָוויד, פֿאַרשריבן אַלעמען, וואָס זײַנען געקומען צו בענמיכאָעלן, זיי דורכגעלאָזט צו אים אין קאַבינעט און דערמיט, וואָס ער האָט דעם קאָוועד פֿאַרנעמען אָט די שטעלע, פֿאַרדינט ער זײַנע טאַריאַג מיצוועס. זאַלמען האָט ניט געקאָנט צוקוקן ווי דאָוויד שעטיק ליגט אין אָרן. קיינער האָט אים ניט געקאָנט אָפּפֿירן. בלויז בינימין האָט אים אײַנגעבעטן און אָפּגעפֿירט, ווי אַ קינד, פֿאַר דער האַנט. דאָוויד איז געגאַנגען, ווי אַ בלינדער, ווידער גאָרניט געזען פֿאַר זיך, ווידער גאָרניט באַגריפֿן, וואָס קומט דאָ פֿאָר.

ווען זאַלמען איז פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם אָרן, איז מען געשטאַנען צו דרײַ מענטשן אין אַ ריי. איצט איז מען שוין געגאַנגען צו פֿיר, צו פֿינף. זעט אויס, אַז דער שטראָם מענטשן אין דרויסן האַלט אין איין צוקומען. איב אַפֿילע לאָזן אָפֿן די טיר ביז האַלבער נאַכט, וועלן אויך ניט אַלע באַווײַזן אַרײַנגיין. דער זייגער איז שוין געווען אָנהייב נײַן.

פֿון די, וועלכע זײַנען געשטאַנען אין ערנוואַך, זײַנען ניט אַלע אַוועק. מע האָט, פּונקט ווי ער, זיך נאָך פֿאַרהאַלטן. זײַן אָרט, ווו ער איז ביז דעם געזעסן, איז געווען פֿאַרנומען. דאָרט איז איצט געזעסן אַ גרײַז־גרויער מאַן. זײַן פּאָרטרעט האָט זאַלמען ערגעץ באַגעגנט אין די צײַטונגען. קיין אײַנדרוק פֿון אַן אַקטיאָר ציִ פֿון אַ רעזשיסער האָט ער אױף אים ניט געמאַכט. גיכער פֿון אַלץ דאַרף ער קענטיק זײַן אַ געלערנטער, אַן אַקאַדעמיקער. זאַלמען האָט אויסגעקליבן פֿאַר זיך אַן אָרט אין די לעצטע רייען פֿון פּאַרטער, פֿונוואַנען מע האָט געקאָנט זען, ווער עס קומט אַרײַן, ווער עס גייט אַרויס. וווּהין זאַלמען האָט ניט געווענדט דעם בליק, האָט ער געזען פֿאַר זיך בלויז אים, דעם, וועמענס בילד מיטן לעניך־אָרדען אויף לאַץ פֿון רעקל האָט אַראָפּגעקוקט פֿונעם פֿאַרמאַכטן פֿאָרהאַנג. ווער עס זאָל פֿון יענער זײַט פֿאָרהאַנג ניט געווען זינגען און ווי טרויעריק מע זאָל ניט געווען זינגען, האָט ער אינעם געזאַנג אַלצייִנס געהערט בלויז שימעלע סאָראָקערס „טאַיאַ״, די ליד אָן ווערטער, וואָס ער האָט געזונגען נאָכן אויסשפּילן דאָס גרויסע געווינס.

— אוי, שלוימע, שלוימע...

אינעם מענטשן־שטראָם, וואָס האָט אויף קיין רעגע זיך ניט אָפּגעשטעלט, האָט מען דאָ הײַנט געקאָנט טרעפֿן באַקאַנטע, מיט וועמען מע האָט יאָרנלאַנג זיך ניט געזען, און דעריבער האָט זאַלמענען ניט פֿאַרוווּנדערט, ווען ער האָט צווישן די פֿאַרבײַגייענדיקע דערזען פּעפּע קרישטאָל. פּעפּע אָבער האָט געדאַרפֿט איצט זײַן אין ערעך אין זײַן עלטער, בײַ צוויי־דרײַ און פֿערציק. די, וועמען ער האָט איצט דערזען פֿאַר זיך, כאַפּט דעם אָנבליק פֿון נאָך גאָר אַ יונגער, פֿון אַזאַ, ווי פּעפּע איז געווען, בעשאַס ער האָט זיך באַגעגנט מיט איר אויף קרימער סטעפּ, אין דער יוגנטלעכער קאָמונע „מישמאַר״. זאַלמען שטעלט זיך אויך איצט ניט פֿאָר, צי וואָלט זיך געפֿונען כאָטש איינער, ווער ס'זאָל געווען זי זען און זיך אין איר ני טפֿאַרליבן. ערגעץ טיף אין אים, האָט זאַלמענען זיך געדוכט, טליִעט ביז איצט נאָך אַ פֿונק פֿון יענער ווײַטער זינלאָזער ליבע.

ניין, האָט זאַלמען אַ זאָג געטאָן צו זיך, ער איז זיך ניט טויע. דאָס איז זי, פּעפּע. די צײַט האָט אויפֿאָנעם קיין שליטע ניט אויף איר, וויבאַלד זי האָט געקאָנט, נאָך דעם, וואָס די צײַט האָט אָפּגעטאָן מיט דער וועלט, אַזוי פֿאַרהיטן אין זיך די יוגנקײַט און שיינקײַט אירע.

זאַלמען האָט זיך אויפֿגעהויבן און זיך געלאָזט זי אַנטקעגן. אין דער פֿאָיע, ווו ס'האָבן געוואַרט אויף זייער ריי, שטעלן זיך אין ערנוואַך אָנגעזעענע קינסטלער, באַוווּסטע געלערנטע, האָט ער דערזען זיך אומדרייען די צוויי אַלצייִנס געקלײדטע יונגעלײַט. זיי האָבן זיך אים געוואָרפֿן אין די אויגן. עפּעס קוקן זיי זיך מאָדנע צו יעטווידן צו. מאַנדעלן ווײַזט זיך שוין אַפֿילע אויס, אַז ער האָט זיי ביז הײַנט נאָך ערגעץ באַגעגנט. צי ניט אין מינסק, אינעם זעלבן רעסטאָראַן, ווו ער האָט אַ טאָג פֿאַרן אומגליק געגעסן צוזאַמען מיט שלוימען מיטיק?

אַנטקעגן דעם אַרויסגאַנג פֿון טעאַטער איז אויפֿן פֿאַרשנייטן באַלקאָן געשטאַנען אַן עלטערער מענטש און געשפּילט אויף אַ פֿידל. די ניגונים פֿון „אַ נאַכט באַם רעבן״ און פֿון „מאַסאָעס בינימין האַשלישי״ האָבן פֿאַרזאַמלט אַן אוילעם, די גאַס ניט דורכצוגיין.

פּעפּען האָט זאַלמען גלײַך דערזען. ער איז אָבער ניט געווען שוין אַזוי ווײַט זיכער, אַז דאָס

איז זי, אז ער זאָל זיך ווענדן צו איר, ווי צו זײַנער אן אלטער באַקאַנטער, ביפראַט, אַז פונדערנאָענט האָט זי אים אויסגעזען ייִנגער נאָך, ווי מיט אוועלכע צוואַנציק יאָר צוריק.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, — האָט זאַלמען זיך צו איר געווענדט אין גלײַך אַפּן אָרט כאַראַקטעריזירט. זײַן ווענדן זיך צו איר האָט זי געוויס אויפגענומען ווי אַ כוצפּע פון אַ מאַנצבל צושטיין צו אַ פרוי, וואָס פּאַסט אים לויט די יאָרן פאַר אַ טאָכטער, דערצו נאָך אין אַזאַ שווערער טרויעריקער שאָ. ער האָט אָבער פאָרט ניט געקאָנט זיך בײַשטיין, אַז ער זאָל איר ניט זאָגן, פאַרוואָס האָט ער זיך צו איר געווענדט. — איר האָט מיר דערמאָנט אין איינער מײַנער אַ באַקאַנטער. פּעפּע קרישטאָל האָט מען זי גערופן. איך פאַרשטיי, אַז ניט איר זײַט עס. איר זײַט צו יונג, אַז כ׳זאָל אײַך אָנעמען פאַר יענער מײַנער באַקאַנטער. איר זײַט אָבער אויף אַזויפיל ענלעך אויף איר...

— איך בין פּעפּע קרישטאָלס טאָכטער.

— גאָט מײַנער! — האָט זאַלמען שיִר ניט אויסגעשריִען. — וויִאַזוי האָב איך זיך גלײַך ניט אָנגעשטויסן, אַז איר דאַרפט זײַן פּעפּעס טאָכטער!

ניט איצט איז די צײַט און ניט דאָ איז דאָס אָרט, אַז זאַלמען זאָל איר זאָגן, לויט וואָס האָט ער געקאָנט זיך עס אָנשטויסן. ער וואָלט צוליב דעם געדאַרפט איר דערציילן וועגן דער ווונדערלעכער שיינהײַט — איר מוטער, אויף וועמען זי איז אַזוי ענלעך. דערבײַ איז ער ניט אינגאַנצן זיכער, צי וואָלט זי עס ניט אויפגענומען אַנדערש. ער איז פאָרט נאָך אין די יאָרן, וועמען מע קאָן אין איצטיקער צײַט גאַנץ אָפט זען אַרומשפּאַצירן מיט אַ מיידל פון איר עלטער. ביפראַט, אַז צו זײַנע צוויי און פערציק יאָר האָבן זיך נאָך פאַרהיט אין אים די צאַרטע שטריכן פון געזיכט און די לויטערע בלויקײַט אין די אויגן.

— אַנטשולדיקט, — האָט זאַלמען, דערוויַיטערנדיק זיך פונעם באַלקאָן, ווו דער עלטערער מענטש האָט פאָרגעזעצט שפּילן אויף פידל טרויעריקע ניגונים, פאַרטראַכט געפרעגט בײַ דער טאָכטער פון זײַן אַמאָליקער באַקאַנטער, — איר זײַט דאָ אַליין?

— יאָ, — זי האָט אויפגעהויבן אויף אים אירע גרויסע טונקעלע אויגן, וואָס האָט זי געמאַכט אויף אַזויפיל ענלעך אויף פּעפּען, אַז מאַנדעל האָט, אַליין ניט באַמערקנדיק, זי אָנגענומען בײַ דער האַנט. זי האָט די האַנט ניט אָפּגעפירט, ווי געגעבן דערמיט צו פילן, אַז זי נעמט אים אָן פאַר דעם, פאַר וועמען ער גיט זיך אַרויס, און אַז דערמיט איז ער איר זייער טײַער.

— אָט דאָס הייסט מאָסקווע, — האָט זאַלמען, ווי צו זיך אַליין, אַ זאָג געטאָן. — וווינען אין איין שטאָט און זיך קיין איין מאָל ניט געזען מיט אײַער מוטער, אין וועמען, איך שעם זיך עס אײַך ניט מודיע זײַן, כ׳בין געווען מוירעדיק פאַרליבט. אײַער פאָטער האָט עס געוווּסט. אַנטשולדיקט. כ׳האָב פאַרגעסן, ווי מע רופט אײַער פאָטער.

— מײַן טאַטן האָט מען גערופן מיכאַיִל. מיכאַיִל איסאַקאָוויטש.

— יאָ, יאָ, מיכל. כ׳פאַרשטיי נאָר ניט, פאַרוואָס זאָגט איר, אַז מע האָט אים גערופן? איצט רופט מען אים שוין אַנדערש? אַנטשולדיקט, און אײַך ווי רופט מען?

— עלישע.

— עלישע? עס קלינגט פּאָעטיש. ע־לי־שע. און בײַ מיר איז אַ צווייענדיקער נאָמען. קלײַבט אויס, אַ וועלכער געפעלט אײַך מער. זאַלמען צי זינאָווי. איך האָב ליב, ווען מע רופט מיך ווי טאַטע־מאַמע פלעגן מיך רופן. זאַלמען. זאַלמען נאַומאָוויטש.

— נו, איז וועל איך אײַך אַזוי רופן.

זיי זײַנען צוגעקומען צום ראָג פונעם טווערסקאָי בולוואַר, אַנטקעגן טימיריאַזעווס דענקמאָל, וואָס מאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ שטרענגן שוימער אויף דער וואַך.

— איר וועט מיר דערלויבן אײַך באַגלייטן? — האָט זאַלמען געפרעגט, בלײַבנדיק שטיין מיט איר בײַ די ניקיטסקע־טויערן, ניט געוווּסט, וווּהין פאַרקערעווען, — אויף לינקס — צי דעם פּושקין־פּלאַץ, צי לאָזן זיך מיט דער הערצען־גאַס צו דער מעטראָסטאַנציע „אָכאָטני ריאַד”.

— אַ דאַנק. מע דאַרף ניט. וווּהין וועט איר זיך שלעפּן אין דער קעלט. איך וווין זייער ווײַט פונדאַנען. קיין מעטראָ גייט נאָך ניט דערוויַיל אַהין. ס׳איז קימאַט אַ שאָ צײַט פאָרן פונדאַנען, דערצו מיט צוויי טראַמווײַען.

— אַזוי ווײַט האָט איר זיך פאַרקליבן?

— מיסטאַמע האָט אונדזער באַקאַנטער, בײַ וועמען איך שטיי אײַן, ניט געקאָנט קריגן קיין דירה אַ ביסל אַ נעענטערע.

— אַנטשולדיקט. — זאַלמען איז איר עטוואָס פאַרגאַנגען דעם וועג אויפן שמאָלן טראָטואַר. — איך פאַרשטיי ניט. וואָס הייסט איר שטייט אײַן בײַ איינעם אַ באַקאַנטן? איר וווינט דען ניט אין מאָסקווע?

— ניין.

— ווו זשע?

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך שטיל געענטפערט:

— איך וווין מיט דער מאַמע אין אבעז...

— ווו געפינט זיך עס?

— ווײַט אויף צאָפן. אין קאָמי. איר האָט מיסטאַמע געהערט פון אַזאַ קאַנט?

— און אײַער פאָטער ווו איז?

עלישע האָט זיך אומגעקוקט.

— מיר ווייסן ניט. דאָס אַכטע יאָר, אַז מיר האָבן פון אים ניט קיין בריוו.

— פאַרוואָס פאָרט אײַער מוטער ניט אַריבער צו אײַך אַהער, קיין מאָסקווע?

— ווי וועט זי זיך צושרײַבן און ווער וועט זי צושרײַבן צו זיך? מיך האָט מען צוגעשריבן צו אונדזער באַקאַנטן בלויז צײַטווײַליק. ביז די עקזאַמענעס.

— די עקזאַמענעס זײַנען דאָך פון לאַנג שוין אַדורך.

— ס'האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט, אַז כ'האָב ניט געקאָנט קומען פריִער. אויב מע וועט מיך פאַר דער צײַט ניט אויסשרײַבן, וועל איך דאָ איבערזײַן ביז די נײַע עקזאַמענעס.

— און וווהין, אויב ס'איז ניט קיין סוד, קלײַבט איר זיך האַלטן עקזאַמען?

— אין דער ייִדישער טעאַטראַלער שול. מײַן טאַטע איז געווען גוט באַקאַנט מיט בענמיכאָעלן. מײַן טאַטע האָט געשריבן אײַנאַקטערס און בופאָנאַדעס. מע האָט זיי געשפּילט אין די דראַמקרײַזן פון אַ סך שטעט.

— יאָ, יאָ, איך געדענק. בײַ מיר האָט זיך אַפילו פאַרהיט אין זיכּאָרן אײנע זײַנע אַ ליד פון אַן אַנטירעליגיעזער בופאָנאַדע. „גוטן ווײַן טוט איר טרינקען און צו די טערקן טוט איר לויפן...“

— מײַן טאַטע האָט געזאָגט, אַז פון מיר קאָן אויסוואַקסן אַ גוטע אַקטריסע. איך בין ווי געבוירן, האָט ער געזאָגט, פאַר אַזאַ, ווי דער קאַמער־טעאַטער. בענמיכאָעל איז געווען בײַ אים אַ גאַסט. דאַכט מיר, אַז דאָס גייט מײַן טראַמוויי. בײַ דער מעטראָסטאַנציע „קראַסנײַע וואָראָטאַ“ וועל איך זיך איבערזעצן אויפן זיבעצנטן, וועלכער גייט ביז סטראָמינקע.

— דאָס זײַט איר פון אַזאַ ווײַטעניש געקומען הײַנט אַהער?

— מע איז געקומען הײַנט אַהער זיך געזעגענען מיט בענמיכאָעלן אַפילו פון אַנדערע שטעט.

— דאָס ווייס איך. איר וועט מיסטאַמע מאָרגן זײַן אויף דער לעווײַע?

— צום גרויסן באַדויערן, וועל איך ניט קאָנען. כ'אַרבעט די וואָך אין דער ערשטער וואַכטע.

— איר זײַט דאָך געקומען, האָט איר געזאָגט, זיך לערנען, גרייטן זיך צו די עקזאַמענעס.

— מע דאַרף דערווײַל אָבער האָבן פון וואָס צו לעבן. די מאַמע קאָן מיר ניט העלפן, און דער טאַטע... — זי איז אַנשוויגן געוואָרן, ווי זי זאָל האָבן פאַרגעסן, וואָס האָט זי געוואָלט זאָגן.

— ווען כ'ווייס פריִער, אַז איר קלײַבט זיך אָנקומען אין דער ייִדישער טעאַטראַלער שול... איך בין אַ דיכטער, נאָר האָב אויך אַ שײַכעס צו דראַמאַטורגיע. מײַן פאַמיליע־נאָמען איז מאַנדעל. איך בין ניט אַזאַ באַוווּסטער, אַז איר זאָלט מיך קענען. דאָס פאָלק אונדזערס קען בכלל זייער ווייניק זײַנע שרײַבער. יאָ, ווו געפינט זיך אײַער סטראָמינקע, פאַר סאָקאָלניקי צי נאָך סאָקאָלניקי? — זאַלמען האָט בעדייע געהאַט דערמיט איר זאָגן, אַז ער וואָלט געקאָנט צוזוכן פאַר איר אַ מער בעקוועמערע וווינונג. זי וואָלט אָבער געקאָנט עס גאָר אַנדערש אויפנעמען. — און אין צענטער שטאָט קומט איר אַמאָל?

— באַשטימט. איך קום אָפט אין דער ייִדישער ביבליאָטעק אויף לוביאַנקע, ווו עס אַרבעט אונדזער באַקאַנטער, בײַ וועמען איך שטיי אײַן.

— נו, אויב אַזוי קאָן איך אײַער באַקאַנטן. אויזער נאָרוויס רופט מען אים?

— ער איז פון דער זעלבער קאָמונע „מישמאַר“, פונוואַנען ס'איז מײַן טאַטע. איר זײַט עפּשער אויך פון מישמאַר?!

— ניין. איך בין דאָרט אָבער איינמאָל געווען, בײַס איך בין צוזאַמען מיטן געזקולט־קוואַרטעט אַרומגעפאָרן איבער די ייִדישע דערפער. איך האָב גערעדט, פאָרגעלייענט, דער קוואַרטעט האָט געזונגען. דאָס איז געווען מיט אַ סך יאָרן צוריק. מישמאַר האָט זיך מיר פאַרגעדענקט מער פון אַלע אַנדערע דערפער, ווײַל דאָרט האָב איך זיך באַקאַנט מיט אײַער מוטער. זי האָט אײַך קיינמאָל דערפון ניט דערציילט?

— אָט דער איז שוין מײַן טראַמוויי, — האָט עלישע אים איבערגעשלאָגן. — אַ גוטע נאַכט. — און אינעם זעלבן אויגנבליק אַרויפגעשפּרונגען אויף די אָנגעפּרוירענע טרעפּלעך פון וואַגאָן.

אויסגעוואַרט ביז דער טראַמוויי איז פאַרשוווּנדן, האָט זאַלמען זיך אומגעקערט צוריק אויף דער באַלאַגערטער פונעם האַמוין קליין־בראָנע־גאַס.

## 2

די טיר פון טעאטער איז געווען צוגעמאכט.

— וויפל איז עס דער זייגער, וואָס מע האָט אופגעהערט שוין אריַינלאָזן?

באם ארויסגיין פון שטוב אָנקליינגען זיַין גאָענטן כאווער, נאָסענען, האָט זאלמען ניט אויסגערעכנט, אז ער וועט פונעם טעלעפאָן־אווטאָמאט זיך ניט אומקערן אין שטוב, נאָר ווי ער שטייט און גייט, ליַיכט אָנגעטאָן און אָן דעם זייגערל, וואָס אָן אים איז ער, ווי אָן א האנט, זיך לאָזן גליַיך פאָרן אהער.

דערזען, אז דער פארזאמלטער עולם גייט זיך ניט פאנאנדער, מע שטייט אין די רייען, ווי פון אוונט, און מע וואָרט, האָט זאלמען זיך אָנגעשטויסן, אז מע האָט אפאָנעם אָפּ א שטיקל ציַיט אָפּגעשטעלט דעם צוטריט צום אָרן.

— די סיבע דערפון איז, — האָט מען בא דער טיר אים דערקלערט, — וואָס ס'איז געקומען זיך געזעגענען מיט בענמיכאָעלן עמעצער פון דאָרטן, פון דער יִסראָעל־געזאנדשאפט.

— וואָס הייסט עמעצער? זי אליין איז געקומען, גאָלדע. — דער, ווער ס'האָט עס געזאָגט, האָט דערביַי אָנגעוויזן מיט א ווונק אָפּ דער שווארצער מאשין מיט די ארָאָפּגעלאָזטע פאָרהענגלעך, וואָס איז געשטאנען אנטקעגניבער באם פארשנייטן טראָטואר.

די דאָזיקע ניַיס האָט בא זאלמענען קיין כידעש ניט ארויסגערופן. ער האָט בלויז ניט געקאָנט באנעמען, צו וואָס איז נייטיק געווען אויסבאהאלטן, אז מע איז געקומען פון יענער געזאנדשאפט. קיין בלוי־וויַיס פענדל אָפּ דער מאשין האָט ניט געפלאטערט.

איבעריקס זיכער בא זיך איז ער ניט, זאלמען, צי וואָלט ער דערקענט דעם יִסראָעל־געזאנדטן גאָלדע מייערסאָן, כאָטש ער האָט זי א פּאָר מאָל געזען אין טעאטער, אָבער פונדערוויַיטנס. זי איז געזעסן אין די ערשטע רייען, ארומגערינגלט מיט יונגעליַיט, בא וועמען פון די קעשענעס האָבן ארויסגעשטעקט ציַיטונגען. אין די אנטראקטן, גליַיך ווי אינדערהיים וואָלטן זיי דערוף ניט געהאט קיין ציַיט, האָבן זיי געהאלטן אין לייענען די העברעיִשע ציַיטונגען, אפאָנעם, מע זאָל זען, אז זיי זיַינען פון דער יִסראָעל־געזאנדשאפט. זאלמען האָט ניט געקאָנט, ס'האָט פּאָשעט אים ניט געפּאסט, צוגיין ווי אנדערע בייסן אנטראקט צו דער ראמפּע, קעדיי זען זי, גאָלדען, אין פּאָנעם.

— פונוואַנען האָט איר געוווסט, אז זי איז דאָס געקומען? — האָט זאלמען געפרעגט בא דעם, וועמ ס'האָט אים איבערגעגעבן אָט די ניַיס.

— ס'הייסט פונוואַנען? בא מיר איז דאָ איר ביִלד בייס מע האָט זי ראָשעשאָנע אָפּגעפּאָרטרעטלט באם ארויסגיין פון שול. וויי־ווי, וואָס דאָרט האָט זיך דעמלט אָפּגעטאָן!

דורכגעשפּארט זיך צו דער טיר, האָט זאלמען אָנגעקלאפּט אהין איין מאָל און א צווייט מאָל, ביז ס'האָט זיך דערהערט פון דאָרט די גוט קענטלעכע שטים פונעם אדמיניסטראטאָר.

— וועמ קלאפּט עס אזוי?

— דאָס בין איך, זאלמען מאנדעל.

— איך קאָן איַיך דאָ איצט ניט עפענען. גייט אריַין דורכן הויף.

דער מיליציאָנער בא דער הינטערשטער דרויסן־טיר האָט אים אָפּגעשטעלט. קיין שום פּאפּירל, אז ער האָט א שיַיכעס צום טעאטער, אז מע האָט דאָ געשטעלט זיַינע פּיעסעס, האָט זאלמען בא זיך ניט געהאט, און איַינבעטן דעם מיליציאָנער, ער זאָל אים גלייבן אפן וואָרט, אָן א פּאפּירל, האָט ניט געהאט קיין זין. דער מיליציאָנער האָט אפילע הערן ניט געוואָלט. ס'איז אויסגעקומען וואַרטן, ביז עמעצער פון די אקטיאָרן וועט זיך באוויַיזן אין דער טיר און באשטעטיקן, אז ער, זאלמען, איז אן אייגענער.

באם ארָאָפּלאָזן זיך דורך די הינטערקוליסן פון דער בינע אין פארטונקלטן צושויער־זאל האָט ער פאָנעם־על־פּאָנעם זיך באגעגנט מיט דער ,איכער וועמען מע האָט, וויַיזט אויס, אָפּ א שטיקל ציַיט אָפּגעשטעלט דעם צוטריט אהער. נאָר די פרוי אינעם שווארצן מאנטאָ מיטן אופגעשטעלטן קעלנערל האָט לאכלוטן מיט גאָרניט דערמאָנט אין יענער, וועמען ער האָט געריכט זיך דאָ באגעגענען. די, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, איז געווען אי יינגער, אי וווקסיקער פון דער, וועמען ער האָט דאָ א פּאָר מאָל געזען פונדערוויַיטנס, בייס ס'האָט געשפּילט בענמיכאָעל.

איסער יענע, וועמען זאלמען האָט דאָ איבערגעלאָזט, זיַינען פאר דער ציַיט, וואָס ער האָט ארויסבאגלייט עלישען צום טראמוויַי, צוגעקומען נאָך עטלעכע מענטשן. דריַי פון זיי האָט ער גליַיך דערקענט. דאָס זיַינען געווען צוויי באַרימטע רוסישע שוישפּילער און א וועלט־באַרימטער רוסישער שריַיבער. זיי האָבן, ווי ער פריִער, זיך אויך פארקליבן אינעם טונקעלן ווינקל פונעם אמפּיטעאטער און וועלן, ווי צו זען, אויך אוועקגיין היַינט פונדאנען, ווי ער, די לעצטע.

ווי נאָר די פרוי אינעם שוואַרצן מאַנטל איז אָפּגעטראָטן פונעם אָרן און אין דער באַגלייטונג פון בּיניאָמין בענאַריען פאַרשוווּנדן הינטער די קוליסן, פונוואַנען ס'איז געווען אַן ארויסגאַנג־טיר אין הויף, האָט דער שטראָם מענטשן פון גאַס, ריי נאָך ריי, ווידער אַ שפּאַר געטאָן אַהער אין טויטער שטילקייט.

נאָענט צו האַלבער נאַכט האָט זיך אָפּגעשטעלט דער צוטריט. באַם אָרן זיינען בלויז פאַרבליבן די פאַריאָסעמטע מישפּאָכע און די אַרטיסטן.

האַלב אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט איז געשטאַנען בּיניאָמין און זיך אומגעוויגט הין און הער, ווי באַם זאָגן קאַדיש. פון מאָל צו מאָל האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם קאָפּ אין ביידע הענט, זיך אַ שאָקל געטאָן, דערמאָנט מיט זיך אין אָט די רעגעס אַן אונטערגעזעגטן בוים ערעוו פאַלן.

— אַדוישעם נאָסן, וועאַדוישעם לאָקאָך, — האָט זאַלמען, צוגייענדיק צו אים, אַ זאָג געטאָן.

— פאַרוואָס אָבער האָט ער, דער אַדוינאָי לאָקאָך, אויסגעקליבן גראָדע אים, ניט מיך? — איז בּיניאָמין מיט אַ פאַרוויינט פּאָנעם צוגעפאַלן צו זאַלמענס ברוסט. — איר ווייסט דען, זאַלמען, ווער איז ער געווען פאַר אונדז? קיינער ווייסט עס ניט אַף אַזויפיל... קיינער שטעלט זיך אַף אַזויפיל ניט פאָר, וועמען מיר האָבן פאַרלוירן. ס'איז פאַרלאָשן געוואָרן אונדזער נייר טאָמיד.

— דאָס פאָלק, בּיניאָמין, פאַרשטייט עס עפּשער מער פון אונדז. איר זאָלט געווען הערן, וואָס מע רעדט וועגן דעם אַף דער גאַס, וויאַזוי מע טייטשט דאָרט אַלצדינג אויס... צי ניט פון דאָרטן, פון דער געזאַנגשאַפט, גייען די דאָזיקע אַלע קלאַנגען? זי, אַלנפאַלס, האָט ניט געדאַרפט קומען היינט אַהער.

— ווער? — האָט בּיניאָמין האַלב־פאַרכאַלעשט געפרעגט.

זאַלמען האָט זיך אומגעקוקט, אים האָט זיך אַלץ נאָך געדאַכט, אַז דאָ דרייען זיך די גאַנצע צייט אַרום די צוויי אַלצייגס געקליידטע יונגעלייט, און שטיל אַרויסגעבראַכט:

— בו זי, גאָלדע.

— ווער האָט אייַך געזאָגט, אַז דאָ איז געווען גאָלדע?

— כ'האָב עס געהערט פונעם אוילעם אַף דער גאַס. איז ניט צוליב איר האָט מען מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט דעם אַרייַנגאַנג אַהער? אַבי כ'בין געווען זיכער, אַז די פרוי, וועלכע איר האָט ארויסבאַגלייט...

— דאָס איז געווען פּערל. פּאָלינע סעמיאָנאָווּנע זשעמטשוזשינע.

— פּערל? — האָט זאַלמען נאָך שטילער זיך אָנגערופן. — דעם האַמערס פרוי?

אויך די נייַס האָט זאַלמענען ניט איבעראַשט. ער אַליין האָט זי ביז אַהער דאָ קיינמאָל ניט געזען, אָבער געהערט פון אַנדערע, אַז זי איז ניט איין מאָל געווען אַף די ספּעקטאַקלען און, ווי מע דאַרף זיך פאָרשטעלן, האָט דער מאַן אירער, דער שייני לעמאַלכוס, זיכער דערפון געוווּסט. ניט דערווידערט אַפּאָנעם, וואָס די פרוי זייַנע פירט באַקאַנטשאַפט מיט בענמיכאָעלן, מיט שלוימע האַכאָכעם, ווי ער האָט געשעמט מיטן דאָזיקן נאָמען פאַר זייַן קלוגשאַפט, פאַר זייַן גרויסן שוישפּילערישן און רעדנערישן טאַלאַנט, סאַמע, סאַמע אויבן. דער שייני האַמעלעך איז אַפילע אַליין געווען באַקאַנט מיטן אומגעקומענעם, נאָר ניט דורך איר. פּערל האָט דערצו ניט געהאַט קיין שייַכעס. אַ סימען, איר מאַן האָט קיין איין מאָל ניט געזען בענמיכאָעלן אַף דער בינע, ניט געזען אים אַפילע אין דער וועלט־באַרימטער פאָרשטעלונג „קיניג ליר". ער האָט אָבער געזען בענמיכאָעלן פיל נעענטער, ווי פון דער בינע, אין קאַבינעט בא זיך אין מיניסטעריום פון אויסערן־אינייאָנים.

וועגן שלוימעס באַגעגעניש מיטן שייני לעמאַלכוס נאָכן צוריקקערן זיך פון אַמעריקע האָט זאַלמען געהערט ניט פון אים, נאָר פונעם אַנדערן שאָליעך, פון בענשאָלעמען, מיט וועמען שלוימע איז בייס דער מילכאָמע צוזאַמען געפאָרן אַהין. וועגן דעם, אַז מע האָט ביידן אין אַזאַ צייַט געשיקט אַהין אין שליכעס מיט דער באַגיטיקונג פונעם שטאָלענעם, מעגלעך אַפילע לויט זייַן אייגענעם פאַרטראַכט און אָנווייַזונג, האָבן זיי אַן ערעך געוווּסט. לאָזאָווסקי, דער פאַרטרעטער פונעם שעף פון דער סאָווינפאָרמביוראָ, צו וועלכער עס האָט באַגלייַך מיט אַלע אַנדערע געשאַפענע אַנטיפאַשיסטישע קאָמיטעטן בייס דער מילכאָמע אויך געהערט דער ייִדישער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט, וועמענס פאָרזיצער עס איז געווען בענמיכאָעל, האָט זיי אַליין געגעבן עס אָנצוהערן. סאָלאָמאָן אַבראַמאָוויטש לאָזאָווסקי איז אייַנצייַטיק אויך געווען אייַנער פון דעם האַמערס פאַרטרעטער. געפאָרן זייַנען בענמיכאָעל און בענשאָלעם ניט בלויז ווי שליכים פון די סאָוועטישע ייִדן צו די ייִדן פון אַמעריקע. אַנדערש וואָלטן מיסטאַמע די צייַטונגען און ראַדיאָ ניט אָפּגעגעבן אַזאַ באַדייַט זייערע באַגעגענישן אין אַמעריקע מיט פאַרשיידענע פּערזענלעכקייַטן, די רעדעס זייערע אַף די מיטינגען.

נאָך דעם, ווי זיי האָבן גענוי דערציילט דעם שייני לעמאַלכוס וועגן זייער נעסיע, וועגן דער הילף פון די אַמעריקאַנער ייִדן לעטויוועס דער רויטער אַרמיי, וועגן די היסכייַוועסן, וועלכע זיי האָבן אַף זיך גענומען אַף צו דערנעענטערן דעם זיג איבער דעם פאַשיזם, דעם רעציייעך פון פעלקער,

באזונדערס פונעם ייִדישן פאָלק, האָבן בײדע שעליכים אויך דערציילט וועגן דעם פּאַרלאַנג פון די אמעריקאַנער ייִדן, אַז אַנשטאָט ביראָבידזשאַן זאָל געשאַפן ווערן אַ ייִדישע אווטאָנאָמיע אין דעם צאָפן־מיזרעך־טייל פונעם קרימער האַלבאינדזל, ווו די הויפּטשטאָט קאָן זײַן יעווּפּאַטאָריע. אויב די סאָוועטישע רעגירונג וועט אײַנגיין דערויף, זײַנען די אמעריקאַנער גרייט אויסטיילן פאַר דעם גרויסע מאַטעריעלע הילף, ווי זיי האָבן עס אַרויסגעוויזן בײַם דער איבערוואַנדערונג באַם בויען אַפן סטעפּ די ייִדישע יישווים. בענמיכאָעל האָט ניט פאַרגעסן דערבײַ צוגעבן, אַז דער דאָזיקער פאַרטראַכט — שאַפן אַ ייִדישע נאַציאָנאַלע היים ניט אַפן ווײַטן מיזרעך, נאָר אינעם צאָפן־מיזרעך־דיקן טייל פון קרים, אַפן פּוסטן ניט באַוווינטן סטעפּ, — האָט מיט יאָרן צוריק נאָך, באַם סאַמע אָנהייב פון דער איבערוואַנדערונג, געהאַט פיל אָנהענגער צווישן די סאָוועטישע ייִדן. און ניט נאָר צווישן זיי. ניט צופעליק זײַנען אַרום יעווּפּאַטאָריע נאָך דעמלט געשאַפן געוואָרן צוויי ייִדישע נאַציאָנאַלע ראַיאָנען: פריִער פרײַדאָרפער און דערנאָכדעם אויך לאַרינדאָרפער. און די ייִדישע דערפער אַרום די סטאַנציעס דזשאַנקאָי, קורמאַן־קעמעלטשי, בײַוק־אָנלאַר ליגן אויך נאָענט צו יעווּפּאַטאָריע.

צוגעײַלט פאַרפירן בײַס דער באַגעגעניש מיטן שייני לעמאַלכוס דעם דאָזיקן געשפּרעך האָט די טעלעגראַם, וואָס איז אָנגעקומען אינעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט פונעם גענעראַל קרײַזער, וועמענס אַרמיי איז דאַן אײַנגעשטאַנען אין באַפרײַטן קרים, מיט דער אָנפראַגע, צי וועט זײַן אַן אָנווײַזונג פון אויבן וועגן אַ ייִדישער אווטאָנאָמיע, ווײַל פון דעם איז אָפּהענגיק, צי זאָל זײַן אַרמיי פאַרהיטן די באַפרײַטע ייִדישע דערפער, ניט לאָזן דערווײַל די אָנגעפאַרענע פון אַנדערע מעקוימעס ניט־ייִדישע איבערוואַנדערער זיי פאַרנעמען.

קיין אוקאַז וועגן אַ ייִדישער אווטאָנאָמיע אין קרים איז ניט געווען, און די עוואַקויִרטע ייִדן איז שווער אָנגעקומען דאָס צוריקקערן זיך אַהיים, צו זיך אַפן סטעפּ.

די פרוי אינעם שוואַרצן מאַנטאָ מיטן אויפגעהויבענעם קעלנערל האָט מיט איר קומען הײַנט אַהער דערמאָנט זאַלמענען אויך אָט דעם געשפּרעך, וואָס בענמיכאָעל האָט געהאַט מיט איר מאַן. צי ניט אין שײַכעס מיטן דאָזיקן געשפּרעך וועגן גרינדן אַ ייִדישע אווטאָנאָמיע מיט דער הויפּטשטאָט יעווּפּאַטאָריע באַם שוואַרצן יאַם האָט שלוימע אים אַ זאָג געטאָן אין מינסק: „מע וועט עס אונדז ניט מויכל זײַן”?

— איר האָט מיט איר גערעדט? — האָט זאַלמען, אָפּפירנדיק ביניאָמינען עטוואָס ווײַטער פון דעם אָרן, אים געפרעגט.

— וואָס האָב איך געקאָנט מיט איר ריידן? כ׳וויים דאָך אײגנטלעך גאָרניט אויסער דעם, וואָס מע האָט מיר געזאָגט. איך האָב איר דערציילט דאָס, וואָס מע האָט מיר דערציילט, אַז שלוימע איז אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ לאַסטמאַשין. זי איז געקומען אויסדריקן איר מיטגעפיל דער מישפּאָכע, געשטאַנען אין ערנוואַך באַם אָרן.

— דער מאַן אירער ווייסט וועגן דעם?

— אַז זי איז דאָ געווען? ווען זי זאָל אַפילע עס וועלן, וואָלט זי אויך ניט געקאָנט פון אים אויסבאַהאַלטן אַזעלכעס.

בא זאַלמענען האָט פונעם דערציילטן זיך אַלץ איבערגעפלאָנטערט אין קאָפּ. ער האָט מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך דאָס בילד, וואָס בענשאָלעם האָט אים וועגן דעם דערציילט.

געשען איז עס אין ניו־יאָרקער האָטעל, ווו זיי זײַנען בײדע אײַנגעשטאַנען. בענשאָלעם קומט אײַנדערפרי אַרײַן צו שלוימען אין נומער און טרעפט אים ליגן אַפן דיל. אַפן טישל קיין סימען פון מאַשקע. ער האָט בײַס דער רײַזע זיך ביכלאַל ניט צוגערירט צו קיין שום ווײַן.

— שלוימע, וואָ סאיז געשען? — האָט כענשאָלעם אַ דערשראָקענער אים געפרעגט. — וואָס האָט געטראָפן?

— מאַלפּעס. מאַלפּעס האָבן זיך נאָך מיר געיאָגט. אַ סאַך מאַלפּעס. איך בין געלאָפן, זיי — נאָך מיר. זיי האָבן עפּעס געשריִען. איך בין אומגעפאַלן. זיי האָבן מיך אַרומגערינגלט!..

— שטייענדיק שוין בא דער טיר, — האָט ביניאָמין זיך ווי דערמאָנט, — האָט מיר פּערל אָף דעם, וואָס כ׳האָב איר דערציילט, געענטפערט, — איך זע, אַז איר ווייסט נאָך אײגנטלעך גאָרניט. דאָס, וואָס איז געשען, איז אַ סאַך שרעקלעכער, ווי איר שטעלט זיך עס פאָר. שרעקלעכער און גרויזאַמער.

— איך האָב דאָס זעלביקע געהערט אַפן גאַס ריידן צווישן פאָלק. דאָס פאָלק, ביניאָמין, ווייסט אַפּאָנעם שטענדיק מער פון אונדז. ס׳איז דער אָנהייב פון אַ גרויסער גזירע, האָב איך דאָרט געהערט פון עטלעכע ייִדן, דער אָנהייב פון אַ סאַך גרויזאַמע גזיירעס.

מע האָט אויסגעלאָשן אין צושויער־זאַל די שײַן, ווי באַם ענדיקן שפּילן אַ ספּעקטאַקל, איבערגעלאָזט בלויז ברענען צוויי לעמפּלעך באַם צוקאָפּנס פונעם אָרן. נאָר דער גרויסער ספּעקטאַקל — לעבן און טויט — האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט. דער, ווער סע שפּילט אין אים די הויפּטראָל, איז נאָך ניט אַראָפּ פון דער בינע. און ווידער האָט זאַלמען דערזען דאָס בילד, ווי מאַלפּעס לויפן נאָך

שלוימען, יאָגן זיך נאָך אים, און ער לויפט פון זיי, לויפט און געפינט פון זיי א באהעלטעניש אינעם אָרן.

שטיל, ווי ניט צורירנדיק זיך מיט די פיס צום דיל, איז זאַלמען צוגעגאנגען צום אָרן, זיך פארהאלטן א ווײַלע, ניט קאָנענדיק אלץ נאָך באנעמען, אז דער מענטש מיט די איבערגעקרייצטע הענט אף דער ברוסט איז עס דער, וועמענס בילד עס קוקט אראָפּ פונעם פאָרהאנג. מיט די זעלבע שטילע טריט איז זאַלמען ארוף אף דער בינע און דורך דער הינטערטיר פון יענער זײַט קוליסן ארויס אין הויף, אינעם לעוואָנעדיקן דרויסן.

צוקומענדיק צו דעם טראַמוויי־אָפּשטעל אפן ראָג פון די ניקיטסקע־טויערן, האָט זאַלמען דערזען לעבן דעם אײַנגעטונקענעם אין העלער לעוואָנע־ליכט טימיריאַזעווס גראַניט־דענקמאָל די צוויי יונגע־לײַט, וועלכע האָבן דעם גאַנצן אָוונט זיך ארומגעדרייט אין גאַס צווישן דעם פארזאמלטן המוין און דערנאָכדעם, בייס מע האָט אָנגעהויבן ארײַנלאָזן, גופא שוין אין טעאטער. קענטיק, אז זיי האָבן דאָ איצט אף עמעצן ארויסגעקוקט.

זאָל זײַן, אז דאָס האָבן זיי ארויסגעקוקט אף יעשיען? — האָט זאַלמען זיך געפרעגט, דערוועקנדיק פונעם אָפּפאָרנדיקן שוין טראַמוויי זיי שטיין צוזאַמען. יעשיע איז געווען אין זײַן שטענדיקן אָנטאָן, אין וועלכן זאַלמען איז געוווינט אים זען: אין א לאַנגער שינעל און אין א היטל מיט בלויע קאַנטן. דער קאָליר פון זײַן מיליטערישער קליידונג האָט קיינעם פון זײַנע באַקאַנטע ניט דערווײַטערט פון אים אפילע אין די יאָרן, ווען מע פלעגט פארשטומט ווערן באַם באַווײַזן זיך א מיליטער־מאַן אין א בלויען קאַרטוז.

## 3

באַקאַנט זיך מיט יעשיען האָט זאַלמען אין דער דעמלטיקער בײַגרענעץ־שטאָט קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, ווו ער איז געווען צוגאַסט בא זײַנעם א קאָרעוו, בייס דאָרט האָט גאַסטראָלירט דער קיִעווער יידישער קינדער־טעאַטער. דער קינסטלערישער אָנפירער פונעם טעאַטער, זאַלמענס אַן אַלטער באַקאַנטער, האָט פאָרגעשטעלט אים דעם יונגן שײַנעם קאַפּיטאַן, וואָס האָט געדינט אף דער גרענעץ, ווי א טאַלאַנטפולן סקולפּטאָר און א פילצוזאָגנדיקן דיכטער. די לידער, וועלכע יעשיע האָט צוזינגענדיק פאָרגעלייענט, האָבן ניט געמאַכט אף זאַלמענען קיין באַזונדערן אײַנדרוק. זיי זײַנען מײַנסטנטייל געווען דידאַקטישע, מיט א מוסער־האַסקל. און עפשער האָבן זיי בא אים דאַן ניט אויסגענומען, ווײַל יעשיע האָט זיי ניט פאָרגעלייענט, נאָר הייזעריקלעך אויסגעזונגען, ווי א באַלקריע באַם לייענען די סייפערטוירע, און אזא אויפן פון לייענען לידער האָט זאַלמען ניט געקאָנט פארטראָגן, אים איז עס געווען דערווידער. דאָך האָבן זיי איבערגעלאָזט בא זאַלמענען א געפיל, אז פון יעשיען קאָן מיט דער צײַט אויסוואַקסן א דיכטער. זאַלמען האָט אָבער ניט געקאָנט באַנעמען, פארוואָס גלוסט זיך יעשיען שרײַבן גראָדע אף יידיש, בייס ער באַהערשט ניט ערגער די רוסישע שפּראַך, דערצו נאָך ווינט ער, ווי מע קאָן זיך אָנשטויסן, דורכויס אין א רוסישער סוויווע. קאַרג יידן, וועלכע וואָלטן געקאָנט שאַפן אף יידיש, זײַנען געוואָרן רוסישע, אוקראַינישע, ווײַסרוסישע שרײַבער? אייניקע פון זיי אפילע גאַנץ אָנגעזעענע?

ארויסזאָגנדיק עס יעשיען דעמלט, האָט זאַלמען פון אים ניט אויסבאַהאַלטן, אז ער גופא זעט ניט קיין גרויסע צוקונפט פאַר דער יידישער שפּראַך און פאַר דער ליטעראַטור אף דער דאָזיקער שפּראַך. דערוף האָט יעשיע אים אָפּגעענטפערט: ער גלייבט ניט, אז דער, ווער ס'איז אויסגעוואַקסן אין א יידיש שטעטל, אין א יידישער סוויווע, זאָל קאָנען ווערן אַן עכטער שרײַבער אף אַן אַנדער שפּראַך, און ער, יעשיע, איז דאָך אויסגעוואַקסן אין א קליין יידיש שטעטל אף פּאָדאָליע, ווו ס'איז זיך פארלאָפן, ווי מע דערציילט, די באַוווּסטע געשיכטע מיטן דיבוק. וואָס שײַך דעם ווײַטערדיקן גורל פון דער יידישער שפּראַך און דער יידישער ליטעראַטור, קאָן דאָס דערווײַל אף זיכער קיינער ניט פאָרויסזאָגן.

פאַר זאַלמענען איז עס געווען גענוג, אז ער זאָל ניט פארגעבן יעשיען מער קיין פראַגעס, כאָטש ער האָט געהאַט וואָס אים דערוף דערווידערן: לעוויטאַן און אַנטאָקאָלסקי. דער ערשטער פון זיי איז געבוירן אין דער ליטע, אין אַן עכט יידיש שטעטל. דער אַנדערער אין אזא יידישער שטאָט ווי ווילנע. נאָר יעשיע וואָלט אים דערוף געקאָנט דערווידערן, אויב אפילע זאַלמען זאָל געווען צוגעבן צו די צוויי גענינים, א דריטן גאָען, שאַגאַלן, אַשטייגער. זיי אַלע האָבן דאָך ניט געהאַט צו טאָן אין זייער שאַפונג מיט קיין שפּראַך, אף וועלכער מע רעדט און מע שרײַבט. נו, און דאָס, וואָס די יידישע שרײַבער האָבן, אלס קלאַל, געשיקט זייערע קינדער זיך לערנען ניט אין די יידישע שולן און זיי קאָנען ניט די שפּאַך, אף וועלכער עס שאַפן זייערע עלטערן, איז דען ניט דער גרעסטער באַ

וויזן, אז אליין די שרייבער גלייבן ניט אין דער צוקונפט פון דער יידישער שפראך און ליטעראטור? וואָס וואָלט יעשיע אים דערויף געענטפערט?

דאָס גרילצן פון די רעדער פונעם טראמוויי, וועלכער האָט שוין איבערגעלאָזט הינטער זיך דעם סרעטענסקי־בולוואר, האָט ניט געשטערט מאנדעלן דערמאָנען זיך אויך דאָס ווייטערדיקע אין זיין באקאנטשאפט מיטן קאפיטאן פון דער זיכערהייט־דינסט און דעם יידישן שרייבער יעשיע ראָזענען.

נאָך דער מילכאָמע, ווען יעשיע האָט זיך באזעצט אין מאָסקווע, איז זאלמען אומדערווארט מיט אים נאָענט זיך צונויפגעגאנגען. דער אונטערשייד אין די יאָרן האָט ניט געשטערט זאלמענען זיך באפריינדן מיטן נאָך מער יינגערן נאָסן לעוויטינען, זיי זיינען שיר ניט נאָך דער ערשטער באגעגעניש איבערגעגאנגען אויף „דו". בא נאָסענען האָט יעשיעס דיכטונג גראדע מער אויסגענומען, ווי בא אים, באזונדערס זיינע מייסעלעך אין פערזן פאר גרויס און קליין. נאָסן האָט זיך אפילע אונטערגענומען רעדאגירן יעשיעס א ביכל, וואָס איז געלעגן אין פארלאג נאָך פון פאר דער מילכאָמע און איז איבער פארשיידענע סיבעס ניט געהאט דערשינען. נאָסנס איינגיין זיין דער רעדאקטאָר איז געווען א קאָוועד אפילע פאר די אָנגעזעענע שרייבער, אזוי באדייטנד וואָגיק איז געווען זיין קריטיש וואָרט. יעשיע איז מיט דער צייט געוואָרן בא לעוויטינען א היימישער מענטש, צומאָל געבליבן בא אים אפילע נעכטיקן, מיינסטנטייל אין די טעג פון געהאלט, אויסגעבנדיק עס פאר איין מאָל ביז א קאפיקע אין רעסטאָראן. דערנאָך פלעגט ער קימאט א גאנצן כוידעש ארומגיין בעטן בא זיינע באקאנטע א רובל אויף אָנבייסן. זיין ארומגיין בעטלען א קערבל אויף וואַרמעס איז אלעמען געווען דערווידער, אָבער מע פלעגט אים זעלטן אָפזאָגן. זאלמען, אלנפאלס, געדענקט ניט, אז ער זאָל אים ווען־ניט־איז האָבן אָפגעזאָגט. ניט צו באנעמען, ווי קומט עס, אז א באָכער, וואָס איז אויסגעוואקסן אויף פאָדאָליע אין א קליין און פרום יידיש שטעטל, זאָל זיך ארייַנלאָזן אין שיקרעס. און נאָך מער ניט פארשטענדלעך איז געווען, ווי קומט עס, אז אזא שיינער בראַווער יונג, וואָס האָט געקאָנט נעמען, ווי ער שטייט און גייט, דאָס פיינסטע מיידל, זאָל כאסענע האָבן פאר אזא פארזעעניש, ווי זיין אָפגעגעטע וויַבל. אפאָנעם זי האָט געשטאמט פון רייכע עלטערן. ער איז געווען אן אָרעם יינגל, האָט ער זיך ארייַנגעפאקט. עפשער דערפאר האָט אים א צי געטאָן צום פלעשל. בעעמעס אָבער א שיקערן, ווען ער האָט ניט געקאָנט איינשטיין אויף די פיס, האָט זאלמען אים געזען בלויז איין מאָל. נאָסן זאָל מיט גוואלד אים ניט געווען דאן פארהאלטן, איבערלאָזן נעכטיקן בא זיך, וואָלט יעשיע דערפון געוויס פיל פארלוירן. עפשער אפילע די שטעלע, אויב ניט נאָך ערגער.

נאָר ווי יעשיע זאָל ניט געווען זיין שיקער, האָט ער זיך מיט קיין איינציק וואָרט ניט ארויסגעכאפט, וואָס פאר א שטעלע איז איצט בא אים און מיט וואָס פארנעמט ער זיך דאָרט, וויבאלד ער דינט שוין מער ניט אויף דער גרענעץ. אייגנטלעך איז צו אים קיינער מיט אזעלכע פראגעס קיינמאָל ניט צוגעשטאנען, פארגעדענקט ווען אים דאָס, וואָס ער האָט איין מאָל פאר אלע מאָל וועגן זיך געזאָגט: ער איז א קאדראָווער קאָמאנדיר אין דעם זיכערהייט־כאַיל. פארוואָס באפרייט ער זיך ניט פון דער מיליטערישער דינסט, קעדיי זיך איינגאנצן אָפגעבן דער סקולפטור און דיכטונג? ווייסט ער אָבער פארפריער, אז מע וועט אים פון דאָרט ניט אָפלאָזן. ער איז ניט קיין באלעבאָס איבער זיך. ער איז א קאָמוניסט, און באלעבאָס איבער אים איז פריער פון אלץ די פארטיי.

קיינער האָט ניט געסאָפעקט, אז ס'איז ווירקלעך אזוי און מע האָט אים געטרויט צווישן זיך, ווי יעדן איינעם פון די שרייבער. זאלמען טרויט אים אויך איצט, נאָר ניט אזוי ווי נאָסן. נאָסן, זעט אויס, טרויט אים איינגאנצן אָן, אנדערש וואָלט ער ניט א זאָג געטאָן אין יעשיעס אָנוועזנהייט, ווען זיי זיינען מיט עטלעכע טעג צוריק ארויס זאלבעדריט פונעם קאָמיטעט, צי קאָן אין איינעם א שיינעם טאָג זיך ניט א דריי טאָן דאָס רעדעלע און אונדז זאָל טייער אָפקאָסטן אָט דאָס־אָ — נאָסן האָט דערביי אָנגעוויזן אפן שווערן פאקעט, וועלכן ער איז געגאנגען אָפטראָגן אין סאָווינפאָרמביוראָ אויף דער סטאניסלאווסקי־גאַס, אין דער געביידע פון דער געוועזענער דייטשישער אמבאסאדע. אינעם צוגעגרייטן פאקעט אויף אָפשיקן דורך דער פאָטשט פון דער סאָווינפאָרמביוראָ קיין אויסלאנד זיינען געווען דערציילונגען, לידער, פארצייכענונגען. אינעם קאָנווערט זיינען אויך געלעגן יעשיעס מייסעלעך אין פערזן. יעשיע האָט נאָסענען דערויף גאָרניט געענטפערט, פונקט ער זאָל ניט געווען דערהערן. ער אָבער, זאלמען, האָט אויף דעם זיך אָפגערופן: „אלץ קאָן טרעפן, כאָטש עס לייגט זיך ניט אפן סייכל".

נאָר דאָס אלץ, וואָס זאלמען האָט, פאָרנדיק מיטן טראמוויי אהיים, דורכגעטראכט, האָט ניט געקאָנט אים ענטפערן, וואָס פאר א שייכעס קאָן האָבן יעשיע צו די צוויי יונגעלייט, וועלכע האָבן ארויסגעקוקט אויף אים באם טימיריאזעוו־דענקמאָל? יעשיען האָט ער דאָך פון אָוונט אין ערגעץ נישט געזען, ניט אויף דער גאַס, ניט אין טעאטער. עפשער זיינען די צוויי יונגעלייט פאָשעט שיקורים און זיי האָבן זיך צונויפגערעדט מיט יעשיען גיין צוזאמען מאכן א קויסע? זיי זיינען מיט געלט, ניט ווי זייער כאווער דער שרייבער.

קענטיק, אַז ס'איז טאַקע ווירקלעך אַזוי, ווי האָט ער זיך עס כאָלד ניט אָנגעשטויסן. און עפּשער... עפּשער איז ער זיך בכלל טויט און דאָס איז גאָר געווען ניט יעשיע?

4

אויף יעדנפֿאַל, כאָטש זאַלמען האָט געוווּסט, אַז עלישע וועט ניט קומען אויף דער לעוויע, זי אַרבעט הײַנט אין דער ערשטער וואַכטע, איז ער פֿונדעסטוועגן, ווען מע האָט געהאַלטן באַם אַפּשטעלן דעם צוטריט צום אָרן, פֿונסנײַ אַרויס אין טומלענדיקן דרויסן אַ קוק טאָן, צי זעט מען זי דאָרט ערגעץ ניט שטיין. מעגלעך, איר האָט זיך אײַנגעגעבן אָפּבעטן זיך הײַנט פֿון דער אַרבעט און זי קאָן זיך ניט דורכשלאָגן צו דער באַלאַגערטער טיר. ווען זאַלמען האָט זיך אויפֿגעהויבן מיט די טרעפּ צוריק אין פֿאַרטונקלטן צושויער־זאַל, ווו ס'האָט זיך געדאַרפֿט באַלד אָנהייבן דער העספּעד, איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ געזאַנג אָן ווערטער און געמאַכט אים שטיין, ניט געלאָזט זיך אַ ריר טאָן פֿון אָרט.

דאָס קאָל האָט זאַלמען גלײַך דערקענט. עס זײַנען דאָ אויף דער וועלט פֿיל שטאַרקערע שטימען, נאָר אַזאַ שטים מיט אַזויפֿיל נעשאָמע און האַרץ, ווי בײַ בענמיכאָעלס נאָענטן פֿרײַנט, דעם אָפּערע־זינגער פֿונעם גרויסן טעאַטער איוואַן קאָזלאָווסקי, איז זאַלמענען נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען הערן אַפֿילע צווישן די באַרימטע כאַזאָנים־באַלטפֿילעס, וועמענס נעגינע איז צו אים דערגאַנגען דורך די פּלאַטן. דער ניגן אָן ווערטער, וועלכן קאָזלאָווסקי האָט געזונגען הינטערן פֿאַרמאַכטן פֿאַרהאַנג, איז געווען אַ ביז גאָר באַקאַנטער. מיט זײַן טיפֿן ווייטיק האָט ער דערמאָנט דעם איל מאָלע ראַכמים די האַרוגים בימיי היטלער, ימאַך שמוי, וועלכן זאַלמען האָט הײַנטיקן יאָמקיפּער צו ייִזקער געהערט זינגען דעם כאַזן פֿון דער שול, דעם געוועזענעם זינגער פֿונעם געזקולט־קוואַרטעט, מיט וועמען ער איז פֿאַר דער מילכאָמע, ווי אַ פֿאַרלייענער פֿון די אייגענע ווערק, אַרומגעפֿאָרן איבער די ייִדישע דערפֿער. באַם כאַזן בייסן ייִזקער האָט די מעכטיקע שטים זײַנע געשפּאָלטן הימלען, און פֿאַר קאָזלאָווסקיס געזאַנג האָבן די הימלען אַליין זיך צעעפֿנט און געמאַכט אויפֿציטערן דעם בעסדין שעל מײַלע ווי באַם צופֿאַלן פֿון אַ מוטער צום אָפּענעם אָרן־קוידעש אָפּשרײַען אַ גויסעסדיק קינד.

זאַלמען איז געשטאַנען אויף די אייבערשטע טרעפּ, וואָס האָבן געפֿירט אין זאַל, ניט גערירט זיך פֿון אָרט אויך נאָך דעם, ווי פֿון הינטערן פֿאַרמאַכטן פֿאָרהאַנג האָבן וועלט־באַרימטע רוסישע זינגער און זינגערנס באַוויינט זייער נאָענטן פֿרײַנט. אין זייער געזאַנג האָט זיך אײַנעם מי באַמאָוועס אויך געהערט דער מי באַכאַים, די טרייסט און דער גלויבן אינעם אוילעם־האַזע פֿאַר די קינפֿטיקע דוירעס פֿונעם פֿאַריאָסעמטן פֿאָלק. מאַנדעלן האָט ניט געכידעשט, וואָס דער העספּעד נאָכן אומגעקומענעם האָט זיך אָנגעהויבן פֿון נעגינע. שלוימע בענמיכאָעל האָט, ריידנדיק וועגן זיך, ניט איינמאָל זיך פֿאַרופֿן אויף דאָוויד האַמעלעכס שיר פֿון טילים: קאָל אַצמויסײַ טאָמאַרנאָ — אַלע אייוורים אין מיר זינגען.

פֿאַר דעם, ווי בענמיכאָעלס גרויסער פֿרײַנט, אַלעקסאַנדער פֿאַדייעוו, איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער מעלוכע־מאַן, אַ גענעראַל־סעקרעטאַר פֿונעם שרײַבער־פֿאַריין, האָט זאַלמען אים געזען און געהערט ניט בלויז אויף פֿאַרזאַמלונגען און מיטינגען, ער איז אויך געווען און ניט איין מאָל גופֿע בײַ אים אין קאַבינעט. זאַלמען האָט אָבער בעשום־אויפֿן ניט דערוואַרט, אַז ער וועט אים דאָ הײַנט באַגעגענען. דער פֿאַרזאַמלטער אוילעם אויפֿן דעספּעד האָט געקאָנט אויפֿנעמען פֿאַדייעווס בײַזײַן דאָ הײַנט ווי אַן אויסדרוק פֿון מיטגעפֿיל מיצאַד דער מעלוכע. פֿון אָנהייב, ווען דער גענסעק פֿון די שרײַבער האָט אויסגערעכנט דעם אָנטייל פֿונעם אומגעקומענעם אינעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, זײַנע פֿאַרדינסטן אין דער טעאַטראַלער קונסט, האָט אויך זאַלמען עס געהאַט אַזוי אויפֿגענומען. נאָר מיט אַמאָל האָט ער דערהערט: „אַזעלכע ווי שלוימע בענמיכאָעל ווערן געבוירן איין מאָל אין אַ יאָרהונדערט, אויב ניט אַפֿילע אַ סאַך זעלטענער", און דערבײַ דערזען, ווי ס'האָבן אַ פֿינקל געטאָן טרערן אין פֿאַדייעווס קינדערשע ליכטיקע אויגן. און זאַלמען האָט פֿאַרשטאַנען, אַז קיינער האָט דעם שרײַבערישן גענסעק אַהער ניט געשיקט, ער איז געקומען אַליין, בײַ קיינעם ניט אָנפֿרעגנדיק זיך אָפּריער, ווי ס'איז ניט אָנפֿרעגנדיק זיך אָפּאָנעם געקומען אַהער נעכטן די פּרוי פֿונעם שייני לעמאַלכוס — פּערל. עפּשער איז זי אויך הײַנט דאָ? ער האָט זי אייגנטלעך אויף דעם עכטן אויפֿן ניט געזען, בלויז פֿאַרבײַגייענדיק, און ניט באַוויזן זי אויף אַזויפֿיל פֿאַרגעדענקען, אַז ער זאָל זי דערקענען צווישן דעם בײַוועזנדן אוילעם. אָט דעם מאַן אירן וואָלט ער דערקענט ניט נאָר ווײַל ער האָט אים געזען אויף די בילדער. ער האָט אים געזען אַ סאַך פֿריִער ווי בענמיכאָעל מיט בענשאָלעמען זײַנען נאָכן צוריקקערן זיך פֿון אַמעריקע בײַ אים געווען. אויך ער, זאַלמען, האָט, ווי בענמיכאָעל, זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז מאָלאָטאָוו איז אַזאַ הויכער. אויף דער טריבונע פֿון מאַוזאָליי האָט ער זיך

אים קיינמאָל ניט אויסגעוויזן העכער פון סטאַלינען, פאַרקערט. און סטאַלינען איז זאַלמענען אויך אויסגעקומען זען גאָר־גאָר נאָענט, שיר ניט פּוס צו פּוס און האַנט צו האַנט.

צווישן אַלע רעדנער איז ביניאָמין בענאַריע געווען דער איינציקער, ווער ס'האָט מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט די רעדער פון דער לאַסטמאַשין, וואָס האָט אָפּגענומען באַם פאַריאָסעמטן פאָלק זײַן שאָליעך ציבור, זײַן נאָווי, אין א ציַיט, ווען דאָס פאָלק האָט זיך אין אים באַזונדערס גענייטיקט. אין ביניאָמינס פאַרשטיקטן אויסגעשריי, מיט וועלכן ער האָט פאַרענדיקט זײַן וואָרט אָפּן העספּעד, האָט זיך זאַלמענען געהערט אַן אָנדיַיט אָף פּערלס נעכטיקן געבן א זאָג, אַז דאָס געשעענע איז פיל טיפער, און שרעקלעכער, ווי מע קלערט וועגן דעם. זאַלמענען האָט אויפגענומען ביניאָמינס פאַרשטיקטן אויסגעשריי אויך ווי אַן אָנדיַיט, אַז אים איז באַוווּסט, וואָס האָט געשטעקט אין שלוימעס א זאָג טאָן צו אים, זאַלמענען, אין מינסק א טאָג פאַרן אומקום, אַז אים וועט עס גלאַט ניט אָפּגיין, מע וועט עס אים ניט מויכל זײַן.

דער, ווער ס'האָט גערעדט אָפּן העספּעד דער לעצטער, האָט געשעמט אין דער וועלט ווי א גאָען פון דער רוסישער בינע. די רעדע זײַנע איז געווען א קורצע, זי איז געווען געווענדט צו שלוימעס שטענדיקן מיטשפּילער אָף דער בינע, צו ביניאָמינען, געטרייסט אים דערמיט, אַז שלוימעס אומקום איז א גרויסער פאַרלוסט ניט בלויז פאַרן יידישן פאָלק, אים באַגלייט אַרויס אין דער אייביקער רו דאָס גאַנצע לאַנד, אַלע פעלקער...

— צאַראַס ראַבים כאָצי נעכאָמע, — האָט עמעצער הינטער זאַלמענען אַרויסגעבראַכט מיט א זיפץ און גלײַך אָפן אָרט עס פאַרטײַטשט און אויך גלײַך אָפן אָרט עס אָפּגעלייקנט: פון דעם, וואָס די צאָרע האָט געטראָפן אויך אַנדערע, ווערט די צאָרע ניט קלענער און די טרייסט ניט גרעסער...

בא דער בינע, בא די ווענט אין זאַל און פאָיע, זײַנען האַרט איינער לעבן אַנדערן געשטאַנען בלומען־קרענץ. זאַלמענען האָט אין שוטפעס מיט דעם, ווער ס'האָט פאַרטײַטשט און אויסגעטײַטשט דעם „צאַראַס ראַבים כאָצי נעכאָמע", גענומען א גרויסן שווערן קראַנץ און דורך די ברייט צעעפנטע טירן אַרויסגעטראָגן אין דרויסן, אַרופגעלייגט אָף איינער פון די באַשטעלטע צו דער לעווײַע לאַסט־מאַשינען.

אָפן פאַרשנייטן באַלקאָן פונעם אַנטקעגנדיקן הויז האָט זאַלמענען ווידער דערזען דעם עלטערן מאַן מיטן פידל, ווער ס'האָט נעכטן אָוונט איבערגעשפּילט די מעלאָדיעס פון די פאַרשטעלונגען, אין וועלכע שלוימע איז געווען פאַרנומען. ווי נאָר אין דער ברייט צעעפנטער טיר האָט אין עטלעכע מינוט אַרום זיך באַוויזן דער אָרן מיטן מעס, האָט דער ייד אָפן באַלקאָן א פיר געטאָן מיטן סמיטשיק איבער די סטרונעס, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א וויקועך צווישן אים מיט דער וועלט וועגן דעם, וואָס איז ניט דערמאָנט געוואָרן, ניט דערזאָגט געוואָרן אָפן העספּעד. דער פידל האָט געהאַלטן אין איין פאַרגעבן שײַלעס מיטן ניגן: פרעגט די וועלט אַן אַלטע קאַשע...

דער אָנפלייץ פון מענטשן באַם אַרויסטראָגן דעם אָרן איז דערגאַנגען דערצו, אַז ס'האָבן זיך געמוזט אָפּשטעלן די טראַמווײַען און מאַשינען אָפן טווערסקאָי בולוואַר און אָף דער בײַליגנדיקער הערצען־גאַס.

— וואָס שטייט איר? איר פאָרט דען ניט, זאַלמען, אין קרעמאַטאָרי? — הינטער אים, דעם קאָלנער פון דער שינעל אויפגעהויבן, איז געשטאַנען יעשיִע.

— מע וועט אים דען קרעמירן? — זאַלמענען האָט עס געפרעגט, גלײַך ער וואָלט ערשט איצט זיך דערפון דערוווּסט און קאָן דערין ניט גלייבן. ווייפל יאָר שוין, אַז מע האָט אויסגעבויט אין שטאָט א קרעמאַטאָרי און מע פאַרברענט מייסים, און ער קאָן זיך נאָך אַלץ ניט צוגעוווינען דערצו, אַז מע זאָל א מענטשן פאַרוואַנדלען אין אַש. ער קאָן עס ניט אויפנעמען אפילע איצט. נאָך דעם, ווי צוזאַמען מיטן רויך פון די קרעמאַטאָרי־אויוונס זײַנען אָף אייביק אָפּגעווישט געוואָרן פונעם פּאָנעם פון דער ערד עטלעכע דוירעס מענטשן, קליין און אַלט, ניט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין זייכער. באַם אַראָפּלאָזן דעם מעס אין קייווער פאַרבלײַבט ער פונדעסטוועגן אין זיקאָרן, ווי א מענטש, א טויטער טאַקע, אָבער אין געשטאַלט פון א מענטשן. און עפשער האָט שלוימע אין דער צוואָע, וועלכע ער האָט, קאָן זײַן, איבערגעלאָזט, אַליין אויסגעקליבן פאַר זיך דעם וועג צום הימל דורכן קוימען פון קרעמאַ־טאָרי און דערמיט אויך נאָכן טויט זיך באַהעפט מיט די אומגעבראַכטע קאָרבאָנעס פון זײַן פאָלק, ווי ער איז געווען באַהעפט מיט זיי באַם לעבן?

— איר זײַט דאָ אַליין? — האָט זאַלמען, אומקוקנדיק זיך צו דער טיר, פונוואַנען מע האָט אַרויסגעטראָגן דעם אָרן, געפרעגט יעשיִען.

— אַליין. און מיט וועמען האָב איך געדאַרפט זײַן?

— כ'ווייס... כ'האָב געמיינט, עפשער זײַט איר געקומען מיט די צוויי יונגעלײַט, מיט וועמען כ'האָב אײַך דאָ נעכטן געזען.

— מיך?

— וואָס האָט עס אײַך אַזוי פאַרוווּנדערט?

— ווײַל איר האָט ניט געקאָנט מיך נעכטן זען. איך בין נעכטן גאָר אין שטאָט ניט געווען.

— מאָדנע. — פֿונדעסטוועגן האָט זאַלמען אַ רעגע שפּעטער דאָך איבערגעכאַזערט. — כ'האָב אײַך אָבער נעכטן פֿאַרט דאָ געזען. נו, ניט פּונקט דאָ. אויפֿן טווערסקאָי בולוואַר בײַ טימיריאַזעווס דענקמאָל האָב איך אײַך געזען. איר זײַט געווען ניט אַליין, נאָר מיט צוויי יונגעלײַט, וועלכע האָבן נעכטן און הײַנט אינדערפֿרי זיך דאָ די גאַנצע צײַט אַרומגעדרייט.

עטוואָס צעטומלט, נאָר מיטן זעלבן שמייכל אויפֿן שיינעם מילדן געזיכט, וואָס זאַלמען איז געוווינט אויף אים צו זען, האָט יעשיִע געענטפֿערט:

— איך ווייס ניט, זאַלמען, וועגן וואָס פֿאַר אַ יונגעלײַט איר רעדט. מיך האָט איר נעכטן, ווײַבאַלד איך בין ניט געווען אין שטאָט, ביכלאַל ניט געקאָנט זען.

— קומט אויס... — זאַלמען האָט אַליין שוין געסאַפּעקט, אַז דער מיליטערמאַן, מיט וועמען ער האָט נעכטן געזען די צוויי יונגעלײַט, איז געווען יעשיִע. ער האָט דאָך אים געזען ניט פֿונדערנאָענט, נאָר פֿונעם אָפּפֿאָרנדיקן טראַמווײַ. — קומט אויס, אַז איך בין זיך טויע געווען, און אַנדערן אָנגענומען אָנשטאָט אײַך.

— אָפּאָנעם. — יעשיִע האָט אים גענומען אונטער דער האַנט. — קומט, לאָמיר זיך אַוועקזעצן אויפֿן אווטאָבוס און צופֿאָרן אין קרעמאַטאָרי אָפּגעבן בענמיכאָעלן קאָוועד פֿאַר זײַן אַוועקגיין אין דער אייביקײַט.

ניט פֿאַר אַלעמען, וועד ס'האָט זיך געקליבן פֿאָרן אין קרעמאַטאָרי, האָט געקלעקט פּלאַץ אין די צוגעגרייטע אווטאָבוסן. זאַלמען מיט יעשיִען האָבן אַ מינוט פֿאַרן אָפּפֿאָרן פֿונעם לעצטן אווטאָבוס באַוויזן אויף אים זיך אַרופֿכאַפּן. און דעם גאַנצן וועג איז זיי אויסגעקומען שטיין אויף די פֿיס.

די לאַנגע ריי אווטאָבוסן און לײַכטע מאַשינען האָבן שוין פֿאַרקערעוועט פֿונעם סאַדאָווער רינג אויפֿן קאַלוגער שאָסיי, ס'האָבן זיך שוין באַוויזן די שפּיצן פֿונעם דאָנסקאָי מאָנאַסטיר, און זאַלמען האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט זיך בײַקומען, אײַנריידן זיך, אַז דער מיליטערמאַן, וועמען ער האָט נעכטן געזען בײַם טימיריאַזעווער דענקמאָל מיט די צוויי פֿאַרשוינען, איז געווען ניט יעשיִע, נאָר אַ צווייטער.

קיינער אין איבערגעפּולטן אווטאָבוס האָט פֿאַר דעם גאַנצן וועג ניט פֿאַרפֿירט קיינע שום רייד, גלײַך דער אָרן מיטן מעס וואָלט געלעגן אינעם דורכגאַנג בײַ זייערע פֿיס.

— איר ווילט אויסהערן די ליד, געווידמעט שלוימעס אָנדענק, וואָס כ'האָב הײַנט פֿאַרפֿאַסט?

— איר קלײַבט זיך דאָרט זי איבערלייענען.

— ווי איר וועט זאָגן.

כאָטש זאַלמען האָט ניט געצווייפֿלט, אַז די ליד איז אויף אַ געוויגנדיקער קינסטלערישער הייך, אַז מע זאָל זי קאָנען פֿאָרלייענען פֿאַר אַזאַ עולם אויפֿן העספּעד אין קרעמאַטאָרי, פֿונדעסטוועגן האָט ער אים אָפּגערעדט דערפֿון.

מער האָבן זיי קיין וואָרט ניט אויסגערעדט צווישן זיך, געשוויגן, ווי אַלע אינעם אווטאָבוס, ווו יעדערער איז געווען אַרײַנגעטאָן אין זיך, און ווי דער עלטערער ייִד מיטן פּידל אויפֿן פֿאַרשנייטן באַלקאָן זיך פֿאַרגעבן אין דער שטומער שטילקײַט די זעלבע שײַלע, וועלכע דער לעבעדיקער פֿאַרגיט זיך עס אויף יעדער לעווײַע. די קאַשע, וועלכע איז אַלט ווי די וועלט: אין וואָס איז דער זין פֿונעם מענטשנס זײַן, אויב אַלץ איז, ווי ס'איז געזאָגט אין קױהעלעס, האַוויל האַוואָלים, האַקויל האַוואַל האַוואָלים.

די אווטאָבוסן און מאַשינען האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער רויטער ציגלנער וואַנט, פֿון הינטער וועלכער ס'האָט אַרויסגעשטאַרצט צום גרויען ווינטערדיקן הימל אַ הויכער פֿאַרויכערטער קוימען. דער אָנגעפּאַרענער עולם האָט זיך אַ לאָז געגעבן צו די טישלעך, ווו מע האָט געהאַנדלט מיט בלומען. זאַלמען איז אָפּגעגאַנגען אָן אַ זײַט, וויסנדיק פֿאַרפֿריִער, אַז ער איז, מעגלעך, דער איינציקער, וועד ס'האָט ניט געבראַכט און וועט ניט ברענגען דעם מעס קיין בלומען. ער קאָן ביז איצט זיך ניט צוגעוווינען קומען אויף אַ לעווײַע מיט קוויטן. ער ווייסט ניט, צי פֿון קאַדמוינים אָן איז געווען אַזוי אײַנגעפֿירט בײַ ייִדן. ער וועט אָבער ניט זײַן דער, וועד ס'וועט איווער זײַן אויף דערויף.

אין הויף פֿון דעם קרעמאַטאָרי האָט זיך פֿאַרזאַמלט אַ האַמוין, דאַכט זיך מער נאָך ווי בײַם אַרויסטראָגן פֿון דער טעאַטער־געבײַדע דעם אָרן. זעט אויס, אַז אַ סאַך עולם איז געקומען אַהער מיט אַ צײַט פֿריִער, ווי מע האָט געבראַכט צו פֿירן דעם מעס.

אויפֿן העספּעד אינווייניק אין דעם קרעמאַטאָרי איז געווען ניט דורכצושטופּן זיך. שטייענדיק אויף די שפּיץ פֿינגער בײַ דער דרויסן־טיר, האָט מען ניט געזען, ווער עס רעדט און ניט געהערט, וואָס מע רעדט. בלויז אייניצלנע ווערטער זײַנען פֿון דאָרט דערגאַנגען.

דערזען שטיין בײַ דער טיר אויך יעשיִען, האָט זאַלמען אים אָפּגערופֿן אָן אַ זײַט:

— איר האָט מיר געוואָלט אין אווטאָבוס דורכלייענען די ליד, געווידמעט בענמיכאָעלן. איז לייענט זי מיר איצט איבער.

קיין פאַרפאַסער פון ניגונים, ווי די באַלטפילעס צי אַשוגן, איז יעשיִע ניט געווען. ניט יעדער ניגן, מיט וועלכן יעשיִע פלעגט פאַרלייענען זײַנע לידער, איז געווען פּאַסיק פאַר דעם, דעריבער האָט זאַלמען אים געבעטן, אַז ער זאָל די ליד ניט אויסזינגען, נאָר פּשוט זי דורכלייענען. פאַר יעשיִען איז עס שוין אָבער געווען איבער די קויכעס. נאָך דער צווייטער צי דער דריטער שורע, אַליין ניט באַמערקנדיק עס, האָט ער דאָס ווײַטערדיקע פאַרגעזעצט לייענען מיט אַ ניגן, וואָס האָט צוגעגעבן דער ליד דאָס ניט אַרויסגעזאָגטע מיט ווערטער. זאַלמענען האָט שוין פאַרדראָסן, אַלעמײַ האָט ער אָפּגערעדט יעשיִען זי פאַרלייענען דאָ אויפן הספּד, איצט איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. יעשיִע וואָלט זיך סײַווי שוין ניט דורכגעשטופּט צום פּיופּיטער.

— איר האָט קיינמאָל ניט געזען דעם קאַלך־אויוון אין גענעם, ווען ער צעפלאַקערט זיך באַם אַרײַנלאָזן אַהין דעם אָרן, נאָך דעם ווי עס גייען זיך צונויף איבער אים די צוויי פאַרויסעכלעך און וואָס דאָס באַטײַט, אַז דערמיט איז די קאָמעדיע פונעם מענטשנס זײַן געשלאָסן?

— און אײַך? — האָט יעשיִע געפרעגט. — אײַך איז אויסגעקומען עס זען?

— איך בין איינמאָל בײַגעווען דערבײַ. מיר האָבן אַרויסבאַגלייט אין לעצטן וועג דעם יונגן קריטיקער שלוימע זשוקאָווסקי. ער האָט ניט באַוויזן פאַרן לעבן אַרויסגעבן אַפילו קיין איין ביכל. קיינער געדענקט אים שוין ניט. קיינער דערמאָנט אים ניט, ווי מע וועט ניט דערמאָנען אויך אונדזערע נעמען, כאָטש מיר האָבן באַוויזן אַרויסגעבן צו עטלעכע ביכלעך. אַזאַ איז שוין אונדזער גורל, דער גורל פון די יִדישע שרײַבער. געווען איז דאָס מיט פיל יאָרן צוריק. כ'ווייס ניט ווי איז אַצינד, נאָר דעמלט האָט מען צוגעלאָזט צו די פענצטערלעך, פונוואַנען מע האָט געקאָנט נאָכפאָלגן נאָכן פינאַל פון דער מענטשלעכער קאָמעדיע. כ'האָב געזען, ווי די בלויע פײַערדיקע צינגער פונעם קאַלך־אויוון טאַנצן אום אין אַ שיידים־טאַנץ אַרום דעם אָרן... אָפּאַנעם, אַז ס'איז שוין נאָך נילע, — איז זאַלמען זיך אַליין אַרײַנגעפאַלן אין די רייד, דערזעענדיק, ווי דער אוילעם האָט אַ שפּאַר געטאָן פון דעם קרעמאַטאָריע און זיך געלאָזט צו די מאַשינען און אווטאָבוסן.

— וווהין זשע גייט איר? — האָט יעשיִע אָפּגעשטעלט זאַלמענען. — די אַלמאָנע, זאָגט מען, האָט פאַרבעטן אַלעמען אויפן אוזקאָרע־מאָלצײַט.

— איך גיי ניט אויף קיין אוזקאָרע־מאָלצײַטן נאָך אַ לעווײַע.

— איר האַלט זיך בײַ די אַמאָליקע שטעטלשע דינים?

— ס'האָט ניט צו טאָן מיט קיין דינים. כ'האָב פּשוט ניט באַוויזן זיך איינגאַבן אָפּגעווינען פונעם פריִערדיקן און זיך צוגעווינען צום איצטיקן.

— ווי קלערט איר, — האָט יעשיִע, אויסוואַרטנדיק אַ ווײַלע, געפרעגט, — כ'זאָל איבערלייענען דאָרטן די ליד?

— בעלי־סאָפעק. — זאַלמען האָט געוואָלט צוגעבן, אַז ער זאָל איבערלייענען די ליד, איידער ער וועט אָנווערן די איבערהאַנט איבער זיך. נאָר יעשיִע איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען.

צוקוקנדיק זיך, ווי יעשיִע האָט אויפגעקײַלט צו די אווטאָבוסן, האָט זאַלמען קעגן דעם אייגענעם ווילן זײַנעם אַ טראַכט געטאָן, צי גייט ניט יעשיִע אויף די לעווײַעס פון זײַנע באַקאַנטע דעריקער צוליב די אוזקאָרע־מאָלצײַטן, ווו דעם אויבנאָן אויפן טיש פאַרנעמען די אויפגעפּראָפּטע פלעשער?

דער קורצער ווינטער־טאָג האָט שוין געהאַלטן באַם אויסגיין. דער קוימען האָט דורך זיך שוין דורכגעלאָזט מיטן געדיכטן שוואַרצן רויך נאָך עטלעכע מייסים, פאַרוואַנדלטע אין אַש, נאָר זאַלמען האָט זיך אַלץ אומגעדרייט איבערן גרויסן קרעמאַטאָרי־הויף, געזוכט די מאַצייווע פונעם יונג־פאַרשטאָרבענעם יִדישן קריטיקער. ער האָט ניט געפונען פון אים קיין זייכער אויך צווישן די טעפּעלעך אַש אין די נישעס פון דער הויכער, לאַנגער וואַנט, כאָ וועלכער ער איז לאַנג אָפּגעשטאַנען, ניט קאָנענדיק פאַרטויבן אין זיך דעם ניגן פון דער אייביקער ליד: „פרעגט די וועלט אַן אַלטע קאַשע...”

## 5

אין אַ וואָכן דרײַ אַרום, נאָך דער צופעליקער באַגעגעניש מיט זאַלמענען אין דעם אָוונט פאַר שלוימע בענמיכאָעלס לעווײַע, האָט עלישע אים אָנגעקלונגען, אַז זי דאַרף זיך מיט אים בייטיק זען. דעם נאָענטסטן זונטיק אינעם צווייטן האַלבן טאָג וועט זי זײַן אין דער יִדישער ביבליאָטעק.

די ביבליאָטעק לעבן דעם פּאָליטעכנישן מוזיי אויפן נײַעם פּלאַץ איז שוין פון אַ לענגערער צײַט בלויז אויף האַלב אַ יִדישע. נאָר צווישן די יִדישע לייענער, וואָס קומען אַהין אַרײַן, האָט זי ביז איצט נאָך פאַרהיט איר פריִערדיקן נאָמען.

פאַר דער מילכאָמע איז זאַלמען געווען אַן אָפטער אַרײַנגייער אַהין. איצט געדענקט ער שוין באַלד ניט די צײַט, ווען איז ער דאָרט לעצטנס געווען. און וואָס האָט ער אייגנטלעך געהאַט דאָרט

צו טאָן, אויב קיין באַגעגענישן פֿון די ייִדישע שרײַבער מיט זייערע לייענער, ווי פֿאַרן קריג, קומען שוין דאָרט קימאַט ניט פֿאָר, און נאָך אַ ייִדישן בוך דאַרף ער אַהין ניט אַרײַנקוקן, האַלעווײַ זאָל ער באַווײַזן איבערלייענען די ביכער, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פֿאַר די אַלע יאָרן בײַ אים אין צימער. ער האָט זיי שוין באַלד ניט ווו צו שטעלן. סאָפּקאָלסאָף וועט אַפּאַנעם אויסקומען שענקען אַ טייל ביכער דער ביבליאָטעק. וועגן דעם וועט ער פֿאַריינס אַ רעד טאָן הײַנט מיט נאַרווילן.

דעם ביבליאָטעקער אויזער נאַרווילן האָט זאַלמען געטראָפֿן שטיין אויפֿן העכסטן טרעפּל פֿונעם לייטער זיך אײַסעקן באַם אייבערשטן סטעלאַזש. דערזען דעם אַרײַנגעקומענעם מאַנדעלן, האָט אויזער אַ מאַך געטאָן צו אים:

— זי האָט מיר אָקאָרשט געקלונגען, אַז זי וועט באַלד זײַן. אײַך וועט אויסקומען אַ ווײַלע צוּוואַרטן.

גופֿע אַליין שוין דערמיט, וואָס נאַרוויל האָט געאײַלט עס אים אָנזאָגן נאָך איידער ער האָט אַנטקעגנגעטראָגן דעם ברייטן ליבן באָרעכהאַבאָ, מיט וועלכן ער באַגעגנט דאָ אַ ייִדישן שרײַבער, איז געווען קלאָר און פֿאַרשטענדלעך, אַז פֿאַרן ביבליאָטעקער איז ניט קיין סאָד, צו וואָס דאַרף עלישע אַזוי נייטיק זען זיך מיט אים, זאַלמענען. ווייסט אָבער זאַלמען, אַז אויזער איז ניט דער מענטש, וואָס זאָל אַרויסגעבן אַ סאָד. ער קאָן נאַרווילן ניט פֿון נעכטן און עס געדענקט זיך ניט, אַז ער זאָל פֿון אים ווען־ניט־איז געווען הערן אַ שלעכט וואָרט, צי איבערדערציילן רעכילעסלעך, וועלכע גייען געוויינלעך אַרום צווישן שרײַבער. אַ קליינינקער, אַ דאַרינקער — הויט און ביין, — מיט ברילן אויף די קורצזיכטיקע אויגן, וואָס האָבן קימאַט אינגאַנצן פֿאַרשטעלט דאָס שמאָלע געזיכט, אַ פֿאַרוואַקסנס מיט שיטערע הערלעך, האָט אויזער געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ מענטשן, וועלכער באַשטייט דורכויס פֿון רוכניעס. אַ מינדסט ווינטל, האָט זיך געדוכט, קאָן אים לײַכט אוועקטראָגן מיט זיך, גערעדט האָט אויזער שטיל און פּאַמעלעך, אָט אַזוי ווי ער איז געגאַנגען. טאַקע ניט צו באַנעמען, ווי־אַזוי האָט אַזאַ איינער געקאָנט גיין נאָכן אַקער, זיצן אויף אַ שטערנשוויצער. ווען עלישע האָט אים אין יענעם אָוונט דערציילט דערפֿון, האָט זאַלמען עס אויפֿגענומען ווי אַ שפּאַס, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז אויזער איז בײַס דער מילכאָמע געווען אין דער אָפּאָלטשעניע, און ניט קיין קעכער, נאָר מיט אַ ביקס אין דער האַנט אויף דער פֿאָדערשטער ליניע. זאַלמענען איז מאָדנע, ווי קומט עס, אַז בעשאַס ער איז געווען מיטן געזוקלט־קוואַרטעט אין מישמאַר, זאָל קרישטאַל אים ניט געווען באַקאַנען מיט זייער יודייע־סײפֿער? צי אויזער איז שוין דעמלט ניט געווען קיין קאָמונאַר און אַזאַ יודייע־סײפֿער איז ער געוואָרן ערשט נאָכדעם? זאַלמען איז גרייט זיך וועטן, אַז צווישן די אַלע ביכער אויף די סטעלאַזשן וועט זיך ניט אָפּזוכן קיין איינער, וועלכן אויזער זאָל ניט האָבן דורכגעלייענט און קיין איין פּאָסעק אין אַ סײפֿער, אַז ער זאָל אים ניט קאָנען פֿאַרטײַטשן.

פֿאַר אַ גרויסן יודייע־סײפֿער, אָבער ניט אין אַזאַ מאָס, האָבן די שרײַבער אויך געהאַלטן ראַכמיִעל קאַנפֿן, וועמען זאַלמען האָט געטראָפֿן צווישן די לעזער אינעם לייענזאַל. נאָר צו אָט דעם שוואַרצן יונגנמאַנטשיק מיט די לאַנגע האָר ביזן אַקסל און שפּיציקע וואָנצעלעך האָט ער עפּעס ניט געהאַט קיין וואַרעמען געפֿיל. ראַכמיִעל איז אים געווען דערווידער מיט זײַן שטענדיקן שפּאַרן זיך צום אָמעד און מיט זײַן מאַגידעס. ניט געווען קיין איין באַגעגעני שפּון די שרײַבער מיט די לייענער, קיין איין ליטעראַרישער אָוונט צי אַ דיסקוסיע אַרום אַ נײַ דערשינען ווערק, אַז קאַנפֿן זאָל ניט נעמען קיין וואָרט, אַרויסטרעטן איינער פֿון די ערשטע. זײַנע רעדעס, איבערגעזעטיקטע מיט פּסוקים און פּיירושים, האָבן געשאַפֿן בײַ זאַלמענען דעם אײַנדרוק, אַז ראַכמיִעל האָט מיט זײַן מאַגידעס געהאַט דעריקער אַ מיין אַרויסווײַזן זײַנע קענטענישן, און ניט אַזוי אין דער ייִדישער ווי אין דער מײַרעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. באַם פֿאַרופֿן זיך אויף עמעצן פֿון די מײַרעוו־אייראָפּעיִשע שריפֿטשטעלער פֿלעגט ער אַרויסברענגען זייערע נעמען אויף דער שפּראַך, אויף וועלכער זיי האָבן געשריבן. ער האָט, צום בײַשפּיל, קיינמאָל ניט געזאָגט שעקספּיר, נאָר שעקספּיר, אַריבערטראָגנדיק דעם טראָפּ אויפֿן ערשטן זילב.

אַזוי צי אַנדערש, נאָר זאַלמען האָט ניט געהאַט קיין פֿרײַנטלעכן געפֿיל צו דעם דאָזיקן מענטשן. אַנטרעפֿנדיק אים דאָ איצט אין לייענזאַל, האָט זאַלמען אויסגעמיטן פֿאַרפֿירן מיט אים אַ רייד. צוגעהאָלפֿן זאַלמענען אין דעם האָט נאַרוויל מיט זײַן געבן אַ זאָג פֿונעם לייטער, אָנווײַזנדיק אויף דעם בערגל ביכער אויפֿן טיש:

— כאָווער מאַנדעל, גיט אויף טשיקאַוועס אַ קוק, סאַראַ אויצער אַ יונג באָכערל האָט געבראַכט הײַנט אַהער. ווייניק־ווער פֿונעם יונגוואַרג, צו אונדזער גרויסן ביזאָיען און ווייטיק, קאָנען איצט ייִדיש, ברענגען זיי צו טראָגן אַהער די ייִדישע ביכער, וואָס עס לאָזן איבער נאָך זיך די עלטערע לײַט.

— איך קלײַב זיך אויך... — זאַלמען האָט ניט פֿאַרענדיקט אַרויסברענגען, אַז ער קלײַבט זיך אויך אָפּגעבן אין ביבליאָטעק אַ טייל פֿון זײַנע ביכער, פֿאַרשטייט זיך, איבער גאָר אַנדערע סיבעס. אים האָט אָפּגעשטעלט פֿאַרפֿירן דערפֿון אַ רייד מיטן ביבליאָטעקער דער בליק פֿון קאַנפֿס אָנגע־

שטעלטע אויגן, אויגן פון אן אויסגעהונגערטן מענטשן. זײַנע אויגן האָבן ווי געפרעגט: „איר האָט הײַנט געגעסן מיטיק? און איך האָב נאָך ניט געפרישטיקט... נעכטן אויך ניט".

ראַכמיעל קאַנף האָט מיט זײַן אומבאַהאָלפן אויסגעהונגערטן בליק אַרויסגערופן צו זיך ראַכ־מאָנעס. מאַנדעל האָט געוואָלט אים אָפּרופן אין א זײַט און פאַרלייגן א גמילעס־כעסעד. ביזוואַנען ער האָט באַטראַכט, וויאַזוי עס אים פאָרלייגן, אַז ער זאָל זיך ניט פילן דערפון דערנידעריקט, ניט אופ־נעמען עס ווי א נעדאָווע, איז אָנגעקומען עלישע.

— א גוטהעלף. — זי האָט אויסגעשטרעקט זאַלמענען איר קליינע ווייכע האַנט. — פאַרצײַט מיך, כ'האָב, דאַכט זיך, א ביסל פאַרשפּעטיקט.

— ס'מאַכט ניט אויס. איך בין אויך ניט לאַנג צוריק געקומען. און כוץ אַלעם, אײַל איך זיך ניט אין ערגעץ. אַנטשולדיקט, ביטע, — דאָס האָט זאַלמען זיך געווענדט שוין ניט צו עלישען, נאָר צו די לייענער, וואָס האָבן זיך אומגעקוקט, וועלנדיק דערמיט דערמאָנען, אַז דאָ איז א לייענזאַל און ניט קיין פּלאַץ פאַר באַגעגענישן און פירן געשפּרעכן. אין א ווײַלע אַרום אָבער, ווען ניט ער און ניט זי האָבן קיין איינציק וואָרט מער ניט אַרויסגעבראַכט, האָבן די לעזער זיך ווידער אומגעקוקט, פּונקט צו זיי וואָלט ערשט איצט דערגאַנגען, פונוואַנען איז מיטאַמאָל ווי ליכטיקער געוואָרן אין ביבליאָטעק. זייערע בליקן האָבן ניט אויסכאַהאַלטן ,אַז זיי זעען פאַר זיך א שיינהײַט, וואָס באַגעגנט זיך זעלטן. זאַלמען האָט עס אַזוי אופגענומען, ווײַל אויך ער, ווען ער האָט מיט פיל יאָרן צוריק דערזען פּעפּען, האָט ניט געקאָנט אָפּפירן פון איר די אויגן. ער האָט ביז דאַן נאָך אַזאַ שיינהײַט ניט באַגעגנט אין לעבן. עלישע, גיט זיך אים אויס, איז נאָך שענער פון דער מוטער. אין וואָס האָט ער עס אײַנגעזען, וואָלט זאַלמען ניט געקאָנט זיך ענטפערן. עפּשער מיט דער אומעטיקער פאַרטראַכט־קײַט אירער.

— איך וועל אײַך לאַנג ניט פאַרהאַלטן, — האָט עלישע, קימאַט ווי אָן א שטים, אַרויסגע־בראַכט.

— כ'האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז כ'אײַל זיך אין ערגעץ ניט. איך בין אינגאַנצן אין אײַער רע־שוס, — האָט זאַלמען נאָך שטילער אַרויסגעבראַכט, א קלער געבנדיק דערבײַ, אַז ווען זייער הײַנ־טיקע באַגעגעניש זאָל געווען פאָרקומען ניט אין ביבליאָטעק, ווו אייניקע לייענער קאָנען אים אָפּ זיכער, נאָר ערגעץ אַנדערש־ווו, וואָלט ער, ווי פאַרגעסנדיק, אַז ער זעט פאַר זיך ניט פּעפּען, נאָר די טאָכטער אירע, זי מיסטאַמע א צי געטאָן צו זיך און א קוש געגעבן אינעם קליינינקן כ'יעסדיקן מײַלעכל.

פונעם הויכן טרעפּל אָפּן לייטער, ווו נאָרוויל איז געשטאַנען, אײַסעקנדיק זיך נאָך אַלץ בא דער אייבערשטער ביכער־פּאָליצע, האָט ער א מאַך געטאָן צו ביידן מיט דער האַנט, זיי זאָלן אַרײַן צו אים אין אַלקערל. דאָרטן, אין דער קאַמאָרקע, וועט זיי קיינער ניט שטערן זיך דורכריידן וועגן דעם איניען, מיט וועלכן ס'איז געקומען די טאָכטער פון זײַן פאַרשוווּנדענעם כאַווער מיכל קרישטאָל צו דעם אָנגעזעענעם ייִדישן דיכטער און דראַמאַטורג זאַלמען מאַנדעלן.

— איר האָט מיר אָנגעקלונגען, אַז איר דאַרפט זיך מיט מיר נייטיק אויסייצענען, — האָט זאַל־מען איר דערמאָנט, צוזעצנדיק זיך מיט איר אין אויזערס קאַמאָרקע — א ברעקל צימערל, אָפּגעטיילט מיט א פאַניר־ווענטל פון די ביכער־פּאָליצעס. — ביטע. איך בין גרייט אײַך הערן.

עלישע האָט געשוויגן. קענטיק, איר איז שווער געווען אָנהייבן דעם געשפּרעך.

— ווי איך פאַרשטיי, — איז זאַלמען געקומען איר צו היל‏ף, — האָט עס א שײַכעס צו אײַער מוטער.

— יאָ, — עלישע האָט זיך אומגעקוקט און איבערגעכאַזערט שוין עטוואָס העכער, — יאָ, דאָס האָט א שײַכעס אויך צו מײַן מוטער. צום אַלעם ערשטן אָבער האָט עס א שײַכעס צו מײַן אומגע־קומענעם פאָטער. — זי האָט אָפּגעפירט אָן א זײַט די אויגן און געהאַלטן זיי א ווײַלע צוגעשלאָסן. — איר וועט מיר פאַרצײַען. כ'האָב אײַך דעמלט ניט געזאָגט דעם עמעס. מײַן פאָטער איז ניט אומגע־קומען אױף דער מילכאָמע. ער האָט ניט באַוויזן גיין אױף דער מילכאָמע, ער איז אומגעקומען א סאַך פריִער. מע האָט אַפּאָנעם אים צעשאָסן. מיר האָבן פאַר דער גאַנצער צײַט, פאַר אַזויפיל יאָרן, ניט געהאַט פון אים קיין איין בריוו. די מאַמע, ווי א פּרוי פון א סוינע פון פאָלק, האָט מען אַרויסגע־שיקט, פאַרשיקט זי קיין קאָמי, אין א קליינעם ייִשעוו אױף יענער זײַט פּאָליאַר־קרײַז. איך האָב עס פון אײַך דעמלט אויסבאַהאַלטן, ווײַל כ'האָב ניט געוווּסט נאָך, ווער איר זײַט. ווען כ'האָב דערציילט וועגן אונדזער באַגעגעניש אויזערן, האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך מעג זיך אײַך אָנטרויען און דער־פאַר האָב איך אײַך אָנגעקלונגען.

— קינד מײַנס, — זאַלמען האָט זיך אופגעהויבן פון בענקל, געשטאַנען אַזוי א ווײַלע פאַרלוירן און צוריק זיך צוגעזעצט, קוים אַרויסריידנדיק, — אין וואָס האָט מען אים באַשולדיקט? אין וואָס איז באַשטאַנען זײַן פאַרברעכן?

„אַך, סאַראַ נאַיִווער מענטש ער איז, — האָט זאַלמען אַ טראַכט געטאָן וועגן זיך, — ווער פאַרגיט עס אין אונדזערע צײַטן אַזעלכע אומגעלומפּערטע פּראַגעס? אַליין פאַרשטייט ער דען ניט, אַז איר פאָטער האָט מען באַשולדיקט אינעם זעלבן, אין וואָס מע האָט מיסטאָמע באַשולדיקט זײַנע באַקאַנטע, וועמענס גורל איז ביז איצט פאַרבליבן פאַר זייערע אייגענע אַ רעטעניש, און ס'איז זינלאָז אויסרעכענען, אַז עפּשער לעבן זיי נאָך".

צווישן אָט די אַלע פאַרשווונדענע זאַלמענס באַקאַנטע איז מיכל קרישטאַל געווען דער איינציקער, פאַר וועמען ס'איז שווער צוקלײַבן אַפילו דעם קלענסטן פאַרברעכן אויף צו קאָנען אים באַשולדיקן אין עפּעס. אויב עפּעס איז געווען פאַר זאַלמענען די העכסטע מאָס פון פּרויִשער שיינקײַט און איבערגעגעבנקײַט, איז איר מאַן, מיכל, געווען די העכסטע מאָס פון מענטשלעכער ריינקײַט און ערלעכקײַט. ער האָט ווי אַ לויטער גלאָז זיך געזען אויף דורך און דורך. אין פאַרגלײַך מיט אים איז ער, זאַלמען, מיט זײַנע זינדיקע געדאַנקען... עלישע איז נאָך געווען אַ קליין קינד, ווען צו זיי קיין מישמאַר איז געקומען דער געזוקלט-קוואַרטעט, מיט וועלכן ער איז אַרומגעפאָרן איבער די יידישע דערפער, פאַרגעלייענט דאָרט זײַנע לידער, בילדער פון זײַנע דראַמעס. אויף מאָרגן נאָכן קאָנצערט אין מישמאַר האָט ער זיך פלוצעם דערפילט שלעכט, ס'האָט זיך געהעכערט די טעמפּעראַטור. דער קוואַרטעט איז אַוועקגעפאָרן איבער די יישובים שוין אָן אים, אים האָט מען איבערגעלאָזט אויפן אויפזיכט פון דער פאַרוואַלטערן פונעם לייענשטיבל פּעפּע קרישטאַל און איר מאַן מיכל, דעם מאַטאַריסט פונעם אָרטעזיִאַנער ברונעם, בא וועמען ער איז אײַנגעשטאַנען אויף קוואַרטיר. דער קלוגער געבילדעטער מיכל האָט בישט געקאָנט ניט באַמערקן די געפאַר, וועלכע האָט אים געדראָט מיצאַד זייער קוואַרטיראַנט. אַפילו דעמלט, ווען פּעפּע איז זיך מודיע געווען דעם מאַן, אַז זי האָט זיך פאַרליבט אין זאַלמענען, האָט מיכל אים אויך ניט געגעבן אָנצוהערן, אַז ער זאָל זיך אַרויסקלײַבן, בא זיי איז ניט קיין שפּיטאָל, בפירוש, אַז זאַלמען איז צו יענער צײַט שוין ניט געווען קיין שווערער כוילע. ער איז בכלל ניט געווען קיין שווערער כוילע. דאָס האָט פּעפּע אים אײַנגערעדט, אַז ער דאַרף זיך לעמאַנהאַשעם אויסליגן.

ווער פון זיי האָט דער ערשטער זיך אויסגעניכטערט בייס ס'האָט געהאַלטן, אַז ער זאָל זי אַוועקפירן מיט זיך? ניין, ניט ער. ער איז געווען צו שוואַך אויף דעם. דאָס האָט זי געפונען אין זיך קראַפט אויף בײַקומען זיך. געשען איז דאָס, ווי ער געדענקט, שיר ניט אין דער לעצטער שאָ. זי האָט דערמיט דערוויזן אי זיך, אי אים, אַז אַפּאַנעמעסן האָט זי ליב געהאַט דעם, פאַר וועמען זי האָט כאַסענע געהאַט אויפן גאַנצן לעבן. פּעפּע זאָל וועגן דעם אַלעם געוועזן דערציילן ווען-ניט-איז דער טאָכטער, וואָלט עלישע, בעשאַס זי האָט צום ערשטן מאָל זיך געטראָפן מיט אים, זאַלמענען, ניט אויסבאַהאַלטן עס. איר האָט אָבער געקאָנט דערציילן עפּעס דערפון דער געוועזענער קאָמונאַר פון מישמאַר, דער ביבליִאָטעקער אויזער נאָרוויל.

— ווען זײַט איר געווען אין מישמאַר? בייס דאָרט איז געווען נאָך אַ קאָמונע צי שוין אַ קאָלווירט?

— צו יענער צײַט איז דאָרט פון לאַנג שוין געווען אַ קאָלווירט. נאָר דאָס דאַרף האָט נאָך אויך דעמלט געהייסן מישמאַר. איר ווייסט, וואָס אַזוינס באַטײַט מישמאַר?

— כ'האָב געוווּסט, שוין אָבער פאַרגעסן.

— מישמאַר באַטײַט אַ היטער. ס'איז אויף העברעיִש. דאָרט איז פריִער דאָך געווען אַ כאַלוציִאַנישע קאָמונע. די דאָרטיקע יונגעלײַט, ווי מע האָט דערנאָכדעם דערציילט, האָבן ווי דערפאַרענע קאָלאָניסטן זיך געקליבן אַרויספאָרן קיין פּאַלעסטינע.

— מײַן טאַטע איז קיינמאָל ניט געווען קיין כאַלוץ און קיינמאָל זיך ניט געקליבן אַרויספאָרן קיין פּאַלעסטינע.

— איך ווייס. אײַער פאָטער האָט עס מיר אַליין געזאָגט.

— און אויזער נאָרוויל איז אויך קיינמאָל ניט געווען קיין כאַלוץ. ער איז אָבער אַ סאַך קליגער פון מײַן טאַטן.

— מיט וואָס? — האָט זאַלמען מיט נײַגער געפרעגט.

— אַליין דערמיט, וואָס ער האָט באַצײַטנס זיך געזעגנט מיט מישמאַר און איז אַריבערגעפאָרן פון דאָרטן אַהער, קיין מאָסקווע. דער איינציקער מענטש, וועער ס'איז פאַרבליבן אין מישמאַר נאָך דעם, ווי אַלע זײַנען זיך פון דאָרט צעפאָרן, איז געווען מײַן טאַטע. שיר ניט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, ווי די מאַמע האָט מיר דערציילט, פלעגט מען אים אַרויסרופן אין יענעם אָרט, געפאָדערט דערלאַנגען „סכוירע", אויסטראַכטן ניט-געשטויגנס, ניט-געפלויגנס אויף די קאָמונאַרן, סײַ אויף די, וועלכע זײַנען אַוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע, סײַ אויף די, וואָס זײַנען, ווי אויזער נאָרוויל פאַרבליבן היגע. סאָפעקאָלסאָף האָט עס דערפירט דערצו, אַז מיר האָבן אויך פאַרלאָזט דעם קאָלווירט און זײַנען אַריבערגעפאָרן אין שטאָט, קיין כאַרקאָוו. אין אַ גרויסער שטאָט, אין אַזאַ, ווי כאַרקאָוו, וואַרפט מען זיך ניט אַזוי אין די אויגן. מע זעט זיך ווייניקער אָן. עטלעכע יאָר האָט מען אים טאַקע געלאָזט

צורו, אין ערגעץ ניט ארויסגערופן. מיטאמאָל האָט מען זיך אין אים דערמאָנט און אין איינער א נאכט, אָסיען איז עס געווען...

צוגעמאכט אף א רעגע די אויגן, האָט עלישע פאַרגעזעצט:

— אכט יאָר איז שוין אריבער פון יענער שרעקלעכער נאכט, וועלכע איך וועל ניט פאַרגעסן, וויפל איכ׳ל לעבן. אכט יאָר... און ביז איצט ווייסן מיר ניט, ווו ער איז און וואָס עס איז מיט אים. גיכער פון אלץ, ווייבאלד מע האָט אונדז דאָרט געזאָגט, אז ער איז א סוינע פון פאָלק... צי דען איז שוין דאָס אליין, וואָס ער האָט געוווינט אין א כאָלוציאַנער קאָמונע, אזא זינד, אז מע זאָל דערפאַר... ער אליין איז דאָך אָבער קיינמאָל ניט געווען קיין כאָלוץ...

— טײַערע מײַנע, אין אונדזערע צײַטן איז אלץ א זינד. — זאלמענען האָט זיך געוואָלט זאָגן, אז אפילע דאָס, וואָס מע איז א ייִד, קאָן ווערן א זינד. ער האָט אָבער ניט מיט וואָס עס דערוויַזן. דאָס, וואָס פערל האָט געזאָגט ביניאָמינען און וואָס ער אליין, זאלמען, האָט שטייענדיק אין דער ריי געהערט ריידן צווישן אוילעם, גיט נאָר אן אָנדײַט, אָבער ניט קיין סמאך, אז ער זאָל אָט דעם פארבאָרגענעם געדאנק ארויסברענגען אף א קאָל אפילע פאר זיך אליין.

— הא? — האָט עלישע זיך אָפגערופן, גלײַך זאלמען וואָלט זי וועגן עפּעס געהאט געפרעגט. — איר ווייסט ניט, וואָס האָב איך זיך מיטאמאָל צערעדט דערפון? פאַרצײַט עס מיר, ביטע. ניט צוליב דעם, ווי איר פארשטייט, האָב איך געוואָלט זיך מיט אײַך הײַנט טרעפן. איך האָב צו אײַך אן איניען. — זי האָט זיך א ווײַלע פארקלערט און מער זיכערער צוגעגעבן. — א וויכטיקן איניען.

— איך הער אײַך.

דאכט זיך, זי האָט שוין כאראָטע, וואָס זי טרויט זיך אים אָן, טרויט זיך אָן א מענטשן, וועלכער איז פאר איר, אייגנטלעך, אינגאנצן דאָך א פרעמדער. מאלע וואָס ער איז געווען באקאַנט מיט אירע עלטערן, געווען אפילע פארליבט אין איר מוטער. ווען איז דאָס אָבער אלץ געווען? עס זײַנען פון דעמלט דורך שוין אזויפיל יאָרן, אזויפיל צײַט.

ארויסגעוואָרט עטלעכע רעגעס, האָט זאלמען איבערגעכאזערט:

— איך הער אײַך.

— באלד, באלד. — עלישע האָט אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אינעם פאניערענעם ווענטל פון דער אָפּגעצאמטער קאמאָרקע און פאַרגעזעצט דאָס ווײַטערדיקע עטוואָס שוין הייזעריקלעך. — כ׳האָב אײַך פאָריקס מאָל געזאָגט, איוב איר געדענקט, אז מײַן טאטע האָט אויך געהאט צו טאָן מיט דראמאטורגיע, געשריבן פּיעסעס פאר די וואנדערנדיקע טרופּעס, אייגאקטערס און בופאָנאדעס פאר דראמקרײַזן. מע האָט זיי געשפּילט אין פּיל שטעט און, ווי די מאמע מײַנע זאָגט, האָבן זיי באם אוילעם אויסגענומען. פון דעם, וואָס די מוטער האָט מיר איבערדערציילט, האָבן זיך מיר פאַר־געדענקט די פּיעסעס „דער ייִדישער פויער" און „דער דיבוק אף דער לינקער זײַט".

— די אנטירעליגיעזע פּיעסע „דער דיבוק אף דער לינקער זײַט" האָב איך אויך געזען. כ׳געדענק בלויז ניט, צי אין אן ארומוואנדערנדיקן טעאטער, צי אין א דראמקרײַז. ס׳קאָן זײַן, אז אין די אפישן איז געווען אָנגעוויזן דער אווטאָר, מיר האָט אָבער אפן זינען ניט געקאָנט קומען, אז יענער קרישטאָל איז אײַער פאָטער, דער מאָטאָריסט פונעם ארטעזיאַנער ברונעם אין מישמאר.

— ער גופע, זאָגט די מאמע, האָט ניט איבעריקס געהאלטן פון די דאָזיקע זײַנע פּיעסעס און בופאָנאדעס. ניט לאנג פאר דעם, ווי מע האָט אים צוגענומען, מיר האָבן שוין דעמלט, ווי כ׳האָב אײַך געזאָגט, געוווינט אין כארקאָוו, האָט ער אָנגעשריבן א פּיעסע, וואָס איז אים אליין געווען געפעלן. ווען ער האָט זי ניט פאַרגעלייענט, האָט מען זי שטארק געלויבט. וועגן דער פּיעסע זײַנען דערגאנגען קלאנגען אין אלע דעמלטיקע ייִדישע מעלוכע־טעאטערס. שלוימע בענמיכאָעל האָט אפילע געהאט אָנגעשריבן מײַן טאטן, אז ער זאָל קומען זי פאַרלייענען. נאָר פאַרן קיין מאָסקווע פאַרלייענען די פּיעסע האָט דער טאטע שוין ניט באוויזן. ער האָט בלויז באוויזן אָפּגעבן דער מאשיניסטקע זי איבערדרוקן. און אָט, אין אזויפיל יאָרן ארום, און אין אוועלכע יאָרן ארום, באקומען מיר פון דער מאשיניסטקע א בריוו, אז בא איר האָט זיך פארהיט דער קסאוויאד פון מ. קרישטאָלס פּיעסע „קרוי־ווים"... הא?

— גאָרניט.

— אין אונדזערע צײַטן זאָל זיך אזעלכס פארלויפן, פארהיטן בא זיך אזויפיל יאָרן א ווערק פון א מענטשן, וואָס איז דאָרטן, בא זיי, אין די דרײַ אויסיִעס. ס׳איז ניט צו גלייבן וועט איר זאָגן?

— פארוואָס? די, וועלכע האָבן בייס דער מילכאָמע אויסבאהאלטן בא זיך ייִדן, האָבן אײַנגעשטעלט דאָס לעבן מער פון אײַער מאשיניסטקע. נאָר, פארשטייט זיך, אז ניט יעדער אייבער, ווי ערלעך ער זאָל ניט זײַן, וואָלט ווי אײַער מאשיניסטקע אײַנגעגאנגען דערויף. ניטאָ קיין גרעסערע קראפט איבער דעם מענטשן ווי די קראפט פון שרעק, פון מוירע. צי ווילן מיר עס יאָ אנערקענען, צי ניט, נאָר אין אונדזער לעבן הערשט איצט דער קויעך פון פאכעד, כאָטש איך גלייב, אז עס זײַנען פאראן אויך מוטיקע מענטשן, ווי אין די פריִערדיקע צײַטן, נאָר ניט אין אזא צאָל און ניט אין אזא

פאַרנעם. זיי זײַנען אָבער דאָ. מיינט ניט, אַז איך וויל זיך אַרויסגעבן פאַר אַן אויסנאַם. מיסטאָם בין איך דער זעלבער, וואָס אַלע. אױף מיר דריקט אויך די זעלבע קראַפט פֿון שרעק און מוירע. כ׳האָב אין דער קינדהײַט דורכגעלעבט אַ פּאָגראָם, ווייס איך, וואָס איז אַזוינס אַן אָנגעצילטע ביקס.

קענטיק, אַז זאַלמען האָט זיך אָנגעשטויסן, האָט עלישע אַ טראַכט געטאָן, מיקוייעך וואָס האָט זי זיך געקליבן פֿאַרפֿירן מיט אים אַ רייד, און אַז ס׳האָט קיין זין ניט אָנהייבן דערפֿון אַ רייד. וואָס אַנדערש דען האָט געקאָנט באַטײַטן זײַן געבן אַ זאָג, אַז ער איז ניט קיין אויסנאַם, אַז ער איז, ווי אַלע? עלישע האָט אַ קוק געטאָן אױפֿן זייגער און זיך אױפֿגעהויבן.

— פֿאַרצײַט מיר, וואָס כ׳האָב אײַך פֿאַרהאַלטן. — זי האָט אים אויסגעשטרעקט די האַנט.

זאַלמען האָט זיך ניט גערירט פֿון אָרט, נאָר איר האַנט ניט אָפּגעלאָזט, ביז זי האָט זיך צוריק ניט צוגעזעצט.

— פֿאַרוואָס האָט איר פּלוצעם איבערגעקלערט? איר האָט דאָך געוואָלט מיט מיר וועגן עפּעס וויכטיקס זיך אויסרעדן... מיסטאָם וועגן דער אָפּגעזוכטער פּיעסע. יאָ?

עלישע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— די פּיעסע איז בײַ אײַך?

עלישע האָט ווידער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, נאָר דאָס מאָל זיך אומגעקוקט צו דער טיר.

זאַלמען האָט אױפֿגעכאַפּט איר דערשראָקענעם בליק.

— איך פֿאַרשטיי. איר האָט מוירע זי האַלטן בײַ זיך. איז לאָזט זי איבער בײַ מיר. געזיכערט בין איך ניט, אַז אין איינער אַ נאַכט...

— גאָט באַהיט, — איז זי אים אַרײַנגעפֿאַלן אין די רייד.

— גאָט איז ניט קיין שומער, אויב ער האָט ניט געקאָנט אויסהיטן הונדערטער טויזנטער פֿון קאַינען. אין אונדזערע צײַטן קאָן אַלץ געשען. דערפֿון טראַכט אַצינד יעטווידער איינער. נאָר אַלציינס וועל איך נעמען בײַ אײַך די פּיעסע. די מאַשיניסטקע האָט זי איבערגעדרוקט?

— ניין. זי האָט אונדז אומגעקערט דעם מאַנוסקריפּט.

— דאָס איז אַ קלייניקייט. איך וועל זי געבן איבערדרוקן אױף אַ מאַשינקע אין עטלעכע עקזעמפּלאַרן און אַ צוויי פֿון זיי באַשטאַטן אין אַ מער זיכער אָרט ווי בײַ מיר. צווישן מײַנע באַקאַנטע האָב איך אַזעלכע.

— מיר זײַנען אײַך זייער דאַנקבאַר. איך באַדאַנק אויך אין נאָמען פֿון מײַן מוטער. זי ווייסט שוין, אַז כ׳האָב זיך מיט אײַך געטראָפֿן און האָט געבעטן מיך איבערגעבן אײַך פֿון איר אַ האַרציקן גרוס. זי שרײַבט מיר וועגן אײַער באַגעגעניש אין מישמאַר, ווען איר זײַט ביידע געווען נאָך גאָר יונגע. איך האָב דאָס בריוול ניט פֿאַרכאַפּט מיט זיך, כ׳וועל אַ צווייט מאָל עס געבן אײַך איבערלייענען. מירן זיך דאָך זען נאָך ביז מײַן אָפּפֿאָרן.

— איר פֿאָרט דען אַוועק? — זאַלמען האָט אָנגענומען איר האַנט, וואָס איז געלעגן אױפֿן טישל, ווי ער זאָל דורך דעם וועלן זי פֿאַרהאַלטן. עלישע האָט די האַנט ניט אָפּגענומען און, פֿרעגנדיק זיך צום לעצטן מאָל, צי זי זאָל אַרויסגעבן דעם סאָד, וועלכן זי האַלט אין זיך פֿון זינט בײַ איר געפֿינט זיך דער קסאַוויאַד פֿון דער אָפּגעראַטעוועטער פּיעסע, ענדלעך זיך אָנגערופֿן:

— אָבער ניט וועגן דעם, זאַלמען נאַומאָוויטש, ווי באַהאַלט מען אױס דעם פֿאָטערס פּיעסע, האָב איך זיך געוואָלט מיט אײַך אויסרעדן. ערלעכע מוטיקע מענטשן זײַנען אומעטום פֿאַראַן, מיר וואָלטן זי געקאָנט אויסבאַהאַלטן צווישן אונדזערע באַקאַנטע אין אָבעז. מיט אײַך האָב איך זיך געוואָלט אויסרעדן, וויאַזוי מאַכט מען, אַז די „קרויווים" זאָל מען שטעלן אין אַזעלכן־ניט־איז טעאַטער, אויב ניט דאָ, אין גאָסעט, איז אינעם טשערנאָוויצער יידישן טעאַטער אױף אוקראַינע, צי אין דעם מינסקער. איך פֿאַרשטיי, אַז קיינער וועט ניט אײַנגיין שטעלן אַ פּיעסע פֿון אַ סוינע פֿון פֿאָלק. קיינער אָבער ווייסט דאָך ניט, אַז די פּיעסע איז זײַנע. סאָפּקאָלסאָף קאָן מען בִּיכלאַל ניט אָנווײַזן ווען מען זי איז, צוטראַכטן פֿאַר איר אַוטאָר אַ פּסעוודאָנים.

— און אין ערגעץ ניט אָנווײַזן די עמעסע פֿאַמיליע פֿונעם אַוטאָר?

— נו יאָ.

— אַזוינס, מײַן ליבע עלישע, איז אוממעגלעך. ס׳איז בִּיכלאַל נאַיִוו. קיין איין טעאַטער בײַ אונדז וועט דערױף ניט אײַנגיין און קאָן ניט אײַנגיין.

— איך וואָלט זי אַרויסגעגעבן פֿאַר מײַנער. איז אָבער מײַן פֿאַמיליע־נאָמען אויך דאָך קריש־טאָל. אויסער דעם, וועט קיינער ניט גלייבן, אַז איך בין דער אַוטאָר, מע וועט עס דערקענען לויט מײַן שוואַכן ריידן אױף יידיש. און ווער וועט גלייבן, אַז אַזאַ יונג מיידל, ווי איך, זאָל זיך אַזוי פֿאַנאַנ־דערקלײַבן אין פֿאַמיליע־לעבן פֿון הערוואָקסענע מענטשן, ווי דאָס ווערט באַלויכטן אין די „קרויווים". קלערט נאָר ניט, אַז אונדז גייט אינעם האָנאָראַר, כאָטש כ׳לייקן ניט, איר פֿאַרשטייט עס גאַנץ גוט אַליין, אַז דאָס געלט וואָלט אונדז זייער צוניץ געקומען. וויפֿל קאָן פֿאַרדינען די מאַמע פֿון וואַשן פֿרעמד גרעט און פּאָדלאָגעס? אַדאַנק נאָך דערפֿאַר, וואָס מע לאָזט זי צו צו אַזאַ אַרבעט. בלויז פֿון

מײַן פאַרדינסט איז ביידן שווער זיך דורכלעבן. איך אַרבעט אין אַ שנײַדערישן וואַרשטאַט. נאָר ניט וועגן דעם האָנאָראַר גייט דאָ. אונדז גייט אין דעם...

— ווייסט איר וואָס, — האָט זאַלמען זי אָפּגעשטעלט, — גיט מיר אַפּריִער דורכלייענען די פּיעסע. אויב זי איז ווירקלעך אַזאַ, ווי איר דערציילט, וועל איך זען עפּעס צוטראַכטן. אין לעצטן פאַל וועל איך אָנגעבן, אַז ס'איז מײַנע, אויב, פאַרשטייט זיך, איר וועט ניט האָבן קעגן.

— קעגן!?

— וויאַזוי זיצט נאַרוויל אײַן אין אָט דער קאַמאַרקע? ס'איז דאָך ניטאָ מיט וואָס צו עטעמען. — ביידע האָבן אײַנצײַטיק זיך אופגעשטעלט. — אויב איר אײַלט ניט, איז לאָמיר זיך דורכגיין אַ ביסל אויף דער פרײַער לופט.

— איר גייט שוין אוועק? — האָט אויזער געפרעגט, אײַסעקנדיק זיך פון אַ צײַט שוין אונטן בײַ די ביכער־פּאָליצעס.

— מירן זיך נאָך אומקערן.

אַ פון דעם, ווי עלישע האָט געענטפערט, אַ פונעם בליק אין אירע אויגן האָט נאַרוויל זיך אָנגעשטויסן, אַז זי האָט זיך דערעדט מיט זאַלמענען וועגן דעם ווײַטערדיקן גורל פונעם געפונענעם מאַנוסקריפּט און אַז ער, אויזער, קאָן זײַן צופרידן, וואָס ער האָט איר געראָטן ווענדן זיך צו מאַנדעלן, צוגעהאָלפן זיי ביידן זיך טרעפן.

אַן אויסגעקײַקלטע, ווי אין שניי, איז פון הינטער די הויכע מויערן אויפן נאַגין־פּלאַץ אַרויס די פרי־אַוונטיקע לעוואָנע און געבליבן שטיין דאָרט וואַרטן, ביז זאַלמען מיט עלישען האָבן זיך אַראָפּ־געלאָזט פאַרבײַ דעם פאַרשנייטן סקווער אין דער נידער און צוזאַמען מיט זיי פאַרקערעוועט אין דער ריכטונג צו דעם יאַוזער טײַך. ווי אַן אַלטער מאָסקווער טושעוו, וואָס איז יאָרנלאַנג געווען אַן אָפטער גאַסט אין דאָזיקן טייל שטאָט, ווו אויסער דער יידישער ביבליאָטעק האָבן אין יענער צײַט אויך זיך געפונען דער „אָזעט“, דער זשורנאַל „טריבונע“, וווּהין זאַלמען איז געווען אַן אָפטער אַרײַנקומער, האָט ער, פאַרבײַגייענדיק דאָ איצט די אַלע געבײַדעס, ניט פאַרפעלט דערציילן עלישען, וואָס איז געווען דאָרטן פריִער. און ווען עלישע האָט מיט אַ פרעגנדיקן בליק אָנגעוויזן אויפן מויער מיט דער רויטער פלאַטערנדיקער פאָן, האָט זאַלמען זי האַסטיק אָפּגעפירט ווײַטלעך אָן אַ זײַט און ערשט דאָרט איר פאַרטרויט, אַז דאָ האָט אין די פאַריקע יאָרן זיך אויך געפונען די צענטראַל־ביוראָ פון דער יידישער סעקציע באַם צק פון קאָמיוג. דערבײַ איר דערציילט, אַז בײַס מע האָט אים אײַנגעלאַדן איינמאָל אַהין אויף אַ באַראַטונג, איז ער פאַרבײַגעגאַנגען אין די לאַנגע קאָרידאָרן פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי אַ טיר, ווו ס'איז געהאַנגען אַ שילדל, אַז דאָ איז סטאַלינס קאַבינעט. אים אַליין האָט ער געזען אויפן אַנדערן יאָר און אַזוי נאָענט, אַז ס'איז ניט צו גלייבן. נאָר גלײַכער וועגן דעם ניט צו ריידן. אַלנפאַלס, ניט דאָ.

דער סקריפּענדיקער שניי אונטער זייערע פיס האָט ווי אונטערגעהאַלטן: ניט דאָ... ניט דאָ...

צוריק האָבן זיי זיך אומגעקערט ניט פאַרבײַ דעם סעדל מיטן דענקמאָל די געפאַלענע רוסישע סאָלדאַטן אין פּלעוונע בײַס דער בולגאַרישער מילכאָמע מיט די טערקן, נאָר מיטן שכײַנישן אַרופּ־באַרגיקן געסל, וואָס גרייכט מיטן אַנדערן ברעג זײַנעם די קורצע שטאַרק באַלעבאַטע גאַס מאַראָסייקע.

איך דאָ, אינעם סטאַראָגלינישעווסקי־געסל, האָט זאַלמען געהאַט וואָס צו דערציילן עלישען.

אופגעהויבן זיך ביז האַלב־באַרג, זײַנען זיי שטיין געבליבן בײַ דער הויכער ליכטיקער געבײַדע מיט די פיר קײַלעכיקע זײַלן באַם אַרײַנגאַנג. די שײַן אין די הויכע ברייטע פענצטער איז געווען פון דער לעוואָנע.

— אַהער קום איך בלויז צו ייזקער זאָגן. מיר איז אײַנגאַנצן אַרויס פון קאָפּ, אַז דער כאַזן פון שול דאַרף קענען אײַער פאָטער. דער כאַזן איז געווען איינער פון די פיר זינגער אין קוואַרטעט, מיט וועמען איך בין דאַן אַרומגעפאָרן איבער די יידישע קאָלאָניעס. בײַ אים איז אַ שיינע שטאַרקע שטים און ער קען גוט אַלע טפילעס. מיר אָבער איז מאָדנע זען אים שטיין באַם אָמעד. איך וועל קיינעם ניט אַרויסגעבן דעם סאָד, נאָר אײַך וועל איך עס זאָגן. אין די יידישע דערפער יענע יאָרן האָבן קינד און קייט, אַפילע די אַלטע לײַט, געגעסן כאַזער. ס'איז ניט דערפאַר, ווײַל מע האָט מיט־אַמאָל ליב געקראָגן סאַלע. ס'איז פּאָשעט ניט געווען אַנדערש וואָס צו עסן. ווּהין מיר פלעגן ניט קומען, האָט מען אונדז געשפּײַזט מיט פּײַנקוכנס אויף כאַזער. דער באַס פונעם קוואַרטעט האָט זיך אַזוי צוגעווינט צו אָט דעם מײַכל, אַז ס'איז מאַמעש געווען אויף בילעטן צו גיין זען, וויאַזוי ער פלעגט אַרײַנרײַבן די סאַלע. איך וואַרף עס אים, כאָלילע, ניט אויס. נאָר וויאַזוי האָט ער נאָך דעם געקאָנט אײַנגיין ווערן אַ כאַזן, זײַן אַ שאָליעך ציבור, קאָן איך פונדעסטוועגן ניט באַנעמען. איך וואָלט אויף אַזעלכס קיינמאָל ניט אײַנגעגאַנגען, כאָטש איך בין ווײַט ניט קיין צאַדיק! נו, יאָ, ווײַבאַלד ס'איז געקומען צו רייד וועגן מײַכאָלים, לאָמיר זיך אַרײַנכאַפּן אַהער אין קאַפע עפּעס איבערבײַסן. סאָפּקאָלסאָף זײַט איר מײַן גאַסט, איז לאַד איך אײַך אײַן.

— איך האָב ניט באוויזן זיך נאָך איסהונגערן. בענעמאָנעס.

— ס'וועט אײַך גאָרניט העלפֿן. גוט, גוט. איר וועט ניט עסן. איר וועט בלויז זיצן און קוקן, ווי איך עס.

אין קאַפע אפֿן ראָג פֿון מאַראָסייקע און פּאָקראָווסקי־טויערן האָבן זיי אָפּגעזוכט פֿאַר זיך א פֿרײַ טישל בא דער וואַנט.

— אנטשולדיקט, ליבע עלישע. וויבאַלד איר זײַט הײַנט מײַן גאַסט, וועל איך פֿירן די אונ־טערהאַנדלונגען מיט דער אָפֿיציאַנטקע, ביפֿראַט אַז איך זע ניט אין דער מעניו קיין געריכט, וואָס קאָן אײַך ניט געפֿעלן. קיין פֿײַנקוכן אױף כאַזער־שמאַלץ וועל איך ניט באַשטעלן, ווען ס'זאָל אַפֿילע געווען זיצן דאָ איצט מיט אונדז דער כאַזן פֿון שול.

דער זייגער איז געווען נאָענט שוין צו זעקס, און זונטיק מאַכט זיך צו די ביבליאָטעק אױף צוויי שאָ פֿריִער. נאָר עלישע האָט ניט דערמאָנט דערפֿון זאַלמענען, אים אויך ניט געפֿרעגט, וועגן וואָס האָט ער זיך פּלוצעם אַזוי פֿאַרקלערט, אַז ער האָט, דאַכט זיך, אױפֿגעהערט זי באַמערקן, פֿירט ניט אָפּ די אויגן פֿון פֿענצטער. עפּשער האָט ער מיטאַמאָל כאַראָטע באַקומען, וואָס ער איז אײַנגע־גאַנגען זיך באַגעגענען מיט איר, מיט דער טאָכטער פֿון א סוינע פֿון פֿאָלק און נאָך צוגעזאָגט איר קומען צו הילף.

ווען ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צו איר, האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען, סאַראַ ווייכע, וואַרעמע אויגן זײַנען בא אים.

אומדערוואַרט האָט זאַלמען אַרויסגענומען פֿון קעשענע דאָס נאָטיץ־ביכעלע און מיט א בלײַ־פֿעדער אויפֿגעשריבן אפֿן אויסגעריסענעם פֿון דאָרט בלעטל פּאַפּיר זײַן אַדרעס און טעלעפֿאָן און עס דערלאַנגט עלישען:

— ווען איר וועט שרײַבן אײַער מוטער, איז לייגט אַרײַן אין קאָנווערט דאָס דאָזיקע צעטעלע און שיקט עס איר איבער. איין רעגע נאָר. — ער האָט צוריקגענומען דאָס צעטעלע און געמאַכט אױף דעם א צושריפֿט: „פּעפּע קרישטאָל פֿון זאַלמען מאַנדעלן”. — איר וועט ניט פֿאַרגעסן עס איר איבערשיקן?

— פֿאַרגעסן? איך ווייס נאָר ניט, צי וועט מיר אויסקומען עס איבערשיקן. גיכער פֿון אַלץ וועל איך איר איבערגעבן דאָס צעטעלע אין דער האַנט. איך קלײַב זיך אינגיכן שוין אוועקפֿאָרן.

— איך פֿאַרשטיי ניט. איר האָט דאָך מיר געווען געזאָגט...

— באַליידיקט זיך נאָר ניט. כ'האָב ניט געקאָנט אײַך פֿאַריקס מאָל זאָגן דעם עמעס. איר זײַט דאָך פֿאַר מיר דעמלט געווען אינגאַנצן א פֿרעמדער מענטש. דאָס האָב איך אויסגעקלערט, אַז איך געפֿין זיך שוין דאָ עטלעכע כאַדאָשים, אַז כ'אַרבעט אױף א זאַוואָד. איך האָב בלויז ניט אויסגע־טראַכט, אַז כ'קלײַב זיך אָנקומען אין דער טעאַטראַלער שול באַם גאָסעט. נאָר ניט צוליב דעם בין איך אינמיטן ווינטער געקומען אַהער צו פֿאָרן.

— דאָס פֿאַרשטיי איך. איר זײַט געקומען מיקויעך דער פּיעסע.

— יאָ, — און גלײַך צוגעגעבן: — אָבער ניט בלויז צוליב דעם. איר ווייסט, פֿאַרוואָס איך בין ניט געווען אױף דער לעווײַע? איך בין אין יענעם טאָג געווען פֿאַרשריבן אױף אַן אופֿנאַם אין דער מיליטערישער פּראָקוראַטור. געקומען בין איך אַהין אינדערפֿרי און אוועק פֿון דאָרטן סאָף טאָג. כ'האָב זיך אָבער דעם עמעס אַלצייַנס ניט דערוווּסט. איך גלייב ניט, אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן אין לאַגער, כאָטש דער פּראָקוראָר, בא וועמען כ'בין געווען, האָט מיר אָנגערופֿן ניט בלויז דאָס יאָר, אַפֿילע דעם כוידעש. דער טאַטע זאָל געווען זײַן אין לאַגער, וואָלט ער אונדז ניט געגעבן וועגן זיך צו הערן? פֿון דעם פּראָקוראָרס רייד, און ווי פֿײַנטלעך ער האָט גערעדט וועגן מײַן פֿאָטער, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז מע האָט אים געשאָסן. ס'ווילט זיך אָבער ניט גלייבן... — זי האָט צוגעמאַכט די אויגן, נאָר סײַווי ניט געקאָנט פֿאַרהאַלטן די טרערן, וואָס האָבן א פֿלייץ געטאָן פֿון אונטער אירע אַראָפּגעלאָזענע וויִעס.

— טײַערע עלישע... — זאַלמען האָט לײַכט צוגערירט זיך צו איר שיינער האַנט מיט די פֿאַר־גרעבטע פֿינגער. — איר וועט דאָך דערמיט שוין גאָרניט ענדערן.

— מיינט נאָר ניט, אַז דאָרט האָב איך זיך אויך צעוויינט. דאָרט האָב איך זיך געשטאַרקט, דער פּראָקוראָר זאָל ניט זען מײַנע טרערן. מעגלעך דערמיט, וואָס כ'האָב זיך אַזוי געהאַלטן, ניט דערנידעריקט זיך פֿאַר אים, האָט ער מיר צוגעזאָגט באַטראַכטן מײַן ביטע, מע זאָל דערלויבן מײַן מאַמע זיך אומקערן פֿון פֿאַרשיקונג. אייניקע פֿאַרשיקטע פֿרויען דערלויבט מען וווינען אפֿן הונדערט ערשטן קילאָמעטער פֿון א געגנטלעכער שטאָט.

— און אײַך איז אויך ניט דערלויבט וווינען ווו איר ווילט?

— בא מיר איז א געוויינלעכער פּאַס, אָן דעם דאָזיקן פֿאַרבאָט.

— איז פֿאַרוואָס זאָלט איר זיך ניט באַזעצן דאָ אין מאָסקווע? ביפֿראַט, אַז איר קלײַבט זיך אָנקומען אין דער טעאַטראַלער שול.

— אוואדע וואָלט איך געוואָלט זיך באַזעצן אין מאָסקווע. קיינער וועט דאָך מיר אָבער ניט צושרײַבן, און אויב מע איז ניט צוגעשריבן, וועט דיך קיינער ניט נעמען אױף דער אַרבעט. בלײַבט איבער, קומט אויס, דאָס איינציקע: כאַסענע האָבן פֿאַר א היגן אײַנוווינער.

— איך מיין ניט, אַז אײַך וואָלט אויסגעקומען לאַנג צוזוכן זיך א כאָסן. ניטאָ דער באָכער, וואָס זאָל זיך אין אײַך ניט פֿאַרליבן פֿון דער ערשטער מינוט.

— וואָס וועט אָבער דער באָכער זאָגן נאָך דעם ווי צו אים וועט דערגיין, ווער זײַנען די על־טערן פֿון זײַן אויסדערוויילטער? אויב כאַסענע האָבן, איז בלויז פֿאַר א מענטשן מיטן זעלבן ייִכעס ווי בא מיר. דאָס שפּאַס איך, פֿאַרשטייט זיך.

— איך פֿאַרשטיי אַליין, אַז דאָס שפּאַסט איר. בא וועמען שטייט איר דאָ אײַן?

— די ערשטע עטלעכע טעג בין איך אײַנגעשטאַנען בא אויזער נאַרווילן, באַם ביבליאָטעקער. דאָרט איז אָבער ניטאָ ווו צו זײַן. דרײַ דערוואַקסענע מענטשן אין איין צימערל. איז האָט אויזער אבראַמאָוויטש מיך דערווײַל באַזעצט בא זײַנעם א באַקאַנטן. לאַנג האַלטן מיך בא זיך ניט קיין צוגעשריבענע האָט דער באַקאַנטער מוירע.

נאָך א קורצן ייִשעוו־האַדאַאס מיט זיך האָט זאַלמען צו איר א זאָג געטאָן:

— ווייסט איר גאָר וואָס, קלײַבט זיך דערווײַל אַרײַן צו מיר. טראַכט, כאָלילע, גאָרניט איבער. בא מיר איז פֿאַראַן נאָך א וווינונג. כ'האָב א פֿרוי מיט א דערוואַקסענעם זון. דער זון איז ניט מײַנער. די פֿרוי איז אייגנטלעך אויך ניט מײַנע. מיר זײַנען מיט איר ניט רעגיסטרירט און זעען זיך גאַנץ זעלטן. ס'איז א לאַנגע געשיכטע צו דערציילן, וויאַזוי מיר האָבן זיך באַקענט. דאָס איז געווען אין קויבישעוו, ווּהין ס'האָט בייס דער מילכאָמע זיך עוואַקויִרט דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמי־טעט. קויבישעוו איז דעמלט געווען די קרוינשטאָט. א וועלט מיט מענטשן איז אַהין אָנגעפֿאָרן. גיי זוך בא אַזא אָנפֿלייץ פֿון מענטשן ווו צו וווינען. כ'האָב מאַמעש ניט געהאַט דעם קאָפּ ווו אָנצושפּאַרן. נאַדעזשדאַ פּיאָדאָראָוונאַ, מיט וועמען כ'האָב זיך דאָרט באַקענט, איז אויך געווען אַן עוואַקויִרטע פֿון מאָסקווע, זי האָט אָבער געהאַט אין קויבישעוו אַן אייגענעם צימער. זי האָט כאַסענע געהאַט אױף קלוימערשט מיט א דאָרטיקן מענטשן, און ווען ער האָט זי צוגעשריבן אױף שטענדיק צו זיך, זײַנען זיי זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, און זי איז געבליבן מיט אַן אייגענעם צימער, כאָטש זי האָט עס ניט באַדאַרפֿט. זי איז געווען א שטענדיקע מאָסקווער אײַנוווינערן.

— לייגט איר מיר פֿאָר, קעדיי ווערן א שטענדיקע מאָסקווער אײַנוווינערן, כאַסענע האָבן קלוימערשט פֿאַר אײַך?

— גאָט באַהיט מיך פֿון אַזעלכע געדאַנקען!

נאָר קיין גרויסן פֿאַרברעכן אין די קלוימערשטע כאַסענעס האָט זאַלמען ניט אײַנגעזען, וויבאַלד מע דערפֿירט מענטשן דערצו.

אױף דער גאַס שוין האָט זאַלמען געפֿרעגט עלישען:

— אײַך איז בעעמעס טאַקע געפֿעלן זײַן אַן אַקטריסע?

— איך טרוים דערפֿון נאָך פֿון דער קינדהײַט.

— נאָר פֿאַרוואָס ווילט איר אָנקומען אין דער ייִדישער טעאַטראַלער שול? מיט אַזא וווּנדער־לעכער רוסישער אויסשפּראַך וואָלט מען אײַך אָנגענומען, דענק איך, אין א רוסישער טעאַטראַלער שול. שפּילן אױף דער רוסישער בינע איז ניט דאָס אייגענע, וואָס אױף דער ייִדישער. דער ייִדישער טעאַטער, פּונקט ווי די ייִדישע ליטעראַטור, האָט ניט קיין אויסזיכטן. עס איז א צאַנקענדיקע ליכט, ס'קאָן אויסגיין פֿריִער נאָך ווי מיר קלערן. אַזא איז דער גוירל, און מע דאַרף ניט צומאַכן אױף דעם די אויגן.

עלישע איז שטיין געבליבן:

— איך האָב ניט דערוואַרט הערן אַזעלכס פֿון אײַך. אויב איר האַלט, אַז ס'זײַנען ניטאָ קיין אויסזיכטן, איז פֿאַרוואָס זעצט איר פֿאָר שרײַבן אױף ייִדיש? מיר דוכט, אַז איר באַהערשט ניט שלעכט רוסיש.

עלישע האָט אים דערמיט דערמאָנט אינעם געשפּרעך, וואָס ער האָט מיט פֿיל יאָרן צוריק געפֿירט מיט יעשיִען אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק בייס זיי האָבן זיך באַקאַנט. די זעלבע פֿראַגע, געדענקט זיך, האָט אים דעמלט געשטעלט יעשיִע, און יעשיִע האָט, דאַכט זיך, אַליין דערויף געענטפֿערט מיטן זעלבן, ווי ער, זאַלמען, ענטפֿערט אַצינד עלישען:

— שרײַבן איז גאָר עפּעס אַנדערש. איך, צום בײַשפּיל, גלייב ניט, אַז א מענטש זאָל קאָנען שאַפֿן אױף א שפּראַך, וועלכע ער האָט דערלערנט, נאָר איז ניט אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיט איר. כ'וואָלט אײַך געקאָנט אָנרופֿן עטלעכע אונדזערע שרײַבער, אַפֿילע גרויסע שרײַבער, וואָס האָבן אָנגעהויבן שרײַבן אױף אַן אַנדער שפּראַך, געהאַט אַפֿילע דערפֿאָלג, און צולעצט פֿאָרט אַריבערגע־גאַנגען צו ייִדיש, צו זייער מוטער־שפּראַך.

— בענמיכאָעל וואָלט אַזוינס ניט געזאָגט; ניט פֿאַרגלײַכט עס, ווי איר, צו אַ צאַנקענדי־קער ליכט.

— פֿונוואַנען קאָנט איר וויסן?

— ווען בענמיכאָעל זאָל געווען אַזוי קלערן, וואָלט ער מיר מיסטאָם ניט געראָטן אָנקומען אין דער ייִדישער טעאַטראַלער שול. דער דראַמקרײַז פֿון דער ייִדישער שול אין כאַרקאָוו, וווּ כ'האָב געלערנט, דעמלט זײַנען נאָך אין אַ סאַך שטעט געווען ייִדישע שולן, האָט געשטעלט מײַן טאַטנס אַ בופֿאָנאַדע און אײַנגעלאַדן אויף דער פּרעמיערע בענמיכאָעלן מיט נאָך עטלעכע אַקטיאָרן פֿונעם גאָסעט, וואָס האָט דעמלט גאַסטראָלירט אין כאַרקאָוו. נאָך דער פֿאָרשטעלונג איז בענמיכאָעל אַרײַן הינטער די קוליסן און מיך זייער געלויבט, געזאָגט דעם טאַטן, אַז ווי נאָר כ'וועל פֿאַרענדיקן די שול פֿון אַלגעמיינער בילדונג, זאָל ער מיך שיקן לערנען צו זיי אין דער טעאַטראַלער שול... ווען ניט דער אומגליק, בענמיכאָעל זאָל געווען לעבן...

— אויב ס'וועט זײַן נייטיק, וועל איך פֿאַרוואַרפֿן אַ וואָרט וועגן אײַך. מע קאָן מיך, ווי כ'האָב אײַך געזאָגט שוין, אי אין טעאַטער, אי אין דער טעאַטראַלער שול. פֿונדעסטוועגן, איך רעד אײַך ניט אָפּ, נאָר אײדער איר וועט אָנגעבן די פּאַפּירן, פֿאַרטראַכט זיך פֿאָרט וועגן דעם, וואָס כ'האָב אײַך געזאָגט.

אין ביבליאָטעק איז פֿון די לייענער אין אָט דער שאָ פֿאַרבליבן בלויז ראַכמיעל קאַנף. לעבן אים האָט זאַלמען אומדערוואַרט דערזען יעשיען. ביידע זײַנען געווען אַזוי אַרײַנגעטאָן אינעם סיכ־סעך, וואָס איז צווישן זיי אָנגעגאַנגען, אַז זיי האָבן ניט באַלד באַמערקט די אַרײַנגעקומענע.

— איך זאָג ניט, אַז בײַ אײַך זײַנען די מײַסעלעך ניט אויף דער געהעריקער פּאָעטישער הייך, — האָט זיך געקאַעסט קאַנף, פֿאַרהיקענדיק זיך אַ ביסל פֿון כּעס, — אָבער דער פֿאַרטראַכט, דער טאָך, דער טאַמציס איז ניט אין יעדן מײַסעלע אײַערס. איר נעמט עס פֿון די פֿאָלקסלידער. ניט צופֿעליק הייבן זיך אָן אײַערע פּאָעטישע מײַסעלעך מיט אַ סטראָפֿע פֿון אַ פֿאָלקסליד. איר ווילט, וועל איך אײַך געבן אַ טעמע, אויף וועלכער ס'איז נאָך ניטאָ קיין פֿאָלקסליד. שרײַבט אָן אַ מײַסעלע פֿאַר גרויס און קליין וועגן אַזאַ ווי איך, וועמען קיינער נעמט ניט אויף דער אַרבעט, ווײַל אין דער אַנקעטע בײַ מיר איז אָנגעוויזן, אַז כ'האָב אַ קאָרעוו אין אויסלאַנד און בין פֿאַר דער מלחמה אַ פּאָר חדשים געווען בײַ אים צוגאַסט, ווען די שטאָט, וווּ ער וווינט, פּינסק, איז נאָך געווען פּוילן און ניט מײַרעוור־ווײַסרוסלאַנד. הערט פֿריִער אויס, דערנאָך וועט איר ענטפֿערן. איר זײַט אַ ייִדישער שרײַבער, און כאָטש איר דינט, קאָן זײַן, אויף לוביאַנקע, האָב איך ניט מוירע פֿרעגן בײַ אײַך: פֿאַרוואָס האָב איך אין פֿראַנקרײַך, בעשאַס כ'האָב דאָרט געלעבט נאָכן פֿאַרענדיקן דעם פּאַריזשער אוניווערסיטעט, ניט געדאַרפֿט בייסן אָנקומען אויף אַרבעט פֿאַרפֿולן קיין אַנקעטעס מיט טויזנטער פֿראַגן? און טאָמער בין איך געווען אַרבעטלאָז, האָב איך געקראָגן שטיצע. און דאָ קאָן איך שטאַרבן פֿון הונגער גייט עס קיינעם ניט אָן. איך זוך ניט קיין גרינגע אַרבעט. איך בין גרייט אַלץ טאָן: אַ וועכטער, אַ שוואַרץ־אַרבעטער, אַלץ, אַלץ. נאָר וועגן דעם, פֿאַרשטייט איך, וועט איר קיין פּאָעטיש מײַסעלע פֿאַר קליין און גרויס ניט שרײַבן, און אויב איר וואָלט אָנשרײַבן, וועט מען זאָגן, אַז ס'איז אַ ליגן, אַ בילבל, שעקער וועקאָזעוו. ווי? ניט אַזוי?

אויזער האָט אַ ווונק געטאָן קאַנפֿן, ער זאָל פֿונדעסטוועגן זײַן פֿאָרזיכטיק, וואָרעם ער שטעלט דאָך אויך אים אין געפֿאַר. טאָמער דערגייט דאָס אַלץ ערגעץ, וועט מען דאָך אים, נאָרווילן, זיכער פֿרעגן, פֿאַרוואָס האָט ער עס פֿאַרשוויגן, ניט דערציילט, ווער און וואָס עס רעדט אין ביבליאָטעק, און אַזוינס קאָן אים גלאַט ניט אָפּגיין. מע קאָן אים נאָך דערמאָנען מישמאַר. ס'קאָן דאָך ניט זײַן, אַז מע זאָל אינעם שכײנישן מויער ניט וויסן, אַז ער האָט ביז מאָסקווע געלעכט אין אַ העכאָלוצער קאָמונע.

קאַנף איז אַנשוויגן געוואָרן. ער האָט אַרויסגענומען פֿון דער טיפֿער הויזן־קעשענע אַ טאָרבעלע מאַכאָרקע, צונויפֿגעדרייט מיט די פֿאַרגעלטע פֿינגער אַ גראָבן ציגאַר. יעשיע האָט צוגעוואַרט, ביז ראַכמיעל קאַנף איז אַרויס אין פֿירהויז רייכערן און איז צוגעגאַנגען צו זאַלמענען.

— אַ גוטן אָוונט, כאַווער מאַנדעל. פֿאַרוואָס זעט מען אײַך לעצטנס עפּעס אַזוי זעלטן?

— מיר שײַנט, אַז מיר האָבן זיך מיט אײַך ניט אַזוי לאַנג צוריק געזען אויף דער לעוויִע.

— דאָס רעכנט זיך ניט.

— און פֿאָריקע וואָך האָבן מיר זיך מיט אײַך, דוכט מיר, געזען אין רעדאַקציע. — זאַלמען האָט ניט באַנומען, פֿאַרוואָס פֿאַרענטפֿערט ער זיך, אָנשטאָט אים זאָגן, אַז ער האָט זיך נאָך אים דערווײַל ניט פֿאַרבענקט.

— דערלויבט מיר פֿאָרשטעלן זיך פֿאַר אײַער באַקאַנטער. — יעשיע האָט זיך אויסגעגלײַכט, אַ קלאַפּ געטאָן אָפּן מיליטערישן אויפֿן אַ פֿוס אָן אַ פֿוס און אויסגעשטרעקט עלישען די האַנט.

— איסײַ רויזען.

— אונדזערער אַ יונגער דיכטער, — האָט זאַלמען צוגעגעבן.

— איר האַלט מיך נאָך אַלץ, ווי איך זע, פאַר אַן אָנפאַנגער. נאָר דעם דאָזיקן אָנפאַנגער, דערלויבט מיר אײַך באַמערקן, זאַלמען נאָומאָוויטש, זעצט מען איבער שוין אין רוסיש. און ניט אַבי־וער, גרויסע דיכטער. מײַנע פּאָעטישע מײַסעלעך אין זייער איבערזעצונג וועלן אין דער נאָענטסטער צײַט זיך דרוקן אין אַ צענטראַלן רוסישן זשורנאַל.

— איך באַגריס אײַך. אופריכטיק.

— אַ דאַנק.

פון ביבליאָטעק זײַנען זיי אַרויס אינדרײַען.

— אַ גוטע נאַכט, — האָט זאַלמען, צוקומענדיק צום ראָג, אַ זאָג געטאָן זייער באַגלייטער און זיך גענומען ריכטן, פאַרקערעווענדיק אויף דער קיראָווער גאַס.

— וווהין זשע גייט איר? אָט איז דאָך די מעטראָ.

— צו מיר גייט ניט קיין מעטראָ. איך פאָר מיטן טראַמווײַ, — האָט עלישע, באַמערקנדיק זאַלמענס אומצופרידנקײַט, אַלעמײַ איסײַ גייט זיי נאָך, אים צוריקגעהאַלטן אָפּגעענטפערט.

— זאַלמען נאָומאָוויטש, — האָט יעשיִע, שטייענדיק שוין באַם אַרײַנגאַנג אין מעטראָ, אים אַ רוף געטאָן צו זיך. — איר האָט געלייענט די הײַנטיקע צײַטונג?

— וועלכע צײַטונג?

— די צענטראַלע, די „פראַוודאַ", אַשטייגער.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך.

— און דאָרט גאָרניט באַמערקט?

— וואָס האָב איך געדאַרפט דאָרט באַמערקן?

— אָט דאָס וועל איך אײַך שוין ניט זאָגן. ס'איז ניט פון די בסורעס, וועלכע מע אײַלט יענעם אָנזאָגן. די ביבליאָטעק איז נאָך דערווײַל אָפן. איז לויפט צו און כאַפּט אַ קוק אויף דער לעצטער זײַט פון דער צײַטונג.

— וואַרט דאָ צו אויף מיר. איך קום גלײַך צוריק.

— גייט, גייט, פאַטערט ניט אומזיסט קיין צײַט, — האָט יעשיִע אים אונטערגעאײַלט, — מיר וועלן פון אײַך אין ערגעץ ניט אַנטלויפן. אויב ניט דאָ, וועט איר אונדז טרעפן בײַ דעם טראַמווײַ־אָפּשטעל.

די ביבליאָטעק איז נאָך געווען אָפן, ווען זאַלמען איז אַ פאַרסאָפּעטער קימאַט אַרײַנגעלאָפן אַהין.

— וואָס איז מיט אײַך? — האָט אויזער דערשראָקן געפרעגט. — און וווּ איז עלישע?

— זי וואַרט אויף מיר אין דרויסן. גיט מיר, זײַט מויכל, אַ קוק טאָן די הײַנטיקע צענטראַלע צײַטונג. כ'וועל אײַך לאַנג ניט פאַרהאַלטן. בלויז אַ קוק געבן.

— אָן ליגן זיי אויפן טיש. וואָס איז דאָרט אַזעלכס אָפּגעדרוקט, וואָס איר זײַט געקומען מיט־אַמאָל צו לויפן? לאָמיך אויך אַ קוק טאָן.

זאַלמען איז דורכגעלאָפן מיטן בליק איבער דער לעצטער זײַט פון דער „פראַוודאַ" און דערווײַל נאָך גאָרניט באַמערקט. געוויינלעך לאָזט ער דורך באַם לייענען די טעאַטראַלע מיטיילונגען, וועלכע ספּעקטאַקלען גייען הײַנט און מאָרגן אין די טעאַטערס. ער וואָלט עפּשער אויך איצט פאַרפעלט אַ קוק טאָן, ווען אויזער זאָל ניט געווען הינטער זײַנע פּלייצעס אַ זאָג טאָן:

— איך פאַרשטיי שוין, וואָס איר זוכט. איר ווילט וויסן, וואָס גייט הײַנט אין גאָסעט?

ערשט דאָ האָט זאַלמען דערזען, אַז צווישן די איבערגערעכנטע טעאַטערס איז ניט אָנגעוויזן דער ייִדישער, וועלכער האָט פון מיט יאָרן לאַנג צוריק נאָך געהאַט אין אָט דער רעשימע זײַן שטענדיק אָרט.

— וואָס באַטײַט עס, כאָווער נאָרוויל? — האָט זאַלמען פאַרלוירן געפרעגט.

אויזער האָט אים דערויף געענטפערט מיט אַ הייב מיט די אַקסלען.

— מע האָט געדאַרפט אָנקלינגען אַהין?

— וווּהין? אין צײַטונג?

— אין טעאַטער.

— קאָנף האָט שוין אַהין געקלונגען. קיינער רופט זיך ניט אָפּ.

— פונדעסטוועגן וועל איך פּרוּוון אַ קלינג טאָן. עפּשער וועט זיך מיר אײַנגעבן זיך דערקלינגען אַהין. ווּ איז דאָ בײַ אײַך, כאָווער נאָרוויל, דער טעלעפאָן?

— קלינגט בעסער אָן פון אַן אווטאָמאַט. פונדאַנען דאַרף מען אַהין ניט קלינגען.

דער נאָענטסטער טעלעפאָן־אווטאָמאַט לעבן דעם פּאָליטעכנישן מוזיי איז געווען קאַליע. לאָזן זיך גיין זוכן אַ צווייטן, בײַס עס וואַרט אויף אים עלישע, האָט זאַלמען ניט געקאָנט. ס'וועט אויסקומען צוואַרטן, ביז ער וועט זיך אומקערן אַהיים.

— נו? — האָט יעשיִע אים געפרעגט, — וויאַזוי טײַטשט איר דאָס אויס?

— כ'קלער, אַז ס'האָט פּשוט ניט געקלעקט קיין פּלאַץ אין צײַטונג.

— פאַרוואָס, אויב אַזוי, איז ניט אַרויסגעפאַלן פון דער רעשימע קיין אַנדער טעאַטער, בלויז דער ייִדישער? איך קלער ניט, אַז ס'איז צוליב מאַנגל פון אָרט. מירן זיך אָנעמען מיט געדולד ביז דער מאָרגנדיקער צײַטונג. ווי זאָגט איר, עלישע?

— כ'ווייס...

זאַלמען האָט אויפגעזעצט עלישען אויפן אָנגעקומענעם טראַמוויַ און צוגעוואַרט ביז ער איז אָפּגעגאַנגען.

— ווען איך ווייס, אַז איר וועט ניט פאָרן זי באַגלייטן, — האָט יעשיע אויסגערעדט זאַלמענען, — וואָלט איך זי באַגלייט. זי וווינט דאָך מעסוקן זייער ווײַט.

— איר ווייסט שוין, וווּ זי וווינט? און וואָס האָט איר נאָך באַוויזן בײַ איר דערגיין?

— אַז זי איז ניט אײַער פרוי, דאָס האָב איך אַליין זיך שוין אָנגעשטויסן. זי קאָן ניט זײַן אײַער פרוי. זי איז צו יונג פאַר דעם. כאָטש נאָך דער מילכאָמע קאָן מען באַגעגענען אַזעלכע פאָרלעך און קיינעם כידעשט עס ניט איבעריקס. ווי צו זען, זײַט איר אַן עסטעט ניט בלויז אין שאַפונג, נאָר אויך אין לעבן. ווו האָט איר עס אָפּגעזוכט אַזאַ שיינהײַט, און וואָס פאַר אַ שטעטל? אַפילע אין אונדזערע פּאָדאָליער שטעטלעך, וועלכע האָבן געשעמט מיט זייערע שולאַמיסן, האָט זיך מיר קיינמאָל ניט באַגעגנט אַזאַ שיינהײַט. האָט ניט מוירע, איך וועל זי בײַ אײַך ניט אָפּשלאָגן. איינס קאָן איך אײַך זאָגן. כ'וואָלט מיט אַזאַ, ווי אײַער עלישע, געגאַנגען צו דער כופּע מיט פאַרמאַכטע אויגן, זיך געלאָזט פון איר פירן, וווּהין זי וואָלט געוואָלט.

— כ'וועל עס איר, לעמאַנהאַשעם, איבערגעבן, איך בין אָבער אין גרויס ספק, צי זי וואָלט אײַנגעגאַנגען.

— ווײַל איך בין שוין געווען אַ באַווײַבטער?

— כ'מיין ניט, אַז דערפאַר. פּאָדאָליער מיידלעך, ווי מיר איז באַוווּסט, קאָנען ניט פאַרטראָגן דעם רייעך פון ביטערע געטראַנקען.

— איר מאַכט מיך שוין גאָר פאַר אַ שיקער. ווען איר ווייסט, זאַלמען נאָומאָוויטש, וואָס האָט מיך דערפירט צום פלעשל! איך קאָן אײַך אָבער זאָגן אויף זיכער, איך פיל עס, אַז ווען כ'האָב כאַסענע פאַר אַזאַ, ווי עלישע, וואָלט איך זיך אין לעבן מער ניט צוגערירט צום פלעשל.

— דאָס זאָל איך איר אויך איבערגעבן? אַנטשולדיקט, כ'דאַרף פאָרן אַהיים. אַ גוטע נאַכט.

פונדאַנען האָט זאַלמען, ווי יעשיע, געקאָנט פאָרן אויך מיט דער מעטראָ. פאַרוואָס האָט ער אָנשטאָט אַראָפּגיין מיט די טרעפּלעך אין מעטראָ זיך גאָר אויפגעזעצט אין אויטאָבוס, האָט זאַלמען אַליין ניט באַנומען.

## 6

אויפן מיטלסטן עטאַזש פונעם דרײַגאָרנדיקן הילצערנעם הויז אין אַ הויף אויף טרובניקאָווסקי־געסל — עטלעכע מינוט גאַנג פון דער באַלעבעטער האַנדלס־גאַס אַרבאַט — האָט געוווינט נאָסן לעוויטין, דער טעאַטראַלער קריטיקער, ליטעראַרישער רעדאַקטאָר אינעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט און אין דעם געדרוקטן אָרגאַן פון קאָמיטעט אין דער צײַטונג „אייניקײַט". פאַרנומען האָט לעוויטין מיט זײַן הויזגעזינד אין דער גרויסער קאָמונאַלער דירע צוויי שכייניש צימערן, ניט גאָר קיין געראַמע.

באַפרײַנדעט איז זאַלמען מיט פיל ייִנגערן פון זיך נאָסענען נאָך פאַר דער מילכאָמע. נאָסן האָט צו יענער צײַט געהאַט שוין פאַרענדיקט דעם היסטאָריש־פילאָלאָגישן אינסטיטוט און איז געווען דער אויטאָר פון עטלעכע עסייען און טעאַטראַלע רעצענזיעס. צווישן זיי — אַן אָפּרוף אויף זאַלמען מאַנדעלס פּיעסע „אַ ליבע־ראָמאַן" אַ שאַרפער, אַ בײַסיקער. ער האָט געהייסן „אַ ראָמאַן אָן אַ ליבע". איבערלייענענדיק אים, האָט זאַלמען זיך פאָרגעשטעלט, אַז איר אויטאָר דאַרף זײַן אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן, אַ בייזער, פאַרביטערטער, דערזען אָבער האָט ער פאַר זיך, ווען זיי האָבן זיך באַקענט גאָר אַ יונגן באָכער מיט אַ פּאָר שמייכלענדיקע אויגן, פול מיט גוטסקײַט און כאָכמע. דאָס טונקעלע, אַ ביסל אויסגעצויגענע געזיכט, איז געווען אָנגעזעטיקט מיט אָט דעם גוטוויליקן כיינעוודיקן שמייכל אַפילע דעמלט, בייס ער האָט זיך געקאָסט. זאַלמענען איז אויסגעקומען זען נאָסענען אַ דערצאָרנטן. דאָס איז געווען אין די פאַלן, ווען אים איז פאָרגעשטאַנען רעדאַגירן אַ קינסטלעריש שוואַך ווערק. אַזעלכע ווערק האָבן בײַ אים געהייסן „ערזאַץ", זייערע מעכאַברים — „ערזאַצניקעס", ניט שוינענדיק מיטן דאָזיקן צונאָמען אַפילע די שרײַבער, וועלכע ער האָט ביכלאַל געשעצט און געאַכטעט.

די, וועמען נאסן פלעג אומקערן זייערע ווערק אף פארפולקומען, האבן זעלטן זיך מיט אים איבער דעם געאמפערט. מע האט געגלייבט אין נאסנס ערלעכקייט, גוטוויליקייט, אין זיין קינסטלערישן געשמאק, און מע האט אונטערגעהאלטן מיט אים אויך ווייטער די כאווערישקייט, די פריינטשאפט. ניט געווען אזא טאג, האט זאלמענען זיך געדוכט, אז מע זאל ניט טרעפן בא נאסנען עמעצן פון דער שרייבערישער צי טעאטראלער וועלט.

צווישן די, וועמער ס׳פלעגט צומאל, ניט אנפרעגנדיק זיך אפילע פארפריער אין טעלעפאן, זיך אריינכאפן אף א ווייל צו נאסנען און אפזיצן בא אים שאען, געפינענדיק שטענדיק וועגן וואס פארפירן א רייד, אמפערן זיך, איז געווען אויך זאלמען. זעלטן מיט וועמען פון זיינע פילצאליקע באקאנטע איז מאנדעל געווען אף „דו", ער האט ניט ליב געהאט, ווען עמעצער פון די באקאנטע האט געפרווט איבערגיין מיט אים אף „דו". אין אזוינע פאלן האט ער יענעם פריינטלעך דערמאנט, אז אין דער שפראך איז פאראן אויך א ווארט „איר".

וויאזוי איז געשען, אז שיר ניט בא זייער ערשטער באגעגעניש נאך דער מילכאמע זיינען זיי אומבאמערקט, פון זיך אליין, אריבער אף „דו", וואלטן זיי ביידע, מיסטאם, ניט געקאנט דערוף ענטפערן. דאס האט די מילכאמע, ווייזט אויס, זיי אזוי דערנעענטערט, כאטש פאר די פיר יאר מילכאמע האבן זיי זיך קיין איינציק מאל ניט געזען. נאסן איז געווען אפן פראנט, ער, זאלמען, — אין דער עוואקואציע, מיטגעארבעט אין אנטיפאשיסטישן קאמיטעט, אין דער צייטונג „איינקייט". עמעס, נאסן איז איצט שוין געווען א מאנצבל, ניט קיין באכערל, א טאטע פון צוויי קינדער, אבער דער אונטערשייד אין די יארן איז דאך פארבליבן דער זעלבער, ווי דעמלט, בייס זיי האבן זיך באקאנט. ער, זאלמען, איז אויך איצט, ווי דענסטמאל, עלטער פון נאסנען קימאט אף פופצן יאר. ביידן אבער האט ניט געוווּנדערט, וואס זיי זיינען אף „דו", בייס פאר דער מילכאמע וואלט עס זיי מיסטאם אויסגעזען ביז גאר מעשונע, מאמעש אומגלייבלעך.

אינעם זעלבן טאג טאקע, ווען זיי זיינען אומבאמערקט אריבער אף „דו", האט נאסן פארבעטן זאלמענען צו זיך אהיים, באקאנט אים מיטן ווייבל זיינס, מיט האדלען, מיט זייערע צוויי קינדער. אונטערזאגן מאנדעלן, אז האדל האט זיך געלערנט אין דער טעאטראלער שול באם „גאסעט" און דערנאכדעם געשפילט אין „גאסעט", איז לעוויטינען ניט געווען נייטיק. מאנדעל האט עס ארויסגעזען פון די ערשטע ווערטער, פון דעם, ווי האדל האט זיי ארויסגערעדט. אויסער ווי אין „גאסעט", איז אים מער אין ערגעץ ניט אויסגעקומען הערן, אז מע זאל באם ריידן צעגלידערן די ווערטער אף זילבן, דערביי הויך און דייטלעך באטאנען יעדן זילב.

די דאזיקע יערושע פונעם קאמער־טעאטער — ווי ס׳האט אין מעשעך פון יארן זיך פריער געהאט גערופן דער „גאסעט", — דאס צעגלידערן די רייד אף זילבן איז זאלמענען געווען ניט צום הארצן פונקט אזוי, ווי די פארשיידנפארביקייט פון דער קליידונג. ניט אין דעם האט ער איינגעזען די נאוואטארישקייט און גרויסקייט פונעם גאסעט, פון וועלכן ער איז געווען און פארבליבן, ווי ער האט געזאגט וועגן זיך, א פארברענטער כאסיד. און ווייל ער איז געווען אזא גרויסער אנהענגער פון אט דעם טעאטער, האט אים דערפרייט, ווען די שוישפילער האבן אנגעהויבן זיך אנטוויינען פון דער ניט־נאטירלעכקייט, גענומען מענטשלעך ריידן, מענטשלעך זיך אנטאן, ווי דאס פלעגט מיינסטנטייל טאן בענימיכאעל נאך פאר דעם, ווי ער איז געווארן דער קינסטלערישער אנפירער פון טעאטער.

נאסנס ווייבל, האדל, איז אויך געווען פון די, וואס האבן זיך נאך ניט אינגאנצן באפרייט פון אט דעם ניט־נאטירלעכן ארט ריידן. אינעם גערעדל מיט זיך, האט קענטיק, אומבאמערקט פאר איר, זיך אריינגעמישט איר פריערדיקער ארט ריידן, דער אדעסער, מיט זיין זינגעוודיקייט און צעצויגענעם ארויסברענגען די ווערטער.

קיין טאעס אין דעם, אז האדל איז פון אדעס, האט זאלמען ניט געהאט. זי האט ווירקלעך געשטאמט פון דארטן. זאלמען וואלט עס אין איר דערקענט, האט זיך אים געדוכט, ניט נאר לויט דער אויסשפראך. פון איר האט געאטעמט מיט יאם, מיט זון, ווי זי זאל אקארשט געווען קומען פרנעם פליאזש.

אזא האט זיך אים פארגעשטעלט האדל, ווען נאסן האט מיט יארן צוריק אים צום ערשטן מאל געהאט געבראכט צו פירן צו זיך אהיים, און אזא האט האדל אים אויסגעזען אויך היינט, ווען ער איז פארנאכטלעך, ניט צוויפקליינגענדיק זיך פארפריער, אריינגעקומען צו נאסנען. צו זאלמענס גרויס פארוווּנדערונג האט ער קיינעם פון זייטיקע דארט ניט געטראפן.

דער באלעבאס, וואס האט זיך פארשפארט אינעם צווייטן צימער, האט געהערט, ווער ס׳איז געקומען. נאסן האט זייער געגארט זען זיך מיט זיין אנגעלייגטן גאסט, ער איז אבער צו זאלמענען ניט ארויס. ער איז אין אט דער שא געווען גריילעך פארנומען, געשריבן אן אריינפיר־ווארט צו דער ליטערארישער זייט אין צייטונג. דאס יינגעלע זיינס, לייזערקע, א שילער פון ערשטן קלאס, האט אכטונג געגעבן, אז דאס דרייאריק שוועסטערל זאל ניט שטערן דעם טאטן שרייבן. לייזערקע איז,

ווי א וועכטער, געשטאַנען בא דער צוגעמאַכטער טיר פון אַלקער און ניט צוגעלאָזט פייגעלען באַענט, זי אָפּגעטריבן, ווי מע טרײַבט אָפּ א קעצעלע, ווען סע גאַנוועט זיך עפּעס נאַשן.

— קום אַהערצו, פייגעלע, — זאַלמען האָט זי אַרופגענומען צו זיך אויף די קני. — זינג מיר עפּעס אויס. כ׳האָב דיך שוין לאַנג ניט געהערט זינגען. נאָר שטיל, שטיל, — און אָנגעוויזן דערבײַ אויף דער צוגעמאַכטער טיר, בא וועלכער ס׳איז געשטאַנען לייזערקע. — מירן דיר ניט שטערן? — האָט זאַלמען געפרעגט לייזערקען, דערזעענדיק, ווי דאָס יינגעלע האָט זיך אומגעקערט צום טישל און גענומען גרייטן די פאַרגעבענע אויף אַהיים לימודים.

פאַריקט מאָל, ווען זאַלמען איז אַהער אַרײַן, איז די שטוב פול געווען מיט געסט, מייִנסטנטייל — שרײַבער און אַקטיאָרן. ער איז אָנגעקומען פונקט דעמלט, ווען פייגעלע האָט אַלעמען פאַרווײַלט. א פאַרפלאַמטע, די צוויי בלאָנדע צעפּלעך איבערגעוואָרפן פון פאָרנט, איז זי געשטאַנען אינמיטן צימער און געזונגען האַלבע און שטיקלעך לידער פון די, וועלכע זי האָט, ווי אַלע קינדער פון אַקטיאָרן, זיך אָנגעהערט אינדערהיים פון די עלטערן, פון באַקאַנטע. האָדל האָט איר צוגעהאָלפן. איצט איז האָדל אָבער געווען פאַרנומען אויף דער קיך.

— ווילסט, וועל איך דיר צוהעלפן, גוט? איז וואָס וועלן מיר מיט דיר זינגען? — האָט זאַלמען זי געפרעגט.

— אוי איר, ייִדן, בניי ראַכמאָנים... ניין, ניין. מירן בעסער זינגען „נאָכעמקע מײַן זון”.

— זאָל זײַן „נאָכעמקי מײַן זון”, — איז זאַלמען גלײַך אײַנגעגאַנגען. — איך קען אָבער ניט אַלע ווערטער. און דו קענסט?

פייגעלע האָט א שאָקל געטאָן מיט די צוויי דינע בלאָנדע צעפּלעך, פאַרוואָרפן דאָס קעפּל אויף אַרויף און הייזעריקלעך פאַרצויגן:

— וואָס ביסטו אַזוי טראָוועריק, נאָכעמקע מײַן זון...

זאַלמען האָט נאָך בא זײַן ערשטן קומען אַהער באַמערקט, אַז לייזערקע איז אינגאַנצן ענלעך אויפן פאָטער. פייגעלע איז שוין מער ענלעך אויף דער מוטער. בא איר איז אויך א קײַלעכיק טונקל פאַרברויינט פּנעמעל, גרויסע שוואַרצע אויגן, לאַנגע וויִעס און א קלאָר הילכיק קעלכל. בלויז די האָר זײַנען בא איר ניט ווי בא דער מוטער. בא האָדלען זײַנען זיי שוואַרץ־שוואַרצע און בא פייגעלען גאָלדיק־העלע. בא לייזערקען זײַנען נאַסנס אויגן, עס קוקט אָבער פון זיי אַרויס אַן אומעט, און דאָס קאָל בא אים איז א שעפּטשענדיקס, אַן אָנגעשראָקנס. קענטיק, ער האָט שטאַרק מוירע פאַרן פאָטער און ווייסט ניט, פאַרוואָס איז הער טאַטע צו אים אַזוי שטרענג. אין זײַן, זאַלמענס, אָנוועזנהײַט איז איבער דעם איינמאָל אויסגעבראָכן א קריג צווישן נאַסענען און האָדלען, ווען זי האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַרן זונדל, וועמעס שולד איז באַשטאַנען דערין, האַלעמײַ האָט ער זיך געשפּילט אין הויף מיט זײַנע כאַווײרים אויף צוואַנציק מינוט לענגער, ווי נאַסן האָט אים דערלויבט.

צי ער האָט צו הויך צוגעהאָלפן פייגעלען זינגען און נאַסענען האָט עס געשטערט אַרבעטן, צי נאַסן האָט פאַרענדיקט שרײַבן דעם אַרײַנפיר צו דער ליטעראַרישער זײַט אין צײַטונג, נאָר די טיר פונעם שכײנישן צימער, וואָס איז געווען אי א שלאָפצימער, אי א קאַבינעט, האָט זיך ברייט אָן עפן געטאָן און ער האָט אויך פאַרצויגן מיט זײַן געדיכטער ברוסטיקער שטים:

— איך האָב ליב א שײַנינק מיידעלע, טאַטע־ביו... — און ווי א דיריזשאָר א מאַך געטאָן צו ביידן מיט די הענט. — נו, און אויף דעם, מײַנע טײַערע, וועלן מיר פאַרענדיקן דעם קאָנצערט. איאָ, פייגעלע? לייזערקע, טו אָן פייגעלען און גייט זיך דורכשפּאַצירן אויף דער פרישער לופט. אָבער ניט ווײַט פון הויף און בלויז אויף אונדזער זײַט, ביזן ראָג.

— גוט, טאַטע, — און לייזערקע איז באַלד אופגעשפּרונגען פון אָרט.

— נאַסן, ער האָט דאָך ניט געמאַכט די לימודים, — האָט זיך אַרײַנגעמישט די אָנגעקומענע פון דער קיך האָדל.

— מיט וואָס איז ער עס ביז איצט געווען אַזוי באַשעפטיקט, וואָס ער האָט ניט באַוויזן מאַכן די לימודים, דער שטאַרק פאַרנומענער מענטש?

— איך פאַרשטיי ניט, נאַסן, וואָס ווילסטו פון אים. ער איז דאָך ערשט ניט לאַנג צוריק געקומען פון שול.

— האָדל, — נאַסן האָט עטוואָס געהעכערט די שטים, — דו פּאַטערסט מיר אוועק די קינדער. וויפל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז מע טאָר ניט צעלאָזן די קינדער. מע דאַרף זיי האַלטן אין די הענט. פון קליינווײַז אויף דאַרף מען זיי צוגעוווינען זײַן דיסציפּלינירט. טו, לייזערקע, ווי איך האָב דיר געהייסן. וועסט דערנאָכדעם מאַכן די לימודים. דערנאָכדעם.

ווי נאָר די קינדער זײַנען אַרויס און האָדל האָט זיך אומגעקערט אויף דער קיך, האָט זאַלמען א זאָג געטאָן נאַסענען:

— ווּעסט זיך אויף מיר ניט באַליידיקן? מיר דוכט, אַז דו באַגייסט זיך צו שטרענג מיט די קינדער.

— קאָן זײַן. איך לײקן עס ניט. דו ווייסט, פאַרוואָס איך בין מיט זיי אַזוי שטרענג? דאָס נעמט זיך דערפון, ווײַל כ׳האָב זיי זייער ליב. ווּעסט זאָגן, ס׳איז אַ פּאַראַדאָקס? מעגלעך. ס׳איז פּאַרט אָבער אַזוי. קינדער דאַרפן ניט וואַקסן ווי אין אַן אָראַנזשערײ, שטענדיק אין דער וואַרעם. מײַן ניט, אַז איך קוש זיי ווייניקער פון האָדלען. איך קוש זיי אָבער, ווען זיי זעען עס ניט, בײַס זיי שלאָפן. ווער ווייסט, ווער קאָן פאָרויסזאָגן, וואָס דערוואַרט אונדזערע קינדער. איך האָב אױף דער מילכאָמע זיך אָנגעזען אַזוינס... די מילכאָמע האָט מיך אויסגעלערנט אַ ביסל אַנדערש קוקן אויפן לעבן. כוץ דער זון זײַנען פאַראַן אויך זאַווערוכעס. נו גענוג פילאָסאָפירן. וואַש די הענט און מיר גייען צום טיש. וועגן וואָס האָסטו זיך עפּעס פּלוצעם אַזוי פאַרקלערט?

— מיר גייט די גאַנצע צײַט ניט אַרויס פון קאָפּ, פאַרוואָס האָט דער ביבליאָטעקער ניט געוואָלט, כ׳זאָל אָנקלינגען אין טעאַטער פון זײַן טעלעפאָן?

— מיסטאָמע האָט. ער שוין עפּעס געוווּסט און ניט געוואָלט, אַז מע זאָל וועגן דעם פירן אַ רייד פון זײַן אַפּאַראַט.

— דו רעכנסט אַזוי? ס׳איז דאָך אַריבער שוין העכער אַ וואָך, ווי מע ווײַזט מער ניט אָן אין די צײַטונגען, וואָס שפּילט זיך אין ייִדישן טעאַטער, און קיינער ווייסט ביז איצט ניט פאַרוואָס, פאַרוואָס, און מע האָט מוירע זיך אָנפרעגן, ווו מע דאַרף.

— האָסט אַ טאָעס. מע האָט זיך שוין אָנגעפרעגט, ווו מע דאַרף, און ניט איין מאָל. ענטפערט מען אָבער דערויף ניט. פון אָנפאַנג האָב איך דאָס פאַרשווינדן אין יענעם זונטיק פון די צײַטונגען, וואָס שפּילט זיך אין ייִדישן טעאַטער, געהאַט אויסגעטײַטשט, פּונקט ווי דו. ס׳האָט אויסגעפעלט אָרט. נאָר אַז מע האָט אָנגעהויבן מיר קלינגען פון אַלע זײַטן, פרעגן, וואָס זאָל עס באַטײַטן, צי איז דאָס ניט אין שײַכעס מיט בענמיכאָעלס אומגעריכטן טויט, האָב איך גלײַך פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז ניט קיין צופעליקײַט, אַז דאָס גייט פון אויבן.

— און וואָס זאָגט דערויף ביניאָמין?

— כ׳האָב נאָך מיט אים דערפון ניט גערעדט. און וואָס קאָן ער מיר זאָגן וועגן דעם מער, ווי איך פאַרשטיי אַליין. ניט אַלץ עפּשער ווייס איך, אָבער איך שטויס זיך אָן.

— און וועגן זײַן געשפּרעך מיט פּערלען האָט ער דיר דערציילט?

— וועגן ביניאָמינס געשפּרעך מיט האַמערס פרוי ווייסן שוין אַלע. דעם סאָד, וואָס זי האָט אָנגעטרויט ביניאָמינען, איז פאַרן פאָלק ניט געוועזן קיין נײַס. איך בין, צום באַדויערן, ווי דו ווייסט, ניט געווען אויף דער לעווײַע. עטלעכע טעג פאַר דעם האָב איך, אַראָפּלאָזנדיק זיך בײַ אונדז מיט די טרעפּ, אויסגעגלוטשט אַ פוס און ניט געקאָנט גיין. נאָר וואָס האָט זיך בײַס דער לעווײַע געטאָן אין טעאַטער און אויף דער גאַס, ווייס איך גענוי, ווי איך וואָלט אַליין דאָרט בײַגעווען. אַלץ, וואָלסטו וויסן זײַן, גייט פון דאָרטן.

— קלערסטו, הייסט עס, אַז די קאָמאַנדע אויפהערן אָנווײַזן אין צײַטונג וועגן די פאָרשטעלונגען אין ייִדישן טעאַטער גייט פון דאָרטן?

— און ווי אַנדערש? דער סייכל זאָגט אונטער, אַז דאָס גייט פון אויבן, פון סאַמע־סאַמע אויבן.

— גופע פון אים טאַקע אַליין, פונעם שטאָלענעם?

— איך שטעל מיך ניט פאָר ,אַז דער האַמער זאָל יאָ וויסן וועגן דעם אַלעם, און דער שטאָלענער ניט.

כאָטש אויסער זיי ביידן איז אין צימער מער קיינער ניט געווען, האָבן זיי קיין איין מאָל אַפילע ניט אָנגערופן סטאַלינען און מאָלאָטאָוון בײַ די נעמען. בלויז דער שטאָלענער, די וואָנצעס, דער האַמער...

— מיט וואָס קאָן זיך דאָס אַלץ ענדיקן? — האָט זאַלמען זיך געווענדט צו נאָסענען, ווי ער זאָל אין אים דערזען אַ פיל עלטערן און מער דערפאַרענעם פון זיך. — ס׳קאָן ניט טרעפן, אַז מע זאָל, כאָלילע, צומאַכן דעם טעאַטער?

— אַלץ קאָן טרעפן. גיכער פון אַלץ האָב איך אָבער מוירע, אַז דער טעאַטער זאָל פון זיך אַליין זיך צומאַכן. נאָך דעם, ווי ס׳איז פאַרשוווּנדן פון צײַטונג דער נאָמען ייִדישער מעלוכע־טעאַטער, האָט דער עולם אויפגעהערט גיין אַהין. מע שפּילט פאַר אַ האַלבן זאַל, אָפטלעך אַפילע פאַר אַ פערטל זאַל.

— בײַ אַ פוסטער קאַסע, קומט אויס, אויב אַזוי, — האָט זאַלמען שווער אָפּגעזיפצט, — וועט ער זיך לאַנג ניט האַלטן.

— אַ מאָדנע פאָלק בײַ אונדז. זאָל מען, די שאַ זאָל ניט זײַן, צומאַכן דעם טעאַטער, צי אויפהערן, דרוקן ייִדישע ביכער, וועלן די ערשטע אויפהייבן אַ וואַיצאַקו גראַד די, ווער ס׳איז עפּשער גאָר אין גאַסעט ניט געווען און קיינמאָל ניט געהאַלטן קיין ייִדיש ביכל אין דער האַנט. די קאַסע פון טעאַטער, ווי איך ווייס, לײַדט ניט דערפון, מע האָט אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן צווישן די ייִדן טעאַט־

ראָלע אַבאָנעמענטן. קיינער זאָגט זיך ניט אָפּ קויפן. פאַראַן אַזעלכע, וואָס נעמען אַפילע צוויי און דריַי אַבאָנעמענטן. נאָר אין טעאַטער גייט מען ניט.

— מע האָט מוירע?

— איך דערפאַר. אייניקע זאָגן, אַז מע פאָטאָגראַפירט אומבאַמערקט יעדן איינעם, וועל סע גייט אַהין. אַנדערע האָבן אויסגעטראַכט, אַז מע שטעלט אַפילע צונויף צעטלען פון די, וועלכע גייען. מיט איין וואָרט, טיַיערער זאַלמען, ס'איז ניט גוט. ס'איז פע און טאַקע וואָס פע הייסט, ווי סע זאָגט זיך אינעם „געט".

— איז דאָך אַ געפאַר, אַז דאָס זעלבע קאָן טרעפן מיט אונדזערע ביכער, מע זאָל מוירע האָבן האַלטן אַ ייִדיש ביכל אין דער האַנט.

— אַלץ קאָן טרעפן, זאַלמען, אַלץ. מיר ליגן לאַנג שוין אונטער די רעדער.

פון קיך איז אַריַינגעקומען האָדל.

— איר וואָלט געמעגט ריידן אַ קאַפּעלע שטילער. איך האָב אָפּ דער קיך געהערט קימאַט איטלעכס וואָרט. אַרום זיַינען שכיינים און איר האַלט אין איין „שטאָלעווען" און „האַמערן". איר רעכנט, אַז קיינער פאַרשטייט ניט וועמען איר מיינט?

— מיר ריידן דאָך, האָדל, אָפּ ייִדיש, — האָט זאַלמען זיך פאַר איר באַרעכטיקט, גליַיך האָדל ווייסט ניט אָפּ אַוועלכער שפּראַך זיי ריידן.

— הינטער דער וואַנט לעבט גראַדע אַ ייִדישער שאָכן, און וועגט האָבן אויערן. באַזונדערס איצטיקע ציַיט. וווּהין קליַיבט איר זיך עס, זאַלמען? איך וועל איַיך ניט אַרויסלאָזן, ביז איר וועט ניט אָפּעסן מיט אונדז וואַרמעס. בא מיר איז שוין אַלץ פאַרטיק. ס'וועלן נאָר אַריַין די קינדער, זעצן מיר זיך צום טיש.

— און ביז מיַין האָדל וועט גרייטן צום טיש, וועל איך דיר מעכאַבעד זיַין מיט צוויי פּרעכטיקע ווערק. זיי וועלן זיַין געדרוקט אין דער נאָענטסטער ליטעראַרישער זיַיט פון דער ציַיטונג. — נאָסן האָט אַרויסגעטראָגן פון קאַבינעט אָפּגעדרוקט אָפּ אַ מאַשינקע יעשיִעס צוויי מיַיסעלעך. — איך וועל זיי דיר איבערלייענען.

זאַלמען האָט זיך אָנגעבויגן עטוואָס פאָרויס, און ווען נאָסן האָט פאַרענדיקט לייענען, האָט ער ניט־ווילנדיק זיך אַזוי אַ וויג געטאָן צוזאַמען מיטן שטול, אַז ווען ער כאַפּט זיך ניט אָן מיטביידע הענט פאַר נאָסענען, וואָלט ער זיכער אומגעפאַלן.

— דו ווייסט, — זאַלמען האָט אָנגעכמורעט דעם שטערן, — מיר דוכט, אַז די ביידע מיַיסעלעך זיַינען שוין געווען געדרוקט. איינס פון זיי אָפּ זיכער. מעגלעך, אַז פאַר דער מילכאָמע נאָך. כ'קאָן זיך בלויז ניט דערמאָנען ווו — אין אַ זשורנאַל, צי אין אַ ציַיטונג.

— אַ פּלאַגיִאַט? — האָט נאָסן זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט.

— כאָלילע. ביידע פּאָעטישע מיַיסעלעך זיַינען בעלי־סאָפּעק יעשיִעס. ער האָט זיי אָבער שוין איינמאָל אָפּגעדרוקט.

— דעמלט פאַרשטיי איך ניט, צו וואָס איז אים נייטיק געווען זיי אונטערוקן מיר ווי ניַיע, ערשט איצט אָנגעשריבענע?

— איך קלער ניט, אַז ער האָט געהאַט דערביַי אַ מיין דיך דערמיט אונטערפירן. ער איז פּאָשעט געבליבן מיסטאַמע אָן געלט, האָט ניט מיט וואָס צו גיין אין קלייט קויפן אַ האַלב פלעשל, און אָן דעם, ווי מיר ווייסן, קאָן ער ניט אויסקומען.

— דאָס איז ניט קיין טערעץ, קיין באַרעכטיקונג. איידער כ'וועל זיך מיט אים דורכריידן, דאַרף איך אַפּריִער אַליין אַ קוק טאָן, זיך דערקונדיקן דעריַן. זאָגסטו, אַז זיי זיַינען נאָך פאַר דער מילכאָמע געווען געדרוקט?

— טו אַ בעט אויזערן, וועט ער דיר גליַיך געפינען אַוו.

— דאָס הייסט שוין אָבער וואַרפן אָפּ יענעם אַ כשאַד, איידער מע האָט נאָך אויסגעקלאָרט. כ'וועל זיך אַליין אַ גריבל טאָן. דערוויַיל וועל איך זיי אָפּלייגן אָן אַ זיַיט, ניט געבן אין דער צוגעגרייטער צום דרוק ליטעראַרישער זיַיט.

מיט פאַרוויטלטע בעקלעך פון פראָסט האָבן זיך אומגעקערט פונעם שפּאַציר ביידע קינדער. פייגעלע האָט האַסטיק אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס מאַנטעלע, צוגעשפּרונגען צום טיש און אַ שלעפּ געטאָן צו זיך דעם טישטעך אַזוי, אַז די טעלער זיַינען שיר ניט אַראָפּגעפאַלן. לייזערקע איז געבליבן שטיין אינעם מאַנטל. זאַלמענען האָט זיך געדוכט, אַז דאָס ייִנגל קאָן אַזוי אָפּשטיין בא דער זיַיט, ניט רירן זיך פון אָרט, ביז מע וועט אים ניט צורופן.

— פריִער וואַשט מען די הענט, דערנאָ גייט מען שוין צום טיש. פאַרשטאַנען, כאָכערטע? — דורכגעפירט צוריקגעהאַלטן מיט דער האַנט איבער דעם טעכטערלס קעפּל, האָט נאָסן זיך אויסגעקערעוועט צו לייזערקען: — און וווּהין קליַיבסטו זיך עס?

— אין ערגעץ ניט, — האָט דאָס ייִנגל הייזעריקלעך שטיל געענטפערט.

— איז וואָס שטייסטו, ווי א גאַסט, און טוסט זיך ניט אויס? אין קינאָ ווילסטו גיין? באַם ייִנגל האָבן גליקלעך א ליכט געטאָן די אויגן.

— איז עס אָפּ, מאַך די לימודים און מירן מיט דיר גיין אין קינאָ.

ווען לייזערקע איז צוגעגאַנגען צום טיש, האָט נאָסן נעענטער צוגערוקט צו זיך זײַן בענקל.

נאָך מיטיק זײַנען לעוויטין מיטן גאַסט אריבער אין קאַבינעט. נאָסן האָט געגעבן זאלמענען איבערלייענען דעם אַרײַנפיר־אַרטיקל, צוזאַמען אים אויסגערעדאַגירט, צוזאַמען איבערגעלייענט די אָפּגעקליבענע ווערק פאַר דער ליטעראַרישער זײַט צום שאַבעסדיקן נומער פון דער צײַטונג, און צום סאָף זיך ווידער אומגעקערט צו דעם, וואָס האָט כיידן ניט געלאָזט צורו. ביידע האָבן אי געגלייבט, אי ניט געגלייבט, אַז דאָס זיך פאַרלאָפענע אין מינסק, ווי סע טײַטשט אויס דאָס פאָלק, איז דער אָנהייב פון א סאַך אומגליקן, וועלכע מע דאַרף דערוואַרטן.

— האָדל, — האָט, שטייענדיק שוין אַן אָנגעטאָנענער בא דער טיר, געפרעגט זאלמען, — איר ווייסט ניט, וואָס גייט הײַנט אין טעאַטער?

— ס׳האָט געדאַרפט גיין „פריילעכס".

— „פריילעכס" קאָן מען זען עטלעכע מאָל. און ווײַטער ווילט זיך מיר פּאַשעט צוגיין א קוק טאָן מיט די אייגענע אויגן, צי „פריילעכס" שפילט מען אויך פאַר א האַלבן זאַל. הײַנט איז אָבער שאַבעס. וועט מיסטאָמע זײַן געפּאַקט.

— ווײַל ס׳איז ערעוו א רו־טאָג?

— ניין, ניט בלויז דערפאַר. טאַטע־מאַמע פון כאַסנס־צאַד און קאַלעס־צאַד, פאַרן ארויסבאַגלייטן אין זאַגס, ברענגען צו פירן די קינדער אין טעאַטער אַף „פריילעכס".

די פאַרשטעלונג האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן, די טירן אין פּאַרטער זײַנען געווען צוגעמאַכט, און זאלמענען איז אויסגעקומען זיך אופהייבן אַף דער גאַליאָרקע.

לאַנג צוקוקן זיך, קעדיי דערזען, אַז נאָסן מיט האָדלען האָבן ניט איבערגעטריבן, איז זאלמענען ניט אויסגעקומען. קימאַט אַלע פּלעצער אַף דער גאַליאָרקע זײַנען געווען פרײַ. אויך אונטן, אין פּאַרטער, האָט ער אָנגעציילט פונדאַנען א היפּש ביסל פרײַע ערטער. נאָר ווי האָדל מיט נאָסענען האָבן אים ניט צוגעגרייט דערצו, אַז אפילע אַף „פריילעכס" קלײַבט זיך קוים אָן א האַלבער זאַל, דאָך האָט זיך זאלמענען ניט געוואָלט גלייבן, אַז ס׳איז שטענדיק אַזוי, אָט ווי הײַנט. עפשער זײַנען הײַנטיקן שאַבעס און זונטיק ווייניק כאַסענעס? ערשט ניט לאַנג צוריק, פאַרן גרויסן אומגליק, האָט מען נאָך אפן ראַג גאַס זיך נאָכגעפרעגט באַם צוקומענדיקן אוילעם, צי האָט מען ניט קיין איבעריקן בילעט צו פאַרקויפן. צי דען איז מען אַזוי אָנגעשראָקן דערפון, וואָס די צײַטונגען האָבן מיטאַמאָל אופגעהערט אָנווײַזן אין דער טאָגטעגלעכער רעשימע פון די ספּעקטאַקלען דעם ייִדישן טעאַטער, אַז די טאַטע־מאַמעס פאַרן גיין אין זאַגס ברענגען שוין מער ניט צו פירן זייערע קינדער אַף דער פאָלקס־שפּיל „פריילעכס", וועלכע בענימיכאָעל האָט באַלד נאָך דער מילכאָמע געהאַט געשטעלט אַף צו טרייסטן און דערמוטיקן דעם געליטענעם באַוולטן פאָלק? די כאַסענע־שפּיל „פריילעכס" איז פול מיט טרויער, מיט געזאַנג און טענץ, אין וועלכע עס הערט זיך, ווי נאָסן לעוויטין האָט געשריבן אין זײַן קריטישן אָפּרוף, דאָס קאָל פון דוירעס: לוי אָמאָס — דאָס פאָלק איז ניט געשטאָרבן, קי איכיע — דאָס פאָלק לעבט. נאָסן האָט דערבײַ צוגעגעבן אין זײַן רעצענזיע, אַז פאַר דער פאַרשטעלונג וואָלט עפשער געווען מער צוגעפּאַסט דער נאָמען „העמשעך".

זאלמען האָט שוין אַזויפיל מאָל געזען „פריילעכס", אַז ער האָט זיך געמעגט דערלויבן פאַרשפּעטיקן צום אָנהייב, ווי דאָס האָט געטראָפן מיט אים הײַנט. ער איז געקומען קימאַט צום סאָף פונעם ערשטן אַקט, ווען דער באַדכן פון רעכטס, דער מאַרשעכוירעניק און זײַן צאַד־שעקענעגעד, דער באַדכן פון לינקס, מאַכן צו און עפענען אוף נאָכאַנאַנד די צווײ האַלבע פאָרהאַנגען, אַז דער אוילעם אין זאַל זאָל זען און הערן, ווי די מעכוטאָנים אַף דער כאַסענע פרייען זיך מיטן אָנגעקומענעם גאַסט, מיט דער לעבנגעבליבענער אָרעמער מומע, ווי מע טאַנצט ארום איר און מע זינגט: — „לאָמיר זיך ניט שעמען מיטן אייגענעם בלוט...".

אַראָפּלאָזנדיק זיך בייסן אַנטראַקט מיט די אָנגעוועקסלטע טרעפּ אַף אונטן, האָט זאלמען דערזען צווישן די אַרומשפּאַצירנדיקע אין פאָיע עלישען מיט יעשיען.

ווען האָבן זיי עס באַוויזן זיך אַזוי דערנעענטערן, האָט זאלמען זיך געפרעגט, אַז זיי גייען שוין צוזאַמען אין טעאַטער?

קענטיק, אַז זיי האָבן געפירט צווישן זיך א וויכטיקן געשפּרעך. קעדיי ניט שטערן, האָט זאלמען געוואָלט אומבאַמערקט פאַרבײַגיין. עלישע האָט אים שוין אָבער דערזען. זי האָט באַפרײַט איר אָרעם פון יעשיעס, און ביידע זײַנען זיי צוגעגאַנגען צו מאַנדעלן.

— א גוטן אָוונט, — האָט עלישע שעמעוודיק, עטוואָס פאַרלוירן, זיך באַגריסט מיט זאלמענען, — איר זעט אויך „פריילעכס" ס׳ערשטע מאָל?

— ס׳ערשטע מאָל? — האָט איבערגעפרעגט יעשיִע, גלײַך ווי זאָל געווען זיך ווענדן צו אים, — מיר געדענקען שוין מיסטאמע ניט צום וויפלטן מאָל זעען מיר עס. „פרײַלעכס״ איז אָבער אזא ספּעקטאקל, אז מע קאָן אים זעען און זעען און ער וועט ניט דערעסן. ווי זאָגט איר זאַלמען?

— כ׳קלער אויך אזוי.

— אָך, סאַרא ריי אין בופעט. מיר האָט זיך פּלוצעם גוואַלדיק פאַרגלוסט טרינקען.

— איך וועל גיין פאַרנעמען אן אָרט. כ׳ווייס נאָר ניט, צי וועלן מיר באַווײַזן.

— פאַרוואָס? ס׳איז דאָך ניט געווען נאָך קיין איין קלונג. איך כאַלעש מאַמעש, אזוי ווילט זיך מיר טרינקען.

אָן דעם, זי זאָל עס איבערכאַזערן, וואָלט זאַלמען אויך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָט זיך איר פּלוצעם פאַרוואָלט אזוי טרינקען. זי האָט ניט געפונען פאַר יעשיִען קיין אנדער אויסרייד, אז ער זאָל זיי איבערלאָזן אליין.

— אײַך וווּנדערט, זע איך, וואָס איר האָט מיך דאָ הײַנט באַגעגנט מיט אײַער יונגן פּאָעט?

— ער איז ניט אזוי יונג, ווי איך האָב אים אײַך פאָרגעשטעלט. — זאַלמען האָט אליין ניט פאַרשטאַנען, צוליב וואָס האָט ער דאָס געזאָגט. זי קאָן עס אויפנעמען, ווי ער זאָל זי אייפערן, און זוכט, ווי׳אזוי דערווײַטערן זי פון יעשיִען. זי דאַרף אָבער פאַרשטיין, אז ס׳איז ביז גאָר נאַריש כוישעד זײַן אים אין דעם. ער איז דאָך אין צוויי מאָל עלטער פון איר, אים איז שוין אריבער די פערציק. ער זאָל ניט אויסזען אין אירע אויגן, ווי זי האָט געקאָנט אין אָט דער רעגע וועגן אים א קלער טאָן, האָט זאַלמען פיל ווייכער צוגעגעבן. — ער איז אָבער א שיינער, זייער א שיינער מאַנצבל.

— איר שאַדכנט אים מיר? — עלישע האָט זיך צעלאַכט און אָפּגעטראָטן מיט זאַלמענען צו דער וואַנט, וווּ ס׳זײַנען געהאַנגען די בילדער פון די שרײַבער, וועמענס פּיעסעס מע האָט אין פאַרשידענע יאָרן דאָ געשפּילט. — זעט נאָר, אָט איז דאָך אײַער בילד.

— מע קאָן מיך דאָ דערקענען? דאָס בילד איז פון פיל יאָרן צוריק.

— איר האָט זיך, וואָלט איך זאָגן, אינגאַנצן ניט געענדערט. בעעמעס. — א בליק געטאָן אין דער זײַט פון בופעט, וויפל איז געבליבן יעשיִען נאָך צו שטיין דאָרט, האָט עלישע, אויסדרייענדיק זיך אינגאַנצן צו זאַלמענען, אים א זאָג געגעבן: — איך האָב די טעג זיך געקליבן אײַך אָנקלינגען. נאָר איך ווייס, אז איר זײַט זייער א פאַרנומענער מענטש און כ׳האָב ניט געוואָלט אָפּנעמען בא אײַך צײַט.

— איך בין ניט אזוי פאַרנומען, ווי איר קלערט. די גאַנצע אַרבעט, וואָס מיר שטייט פאָר, איז איבערדרוקן אף א מאַשינקע אײַער פאָטערס פּיעסע. דערווײַל האָב איך בלויז באַוויזן זי דורכלייענען. איר ווילט הערן מײַן מיינונג? די פּיעסע זאָל מיר ניט געווען געפעלן און כ׳זאָל האַלטן, אז מע קאָן זי ניט שטעלן, וואָלט איך ניט געגעבן זי איבערדרוקן אף א מאַשינקע. איידער איך וועל זי פאָרלייגן אין טעאַטער, ווי מײַנע א פּיעסע, וויל איך זיך אויסייצענען מיט איינעם מײַנעם א נאָענטן מענטשן, אן אָנגעזעענעם קריטיקער. ווי נאָר מע וועט זי איבערדרוקן, וועל איך אים גלײַך געבן זי לייענען. איך וועל אים דערווײַל ניט אנטפּלעקן דעם עמעסן נאָמען פונעם אווטאָר. מעגלעך, כ׳וועל עס אים ביכלאַל ניט זאָגן.

— ער קאָן אײַך אָפּריידן?

יאָ. נאָסן קאָן אים אָפּריידן. ער, זאַלמען אליין, האָט דערווײַל נאָך אויך ענדגילטיק ניט באַשלאָסן, צי זאָל ער נעמען אף זיך אזא שולד, דערקלערן זיך פאַרן אווטאָר פון א ווערק, צו וועלכן ער האָט ניט קיין שײַכעס, פון א פּיעסע, וואָס עס האָט אָנגעשריבן א מענטש, וועמען מע האָט, ווי א סוינע פון פאָלק, מעגלעך אפילע דערשאָסן. עלישען האָט ער קיין וואָרט פון דעם ניט ארויסגעזאָגט. איר האָט ער געענטפערט:

— כ׳קלער ניט, אז מײַן באַקאַנטער זאָל מיך אָפּריידן, כאָטש מאַכן אים שולדיק, ווען ער רעדט מיך אָפּ, קאָן איך ניט.

— איך פאַרשטיי...

— אים האָט איר דערציילט?

— איסײַען? כ׳קען דאָך אים קימאַט ניט. מיר האָבן זיך געזען געציילטע מאָל. ער מאַכט דעם אײַנדרוק פון א מענטשן, וועמען מע קאָן זיך אָנטרויען. איך האָב אים אָבער נאָך גאָרניט געזאָגט. ער האָט מיר געהאָלפן זיך צושרײַבן דערווײַל אף א כוידעש און צײַטווײַליק זיך אײַנאָרדענען פאַר א מאָדיסטקע אין א שנײַדערשער אַטעליע. ווײַזט אויס, ער האָט גרויסע באַקאַנטשאַפט, ווו מע דאַרף. ער האָט מיר צוגעזאָגט העלפן אריבערפירן די מאַמע פון אבעז אין מאָסקווער געגנט, אפן הונדערט ערשטן קילאָמעטער. מיט דער צײַט וועט ער זען, מע זאָל זי צושרײַבן אין מאָסקווע, צוליב דעם איז אים נייטיק פירן א פאָר מאָל דעם מענטשן, פון וועמען דאָס איז אָפּהענגיק, אין רעסטאָראַן. ער האָט אָבער איצט ניט קיין פרײַ געלט. מע האָט אים נאָך ניט אויסגעצאָלט, זאָגט ער, דעם האָנאָראר פאַרן ביכל.

— פאַר וועלכן ביכל?

— פונוואַנען ווייס איך...

פון בופעט האָט מיט אַ פלעשל לימאָנאַד אין איין האַנט און מיט צוויי גלעזער אין דער אַנדערער זיך דערנעענטערט צו זיי יעשיַע.

— ווען זאָל איך אײַך אָנקלינגען? — האָט עלישע אינדערשטיל אױף גיך געפרעגט.

— איר קאָנט מיר קלינגען ווען איר ווילט. איך בין שטענדיק גרייט זיך מיט אײַך טרעפן. איר זיצט אין פּאַרטער? איך וועל זיך אופהייבן אױף דער גאַליאַרקע.

צי איז ניט צו גרויס די פּרײַז, וועלכע ער צאָלט פאַר דעם, וואָס ער האָט אין דער יוגנט שיר ניט אוועקגעפּירט מיט זיך פעפּען פון איר מאַן? פונוואַנען איז ער זיכער, אַז עלישעס פאָטער, מיכל קרישטאָל, האָט אויך נאָכן פאַרלאָזן מישמאַר זיך געזען אױף דורך און דורך, ווי אַ ריינע, זויבערע גלאָז? אויב ער, זאַלמען, צווייפלט אין דעם, איז פאַרוואָס צווייפלט ער ניט אין דער אומשולדיקײַט און ערלעכקײַט פון די אומגעקומענע שרײַבער אין די יאָרן פאַר דער מילכאָמע און צום יוים האַדין קומט ער אין שול זאָגן נאָך זיי יזקער? און אויב אפילע דערלאָזן, אַז מיכל קרישטאָל איז אין דער יוגנט געווען אַ כאָלוץ, איז קומט אים דערפאַר די העכסטע שטראָף?

קיין ענטפער דערויף האָט זאַלמען ניט געקאָנט געפינען, און דאָס זוכן דערויף אַן ענטפער האָט אים געשטערט זיך צוהערן דערצו, וואָס קומט פאָר אױף דער בינע אינעם צווייטן אַקט. באַם נאָכ־פאָלגן נאָכן מעשולעך, ווי ער שפּאַנט אין שנייִקן געוויטער מיטן שווערן זאַק אױף די פּלייצעס, איז אַרויסגעשווומען פאַר די אויגן שלוימע בענמיכאָעל אין אָרן...

אױף דער גאַליאַרקע איז זאַלמען צום צווייטן אַקט געווען דער אײנציקער צושויער, אַלע איבע־ריקע זײַנען אַריבער אין פּאַרטער אױף די פרײַע ערטער. מיט זײַן אופהייבן זיך אינמיטן דער שפּיל און אוועקגיין האָט ער קיינעם ניט באַומרויִקט, קיינעם ניט געשטערט.

זאַלמען איז שוין געהאַט אָפּגעשאַנגען אַ צוויי קוואַרטאַלן, ווען ער איז מיטאַמאָל געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהײַט: גיין צו זיך אין צימער, צי פאַרקערעווען עפּשער צו נאַדיען.

## 7

אין די טעג, ווען מאַנדעלן אַרבעט זיך ניט, גייט ער אַוועק פון שטוב, און אַ דערצאָרנטער אױף זיך, וואָס נאָך אַזויפיל שאַ אָפּזיצן באַם טיש האָט ער ניט אָנגעשריבן אפילע קיין האַלב זײַטל, וואָס זאָל אים געפעלן, שליאיעט ער זיך אַרום פּוסט און פּאַס איבער דער שטאָט, גאַס־אײַן, גאַס־אויס, ניט ווייסנדיק וווּהין. אַמייַנסטנס פלעגן זיי אים אַראָפּברענגען אין צענטער שטאָט, אינעם סאַמע קאָך. דער הו־הא מיטן טומל פלעגן אים העלפן זיך באַפרײַען פון אַ ניט־געלונגענער סטראָפע, פון אַן אָנגעטראַכט בילד, וואָס האָבן אים פאַרפאָלגט, וואָס זײַנען צוגעשטאַנען, ער זאָל זיי נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל דורכלאָזן דורך זיך פאַרן אַרויסטראָגן דעם ענדגילטיקן פּסאַק־דין. אַ באַפרײַטער ענד־לעך פון זייער נאָכגיין און פאַרפאָלגן אים, פלעגט זאַלמען זיך צומאָל אומקערן פון דעם אַרומ־דרייען זיך שלינג און שלאַנג איבער דער שטאָט מיט אַ מאַזלדיקן געפאַנג — ער האָט געפונען אַ פאַר פּאַסיקע פאַרגלײַכן, טרעפלעכע מעטאַפאָרן, ס'איז אים אַנטקעגנגעקומען דאָס נייטיקע בילד, וועלכס ער האָט בעשום־אויפן ניט געקאָנט געפינען, זיצנדיק באַם שרײַבטיש, ווי דאָס האָט מיט אים געטראָפן הײַנט, צוטרעטנדיק אַרבעטן איבער דער פון לאַנג פאַרטראַכטער דראַמע. דער גאַנצער דיל אין צימער איז מאַמעש אויסגעבעט מיט די פאַרשריבענע אױף פּיצלעך צעריסענע בלעטלעך פּאַפּיר. ער זאָל ניט געווען באַצײַטנס אַנטלויפן פון שטוב, וואָלט דאָס מאַטערן זיך איבער דעם אָנהייב פונעם ערשטן בילד אין דער פּיעסע אים מיסטאַמע דערפירט ביז מעשוגאַס. ער האָט נאָך, דאַכט זיך, קיינמאָל, אַרומבלאָנקענדיק איבער דער שטאָט אין אַזעלכע פײַנלעכע פאַר אים טעג, זיך אַזוי אָפּט ניט אָפּגעשטעלט, ווי הײַנט. אױף יעדן פאַל האָט ער אַרונטערגעלייגט אונטער דער צונג אַ טאַבלעטקע וואַלידאָל, כאָטש דאָס האַרץ האָט אים ניט ווייי געטאָן. ס'איז אים בלויז שווער געווען עטעמען. וואַלידאָל, בעשאַס ער גייט אַוועק פון שטוב, פאַרגעסט ער קיינמאָל ניט מיטנעמען מיט זיך. דאָס האָט אים געראָטן אַזוי דער דאָקטער פון דער שרײַבערישער פּאָליקליניק מאָיסיי מאַרגוליס.

דאָס געשטאַלט פונעם דאָקטער מאַרגוליס וועט ער ווען־ניט־איז אַרײַנעמען אין איינער פון זײַנע פּיעסעס, קאָן זײַן, אפילע אין דער, וועלכע ער איז הײַנט צוגעטראָטן שרײַבן. ער האָט פאַר איר אַ גרייטן נאָמען שוין אפילע: „ראַשע".

פון דער ערשטער באַגעגעניש האָט מאַרגוליס אים דערמאָנט אין דעם דאָקטער ווערנערן פון לערמאָנטאָווס „דער העלד פון אונדזער צײַט"... כאָטש מאַרגוליס האָט ניט אונטערגעהונקען, ווי ווערנער, און באַ ווערנערן איז דאָס מויל ניט געווען אויסגעקרימט. אין אַלעם איבעריקן, לויט דעם,

ווי זאַלמען האָט זיך פֿאַרגעשטעלט ווערנערן, האָט מאַרגוליס זיך פֿון אים מיט גאָרניט אונטערשיידט. ער איז אויך ניט פֿון די מאַנצבלען, וועלכע נעמען אויס בא פֿרויען. מאַיסיי בענציאַנאָוויטש מאַרגוליס איז נידעריקער פֿון מיטעלן וווּקס. צו זײַנע פֿופֿציק יאָר ניט פֿאַרהיט קיין סימען פֿון האָר אפֿן גלאַנציקן קאָפּ. די שיטערלעך־בלויע אויגן — געדיכט אַרומגעוואַקסן מיט קנייטשן. זײַנע פּאַציענטן היילט ער ניט אַזוי מיט רעפֿועס פֿון דער אַפּטייק, ווי מיט זײַנע שאַרפֿזיניקע ווערטלעך און פֿריילעכע מײַסעס, וואָס ווערן זיך בא אים, אַפּאָנעם, קיינמאָל ניט אויסשעפּן. אייניקע מאַרגוליסעס ווערטלעך זײַנען אַפֿילו אַרײַן אין די ווערק פֿון אַ באַוווּסטן שרײַבער. זאַלמען האָט זיך נאָך דערווײַל מיט זיי ניט באַנוצט. נאָר ער וועט צו זיי געוויס מיסטאַמע אָנקומען, ווען דער דאָקטער מאַרגוליס וועט ווערן אַ פּערסאָנאַזש אין זײַן פּיעסע.

דעם צונאָמען „ראָשע" האָט זאַלמען אים געגעבן פֿאַר זײַן אויסטײַטשן די ראַדיאָ־טראַנסלירונגען פֿון דער „אַמעריקאַנער שטים" און דער ענגלישער „בי־בי־סי". מאַרגוליס האָט זיך געהאַלטן בא איין קלאַל: קיין זאַך ניט גלייבן אַף אַלע הונדערט. אַפֿילו אין דעם, אַז צוויי מאָל צוויי איז פֿיר. גלייבן דאַרף מען בלויז אַף נײַן און נײַנציק, ווײַל אַט דער אַפּיקאָרסישער איין פּראָצענט וועגט צומאָל אַריבער די נײַן און נײַנציק, שלינגט זיי אײַן, ווי די זיבן מאָגערע קי האָבן אײַנגעשלונגען די זיבן פֿעטע.

אומדערוואַרט האָט מען לעצטנס ביכלל ניט געלאָזט מער הערן די אויסלענדישע ראַדיאָ־טראַנסליאַציעס. טוט מען נאָר אַ שטעל אָן דעם ראַדיאָ־אויפֿנעמער אַף דער נייטיקער כוואַליע, אַזוי גיט זיך באַלד פֿון דאָרט אַ ריס אַרויס אַ גרילצעניש מיט אַ זעגעניש, גלײַך מע זאָל לאָזן אין גאַנג עטלעכע זעגמילן מיטאַמאָל. מאַרגוליס האָט אָבער פֿאַר דער דאָזיקער אָנשיקעניש געפֿונען אַ רעפֿוּאה. דעם סאָד, וויאַזוי מאַכט מען, אַז מע זאָל פֿונדעסטוועגן קאָנען הערן, גיט ער ניט אַרויס, און פֿון דעם, וואָס ער הערט זיך אָן, ווײַבאַלד ס'איז טרייף, פֿאַרוואָרט צו הערן, דערציילט ער ניט איבער. דאָס אָבער, וואָס מע גיט איבער פֿון דאָרטן ביז איצט נאָך וועגן דער האַריגע אין מינסק, באַהאַלט ער ניט אויס פֿון זײַנע ייִדישע פּאַציענטן. דערבײַ גיט ער זײַנע אייגענע פּירושים, אָפּטמאָל פּונקט דער היפּוך פֿון דעם, ווי מע טײַטשט עס דאָרטן אויס. ער קאָן נישט פֿאַרשטיין ניט די אַמעריקאַנער, ניט די ענגלענדער. פֿונוואַנען האָבן זיי איצט גענומען די אַלע באַווײַזן, אַז ס'איז פֿאַרגעקומען ניט אַזוי, ווי מע האָט דערפֿון פֿריִער גערעדט און געשריבן דאָ. קיינער פֿון זיי איז דאָך דערבײַ ניט בײַגעווען. ס'איז ביכלל קיינער דערבײַ ניט בײַגעווען, אַז מע זאָל אים קאָנען אַרויסשטעלן פֿאַר אַן אייִדעס. און ווען אַפֿילו יאָ, איז יענער, דאַרף מען זיך פֿאַרשטעלן, אַזוי אָנגעשראָקן, אַז ער וועט קיין וואָרט ניט זאָגן.

די לעצטע נײַעס פֿון דאָרטן וועגן דער האַריגע און מיט זײַנע פּירושים דערצו האָט מוישע מאַרגוליס איבערגעגעבן זאַלמענען ניט אין דער פּאָליקליניק, נאָר באַם אַרויסגאַנג פֿונעם גאַסטראָנאָם אַף אָכאָטני ריאַד, ווו ער האָט יענע וואָך זיך מיט אים צופֿעליק געטראָפֿן.

— ווי קלערט איר, מאַיסיי בענציאַנאָוויטש, — האָט זאַלמען, אויסהערנדיק פֿונעם דאָקטער די לעצטע איבערגעכאַפּטע נײַעס פֿון דאָרטן, אַ פֿרעג געגעבן בא אים, — ער ווייסט?

— דאָס זעט איר, זאַלמען נאַומאָוויטש, דאַרף מען אים שוין פֿרעגן.

— ע, ווען איך זאָל זיך געווען פֿאַרשטעלן מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק, אַז אַזעלכעס קאָן זיך בא אונדז פֿאַרלויפֿן. איך בין דעמאָלט געשטאַנען לעבן אים ווי איך שטיי איצט מיט אײַך. איר גלייבט ניט, ווי איך זע. איך גלייב אַליין ניט אַצינד שוין אין דעם. ס'איז אָבער געווען אין מײַן לעבן אַזאַ צופֿאַל. לאָמיר אָפּגיין אָן אַ זײַט. גאַסן האָבן אויגן.

— גאַסן האָבן אָבער ניט קיין אויערן, — האָט מאַרגוליס אַ שמייכל געטאָן מיט זײַן אויסגעקרימט מויל און בעשאַסמײַסע, ווי זאַלמען, זיך אַרומגעקוקט.

— אין אָט דעם הויז, ווו מיר שטייען מיט אײַך, איז אין יענע יאָרן געווען אַ סטודענטישע צוזאַמענוווינונג. איך בין דאָרט געווען אָן אָפּטער גאַסט. איז אָט: אַראָפּלאָזנדיק זיך מיט די טרעפּ אַף אונטן, האָב איך פּלוצעם דערהערט שפּילן שאָפּענס טרויער־מאַרש. איך גיי צו צו דער דרויסן־טיר און שטעלט זיך פֿאַר: איך דערזע פֿאַר זיך באַם אַרויסגאַנג פֿונעם קאָלאָנען־זאַל דעם „שטאָלענעם" און זיי אַלעמען. דאָס איז איצטער, ווען מע גייט פֿאַרבײַ אַף די דעמאָנסטראַציעס די טריבונע פֿון מאַווזאָליי, לאָזט מען דיך ניט צו פֿאַר אַ מײַל. מע שפּירט דיך נאָך פֿון דער צענטער גאַס. דעמאָלט איז געווען אַנדערש. מע האָט קיינעם ניט צוגעלאָזט בלויז צו אָכאָטני, און אָכאָטני ריאַד איז דאָך אייגנטלעך קיין גאַס ניט, אַ קליינער קוואַרטאַל, ווי איר זעט. ניט לאַנג געטראַכט, יונג בין איך געווען, אויסגעזען, קאָן מען זאָגן, קימאַט נאָך אַ ייִנגל, און קיין אָנגעשראָקענער בין איך אויך ניט געווען, נעם איך און גיב אַ לויף אַריבער אַף דער אַנדערער זײַט, צום קאָלאָנען־זאַל, פֿונוואַנען מע האָט שוין געהאַט אַרויסגעטראָגן דעם אָרן און די קרענץ. וועגן דעם, אַז ס'איז די לעווײַע פֿון דעם רעדאַקטאָר פֿון דער „איזוועסטיאַ", פֿון סקוואָרצאָוו־סטעפּאַנאָוון, האָב איך זיך ערשט נאָכדעם דערוווּסט. מעגלעך, אַז די, וועלכע האָבן אַכטונג געגעבן פֿון דער זײַט, האָבן ניט באַמערקט ווי איך

בין אַריבערגעלאָפֿן. מע האָט דעמלט ניט נאָכגעשפּירט אַזוי, ווי איצט. נאָר גיכער פֿון אַלץ האָבן זיי מיך אָנגענומען, אַז איך בין פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעמס מישפּאָכע, ווײַל כ'בין גלײַך צוגעשטאַנען צו דער לעווײַע. און אַזוי בין איך דערגאַנגען ביזן מאַוזאָלײ.

איך הײַנט, אַרומדרייענדיק זיך גאַס־אײַן, גאַס־אויס איבער דער שטאָט, האָט זאַלמען צום סאָף שפּאַציר פֿאַרקערעוועט אויף אַכאָטני אײַנקויפֿן פֿאַר זיך אין גאַסטראָנאָם א ביסל שפּײַז. אין צענטער איז א גרעסערער אויסוואַל פֿון פּראָדוקטן, ווי אין די קלייטן אויף דער גאַס, ווו ער וווינט.

פֿון די דעמלטיקע הײַזער אויף דעם פֿאַרבויטן אַכאָטני ריאַד איז אויסער דעם הויז פֿונעם קאָלאָנען־זאַל פֿאַרבליבן בלויז די געבײַדע פֿון דער סטודענטישער צוזאַמענוווינונג, ווו ער איז געווען אַן אָפּטער אַרײַנגייער. דאָרט האָט געלעבט די סטודענטקע פֿון דער ייִדישער ליטעראַריש־לינגוויסטישער אָפּטיילונג פֿונעם צווייטן מאָסקווער אוניווערסיטעט, אין וועמען ער איז דאַן געווען פֿאַרליבט.

פֿאַרבײַגייענדיק אַצינדער די צוזאַמענוווינונג, האָט זאַלמען זיך דערזען אין יענעם פֿרי־האַרבסטיקן טאָג, ווען ער איז אַריבערגעלאָפֿן אויף יענער זײַט גאַס, דערזען פֿאַר זיך דאָס פֿאַרגאַנגענע אַזוי בוילעט קלאָר, אַז ער וואָלט, דאַכט זיך, געקאָנט פּינקטלעך אָנווײַזן, ווו ס'האָט דאָ דאַן געשפּאַנט סטאַלין. ער און מאָלאָטאָוו האָבן געפֿירט אונטער דער האַנט דעם הויכן סטולעוואַטן מאַקסים גאָרקי. הינטער זיי איז געגאַנגען דער געהויבענער גאַסט פֿון פֿראַנקרײַך ערױאָ; אַפֿילע דאָס, אַז ערױאָ איז אינעם זעלבן טאָג פֿון דער לעווײַע אָפּגעפֿאָרן אַהיים, האָט זיך אים, זאַלמענען, אויך פֿאַרגעדענקט. נאָר מיט וועמען באַגאַנד איז ערױאָ געגאַנגען, האָט זיך אין זיקאָרן ניט פֿאַרהיט. גיכער פֿון אַלץ דערפֿאַר, ווײַל ער, זאַלמען, האָט זיך אויף הינטער ווייניק אומגעקוקט, כאָטש ס'זײַנען דאָרט נאָכגעגאַנגען גבכן אָרן אַלע, וועמען ער האָט נאָכדעם, בײַס די דעמאָנסטראַציעס, געזען, פֿונדערווײַטן אויף דער טריבונע און וועמען מע האָט אין קנאַפּע יאָרן אַרום שוין אין ערגעץ ניט געזען. דעם גאַנצן וועג האָט ער זיך צוגעקוקט בלויז צו דעם, וועד ס'איז געגאַנגען רעכטס פֿון אים. ער האָט זיך ביז דאַן ניט פֿאָרגעשטעלט, אַז סטאַלין איז גאָר נידעריקער פֿון אים און אין פֿאַרגלײַך מיט גאָרקין און מאָלאָטאָווץ האָט ער אויסגעזען נאָך מער קלענער. אויף די בילדער און פֿונווײַטן פֿאַרבײַגייענדיק, דעם מאַוזאָלײ, האָט זאַלמען ניט געקאָנט עס באַמערקן. אויף די בילדער און אויף דער טריבונע פֿונעם לעניִן־מאַוזאָלײ האָט סטאַלין אויסגעזען הויכוווּקסיק, ברייטפּלייציק. אויסער דעם, האָט זאַלמען, גייענדיק האַרט לעבן סטאַלינען, באַמערקט אויך אַזעלכס, וואָס איז ניט צו זען אויף די בילדער. זײַן פּאָנעם איז געווען א טונקלס און א געשטופּלטס, דער קאָפּ ערטערווײַז ווי פֿאַרשנייט. בלויז די וואָנצעס שוואַרץ ווי קויל. ריר זיך צו זיי צו, וועט, דאַכט זיך, איבערבלײַבן אויפֿן פֿינגער סאַזשע. די ברעמען און די וויִעס אויך פֿונעם זעלבן קאָליר. פֿאַרגעדענקט האָט זיך זאַלמענען פֿון יענעם פֿרי־האַרבסטיקן טאָג, אַז אינמיטן וועג האָט ער זיך א ביסל אַרויסגערוקט פֿאָרויס פֿון זייער ריי, אַז ער זאָל זיך קאָנען בעסער צוקוקן צום שטאַלענעם. סטאַלין האָט עס געוויס באַמערקט, און ביידע האָבן זיך איינער דעם אַנדערן פֿאַרגעדענקט.

צוגעקומען צו דער גאָרקי־גאַס, האָט די לעווײַע פֿאַרקערעוועט אויף לינקס און זיך אויפֿגעהויבן מיטן ברייטן דורכפֿאָר צווישן דער רויטער ציגלענער קרעמל־וואַנט און דעם רויט־ציגלנעם מויער פֿונעם היסטאָרישן מוזיי אויפֿן רויטן פּלאַץ.

באַם צופֿוסנס פֿונעם הילצערנעם מאַוזאָלײ, נאָכן העספּעד, האָט זאַלמען זיך געזעגנט מיטן באַלעבאָס פֿונעם לאַנד, וויסנדיק, אַז אַזוי נאָענט וועט ער אים אין לעבן שוין מער קיינמאָל ניט זען.

— אָ, זאַלמאַן נאַומאָוויטש!

מאַנדעל האָט אויפֿגעציטערט, ווי ער זאָל געווען דערהערן יענעמס קאָל. באַ דעם עלעגאַנט געקליידטן מענטשן, וועלכער האָט אים פֿאַרצאַמט דעם וועג מיט צוויי אויסגעשטרעקטע הענט שיר ניט אויף אַרופֿאַלן זיך קושן, איז דאָס פּאָנעם אויך געווען א טונקלס, נאָר די וואָנצעס אונטער דער ברייטלעכער נאָז ברעקלעך קליינע, קוים צו באַמערקן.

— וואָס באַטראַכט איר מיך אַזוי, זאַלמאַן נאַומאָוויטש? איר דערקענט מיך ניט?

— ניין, — האָט זאַלמען צעטומלט געענטפֿערט.

— אײַך אונטערזאָגן, צי איר ווילט זיך אַליין דערמאָנען? — דער אומבאַקאַנטער האָט אים גענומען אונטער דער האַנט און אָפּגעטראָטן אין א זײַט פֿון דער אַרײַנגאַנג־טיר אין דער סטודענטישער צוזאַמענוווינונג. — אײַ, טײַערער זאַלמאַן נאַומאָוויטש, ווי פֿאַרגעסט מען עס אַזוי גיך א נאָענטן כאַווער.

— א נאָענטן כאַווער? — האָט זאַלמען נאָך מער צעטומלט אַרויסגעבראַכט.

— איך זע שוין, אַז מיר וועט אויסקומען אײַך צוהעלפֿן. ווען זײַט איר דאָס לעצטע מאָל געווען אין סאָטשי אויף קוראָרט?

— איך בין אין סאָטשי אויף מײַן לעבן קיינמאָל ניט געווען.

— און אין קיסלאָוואָדסק?

— אין קיסלאָוואָדסק?

— מאַטערט זיך ניט, זאַלמאַן נאַומאָוויטש. איר וועט זיך סיי ווי ניט דערמאָנען, ווייל אין קיסלאָוואָדסק בין איך אויך קיינמאָל אױף מײַן לעבן ניט געווען. — דער אומבאַקאַנטער האָט ווי אומגערן אַרויסגענומען פון קעשענע אַ רויט ביכעלע און עס באַוויזן דעם מיטאַמאָל בלייך־געוואָרענעם זאַלמענען. — וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן? איר האָט זיך פאַר אונדז ניט וואָס צו שרעקן. וואָס שטייען מיר אױף דער גאַס? קומט אַרײַן אַהער אין האָטעל. כ׳וועל אײַך לאַנג ניט פאַרהאַלטן. איך דאַרף זיך מיט אײַך דורכריידן וועגן אײַנעם אַן איניען.

אין דעם לאַנגן קאָרידאָר אױפן ערשטן שטאָק פונעם האָטעל „מאָסקווע" האָט דער ציוויל־געקליידטער מאַן אויפגעשלאָסן אַ טיר און דורכגעלאָזט מאַנדעלן פאָרויס זיך.

דער צימער איז געווען אַ געוויינלעכער האָטעל־נומער מיט אַן אַקוראַט פאַרבעט הילצערנער בעט, מיט אַ שאַפע און אַ טישל מיט צוויי שטולן. אױפן טישל איז געשטאַנען אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט, אַ לאָמפּ אונטער אַ גרינעם אַבאַזשור און אַ גראַפין וואַסער.

— ביטע, זעצט זיך צו. איר קאָנט אויסטאָן דעם מאַנטל. דאָ איז גענוג וואַרעם.

— אַ דאַנק.

— דאַכט מיר, אַז איר רייכערט, — מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטש, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר זאַלמענען, האָט אַרויסגענומען פונעם טישקעסטל אַ ניט־אָנגעהויבן שאַכטל פּאַפּיראָסן „קאַזבעק" און צוזאַמען מיט אַ פּעקל שוועבעלעך עס צוגערוקט מאַנדעלן. — ביטע. באַליידיקט זיך ניט פאַרן שפּאַס. מיר האָבן ווירקלעך זיך מיט אײַך אין ערגעץ ניט באַגעגנט. דאָס שטערט מיר אָבער ניט האָבן וועגן אײַך אַ פאָרשטעלונג, ווי וועגן אַן ערלעכן סאָוועטישן מענטשן, אַן איבערגעגעבענעם פּאַטריאָט פון אונדזער היימלאַנד. איך דאַרף אײַך, פאַרשטייט זיך, ניט דערמאָנען, איר ווייסט אַליין גאַנץ גוט אין וואָס פאַר אַ צײַט מיר לעבן. אונדזער לאַנד איז אַרומגערינגלט מיט סאָנים און, ווי זאָגט זיך דאָרט אײַנעם באַוווּסטן ווערטל: „באַהיט מיך גאָט פון מײַנע פרײַנט. פון מײַנע פײַנט וועל איך זיך אַליין אויסהיטן". און פײַנט, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס אונטער דעם שלייער פון פרײַנט, זײַנען בײַ אונדז אַ סאַך מער ווי מיר קלערן. זיי זײַנען אומעטום דאָ, בלויז פאַרוקט אין די לעכער און מיינען, אַז זיי וועלן זיך דערמיט אויסבאַהאַלטן פון אונדז. זיי האָבן אָבער אַ גרויסן טאָעס...

צו וואָס זאָגט ער עס אים, קאָן זאַלמען ניט פאַרשטיין. אין צוזאַמענהאַנג מיט וואָס וואָרנט ער אים דערפון?

דאָס ווײַטערדיקע האָט זאַלמען שוין געהערט צעשטרייט, געטראַכט וועגן זײַנע נאָך ניט געדרוקטע קסאַוויאָדן, נאָך ניט געשטעלטע פּיעסעס און קרישטאָלס דראַמע, צי איז אין זײַן אָפּוועזנהײַט שוין געווען אַן אונטערזוכונג בײַ אים אין צימער און מע האָט דאָס אַלץ פאַרנומען צוזאַמען מיט די נאָטיץ־ביכלעך און פּעקלעך בריוו? צו וואָס האָט ער זיי נאָך פאַרהיט? וועמען, אויסער אים, גייען זיי אָן? בריוו דאַרף מען ניט פאַרהיטן. איבערגעלייענט, און גלײַך צעריסן.

— מיר ווייסן אַן ערעך, מיר דאַרפן אָבער וויסן פּינקטלעכער, ווער פאַרשפּרייט די קלאַנגען, אַז בענמיכאָעל איז ניט אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ לאַסטמאַשין, נאָר אַז מע האָט אים אומגעבראַכט, אַז ער איז געפאַלן אַ קאָרבן? פון וועמען אַ קאָרבן? ווער האָט אים אומגעבראַכט? פאַרוואָס האָט מען אים אומגעבראַכט? מירן מאַכן אַ סאָף צו די אַלע קלאַנגען! מיר שטויסן זיך אָן, פונוואַנען שטאַמען אָט די רעכילעס. כ׳בין זיכער, אַז איר ווייסט, ווער סע פאַרנעמט זיך מיט פאַרשפּרייטן די אַלע קלאַנגען.

זאַלמען האָט אויפגעהויבן די אויגן אױפן באַלעבאָס פונעם רויטן ביכעלע. אָנגעשטויסן זיך אױף יענעמס שאַרפן בליק, האָט ער צוריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— אָט די אַלע רעכילעסדיקע קלאַנגען, זאַלמאַן נאַומאָוויטש, שטאַמען פון אײַערע קאָלעגן, פון די ייִדישע שרײַבער, פונעם ייִדישן אַנטיסאָוועטישן, כ׳האָב געוואָלט זאָגן, אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, פון די אַקטיאָרן פונעם ייִדישן טעאַטער. ס׳איז אַ שפּיל מיט פײַער. וואָרנט זיי דערפון. גלײַכער וועט זײַן, אַז איר זאָלט זיי אונדז אָנרופן און מיר וועלן אַליין זיך דורכריידן מיט זיי. ווי אַ טרײַער סאָוועטישער מענטש דאַרפט איר אונדז אין דעם מיטהעלפן.

זאַלמען האָט זיך אויפגעשטעלט:

— אַנטשולדיקט. איך בין ניט דער, פאַר וועמען איר נעמט מיך אָן.

— איר זאָגט זיך אָפּ אונדז העלפן?

— אַנטשולדיקט. איך גיי ניט אונטער פאַר דער דאָזיקער אַרבעט.

מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטש האָט זיך אויך אויפגעשטעלט:

— אײַלט זיך ניט, זאַלמאַן נאַומאָוויטש, זאָגן ניין. באַקלערט זיך אַפּריער גוט. איך ראַט עס אײַך, ווי אַן עמעסער פרײַנט. מיר וועלן זיך נאָך מיט אײַך באַגעגענען. בײַ מיר איז דאָ אײַער טעלעפאָן, כ׳וועל אײַך אָנקלינגען. קיין אונטערשריפט נעם איך ניט בײַ אײַך. איך מיין, אַז איר

פאַרשטייט גאַנץ גוט אַליין, אַז דערפֿון, וואָס מיר האָבן דאָ הײַנט גערעדט, דאַרף קיינער ניט וויסן. באַגעגענען וועלן מיר זיך מיט אײַך דאָ, בײַ מיר אין נומער. דאָס איז דערווײַל אַלץ. צום ווידערזען. — ער האָט אויפֿגעמאַכט די טיר, נאָר פֿאַרן אַרויסלאָזן מאַנדעלן פֿון צימער זיך אַרומגעקוקט, צי אין קאָרידאָר איז נאָענט קיינער ניטאָ.

דער הימל איבער אים האָט זיך צעשפּאָלטן אויף צוויייען, די ערד איז אַנטרונען פֿון אונטער זײַנע פֿיס. אַזאַ געפֿיל איז געווען בײַ זאַלמענען, ווען ער איז אַרויס פֿונעם האָטעל. פֿאַר זײַנע אויגן האָט זיך געשוואַרצט אַ טהאָם, און ער ווייסט ניט, וויאַזוי אים אַריבערקומען. ער ווייסט צלויז, אַז דער טהאָם וועט פֿון אים ניט אָפּטרעטן. ער וועט אים שטענדיק שטיין פֿאַר די אויגן. פֿאַר וועלכע זינד קומט ער אָפּ?

— גאָט מײַנער, פֿאַר וועלכע זינד? — האָט זאַלמען עס אַרויסגעבראַכט פֿאַר זיך אויף אַ קאָל, און פּלוצעם האָט ער דערהערט אין זיך אַן אַנדער קאָל: „דו האָסט אָט דעם פֿאַרשוין שוין ערגעץ געזען. דערמאָן זיך...”

ווירקלעך. ער האָט דעם דאָזיקן מענטשן שוין ערגעץ געזען. וויאַזוי האָט ער זיך עס גלײַך ניט געכאַפּט. נאָר ווו? ווו האָט ער אים געקאָנט זען?

דעם גאַנצן וועג אַהיים האָט זאַלמען געטראַכט בלויז דערפֿון. ווו האָט ער געקאָנט זען אָט דעם מענטשן?

ליגנדיק שוין אין בעט, האָט אים געגעבן מיטאַמאָל אַ הייב אויף פֿון געלעגער. ער האָט זיך דערמאָנט. זיך דערמאָנט ווו.

פֿון דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, וואָס האָט פֿאַרנומען קימאַט דעם גאַנצן אונטערשטן עטאַזש אינעם געוועזענעם פּירשטלעכן צווייגאָרנדיקן מויערל אויף קראָפּאָטקין־גאַס, איז מען געוויינלעך געגאַנגען אין דער רעדאַקציע פֿון דער צײַטונג „אייניקײַט” ניט מיט די פּאַראַדנע מירמלנע טרעפּ, נאָר מיט די זײַטיקע, הילצערנע. אינדערמיט, צווישן דער ערשטער און דער אַנדערער העלפֿט פֿון די טרעפּ, איז ווי אומעטום געווען אַ פּלאַטשאַדקע, אָבער אַ גערעמערע און מער אַרומגעצאַמטע.

אַנומלט, ווען זאַלמען האָט זיך מיט די הילצערנע טרעפּ אַ מידער געשלעפּט אין רעדאַקציע, האָט אויף דער פּלאַטשאַדקע אים פּריינטלעך ברייט געגעבן אַ נעם אַרום פֿון הינטן, שיר ניט אַנהענגענדיק זיך אויפֿן האַלדז, יעשיִע רויזען, פּונקט ער זאָל זיך ניט געווען זען מיט אים ווער ווייסט וויפֿל.

— זאַלמען, איך וויל אײַך דורכלייענען מײַנס אַ נײַ מײַסעלע, ערשט הײַנט עס אָנגעשריבן.

— איך בין גרייט אויסצוהערן. קומט אַרויף אין רעדאַקציע.

— דאָרט איז טומלדיק. בעסער דאָ. איז שטילער. — איבערגעבויגן זיך איבערן פּאָרענטש מיטן פּאָנעם צו דער אַנטקעגנ־איבערדיקער וואַנט, האָט יעשיִע אָנגעהויבן שטיל אויסזינגען אויף זײַן אויפֿן דאָס נײַ־אָנגעשריבענע מײַסעלע אין פֿערזן.

אונטן, אָנגעשפּאַרט בײַ דער וואַנט, איז געשטאַנען אַ מענטש און אַרופֿגעקוקט צו זיי. יאָ, דאָס איז געווען ער, דער, ווער ס'האָט אים הײַנט אָפּגעשטעלט אויף דעם אַכאָטני ריאַד, בײַ דער סטודענטישער צוזאַמענוווינונג.

אויפֿגעכאַפּט האָט זיך זאַלמען אינדערפֿרי מיטן געדאַנק צופֿאָרן צו נאָסענען און אים אַלץ דערציילן, נאָר אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך געפֿרעגט: צו וואָס? ער, זאַלמען, האָט זיך דאָך גלײַך אויפֿן אָרט אָפּגעזאָגט, איז ניט אײַנגעגאַנגען און וועט קיינמאָל ניט אײַנגיין דערויף. ער שטעלט זיך פֿאָר, מיט וואָס קאָן זיך עס פֿאַר אים ענדיקן. מיט זיי שפּילט מען זיך ניט. קוים האָט יענער פֿאַרפֿירט מיט אים אָט די טײַוולאָנישע שפּיל, וועט ער שוין ניט אָפּטרעטן. בלײַבט פֿאַר אים דאָס אייניציקע — ניט ווערן. פֿאַרשווינדן. אַוועקפֿאָרן ערגעץ ווײַט, ווו מע וועט אים ניט זוכן. אויב עלישע האָט נאָך ניט דערציילט יעשיִען וועגן זײַן באַקאַנטשאַפֿט מיט איר מוטער, וועגן זייער דעמלטיקער ליבע, דאַן איז דאָס זיכערסטע אָרט אויף אויסצובאַהאַלטן זיך — דער פֿאַרוואָרפֿענער ייִשעוו אַבעז. ווועמען קאָן אײַנפֿאַלן, אַז ער האָט אַליין זיך פֿאַרשיקט אַהינצו, וווּהין זיי פֿאַרשיקן. הײַנט וועט מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטש אים נאָך ניט פֿאַרבעטן צו זיך, מאָרגן, דאַרף מען פֿאַרשטיין, נאָך אויך ניט, ווײַבאַלד ער האָט אים געגעבן צײַט אויף באַטראַכטן זיך, וואָס דערוואַרט אים, אויב ער זאָגט זיך אָפּ. אָבער סײַווי וועט ער שוין הײַנט, און מאָרגן, און איבערמאָרגן אין קאָמיטעט און אין דער רעדאַקציע ניט גיין. און אויך ניט אין פֿאַרלאַג. ער וועט נישט גיין אַהין ניט פֿון מוירע, אַז ער קאָן דאָרטן אָנטרעפֿן יענעם. ניין, ניט פֿאַר דעם האָט ער, זאַלמען, מוירע. וויאַזוי קאָן ער זיך איצט באַגעגענען מיט נאָענטע מענטשן, מיט לאַנגיאָריקע כאַווײרים, וויסנדיק, אַז זיי דראָט אַ שרעקלעכע געפֿאַר און ער קאָן זיי וועגן דעם ניט וואָרענען. אַפֿילע זײַן נאָענטסטן כאַווער, זײַן איבערגעגעבנסטן פֿרײַנט נאָסענען קאָן ער דערפֿון ניט וואָרענען. טאָמער וועט מיט עמעצן פֿון זיי, כאָלילע, עפּעס טרעפֿן, וועט ער דאָך ניט קאָנען זאָגן וועגן זיך: מײַנע הענט האָבן ניט פֿאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט.

איצט סאָפּעקט ער זיך שוין ניט, זאַלמען, אַז דער, וועמען ער האָט אין דער נאַכט, ווען בענמיכאעל איז געלעגן נאָך אין אָרן, געזען בא טימיריאַזעוװס דענקמאָל מיט די צוויי יונגעלייַט, איז געווען יעשיִע.

דער קאָפּ שפּאַלט זיך אױף צווייען. ס׳האָט אים ניט אופגעהערט עגבערן איין און דער זעלבער געדאַנק, מאַקריוו זייַן מיט זיך, ווי דאָס האָבן שוין וויפל מאָל געטאָן אין פאַרשיידענע צייַטן די, וועלכע האָבן געזאָרגט וועגן צווייטן, זיך אייַנגעשטעלט פארן צווייטן, מאַקריוו געווען זיך פארן פאָלק. ס׳איז שוין אָבער צו שפּעט ראַטעווען זיי פון דער געפאַר. איבער יעדן איינעם, מיט וועמען ער האָט ביז הייַנט זיך טאָגטעגלעך געזען, געוווען יאַרגלאַנג באַפרייַנדעט, העגנט שוין די האַק, אױף יעדן איינעם איז שוין אָנגעצילט די ביקס. ער, זאַלמען, איז נייטיק די, אין וועמענס נאָמען מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטש האָט נעכטן געפירט דעם געשפּרעך, בלויז אױף צו באַרעכטיקן זיך פאַר דער געשיכטע, אויב זיי וועט עס אויסקומען. פאַרוואָס האָט מען צוליב דעם אויסגעקליבן גראַדע אים? פאַראַן דאָך פיל גרעסערע און מער באַוווסטע שרייַבער פון אים. קענטיק, אַז דאָס האָט יעשיִע אָנגעוויזן, אונטערגעזאָגט, ווו מע דאַרף, אַז ער איז פּאַסיק פאַר דעם. יעשיִע וויל ניט נעמען די גאַנצע שולד אױף זיך, ער וויל זי טיילן מיט נאָך עמעצן.

„ס׳איז נאָך ניט שפּעט. זייַ זיך מאַקריוו. גיי און וואָרן יעדן איינעם, וועמען עס דראָט די געפאַר".

זאַלמען פאַרשטייט, אַז אױף מאַקריוו צו זייַן זיך איז ער צו שוואַך. ס׳איז אָבער ניט זייַן שולד. די שרעק, וואָס פירט איצט אָן מיט יעדן, איז צו טיף אַרייַן אין אים, אַז ער זאָל זי קאָנען בייַקומען. נאָר פאַרקויפן די נעשאָמע דעם טייַוול וועט ער ניט. דאָס ווייסט ער אױף זיכער.

פון עלישען קאָן ער אָבער ניט און טאָר ניט איסבאַהאַלטן וועגן דער געפאַר, וועלכע עס דראָט איר. ווען ס׳וועט אָנקומען די נייטיקע שאָ, וועט יעשיִע אויך זי ניט פאַרבייַגיין, כאָטש ווי ער, זאַלמען, האָט געקאָנט באַמערקן, טרעפנדיק זיי אין טעאַטער אױף „פריילעכס", איז יעשיִע ניט אױף קאַטאָוועס פאַרליבט אין איר. מעגלעך, אַז אויך זי אין אים, און ס׳איז ניט קיין וווּנדער. א יונג איז ער א שיינער, א שטאַלטנער, דערצו נאָך אי א שרייַבער, אי א סקולפּטאָר. אַלציינס אָבער וועט ער, זאַלמען, זיך אַרייַנמישן אין זייער ליבע, זי צעשטערן. צוליב דעם וועט ער מוזן עלישען אַלץ אויסדערציילן. וויאַזוי גיט מען איר איבער, אַז ער דאַרף זי נייטיק זען? פאַרוואָס האָט ער ניט גענומען בא איר דעם אַדרעס? זי האָט דאָך אים אַליין געהאַט פאָרגעלייגט. ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי אָנקומען צו אויזערן. נאָרוויל ווינט ניט ווייַט פון איר. פרייִער פון זונטיק, ווייבאַלד זי אַרבעט, וועט זי ניט קאָנען קומען. בעסער איינעם ערשטן האַלבן טאָג. זי וועט זיכער פרעגן וועגן דעם פּאָטערס פּיעסע. דערויף קאָן ער איר ענטפערן בלויז איינס: ניט איצט איז די צייַט פאַר דעם, וואָס זיי האָבן ביידע געהאַט פאַרטראַכט.

אינעם זעלבן טאָג איז זאַלמען פאַרלאָפן צו אויזערן אין ביבליאָטעק, געבעטן איבערגעבן עלישען, אַז ער וועט הייַנטיקן זונטיק, אַרום צוויי באַטאָג, וואַרטן דאָ אױף איר. דערבייַ האָט זאַלמען געבעטן אויזערן איר איבערגעבן, אַז אַהיים צו אים זאָל זי ניט קלינגען, ער וועט איר נאָכדעם זאָגן פאַרוואָס.

— גוט. איך וועל איר אַלץ איבערגעבן, — און א פינטל געטאָן מיט די אויגן הינטער די ברילן. — ס׳האָט עפּעס געטראָפן?

— איבעריקס גאָרניט. איך דאַרף זיך מיט איר דורכשמועסן.

— וועגן איר טאַטנס פּיעסע?

— זי האָט מיט אייַך וועגן דעם גערעדט?

— זי האָט מיר בלויז געזאָגט, אַז זי האָט אייַך געגעבן זי איבערלייענען.

— מע דאַרף אָבער קיינעם ניט דערציילן.

— און אַליין, מיינט איר, פאַרשטיי איך עס ניט? אוי, דאַרף מען זייַן געהיט מיט א וואָרט.

— אנטקעגן וואָס זאָגט איר עס?

נאָרוויל האָט א ווונק געטאָן צו זאַלמענען, ער זאָל אַרייַן מיט אים אין דער קאַמאָרקע און מיט א פאַרשמאַכט קאָל, ווי ער זאָל האָבן געפּאַסט, זיך שטיל אָנגערופן:

— איר געדענקט דעם יונגנמאַן מיט די לאַנגע האָר, וועלכער האָט פאַר דער מילכאָמע פאַרענדיקט דעם פּאַריזשער אוניווערסיטעט און ניט געקאָנט טדאָ אין ערגעץ אָנקומען אױף אַרבעט? ס׳האָט אים געשטערט זייַן שטודירן אין אויסלאַנד. אַליין איז ער א היגער, פון מיַרעווער־ווייַסרוסלאַנד. א גרויסער ראַכמאָנעס געווען אױף אים. ער פלעגט קומען אַהער קימאַט יעטווידן טאָג. פּלוצעם האָט ער אופגעהערט אַרייַנקומען. כ׳האָב איבערגעטראַכט כ׳ווייס אַליין שוין ניט וואָס. א מענטש האָט געקאָנט קראַנק ווערן, צי עפּשער איז ער סאָפּקאָלסאָף אָנגעקומען אױף אַרבעט און האָט ניט קיין צייַט גיין מער אַהער. אָבער זונטיק וואָלט ער דאָך געקומען. זייַנען שוין אַריבער צוויי זונטיקס און ניט מע זעט אים, ניט מע הערט אים. כ׳האָב שוין געוואָלט גיין אים געוווּר ווערן. אױף זייַן אַבאָנע־

מענט איז אַנגעוויזן דער אדרעס. קומט אהער די טעג אריַן א יונגערמאַן און פרעגט מיך, צי קאָן איך אזא ווי ראכמיִעל קאַנץ, וואָס איז ער פאַר א מענטש. פאַרייַנס שוין פרעגט ער מיך, צי האָט ער געזאָגט... און דער יונגערמאַן גיט מיר איבער וואָרט איין וואָרט דאָס, וואָס ער האָט דאַ דעמלט געזאָגט יעשיִען, בייס זיי האָבן זיך צעאמפּערט וועגן דיזן דאזן. מיר דוכט, אז איין ביבליִאָטעק איז דאַן מער קיינער ניט געווען. פאַרשטיי איך ניט, וויִאזוי האָט עס געקאָנט דערגיין צום אריַנגעקומע־נעם יונגערמאַן? כ׳האָב געוואָלט בא אים דערגיין, פאַרוואָס פרעגט ער זיך בא מיר אזוי נאָך וועגן קאַנפּן, האָט ער מיר געענטפערט, אז ער דאַרף עס, קעדיי העלפן אים אָנקומען אַף אַרבעט.

אויסגעהערט עס, האָט זאַלמען זיך אָנגערופן:

— ווייסט איר וואָס, אַיזער, גיט מיר עלישעס אדרעס. כ׳וועל אַליין צו איר עפשער צופאָרן. בא איַיך האָט זיך נאָך פאַרהיט מיַין אבאָנעמענט?

— פאַרשטייט זיך.

— איז גיט מיר, זיַיט אזוי גוט, אַף עטלעכע טעג מארק פאַלאָנערס לעצטן באַנד לידער. ער האָט אים מיר נאָך דערוויַיל ניט געשענקט.

בא דער טיר האָט זאַלמען זיך א וויַילע פאַרהאַלטן, געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איז אַרויס אינעם טומלדיקן דרויסן, באַהאַלטנדיק דאָס פּאַנעם פונעם פראָסט אינעם אופגעשטעלטן קאַלנער פון מאַנטל.

8

א טאָג פאַר דעם, ווי נאָסן מיט האָדלען האָבן פאַרבעטן זאַלמענען אַפן געבורטסטאָג פון זייער דריַיִאָריק טעכטערל פייגעלען, איז ער צוגעפאָרן אין דער „קינדער־וועלט”, אין דעם גרעסטן אוני־ווערסאַלן קינדער־מאגאזין פון מאָסקווע, און געקויפט פאַרן מיידעלע א מאַטאָנע: א וועלאָסיפּעדל אַף דריַי רעדלעך. פאַראיאָרן, געדענקט זיך אים, האָט ער געשענקט פייגעלען צו איר געבוירנטאָג א גרויסע פלאַסטמאַסעווע ליאַלקע מיט צאַרטע פוכקע בעקלעך, הימל־בלויע אויגן און לאַנגע גאָל־דענע לאָקן.

צו פייגעלעס געבורטסטאָג וועט מאָרגן, ווי פאַראיאָרן, זיך מיסטאַמע ווידער צונויפקומען א שטוב מיט געסט — אמיינסטנס שריַיבער און אַרטיסטן. מע וועט, פאַרשטייט זיך, מאַכן זיך פריי־לעך, נאָר דער שווערער שטיין, וועלכן שלוימעס אומגעריכטער אוועקגיין פון דער וועלט האָט איבערגעלאָזט בא יעדן אַפן האַרצן, וועט דערפון לייַכטער ניט ווערן. צווישן די מאָרגנדיקע טאָסטן וועט זיַין אויך א טאָסט פאַר שלוימעס ליכטיקן אָנדענק. קיינעם וועט מען דערביַי ניט דאַרפן דער־מאָנען, אז פאַראיאָרן איז באַם זעלבן יאָמטעוודיקן טיש געזעסן בענמיכאָעל און, אַרופגעמענדיק פיי־געלען צו זיך אַף די קני, איר פאָרגעלייענט מיט זיַין באַזונדערס קלאָרער דיַיטלעכער שטים די קור־צע ליד פון זיַין באַליבטן דיכטער:

דעם ניַי־געבוירענעם, וואָס קאָן איך ווינטשן,
ס׳זאָל מיט דער מוטערס מילך אריַין צו אים
דער דאָרשט צו וויסן און שענקען ליכט פאַר גאָר דער מענטשהיַיט
און אויב אים איז באַשערט צו עפענען א ניַיעם שטערן,
זאָל פאַר זיַין פאָלק כאָטש פינצטערער ניט ווערן.

און גליַיך נאָך דעם די ליד פונעם זעלבן דיכטער:

דאָס גלאָז איז דורכזיכטיק און ריין...

פאַרענדיקט האָט ער דערמיט:

— פאַרגעדענקט עס, פייגעלע, אַפן גאַנצן לעבן פאַרגעדענקט עס. — א קוש געגעבן דאָס קינד אינעם בלאָנדן קעפּעלע און אַראָפּגעלאָזן אַפן דיל.

די שטוב איז דעם גאַנצן אָוונט געגאַנגען כאָדאָראָם, און מער פון אַלעמען האָבן געקערט וועלטן בענמיכאָעל און זיַין שטענדיקער מיטשפּילער אַף דער בינע, דער טמימעסדיקער ביניאָמין בענאַריע, שימעלע סאָראָקער און סאָלאָווייטשיק, דער שאדכן פון „צוויי הונדערט טויזנט”, האָבן אין איינע־צוויי מינוט זיך איבערגעשטאַלטיקט אין ביניאָמין האשלישי און סענדערל די יידענע, אין האָצמאכן און דער באָבע יאכנע.

זאַלמען שטעלט זיך פאָר ביניאָמין בענאַריען מאָרגן באַם יאָמטעוודיקן טיש. ביניאָמין וועט זיכער קומען, ער וועט ניט וועלן פאַרשטערן זײַן גוטן־פרײַנט נאָסן לעוויטינען די סימכע. נאָר וואָס ער זאָל ניט זינגען, וועט אין זײַן קאָפּ זיך הערן דער ווײַגעשריי זײַנער בא בענמיכאָעלס אָרן, זײַן טײַנע צו דעם רעדלפירער פון דער וועלט: — פאַרוואָס ער, און ניט איך?

ווידער געדענקט זיך זאַלמענען פון דער פאַראײַאָריקער סימכע, אַז יעשײַעס מײַסעלע אין פערזן, געשענקט פייגעלען, וואָס ער האָט אויף זײַן אויפן האַלב זינגעוודיק דורכגעלייענט באַם טיש, האָט בא אַלעמען אויסגענומען. עס איז ווירקלעך געווען אַ בילדעריש־פּאָעטישע. יעשײַע איז בעלי־סאָפּעק אַן עכטער טאַלאַנט. אָבער אינעם סיכסעך מיט יעשײַען אין דער ביבליאָטעק איז פאַרט גע־ווען געערעכט דער פאַרשוווּנדענער לעזער מיט די לאַנגע האָר ביזן אַקסל, ראַכמיעל קאַנף. בעפייַ־רעש. קימאַט אַלע יעשײַעס מײַסעלעך הייבן זיך אָן מיט אַ שורע צי מיט צוויי פון אַ פאָלקסליד. זיי זאָגן אי סאַפּט אפילע אונטער דעם פאַרטראַכט.

נאָר ניט וועגן דעם, צי ניצט יעשײַע אויס אין זײַן שאַפונג דעם נוסעך און דעם פאַרטראַכט פון די פאָלקסלידער איז זאַלמענען אָנגעגאַנגען, בייס ער האָט אויף מאָרגן זיך געקליבן צו נאָסע־נען אויף דער סימכע און פלוצעם עס אָפּגעלייגט, פאַרבליבן אינדערהיים: דאָרט וועט דאָך הײַנט זײַן אויך יעשײַע, און ווער ווייסט... ס'קאָן טרעפן, אַז ער זאָל קומען אַהין מיט אײנעם פון יענע צוויי יונגעלײַט און עפשער אפילע מיט מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטשן, ווער ס'האָט אים, זאַלמענען, די טעג אָפּגעשטעלט בא דער געבײַדע פון דער סטודענטישער צוזאַמענווינונג אויף אָכאָטני ריאַד. יעשײַע האָט געקאָנט אַראָפּכרענגען דעם דאָזיקן פאַרשוין צו נאָסענען צוליב דעם זעלבן, צוליב וואָס ער האָט דעמלט אָפּגעשטעלט אויף דער פּלאָשטשאַדקע פון די טרעפּ אים, זאַלמענען, און פאַר־געלייענט דאָרט אַ נײַ־אָנגעשריבן מײַסעלע. דאָס פאַרלייענען, ווי זאַלמען פאַרשטייט עס איצט, איז געווען פאַר יעשײַען בלויז אַן אויסרייד. ער האָט עס געדאַרפט, קעדיי אָנווײַזן אויף אים מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטשן, וואָס איז געשטאַנען אונטן אָנגעשפּאַרט בא דער וואַנט און אַרופגעקוקט צו זיי אויף די טרעפּ, ער זאָל קאָנען זיך אין אים גוט אײַנקוקן, פאַרגעדענקען, אומבאַמערקט אפילע אָפּ־פאָטאָגראַפירן.

און ניט בלויז דאָס אַליין האָט אָפּגעהאַלטן זאַלמענען גיין הײַנט צו נאָסענען. ער וועט דאָך ניט קאָנען קוקן קיינעם אין די אויגן. ער ווייסט פון דער געפאַר, וואָס לויערט אויף יעדן, דראָט איטלעכן און ער קאָן זיי דערפון ניט וואָרענען. אפילע פייגעלעס טאַטע־מאַמע.

האָדל מיט נאָסענען וועלן זיך אויף אים ניט כאַלײדיקן, אַלעמיַ איז ער הײַנט ניט געקומען. ער האָט באַצײַטנס זיי אָנגעקלונגען, אַז ער פילט זיך ניט מיט אַלעם. ס'האָט אים, ווײַזט אויס, עפּעס פאַרשאַט. זיי ווייסן דאָך, אַז ער שפּײַזט זיך מערסטנטייל ניט אינדערהיים, נאָר אין די גאָרקיכן. דאָס וועלאָסיפּעדל האָט איבער דעם איבערגענעכטיקט אַן איבעריקע נאַכט בא אים. אויפן אַנדערן טאָג איז עס שוין געווען בא פייגעלען. זי איז קיין מינוט ניט אַראָפּגעקראָכן פון דעם, געהאַלטן אין איין דרייען די פּעדאַלן און נאָכאַנאַנד געקלונגען, מע זאָל איר אָפּטרעטן דעם וועג, זי זאָל קיינעם ניט איבערפאָרן.

— ווי פילט איר זיך? — האָט האָדל באַאומרויִקט געפרעגט זאַלמענען.

— אַ דאַנק. אַ סאַך בעסער.

— מיר האָבן זיך געקליבן גיין הײַנט אײַך געוויר ווערן. — און ניט ווי צו אים: — איך וואָלט מיסטאַמע קיין איין טאָג ניט געקאָנט זײַן אַליין. ניטאָ, דוכט מיר, קיין שרעקלעכערס, ווי איינזאַמ־קײַט. — און ווידער צו אים שוין, צו זאַלמענען: — נאָסן איז נאָך אויף דער אַרבעט. ער האָט גע־קלונגען, אַז ער וועט גיך קומען. איר וועט מיר אַנטשולדיקן, וואָס כ'לאָז אײַך איבער אַליין, כ'מיז גיין אויף דער קיך. איך מיין, אַז מיט פייגעלען וועט אײַך ניט זײַן אומעטיק.

אָט פאַר אַזאַ, ווי האָדל, האָט זאַלמען אַ טראַכט געטאָן, וואָלט ער זיכער כאַסענע געהאַט. ער וואָלט נאָך עפשער ווידער געוואָרן אַ טאַטע. אים גייט ערשט דאָס צוויי־און־פערציקסטע יאָר. אָ, ווען עלישע זאָל געווען זײַן כאָטש אויף אַ צען יאָר עלטער, ווי זי איז.

פון אָט דעם געדאַנק האָט ער זיך אַליין צעלאַכט. שיין וואָלט ער אויסגעזען אין עלישעס אויגן, ווען ער זאָגט עס איר אַרויס: פריִער, הייסט עס, זיך פאַרליבט אין דער מוטער און איצטער אין דער טאָכטער.

ניט צום ערשטן מאָל קומט אים אויפן זינען אָט דער מעשוגעדיקער געדאַנק. ער האָט אים אָבער, ווי איצט, גלײַך געהאַט אָפּגעטריבן, ניט געלאָזט זיך פון אים פאַרפירן. ס'איז דאָך סטאַם

באריש דערלאָזן, אז עלישע, די יונגע שיינהייט עלישע, קאָן זיך פארליבן אין אזא באַאָרטן מאַנצבל, ווי ער איז. דער יונגער שיינער יעשיִע, אין ווּעמען, ווי ער האָט באמערקט, באַגעגענענדיק זיי אין טעאַטער, זי האָט באַוויזן זיך שוין פארליבן, גייט איר, פארשטייט זיך, מער אונטער. ער וועט זיך אָבער פאַרט אַרייַנמישן אין זייער ליבע, זי צעשטערן, און זאָל עס יעשיִע אויסטייַטשן ווי ער וויל. ער, זאלמען, קאָן ניט און טאָר ניט אויסבאַהאַלטן פון פּעפּעס טאָכטער, ווער איז איר אויסדער-ווײלטער און מיט וואָס קאָן זיך דאָס פאר איר ענדיקן. געדאַרפט געווען באַלד וואָרענען זי דערפון, ניט אָפּציִען.

גלייַך אַף מאָרגן, ווי נאָר ער האָט אויסגעקלאָרט פאר זיך, פונוואַנען האָט אים געקאָנט פאַר-געדענקען דער פארשוין, ווער ס'האָט אים אָפּגעשטעלט אַף אַכאַטני, האָט ער, זאלמען, געדאַרפט צופאָרן צו עלישען און איר אַלץ דערציילן. מער טאָר מען ניט אָפּציִען. ער וועט נאָך עפשער הײַנט צופאָרן צו איר. עלישע וועט דאָך ניט קאָנען עס אויסטייַטשן, ווי ייעשיִע, אז ער, זאלמען, מישט זיך אַרייַן, וויַיל ער איז א חייַט פון יענעם ליבעדרייַעק, אַף וועלכן ס'זייַנען געבויט קימאַט אַלע צוזאמענשטויסן אין די דראמאטישע ווערק וועגן ליבע.

געוויס איז האָדל גערעכט. ניטאָ אין לעבן קיין שרעקלעכערס, ווי איינזאמקייַט. זאלמענען האָט ניט געוווּנדערט, וואָס האָדל האָט עס אים א זאָג געגעבן, ווויסנדיק, אז ער באַגעגנט זיך מיט נאָר דעוּשדאַ פּיאַדאַראָוונען. צי דען איז אַף אים געווען צו דערקענען, ווען ער איז געווען בא זיי מיט באדיען א פּאָר מאָל, אז סיִווי איז ער איינזאם. אנדערש וואָלט דאָך האָדל ניט פארפירט מיט אים אנומלט א רייד וועגן באַגעגענען זיך מיט איינער אירער א באַקאַנטער — א יונג פייַן ווייַבל, מיט ווּעמען, ווי האָדלען דוכט, ער וואָלט געקאָנט זיך צונויפגיין. פאר א מענטשן אָבער, ווי ער, וועלכער האָט פארלוירן א פרוי מיט א קינד, וואָס זייַנען אים געווען טייַערער פונעם לעבן, איז ניט אזוי פּאַשעט זיך צונויפגיין מיט א צווייטער. צוליב דעם דאַרף מען זיך אָפּאָנעם פארליבן, ווי ער האָט אין די יונגע יאָרן זיך פארליבט אין עלישעס מוטער, אין דער וווּנדערבארער פּעפּען. אין נאַדיען איז ער ביכלאל קיינמאָל ניט געווען פארליבט, און דערפאר האָט ער מיט איר ביז איצט ניט כאסענע געהאט, כאָטש זיי זייַנען שוין ניט דאָס ערשטע יאָר מאן און ווייַב. יעדער איינער פון זיי, נאָכן צוריקקערן זיך פון דער עוואַקואַציע, לעבט באַזונדער, און ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי וווינען ניט גאָר וויַיט איינער פונעם צווייטן, זעען זיי זיך אַפילע ניט יעדע וואָך. נאַדיע זאָגט אים קיין וואָרט ניט קעגן. ער וויל אזוי, איז זאָל זייַן אזוי. זי איז גרייט אָפּזייַן מיט אים אזוי דאָס גאנצע לעבן, אבי נאָר ער זאָל זי ניט פארלאָזן. אָט די אייַנגעליבטקייַט נאַדיעס אין אים, די גוטסקייַט און איבער-געגעבנקייַט אירע, האָט אָפּגעהאַלטן זאלמענען און האַלט איך איצטער אָפּ זיך שיידן מיט איר. ביידע אָבער ווייסן, אז פריִער צי שפּעטער וועט עס געשען און קיינער קאָן דעם אנדערן ניט מאכן דערין שולדיק. און עפשער וואָלט זיך בא זיי אנדערש צונויפגעלייגט דאָס לעבן, ווען נאַדיע זאָל אים דעמלט ניט געווען איבערלאָזן בא זיך נעכטיקן.

פארטראכטנדיק זיך צומאָל דערפון, מאכט ער זיך דערבייַ פארגעסן, ווי ער איז אומגעגאנגען פון שטוב צו שטוב, געזוכט דינגען א ווינקל ווו דעם קאָפּ אוועקלייגן. זי האָט ניט געהאט קיין שום מיין דערבייַ, ווען, ניט דערייַדנדיק זיך נאָך ענדגילטיק וועגן פארדינגען א ווינקל, האָט זי אים ניט געלאָזט אוועקגיין. אין דרויסן האָט זיך צעשפּילט א זאווערוכע, אַף די פיס ניט אייַנצושטיין... און ווייַטער איז געשען אזוינס, אַף וואָס ביידע האָבן אין יענער ווינטער-נאכט זיך ניט גערעכט...

זי איז אים שוין נאָכדעם ניט געווען מער קיין פרעמדע. אָבער אויך ניט אַף אזויפיל ליב, אז ער זאָל זען אין איר א שטענדיקע באַגלייטערן אין זייַן ווייַטערדיקן לעבן. און אזוי ציט זיך עס שוין פון דער מילכאָמע אָן. אַפילע דעמלט, ווען ער איז בא איר און מיט איר, דוכט זיך אים אויך, אז ער איז געקומען צו איר אַף א טאָג, צי צוויי בלויז דערפאר, וויַיל ער האָט זיך אויסגעבענקט נאָך איר לייַב, ניט באַנעמענדיק דערבייַ, אז עפשער מער פון אַלץ האַלט אים אָפּ צעשיידן זיך מיט איר אָט די ניט-בייַקומענדיקע אין זיך בענקשאַפט.

זאלמען וואָלט מיסטאָמע נאָך לאנג איבערגעקליבן אין זיקאָרן אַלץ, וואָס איז בענעגייע אים און נאַדיען, ווען עס זאָל ניט געווען אָנקומען נאָסן.

— ביסט שוין לאנג דאָ? — האָט נאָסן געפרעגט, אראָפּשטעלנדיק אין ווינקל דעם ברוינעם פּאָרטפעל.

— ס'מאכט ניט אויס. הייַנט איז בא מיר א פרייַער טאָג. די לעצטע טעג ארבעט זיך מיר עפּעס ביכלאל ניט.

— דאָס האָסטו געשענקט פייגעלען דאָס וועלאָסיפּעדל? צו וואָס אזעלכע טייַערע מאַטאַ-נעס? — נאָסן האָט ברייטער צעעפנט די טיר פונעם שכייַנישן צימער, פייגעלע זאָל האָבן פאר איר וועלאָסיפּעדל א מער לענגערן וועג און, צוזעצנדיק זיך צו זאלמענען אַף דער קושעטקע בא דער וואַנט, אים פון דער העלער הויט א פרעג געגעבן: — געדענקסט, זאלמען, וואָס איך האָב דיר אנומלט געזאָגט, בעשאַס כ'האָב געטראָגן אין סאָוויענפאָרמביוראָ די פּאָטשט?

— אַז אין איינעם אַ שיינעם טאָג קאָן זיך דאָס פֿאַר אונדז מיטאַמאָל שלעכט ענדיקן? כ׳פֿאַרשטיי אָבער ניט, וואָס האָסטו זיך פּלוצעם דערמאָנט אין דעם?

— ווײַל בעשאַס כ׳האָב הײַנט געטראָגן די פּאַטשט פֿון קאָמיטעט, טוט מיר אַ זאָג אַניעטשקע...

— די מאַשיניסטקע?

— יאָ, אַניעטשקע, די מאַשיניסטקע אונדזערע, אַז זי גייט אַוועק פֿון דער אַרבעט. מאָרגן וועט זי שוין צו דער אַרבעט ניט קומען.

— אַ שאָד. אַ גרויסער שאָד. כ׳האָב זי זייער ליב געהאַט. אַזעלכע מאַשיניסטקעס, ווי אַניעטשקע, זײַנען, דאַכט מיר, בכלל גאָר ניטאָ. איך רייד שוין ניט דערפֿון, וואָס זי דרוקט מעשונעדיק גיך און אָן גרײַזן, קלײַבט פֿאַנאַנדער יעטווידן קסאַוו, אַפֿילע אַזאַ שווערן ווי בײַ מיר. נאָר וואָס עפּעס מיטאַמאָל? זי האָט דאָך ניט שלעכט פֿאַרדינט.

— שטעל זיך פֿאָר, איר האַלט ניט אָפּ אַפֿילע דאָס, וואָס אין עטלעכע טעג אַרום דאַרף זי גיין אין דעקרעטנעם אורלויב און מע וואָלט איר אויסגעצאָלט סכירעס לויטן געזעץ פֿאַר פֿולע פֿיר כאָדאָשים. זי גייט אַוועק פֿון הײַנטיקן טאָג אָן, ווײַל אַפֿילע ניט אָנגעבן קיין מעלדונג, אַז מע זאָל איר אויסצאָלן פֿאַר די אָפּגעאַרבעטע טעג פֿון הײַנטיקן כוידעש. זי וויל מער ניט אַרײַנקומען אין קאָמיטעט, אַנטלויפֿט פֿון דאָרטן, ווי פֿון אַ זיך־טרינקענדיקער שיף. קוים דערגאַנגען בײַ איר אַלפֿי סאָד, וואָס איז פּלוצעם אַזעלכס געשען? לאָזט זיך אויס, אַז דאָס, וואָס איך האָב דיר דעמאָלט געזאָגט, דאָס זעלבע האָט איר הײַנט געזאָגט עמעצער אין קאָמיטעט, געראָטן, זי זאָל טייקעף אומעיאַד פֿאַרלאָזן די אַרבעט. זאָל זי זיך בעסער פֿאַרנעמען מיט דערציִען אירע קינדער.

— זי האָט דאָך, אַף וויפֿל איך ווייס, בלויז איין קינד.

— זי דערוואַרט דאָך נאָך אַ קינד.

— ווער איז דאָס דער עמעצער? — האָט זאַלמען געפֿרעגט מיט אַ געפּאַלענער שטים פֿון אַ מענטשן, וועמען מע איז כוישעד אינעם סאַמע שרעקלעכסטן, אין סאַמע נידערטרעכטיקסטן און ער ווייסט ניט, וויאַזוי אָפּפֿירן פֿון זיך דעם כשאַד. ער האָט אָבער נישט געקאָנט ניט דערמאָנען נאָכסענען, אַז אויסער אים, זאַלמענען, ווען נאָסן האָט דעמאָלט אַרויסגעזאָגט זײַן האַשאָרע, איז אויך בײַגעווען יעשיִע.

— ניין, ניט ער.

— קומט אויס, אַז איך?

— רייד ניט קיין נאַרישקײַטן. ס׳איז ניט אַזאַ סאָד, אַז כ׳זאָל ניט קאָנען דיר אים אַרויסגעבן. איר האָט געצייטעט אַוועקגיין פֿון דער אַרבעט דער איצטיקער פֿאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פֿון קאָמיטעט, און ווי אַניעטשקע האָט מיר איבערגעגעבן, איז ער געווען עפּעס שטאַרק אָנגעשראָקענער, ס׳האָט זיך בײַ אים אַפֿילע אַ פּאָר מאָל פֿאַרהאַקט דער אָטעם און ער האָט אַרונטערגעלייגט אונטערן צונג אַ טאַבלעטקע וואַלידאָל. אַפּאָנעם, דאָס קלער איך שוין אַזוי, אַז מע האָט אים יענעם טאָג אויך פֿאַרבעטן אַהינצו, וווּהין מע האָט דעמאָלט אַרויסגערופֿן דעם פֿריִערדיקן פֿאַראַנטוואָרטלעכן סעקרעטאַר און פֿאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר פֿון דער צײַטונג אַכנעסן, און אַהינצו פֿאַרבעט מען ניט, פֿאַרשטייט זיך, אַף קיין גלעזל טיי. אַכנעסעס פּלוצעמדיקער טויט איז ביז הײַנט אַ רעטעניש. דער אָנהייב פֿונעם בײַעם אומגליק, וועגן וועלכן עס רעדט דאָס פֿאָלק, איז געווען, מיין איך, ניט בענמיכאָעלס אומקום, נאָר אַכנעסעס. די ספֿירע האָט זיך אָנגעהויבן פֿון אים. אַכנעס איז געווען די ערשטע ספֿירע.

„צי האָט דער פֿאַרשוין פֿון אָכאָטני ריאַד ניט געהאַט מיט נאָסענען דעם זעלבן געשפּרעך, וואָס מיט אים, און בײדע באַהאַלטן עס אויס איינער פֿונעם אַנדערן? מיט נאָסענען האָט יענער געקאָנט ריידן אַ סאַך האַרבער, מער אָפֿענער, ווויסנדיק, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ פּאַרטייִשן. מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטש האָט געקאָנט געבן נאָסענען אָנצוהערן אַזוינס, אַז ער זאָל דערפֿון פֿאַרשטיין, וואָס עס דערוואַרט דעם פֿאָלק״.

— יאָ, אַכנעסעס טויט איז בעפּיירעש אַ רעטעניש, — בײַ זאַלמענען האָט אַ צוק געטאָן אָן אָדער אונטערן אויג, — וויפֿל איז ער אַלט געווען? פֿאַר די זיבעציק, אויב כ׳האָב ניט קיין טאָעס. פֿאַרהעלטניסמעסיק ניט קיין גאָר אַלטער נאָך, און אַ גאַנץ קרעפֿטיקער געווען. מיר געדענקט זיך ניט, ער זאָל ווען־ניט־איז ניט זײַן אַף דער אַרבעט. אַכנעס האָט מיר שטענדיק דערמאָנט אינעם געוועזענעם צאַרישן אַטאַשע אין פֿראַנקרײַך, אינעם סאָוועטישן גענעראַל איגנאַטיעוון, אַף וועמען אַלע פֿאַרקוקן זיך נאָך ביז איצט. אַכנעס איז אויך געווען אַזאַ הויכער, אַזאַ שטאַלטנער, שטענדיק ריין אויסגעגאָלט און עלעגאַנט געקליידט.

— אין אַ געוויסן זין איז אַכנעס, קאָן מען זאָגן, אויך געווען אָן אַטאַשע, נאָר שוין פֿון גאָר אַן אַנדער שניט. ווען לענין האָט אים געשיקט קיין אַמעריקע, האָט ער זיך, פֿאַרשטייט זיך, ניט פֿאַרגעשטעלט און ניט געקאָנט זיך פֿאָרשטעלן, וויפֿל וועט זײַן שאַליִעך אויסקומען אויסצושטיין,

ווען ער וועט זיך פון דאָרט אומקערן צוריק אַהיים. מע האָט אַכנעסן געהאַט אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי, ניט צוגעלאָזט צו קיין שום אַרבעט. אַ ווּנדער שעבעוווּנדער, ווי:אַזוי האָט ער דעמלט אויסגעמיטן דאָס שרעקלעכע הויז. דאָס, וואָס אים איז אין יענע יאָרן פּאַסירט נאָכגעגאַנגען, האָט אים אָבער סאַפּקאָלסאַך אָנגעיאָגט. איך געדענק ניט, מיר דוכט, זאָלמען, אַז דו ביסט אויף אַכנעסעס לעוויַיע ניט געווען.

— איך בין געווען דאָן אין יאַלטע, אינעם שעפערישן הויז פון די שרייַבער. — גופע פאַר אים, זאַלמענען, האָט עס געקאָנט אויך באַטייַטן, אַז ער האָט צו יענער צייַט זיך נאָך ניט געדאַט באַגעגנט מיט יענעם אויף אַכאַטני און ניט געקאָנט וואָרענען אַכנעסן דאָס אייגענע, וואָס ער וואָלט געדאַרפט איצטער וואָרענען די, וועלכע אַרבעטן אין קאָמיטעט, אין דער צייַטונג, ווי אויך די, וואָס קומען אַהין, אָט ווי ער, אָפּט אַריַין. און כאָטש זאַלמען האָט נאָכן אומקערן זיך פון יאַלטע שוין ניט פון איינעם געהערט, אַז אַכנעסעס אומגעריכטער טויט איז פאַר אַלעמען פאַרבליבן אַ רעטעניש, דאָך האָט ער הייַנט ווידער איבערגעפרעגט נאָסענען:

— דו קלערסט טאַקע, אַז בײַ אַכנעסן איז געווען ניט קיין נאַטירלעכער טויט?

— דעמלט, ווען דאָס האָט פּאַסירט, האָב איך געצווייפלט דערין. נאָר איצט, נאָך דעם, וואָס אַניעטשקע האָט מיר הייַנט געזאָגט, בין איך זיכער דערינען. דו וואָלסט זיך געקאָנט, אַשטייגער, פאַרשטעלן, אַז אַכנעס, דער פּעדאַנטיש־פּינקטלעכער אַכנעס, זאָל אין דער באַשטימטער שעה, ווען מע דאַרף אונטערשרייַבן צום דרוק די בויגנס פון דער צייַטונג, ניט זייַן אויף זייַן אָרט? אַזעלכס, זינט איך אַרבעט דאָרט, האָט נאָך קיין איין מאָל ניט פּאַסירט. איך בין צופעליק געווען בײַ אַכנעסן אין קאַבינעט, ווען מע האָט אים פון ערגעץ אָנגעקלונגען און ער האָט צעטומלט געענטפערט, אַז ער קומט גלייַך צו פאָרן. דערזען, אַז ער נעמט מיט זיך מיט דעם פּאַרטיי־בילעט, וועלכן ער האָט געהאַלטן אין סייף, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער קלונג איז פון די הויכע פענצטער.

געווען איז עס אינעם ערשטן האַלבן טאָג, אַרום איינס אַזייגער אָן ערעך. צו פיר אַזייגער, ווי שטענדיק, האָט מען געבראַכט פון דער טיפּאָגראַפיע די בויגנס אויף אונטערשרייַבן צום דרוק. אַכנעס איז אין קאַבינעט בײַ זיך נאָך ניט געווען. דער זייגער איז געוואָרן פינף, און אַכנעס איז נאָך אַלץ ניטאָ. מע זאָל אים געווען דאָרט אַזוי לאַנג פאַרהאַלטן, וואָלט ער לעכאָלאַפּאָכעס געגעבן צו וויסן, מע זאָל אויף אים ניט וואַרטן און געזאָגט, ווער סע זאָל אָנשטאָט אים אונטערשרייַבן די בויגנס. אַז אָן אַזאַ כסימע קאָן די צייַטונג ניט אַרויסגיין, ווייסט מען גאַנץ גוט אויך דאָרטן. איז וווּ, אויב אַזוי, קאָן ער זייַן?

צום אַלעם ערשטן האָבן מיר אָנגעקלונגען אין האָטעל „מעטראָפּאָל", ווו ער האָט געלעבט אַ פּאָר יאָר נאָכן אומקערן זיך מיטן קאָמיטעט פון עוואַקואַציע, און איבער פאַרשיידענע אומשטאַנדן זיך נאָך ניט אַריבערגעקליבן צו זיך אין דער וווינונג. ער מיט דער פרוי האָבן פאַרנומען ניט קיין גרויסן צימער אין אַ קאָמונאַלער דירע אויף דער סרעטענקע־גאַס.

פון „מעטראָפּאָל" האָט מען אונדז געענטפערט, אַז ער איז ניטאָ. ס'איז אַזוי אויך שוין געווען אונדז אַלעמען קלאָר, אַז אַכנעס האָט אין אַזאַ שעה ניט געקאָנט דאָרטן זייַן. אויף יעדנפאַלס האָבן מיר אויך אָנגעקלונגען צו אים אַהיים אויף סרעטענקע. די שכיינים האָבן געענטפערט דאָס, וואָס מיר האָבן דערוואַרט צו הערן, דערבײַ האָבן זיי צוגעגעבן, אַז ער איז דאָרט שוין עטלעכע טעג ניט געווען, ניט ער און ניט זייַן פרוי. וווּהין האָבן מיר געקאָנט נאָך קלינגען? „אַהינצו"? האָט קיינער פון אונדז ניט געוווּסט, ווו איז עס אָט דער „אַהינצו"? און ווען מיר זאָלן אַפילע געווען וויסן, וואָלט מיסטאָמע אויך קיינער פון אונדז זיך ניט אונטערגענומען קלינגען אַהין. צי האָט מיט אים, כאָלילע, ניט געטראָפן עפּעס אויף דער גאַס? אַזאַ געדאַנק האָבן מיר אויך דערלאָזט און אָנגעקלונגען אין סקליפאָסאָווסקי־אינסטיטוט, דערקלערנדיק, ווער און וואָס אַכנעס איז. קעדיי מאַכן מער וואָגיק אונדזער קלונג, האָבן מיר צוגעגעבן, אַז ער איז אַן אַלטער קאָמוניסט, אַז לענין האָט אים זייַנערצייַט געשיקט קיין אַמעריקע אין שליכעס. געענטפערט האָט מען פון דאָרט אויף אונדזער אָנפרעגע, אַז אַזאַ קראַנקן האָט מען צו זיי הייַנט ניט געבראַכט צו פירן.

די צייַט אָבער שטייט ניט. דער זייגער ווערט זעקס, מע דאַרף דרינגענד אונטערשרייַבן די בויגנס, אַנדערש וועט די צייַטונג מאָרגן ניט דערשייַנען. וואָס טוט מען? דער מויעך האָט זיך בײַ אונדז מאַמעש געהויבן.

— כ'שטעל מיך פאָר.

— מיר האָבן ווידער אָנגעקלונגען אין „מעטראָפּאָל", ווידעראַמאָל צו אים אַהיים, געבעטן די שכיינים שטאַרקער אָנקלאַפּן צו אים, מאַלע־וואָס עס טרעפט. עפּשער האָט ער זיך אַרייַנגעכאַפּט צו זיך אויף אַ ווייַלע, זיך צוגעשפּאַרט אָפּרוען און איז אַנשלאָפן געוואָרן, כאָטש ס'איז געווען לעפּיש אַזוי צו קלערן. ס'איז ניט אַריבער קיין מינוט, און מיר דערהערן פון די שכיינים, אַז אין צימער בײַ אים איז עמעצער פאַראַן. עס הערט זיך פון דאָרט אַ כראָפּען. נאָר קיינער רופט זיך ניט אָפּ און די טיר איז פאַרשלאָסן.

— ברעכט אויף די טיר! אויף אונדזער אכרײַעס. מיר פאָרן שוין ארויס.

ווען מיר זײַנען געקומען אהין, האָט אכנעס נאָך געכאָרכלט, נאָר צו זיך איז ער שוין ניט געקומען. מע האָט אים אוועקגעפירט אײנעם זעלבן באָטקין־שפּיטאָל, וווּהין מע האָט אין א פּאָר יאָר ארום אָפּגעפירט פונעם ווײַסרוסישן וואָקזאַל דעם אָרן מיטן אומגעקומענעם בענמיכאָעלן.

לאַנג האָט אכנעס זיך ניט געמאַטערט. אײנעם זעלבן טאָג איז ער אויסגעגאַנגען.

— יאָ, ס'איז ביז גאָר פאַרדעכטיק די גאַנצע געשיכטע. וויאַזוי האָט ער געקאָנט אײנמיטן דער ארבעט פאַרבלאָנדזשען צו זיך אויף סרעטענקע און, ווײַסנדיק, אז עס וואַרטן אויף אים די בויגנס פון דער צײַטונג, ניט אָנקלינגען פאַרפריער פון דאָרט אין רעדאַקציע? בא אים איז דאָך אין דער דירע פאַראַן א טעלעפאָן.

— פּינקטלעך קאָן קײנער דערויף ניט ענטפערן, ווי קײנער קאָן פּינקטלעך ניט ענטפערן, וויאַזוי איז פאָרגעקומען אין מינסק מיט בענמיכאָעלן. נאָר פאָרשטעלן זיך, וויאַזוי איז געשען סײַ אין מינסק, סײַ דאָ בא אונדז אין מאָסקווע, איז ניט אזוי שווער. קענטיק, אז דאָרט וווּהין מע האָט ארויסגערופן אכנעסן, האָט מען געהאַט מיט אים אזא געשפּרעך, אז אָן א זײַטיקער הילף האָט ער שוין ניט געקאָנט רירן זיך פון אָרט. די, וועלכע האָבן אים דערצו דערפירט, האָבן אין אזא צושטאַנד ניט געקאָנט אים ברענגען צו פירן אין קאָמיטעט, צי אין „מעטראָפּאָל". דאָס סאַמע גלײַכסטע פאַר זײ איז, פאַרשטײט זיך, געווען אָפּפירן אכנעסן אהײם.

— און די שכײנים? זײ האָבן דאָך ניט געקאָנט עס ניט באַמערקן. און צו וואָס האָט ער זיך געדאַרפט פאַרשליסן פון אינווייניק? — דאָס האָט זאַלמען שוין אינגאַנצן ניט געקאָנט באַנעמען.

— מיסטאַמע האָבן זײ אים געבראַכט אהײם, ווען די שכײנים זײַנען נאָך געווען אויף דער ארבעט. און ניט ער האָט זיך פאַרשלאָסן, נאָר זײ האָבן אים פאַרשלאָסן. בא אים איז געווען אין דער טיר אָן ענגלישער שלאָס. זײ האָבן אים בעקיוון ניט גענומען אָפּן זיכערער, אז די טיר זאָל אלײן זיך פאַרשליסן.

— דער סייכל דערפון?

— פּאַשעט. טאָמער קומט ער אויף א ווײַלע צו־זיך, זאָל ער ניט קאָנען ארויסרופן די גיכע הילף, ארײַנרופן צו זיך עמעצן פון די שכײנים. און אזוי וועט ער גיכער אויסגײן, ניט באַווײַזן דערציילן, ווו איז ער געווען, וואָס האָט מען דאָרט מיט אים גערעדט, וויאַזוי האָט מען דאָרט מיט אים גערעדט, וואָס האָט מען פון אים פאַרלאַנגט, געפּאָדערט...

„צי ניט דאָס אײגענע, וואָס ס'האָט פון מיר פאַרלאַנגט יענער?" — האָט זאַלמענען זיך געוואָלט פרעגן, ווײַבאַלד נאָסן האָט דערציילט דאָס פאַרלאָפענע מיט אכנעסן אזוי גענוי, גלײַך ער איז געווען דערבײַ. עפּשער איז פאַר נאָסענען אויך ניט קײן סאָד, וויאַזוי האָט מען אומגעבראַכט בענמיכאָעלן? ער האָט דאָך אָקאָרשט אלײן געזאָגט, אז ס'איז ניט אזוי שווער זיך עס פאָרשטעלן. זאַלמען האָט אים דערפון דערמאָנט, געפרעגט, וויאַזוי שטעלט ער זיך פאָר איז זיך פאַרלאָפן אין מינסק מיט בענמיכאָעלן?

— איך מײן, כ'בין אפילע זיכער, אז פאַרלאָפן איז זיך עס אזוי: מע האָט אָנגעקלונגען בענמיכאָעלן אין האָטעל, אז ער צוזאַמען מיטן צווייטן, מיט וועמען ער איז געקומען פון מאָסקווע, זײַנען אויף דער און דער אָוונטיקער שעה פאַרבעטן אויף אן אויפנאַם. אין דער באַשטימטער שעה וועט באַם האָטעל וואַרטן אויף זײ א מאַשין. דעם עמעס, פונוואַנען איז געווען דער קלונג, האָט מען בענמיכאָעלן מיסטאַמע ניט געזאָגט, מע האָט זיך געקאָנט אָנגעבן פאַר אײנעם פון די גאָר העכע פּענצטער, אז דאָס האָט ער געקלונגען.

אין דער אָפּגערעדטער שעה האָבן בענמיכאָעל און זײַן כאַווער זיך ארײַנגעזעצט אין דער מאַשין. נאָך דעם, ווי די מאַשין האָט זיך גערירט, האָבן זײ שוין גאָרניט געקאָנט טאָן, אויב אפילע זײ האָבן באַמערקט, אז ניט אהין פירט מען זײ. זײ וואָלטן דאָך אלצײנס ניט געקאָנט אויסברעכן די טירלעך און ארויסשפּרינגען אפן פולן גאַנג, ביפראַט, אז אויסער דעם שאָפער איז אין דער מאַשין זיכער געווען נאָך עמעצער, וואָס האָט זיך אָנגעגעבן פאַר זײערן א באַגלײטער. ווײַטער שטעל איך מיר פאָר, איז געווען אזוי: אפן באַשטימטן אָרט צווישן די כורוועס לעבן א ריוו איז די מאַשין געבליבן שטײן. דאָרט האָבן שוין אויף איר געוואַרט יענע וואָס האָבן מיט קאַלט געווער געדאַרפט אָפּטאָן אין דער שטיל דאָס בלוטיקע שטיקל ארבעט. און עפּשער האָבן עס אָפּגעטאָן אָן איבעריקע אײדעס דער שאָפער מיטן אנדערן. צי האָבן זײ אָפּגעטאָן דאָס שטיקל ארבעט גופע אין דער מאַשין און דערנאָך שוין ארײַנגעוואָרפן. די הארוגים אין ריוו, צי אונטערן אויסרייד, אז מע דאַרף בײַטן א ראָד, זײ פריער ארויסגעלאָזט פון דער מאַשין און געמיימעסט, איז סאָפּקאָלסאָף שוין ניט אזוי וויכטיק. וואָס האָט געקאָנט זײַן מער נאַרישער, אומגעלומפּערטער, ווי צוטראַכטן די געשיכטע, אז זײ זײַנען קלוימערשט ארונטערגעפאַלן אונטער א לאַסטמאַשין.

„צי איז עס ניט זײער ארבעט?" — האָט זאַלמען א קלער געטאָן וועגן די אלצײנס־געקלײדטע

צווי יונגעלייט, וואס האבן זיך אומגעדרייט צווישן דעם אוילעם אף דער גאס און גופע אין טעאטער בייס בענמיכאעלס לעווייע.

און ווי אן ענטפער דערויף, האט זאלמען דערהערט פון נאסענען:

— אט אזוי שטעל איך זיך מיר פאר איז זיך עס פארלאפן אי מיט בענמיכאעלן, אי מיט אכנעסן. איינס איז פאר מיר פונדעסטוועגן ניט גאר פארשטענדלעך. האסט מיר דערציילט, אז שלוימע האט דיר באס ווארמעס, א טאג פארן אומגליק, געזאגט בעסאד, אז מע וועט אים ניט מויכל זיין די נעסיע קיין אמעריקע. אים און בענשאלעמען. ווי זשע קומט עס, וואס מע האט בענשאלעמען אויך ניט פארבעטן אין דער זעלבער מאשין? ער איז דאך דעמלט אויך געווען אין מינסק.

— זיי האבן זיך זייער כעזשבן. בענשאלעם איז ביכלאל געבוירן, ווי מע זאגט עס, אין א זיידן העמדל. קוים איז שוין געקומען צו רייד וועגן בענשאלעמען, וויל איך דיך פרעגן, דו ביסט דאך געווען אף אכנעסעס לעווייע. זאג מיר, בענשאלעם האט געבעטן בא אים מעכילע?

— מעכילע? פארוואס האט ער געדארפט בעטן בא אכנעסן מעכילע?

— איך האב דיר דען קיינמאל ניט דערציילט, מיט וואס פאר אן אנגעווייטיקט הארץ אף בענשאלעמען איז אכנעס אוועק פון דער וועלט? כ'ווייס ניט, מעגלעך, אז אכנעס האט ניט בלויז מיר איינעם דערציילט דערפון, און עפשער האט ער עס מיר דערציילט, ווייל ער האט געוווסט, אז איך בין מער פון אנדערע באפריינדעט מיט בענשאלעמען, מיר כאפן ביז איצט נאך גאנץ אפטלעך א פינף הונדערט איינס. די וועלט איז פול מיט סוידעס און מיט רעטענישן. מיט א יאר אן ערעך פאר אכנעסעס טויט האט אים און בענשאלעמען ארויסגערופן צו זיך איינער פונעם שטאלענעמס נאענטסטע מעקוראוים, דער הויפטשעף פון דער סאווינפארמביורא שטשערבאקאוו און ער האט א שאט געטאן אף אכנעסן פעך און שוועבל, געמאכט אים מיט דער בלאטע צוגלייך, ארופגעווארפן אף אים אלס אנפירער פון קאמיטעט די שווערסטע שולד. בענשאלעם, מיט וועמען אכנעס האט קימאט וועגן איטלעכער זאך זיך בעראטן, זיי זיינען געזעסן אין איין קאבינעט, א טיש בא א טיש, האט אנגענומען א מויל מיט וואסער, קיין ווארט ניט ארויסגעבראכט, געזעסן און געקוקט, ווי יענער טרעט אכנעסן מיט די פיס, שרייט אף אים, אף דעם אלטן קאמוניסט, וועמען נאך לענין האט געשיקט אין שליכעס, ווי אף א מעשארעס, און בענשאלעם זאגט אפילע קיין ווארט ניט לעטויוועס אים, כאטש ער ווייסט, אז אכנעס האט זיך מיט גארניט פארשולדיקט. — זאלמען איז מיטאמאל אנשוויגן געווארן און האט א וווּנק געטאן צו דער טיר. — מיר דוכט, אז עמעצער קלאפט.

נאסן האט ניט באוויזן זיך אומקוקן, ווי די טיר האט זיך שטיל געעפנט און אף דער שוועל איז שטיין געבליבן יעשיע רויזען. אים איז געווען קוים צו דערקענען. ס'ערשטע מאל זעען זיי יעשיען אזוי אפגעלאזן, פארוואקסן, אפהענטיק. איידער ער איז נאך אפגעטראטן פון דער טיר, האבן נאסן מיט זאלמענען שוין געהאט באמערקט, אז די שינעל אף יעשיען איז אן פאגאנעס, דאס היטל — אן א שטערנדל. זיין אויסזען האט געמאכט אף ביידן דעם איינדרוק פון א יוירעד.

— וואס איז געשען? — האט נאסן דערשראקן געפרעגט.

— מע האט מיך ארויסגעשלאסן פון דער פארטיי. — און מיט א האלב וויינענדיק קאל שטיל געזאגט, — מע האט מיך דעמאבילדזירט, ארויסגעטריבן פון דארט, געבליבן אן ארבעט.

— האסט עפשער בא א גלעזל וויין זיך פאר עמעצן ארויסגעכאפט מיט אן איבעריק ווארט?

— דעם קאפ פארליר איך דערביי קיינמאל ניט. כ'האב פאשעט אנגעווירן בא זיי דעם צוטרוי. פארוואס? און אליין פארשטייט איר ניט? ס'איז דערפאר, ווייל איך בין א ייִד.

— דו האסט עס דען ביז איצט אויסבאהאלטן? זיי האבן פריער ניט געוווסט דערפון?

— די צייט איז פריער געווען אן אנדערע. וויאזוי וועל איך דורכקומען? אף מיין אויסהאלט איז א פרוי מיט א זון.

— האסט זיך דאך מיט איר געגעט. — נאסן האט עס אים ווי אונטערגעזאגט, גלייך יעשיע זאל געווען דערפון פארגעסן.

— בא איר איז אבער אונדזער זון, און ער איז אינגאנצן אף מיין אויסהאלט.

נאסן וועט עס אים ניט זאגן, ביפראט נאך איצטער, אין אזא שווער אנגעקומענער צייט פאר אים, אז ער האט געהערט, נאסן, פון עמעצן, אז יעשיעס געגעטע פרוי באקלאגט זיך, אז ער העלפט לאבלוטן ניט דעם זון. זי וואלט אנגעגעבן אף אים אין געריכט, ווען ער זאל ניט געווען ארבעטן דארטן. מיט א מענטשן פון דארטן, האט זי מוירע זיך פארפירן.

זאלמען האט זיך מער צוגעהערט צו זיך, ווי צום געשפרעך צווישן נאסענען מיט יעשיען. עס זיינען בא אים מיטאמאל אפגעפאלן אלע ספייקעס. פונוואנען איז ער עס אזוי זיכער, אז מארטין, ווער ס'האט אים אפגעשטעלט אף אכאטני, און דער, וועלכער איז געשטאנען אונטן אין קאמיטעט און ארופגעקוקט אף די טרעפ בעשאס יעשיע האט פארגעלייענט זיין ניי־אנגעשריבן מייסעלע, איז איינער און דער זעלבער? פארוואס האט ער ניט געקאנט האבן א טאעס? ער האט זיכער געהאט א טאעס און אומזיסט געזינדיקט אין די געדאנקען בענעגייע יעשיען. אים האט אונטערגעפירט, ווייזט

אויס, אַט דאָס, װאָס יעשיַע האָט געטראָגן אַ שינעל און אַ היטל פֿונעם זעלבן בלויען קאָליר ווי די, פֿאַר וועמען מע היט זיך, פֿאַרגעסנדיק דערבײַ, אַז יעשיַע האָט צו יענע לײַט געהאַט אַ קנאַפּע שײַכעס. ער איז געווען אַ קאַפּיטאַן אין דעם רעגולערן בײַגרענעץ־מיליטער. אויף דער גרענעץ האָט ער געהאַט צו טאָן מיט עמעסע פֿײַנט און ניט מיט אַזעלכע, ווי דער נעלעם געוואָרענער אַרבעט־לאָזער קאָנף. זאַלמענען האָט איצט געפּײַניקט דער געדאַנק, ווער האָט געקאָנט איבערגעבן אַהינצו, װאָס האָט קאָנף אין יענעם אָוונט געזאָגט יעשיַען, אויב אויסער יעשיַען און דעם ביבליאָטעקער איז דאָרט מער קיינער ניט געווען. זאָל זײַן, אַז אַיזער? אַלץ קאָן טרעפֿן. אַלנפֿאַלס, אויף ווײַטער דאַרף מען זײַן מיטן ביבליאָטעקער פֿאָרזיכטיק. צוליב װאָס האָט עלישע אים דערציילט וועגן איר טאַטנס פּיעסע? אַיזער נאַרוויל האָט דאָך, פּונקט ווי איר טאַטע, געלעבט אין דער זעלבער העכאַלוציִשער קאָמונע, און קוים איז אַיזער אויף דער פֿרײַ, האָט עס עפּעס צו זאָגן.

— האָסט נײַע מײַסעלעך? ברענג זיי מיר צו טראָגן. כ׳וועל זען זיי אָפּדרוקן צוזאַמען מיט יענע, וועלכע האָבן געדאַרפֿט גיין אין דער פֿריִערדיקער ליטעראַרישער זײַט. — נאָסנס אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט זאַלמענס. נאָסן האָט ניט געזען אין זיי קיין סימען פֿון ספּייקעס, אַז מע דאַרף יענע מײַסעלעך אויך אָפּדרוקן, אויב אַפֿילע זיי זײַנען שוין געווען איינמאָל געדרוקט און יעשיַע האָט באַקומען פֿאַר זיי האָנאָראַר.

— אַ דאַנק דיר, נאָסן, פֿאַר דײַן גוט האַרץ.

— הער, דו ווייסט, װאָס מיר איז געקומען אויפֿן זינען? רוסיש באַהערשסטו דאָך פֿרײַ, איז קום אָן אַרבעטן אין קאָמיטעט. ניט לאַנג צוריק האָט זיך דאָרט באַפֿרײַט אַן אָרט פֿאַר אַן איבער־זעצער פֿון ייִדיש. דאָס געהאַלט איז אַ גאַנץ סאָלידס.

— איך וועל דיר זײַן זייער דאַנקבאַר, מיר גייט אונטער אַזאַ אַרבעט.

— גוט. כ׳וועל זיך מאָרגן דורכריידן מיט דער אָנפֿירונג. איך קלער, אַז דו וועסט זיי אויך אונטערגיין.

פֿון נאָסנען זײַנען זיי אַרויס צוזאַמען.

— עלישע ווייסט שוין?

— אַז מע האָט מיך אַראָפּגענומען פֿון דער אַרבעט? ס׳איז ניט אַזאַ בסורע, אַז מע זאָל זי דערמיט דאַרפֿן דערפֿרייען.

— האָט ניט מוירע, איר וועט זי מיט דעם ניט דערשרעקן. כ׳קען גוט איר מוטער. עלישע, ווי מיר שײַנט, איז אויך אַזאַ. האָט זי עמעצן ליב געקראָגן, איז עס אויפֿן גאַנצן לעבן. איר וועט גאָרניט אָפּהאַלטן. זי איז געווינט, ווי איך ווייס, אי צו הונגער, אי צו קעלט.

— הונגערן און פֿרירן וועט עלישען ניט אויסקומען. פֿון האָנאָראַר אַליין קאָן בײַ אונדז קיין ייִדישער שרײַבער ביכלאַל זיך ניט דורכלעבן. מעג ער אַפֿילע זײַן אַ גאָען, ווי שאָלעם־אַלייכעם און פּערעץ. אַ ייִדישער שרײַבער, אויב ער איז ניט קיין דראַמאַטורג, מוז האָבן אַ מעלאָכע אין דער האַנט. דאַנקען גאָט, איך האָב זי. איך בין, ווי איר ווייסט, אויך אַ שטיקל סקולפּטאָר. מע דאַרף מיך ניט לערנען, וויאַזוי באַגיין זיך, אַשטייגער, מיט מאַרמאָר. אין דעם קולטור־הויז פֿונעם זאַוואָד „אַמאָ" גייט איצט אָן אַ רעמאָנט. איך בין דאָרט שוין הײַנט געווען, זיי נעמען מיך צו זיך אויף אַר־בעט. נאָר די אַרבעט אין קאָמיטעט, ווי איר פֿאַרשטייט אַליין, גייט מיר מער אונטער.

— איך פֿאַרשטיי.

בייסן צעשיידן זיך האָט זאַלמען צו אים מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— קומט בעסער אָן אַרבעטן אין קולטור־הויז.

— פֿאַרוואָס? — יעשיַע האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט ברייט צעעפֿנטע אויגן.

— דאָס איז ניט וויכטיק. פֿאָלגט מיך, גייט ניט אַרבעטן אין קאָמיטעט. איך זאָג עס אײַך, ווי עלישעס אַ פֿרײַנט. — און באַלד צוגעגעבן: — ווי עלישעס אַ גרויסער פֿרײַנט.

— כ׳וועל זיך באַטראַכטן, איך וואָלט אָבער פֿונדעסטוועגן וועלן וויסן, פֿאַרוואָס?

זאַלמען האָט אים געוואָלט זאָגן: פֿרעגט בײַ דער געוועזענער מאַשיניסטקע אַהדזוערער, בײַ אָניעטשקען, נאָר פֿאַרשוויגן.

(פֿאַרזעצונג קומט)

# Єврейські мелодії



דמיטראָ פּאַוולישקאָ

## ייִדישע מעלאָדיעס

### איך גיי אין שול

פֿון קאָלאָמייער געטאָ, הינטער דראָטן,
פֿון וואַנען ס'איז אַרויסגיין שטרענג פֿאַרבאָטן,
די ייִדן גייען זייער לעצטן וועג
צום שיפּאַריוּווסקער וואַלד. אין גרויסער שרעק
זיי גייען פּאָר נאָך פּאָר, גלייַך ווי צונויפֿגעקאָוועט,
בײַ יעדן אויף דער ברוסט — אַ מאָגנדאָוויד.
די רוקנס אײַנגעבויגן, פֿענעמער פֿאַרטרערט,
ווי שאָטנס אין קאַפּאָטעס ביז דער ערד.
איבערן פֿרישן שניי די מיידלעך באָרוועס טרעטן,
און פּיצלעך קינדער אויף די הענט זיך בעטן.
איך קוק אויף זיי, מיט גרויל די אויגן פֿול,
עס דוכט זיך — קינדער גייען אין דער שול...
איך גיי זיי נאָך. אַך, לאַנג איז די קאָלאָנע.
עס קלאַפּט דאָס האַרץ. ס'באַהאַלט זיך די לעוואָנע.
אָפּסנײַ קאַיאָר. די וועלט איז טויב און שטום,
צי עפּשער מאַכט זיך טויב דער האַרצלאָזער אַרום.

איך שרײַ ניט. ס'קוקן שטרענג די קאָנוואָירן.
אַ, העלף מיר, גאָט, דעם זינען ניט פֿאַרלירן.
איך גיי אין שול. איר זעט דען עפּעס שלעכטס?
אין שול איך גיי! און מאַלע וואָס איך קרעכץ...
דאָרט וועלן מייסים קלאַפּן אין די פֿענצטער,
צום טאָוול וועלן שטעלן זיך געשפּענסטער.
און מיך דערווײַל אין שיפּאַריוּווסקער וואַלד —
מ'וועט נאַקעט אויסטאָן מיך מיט קויעך און געוואַלט.
דערנאָך אַרויסקריכן פֿון גרוב איך וועל מיט ליידן,
די ייִדן נאָכאַמאָל אין לעצטן וועג באַגלייטן.
ס'וועט די קאָלאָנע מיך אַרײַנציִען אין זיך,
אַ טפֿילע שעפּטשען כ'וועל אויף ייִדיש אומגעריכט
און בלײַבן שטיין אויף שטענדיק, פֿול מיט וויִען,
אין כוישעכדיקע, קדוישימדיקע רייִען
און גיין אַהין, וווּ ס'וואַרט אויף אונדזער טראָט
דער לערער פֿונעם לימעד דײַטש — דער פּולעמיאָט.



איינער פון די באדייטנדיקסטע אוקראַיִנישע דיכטער דמיטראָ פּאַווליטשקאָ, א גרויסער פרײַנט פון ייִדישער קולטור, איז אלט געוואָרן 60 יאָר. לעצטנס האָט די קיִעווער „ליטעראַטורנאַ אוקראַיִנאַ" אָפּגעדרוקט א גרויסן ציקל פון זײַנע „ייִדישע מאָטיוון". די רעדאַקציע און רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" באַגריסן האַרציק דעם ווינגער פון פעלקער־פרײַנטשאַפט.

---

## דער בעסוילעם

א ייִדישער בעסוילעם. אַלטע שטיינער,
מיט מאָך פאַרדעקטע און אין ווײַסן שליים
פאַרגליווערטן. עס וואַקסט ניט קיינער,
ווו גאַטס מעגילעס ליגן אין געהיים.
מיט ווילדגראָז אַלץ פאַרוואַקסן און פאַרצווײַגן,
די שטיינער ביזן האַלדז פאַרגראָבן אין דער ערד.
בלויז ערגעץ־ווו אַן אַוולדיקער פויגל
באַוויינט דאָס פאָלק, וואָס מ'האָט געבראַכט אהער.
די אויוונס פון אָשווענטשים כאַפּן איבער
בא די בעסאַלמענס דאָס געביין, וואָס גאַרט
שוין גיכער אין דער אייביקײַט אַריבער,
אהין, ווו יענע־וועלט אַף יעדן איינעם וואַרט.
פאַרבײַ די שטיינער גייען ניט קיין ייִדן,
און שווער צו זאָגן, ווער אין קייווער ליגט:
צי די דערשאָסענע לאַטוטניקעס און שמידן,
צי קינדער, וואָס דערשטיקט מע האָט אין וויג.

די אַלטע לײַט — זיי ציילעמען זיך איבער
באַם ייִדישן בעסוילעם. מע געדענקט
די שכיינים, וועלכע ליגן אין די גריבער
אַזוי געדיכט, אַז ס'איז זיי דאָרטן ענג.
דאָ מע געדענקט נאָך איציקן און שלוימען
און פּינכעסן, וואָס האָט געהאַנדלט פרײַ
מיט שפּיגעלעך און היטעלעך גערוימע
און יונגע מיידעלעך ליב געהאַט געטרײַ.
און נאָך געדענקט מען יאַנקעווען דעם ווילצלער
און מוישעלען, דעם קלוגן ליוועראַנט,
וואָס אַלץ געטאָן ער האָט, „האַקיצער" און „בעקיצער",
בלויז קינדער אָנגעפלאַדיעט מיט דער פולער האַנט.
קיין קינדער זײַנען שוין ביטאָ. פאַרטיליקט.
די טאַטעס אין די קוואָרים וואַרטן לאַנג,
פאַרניכטן זאָל מען עפנטלעך און ווייליק
דעם קלאַס אַנטיסעמיטן אינעם לאַנד.

## ברויט

ס'איז געווען א רעגנדיקער וועטער,
שווער צו שטעלן אין דער נאַכט א טראָט.
כ'האָב זיך צוגעשאַטנועט צו דער געטאָ
און געוואָרפן ברויט איבערן דראָט.
און קעדיי אין זומפּ זאָל ניט פאַרשווינדן
דאָס געשאַרטע שטיקל פּיסנע ברויט,
כ'האָב א שטיין א שווערן צוגעבונדן
און געוואָרפן ס'לעבן קעגן טויט.

קאָן מען דען דערהאַרגענען מיט גוטן,
מאַכן מיט א שטיקל ברויט א וווּנד?
מיך אַליין מע פלעגט דערנאָך דערמוטיקן,
וואַרפנדיק מיר ברויט ווי אַט דעם הונט.
ס'האָבן מײַנע רעטער דאַן געוואָרפן
שטיינער מיטן ברויט, און פון דער ווײַט
מיט דערשרעק זיי האָבן מיך געוואָרנט,
איך זאָל אָפּגיין עטוואָס אין א זײַט.

אַבער ס'האָט דער שטיין אין מיר געטראָפן
ווי איבערן פּנים מיט א רוט.
פֿונעם שטעכלדראָט איך בין אנטלאָפן
און דאָס ברויט באַגאָסן מיט מײַן בלוט.
אין מאַזוט דאָס ברויט איך האָב פֿאַרבאָרגן,
און קאַלומאַן כ'האָב זיך געהיילט אליין,
איז דער שטיין נאָך מערער שטיין געוואָרן
און דאָס ברויט געוואָרן איז א שטיין.
האָב איך שוין געטראַכט, אז אויס, ניט מעגלעך,
ס'זאָל דאָס שלעכטע זײַן מיט גוטס געפּאָרט,
שטיין דאַרף ליגן אין דער האַנט פֿון שלעגער,
ברויט דאַרף ליגן אין א שטוביק אָרט.

ס'איז א סאָד בעפּיירעש, וואָס געראָטן
איז דער מענטש ארויס, ווען ס'האָט פֿאַרמישט
באָרוך און די שטיינער מיט דער בלאָטע
און דעם מענטש געשאַפֿן יונג און פֿריש.
כ'בין געקומען אָנזאָגן דער מאַמען:
איר געשאַנק דער געטאָ האָט א זין —
כאָטש א שטיין געפֿלויגן איז פֿונדאַנען,
דאָך דערפֿלויגן עס איז ברויט אַהין.
און די מאַמע האָט א טרער פֿאַרלאָרן
און בעסאָד די שכיינים האָט דערציילט,
אז דער שטיין פֿאַרוואַנדלט איז געוואָרן
אין א פֿרישן קוילעטש, וועלכער היילט.

## שולאַמיס

נאָכגיביק דו ביסט געווען און מוטער־נאַקעט,
אָבער ליים דערווײַל און ניט קיין לײַב. א שאָד.
אין איין האַנט געהאַלטן כ'האָב א פּאַקעל,
מיט דער צווייטער דיך געפֿורעמט טאַקע,
יאַ, געשאַפֿן דיך, ווי כ'וואָלט געווען א גאָט.
צוגעמישט צו נאַסער ליים, מיט סייכל,
ס'פֿײַער, וואָס דער גענעם גיט פֿון זיך ארויס,
האָב איך אַלע דײַנע גלידער ווייכע
און דעם גלאַנץ פֿון אויגן און דעם שמייכל
אָפּגעגעבן דער נאַטור אין שויס.
כ'בין געווען בא דײַנע בריסט די פּולע
אױף דעם שמאָלן שטעג, וואָס צווישן זיי,
זיך דערוווּסט די סוידעס פֿון א בסולע,
און פֿון דעמלט אָן כ'לעב מיט געדולע
אין געדיכטן וואַלד פֿון זיסן ווײ.
דאָרט איך האָב נעקטאַר געקליבן אײַליק,
צו דער קווייט געפֿלויגן ווי א בין
און דײַן גוף געביסן יעדע ווײַלע,
זוכנדיק אן ענטפֿער אױף דער שײַלע,
ווער דו ביסט און וואָס אליין איך בין.

עפּשער ניט שולאַמיס איז דײַן נאָמען,
כ'האָב פֿאַרגעסן, וויאַזוי דו הייסט,
אָבער פֿול מיט דיר איז די נעשאָמע
און פֿאַרבלײַבן אין מײַן האַרץ, אפּאָנעם,
וועסטו אייביק — ווי דו שטייסט און גייסט.
כ'ווייס, אז דאָס געווען איז בלויז אן אָנשטעל:
אינעם כאָלעם און אין דעם געגנאַר
האָסט אליין געשאַפֿן אָט דעם מאָשל,
איך זאָל מיינען, קלוימערשט, אז איך קאָן שוין
דיך באַשאַפֿן צוליב פֿרייד און צאַר.
האָסט אן אָנשטעל דאַן געמאַכט אומיסטן,
אז דעם קיניג נאָכגעגעבן האָסט,
און אין עפּעס א מאָמענט א וויסטן,
אויב די זאַך וועט קיינעם ניט פֿאַרדריסן,
„כ'בין דײַן שעפּער", וועל איך זאָגן פּראָסט.
אינעם קאַנט פֿון ראָזשינקעס און מאַנדלען,
אין דער צײַט פֿון שפּאַסן און פֿון שפּאָט
איז דערווײַל געשען א האַנדל־וואַנדל:
האָסט דעם בוירע אין א בין פֿאַרוואַנדלט,
פֿונעם בין געמאַכט האָסטו א גאָט.

## יאַנקל

„קיין וואַרשע, ברודער, דאַרף איך פֿאָרן!" —
געזאָגט טאַראַס האָט, און דער ייִד
אױף זײַנע סוסים, קיין אײַנדאָרע,
קיין וואַרשע מיט טאַראַסן פֿליט.

...מיר פֿליִען אויך מיט די געדאַנקען —
אצינדער איז שוין טויט טאַראַס,
געקרייצט אָסטאַפּ איז. נו, און יאַנקל?
פֿון שליאַך — אַהיים? פֿון פֿעלד — אין גאַס?
ניין, יאַנקל האָט קיין היים שוין מער ניט,
זײַן שטוב דער שליאַכטיטש האָט פֿאַרברענט,

דער גורל האָט אים אױף די הערנער
גענומען, װי אַן אָקס נאָר קען.
צו זאַפּאָראָזשיער סיטש אצינדער
דער באַלעגאָלע שטעלט די טריט.
עס קוקט דער סטאַרשינא מיט װוּנדער:
— ס׳װיל װערן אַ קאָזאַק דער ייִד?

— פאַרװאָס דען ניט? און לאָמיר פאָרן,
װי ס׳זאָגט זיך, מיטן גלײַכן װעג.
געשיקט זיך, איז דער ייִד געװאָרן
אַ שײַועט, װאָס איז פֿול מיט שרעק?
איר מײנט, מיר זײַנען שענקער אַלע,
באַם פֿאָלק פּיאַװקעס אױפֿן לײַב?
אַזױ, װי דו, כ׳בין זאַט מיט דאַלעס,
איך האָב זעקס קינדער און אַ װײַב.
מיר זײַנען באַ דער נױט אין גאַלעס,
אָרעמעלײַט. קײן שנאָרערס — ניט.
קאַװאַליעס, באָנדערס, באַלעגאָלעס,
נאָר ראָטשילדס דײנע — גאָט באַהיט.
מיר זײַנען שנײַדערס, װאָס באַ יעדן
דורך לעכער, קוקט אַרױס דער בױך.
מיר זײַנען שוסטערס, קױם זיך װעטן —
די שיך באַ אונדז מיט לעכער אױך.
פֿאַראַן אַ צאַדיק און אַ גױלעם,
אַ װיצלער — פּלױדערט, פֿול דער זאַק,
איז זאָל כאָטש צװישן אַט דעם אױלעם
זײַן אַ געשװױרענער קאָזאַק.

— װוּ װױנסטו, װוּ? צי האָסטו, יאַנקל,
אַ דאַך איבערן קאָפּ און רו?
— כ׳בין אין דער סיטש מיט די געדאַנקען
און מיטן קערפּער דאָרט, װוּ דו.

## זשידאָװקע

די שילער פֿונעם קלאַס האָבן באַװיזן,
װי ס׳פֿירן זיך די עלטערע אין גאַס,
און ראָכעלען אַ זאָג געטאָן אומיסטן:
„דו גײ, זשידאָװקע, גײ דיר פֿונעם קלאַס...“

זײ האָבן דאָס געזאָגט ניט בײז לאַכלוטן,
אָבער די צונג האָט זיך פֿאַרטשעפּעט גראָד.
„איך — אַ זשידאָװקע? מײנט איר עס צו גוטן,
אָדער עס האָט אַ שלעכטן מײן דאָס װאָרט?“

די קינדערשע באַליבטע טאַראַראַמען
געװען זײַנען אין אַט דעם טאָג פֿאַרשטערט.
ס׳האָט ראָכעלע געפֿרעגט באַ טאַטע־מאַמען:
„פֿאַרװאָס זשידאָװקע? — פֿרעג איך אײַך. איר הערט?“

דער טאטע האָט אין וואָרט זיך ניט געגריבלט,
די מאמע, עמעס, האָט זיך שטיל צעוויינט.
א נארישקייט. ניט האָב פון דעם פאריבל,
וועסט אונטערוואקסן און אליין פארשטיין...

און דאן, אזוי ווי דו, עס וועט זיך קלאָגן
דיין קינד אויך אף א שענדלעכקייט אזא.
צו טאטע־מאמע וועט עס ערנסט זאָגן:
„זשיד און זשידאָווקע? וואָס זשע שווייגט איר, האָ?!"

* * *

ווען גאָט האָט ליב, יענעם שטראָפט ער...

(אפּאָסטאָל פּאוועל — צו די יידן)

געזאָגט האָט גאָט: „איך האָב אייך ליב. דערפאר
כ'וועל שטראָפן אייך..."
„נאָר זיי ניט, גאָט, קיין ראָשע.
מיר האָבן ניט פארדינט אזא מין גזאר,
זאָלסט אָפּנעמען בא אונדז דאָס אייגן לאָשן.
א פאָלק מיר ווילן זיין. מיט פּלעקן אויך.
און א געטריבנס, מיט א גוירל שווערן.
ווען וואַרפן וועט מען אונדז אף שייטערס, זאָל דער רויך
די אויגן בא דיר אויסעסן ביז טרערן".

* * *

ווען איך דאוון אף א פרעמדער שפראך, דאוונט
מיין גייסט, נאָר דער פארנונפט מיינער ווערט ניט
באפרוכפּערט...

(פון דער ווענדונג פונעם אפּאָסטאָל
פּאוועל צו די קאָרינפער)

מיין פאָלק, מיין קינד מיט בענטשנדיקע אויגן,
זאָל זיין דיין וואָרט אין שפראכן פיל צעזייט,
ווייל פאר דיין גייסט לעשוינעס אלע טויגן
און יעדער לאָשן איז א צויבערדיקע פלייט.

פאל אף די קני, ווען ס'איז די נאכט פארלאָשן
און ס'צינדט זיך אָן די זובען־שיין גאנצפרי,
נאָר טפילע טאָן זאָלסט שטענדיק אף דיין לאָשן,
ווייל, גאָט באהיט, קאָנסט שטארבן אף די קני.

**פון דײַן פּאָנעם וויאַזוי זיך אָפּווענדן...**

(טהילים 139 — 1938)

איך זע: באַם פּאַרקן שטייט א ייִנגל —
פּונקט ווי א סטויפּיק, דאַר און קוואַר,
פון געטאָ, טוט זײַן אויג א פינקל,
ווי א סיגנאַל פון ווײ און צער.
א שמייכל טוט ער — אַך, א שמייכל...
פאַרקרימט די ליפּן, כליפּעט שטיל.
ס׳באַווײַזט אין הימל זיך א צייכן,
וואָס אָפּטרײַבן פון זיך איך וויל...

* * *

**„איך באַפרײַ דיך פון דײַן פאָלק"**

(א קאָל פון גאָט, וואָס עס האָט
דערהערט דער אַפּאָסטאָל פּאַוועל)

און וואָס וועט זײַן, ווען וועסט אַראָפּוואַרפן די קייטן
פון די געזאַנגען דײַנע, פון דײַן שפּראַך און פון דײַן ערד?
אַן אַנדער פאָלק וועט דיך אין וועג באַגלייטן,
אַן אַנדער קנעכטשאַפט זײַן וועט דיר באַשערט.

און ווידער צו דער פרײַהייט וועסטו שטרעבן,
אַראָפּוואַרפן פון זיך וועסט נאָך איין הויט
און ווידעראַמאָל אין א קנעכטשאַפט לעבן,
ווי א צעקוועטשטע שלאַנג זיך וואַלגערן אין קויט.

**יידיש** — ארן ווערגעליס




דאָס צוויי־און־נײַנציקסטע קאַפּיטל

## די געמאַכטע מעכאַשייפע

אויב דער געפּעלשטער פּאַפּאַו איז געווען אַ פאַנטאַסט און אַ באַל־דימיען און האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט כאַלוימעס וועגן אַ באַסמאַלקע פּונעם לאַנד פון „אופיר", האָט דאָס בא אים געדויערט פון עסטער־טאָנעס ביז פּורים. ווי אַ קינד פון זײַן פאָלק, וואָס איז געפּרוווט געוואָרן מיט אַלערליי ניסיוינעס, האָט ער זיך גיך אויסגעניכטערט, גיך אַ נעם געגעבן זיך צום סייכל, וויבאַלד נאָר ער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען די לינקע זײַט פון דער מאַטבייע, וויבאַלד נאָר ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ ווערט ער האָט, ווען ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם מונדיר פון אַ גרישע פּאַפּאַו און בלײַבט אין די קליידער פון אַ הערש ראַבינאָוויטש.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס געווען מיטן עמעסן גרישע פּאַפּאַו, וואָס האָט זיך נאָר פאַרשטעלט פאַר אַ ראַבינאָוויטש. „אַ געמאַכטע מעכאַשייפע איז ערגער ווי אַ געבוירענע" — און דאָס איז עמעס.

---

פּ אָ ר ז ע צ ו נ ג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 7—12, 1988 און נומ. 1—8, 1989.

דער דאָזיקער כּעוורעמאַן, אויסער דעם, וואָס ער איז גלאַט געווען נײַגעריק צו זען, מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן אָט דאָס אַלעס; אויסער דעם, וואָס ער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, פּאַראַקשנט, ווי אַן עמעסער גאַי, אַז קוים האָט ער געגעבן דאָס וואָרט, איז פאַרפאַלן, מוז מען אויסהאַלטן ייִדישקײַט ביזן סאַמע פּונעם טערמין, האָט ער זיך נאָך אַרײַנגענומען אין קאָפּ אַרײַן אַ געדאַנק, אַ פּאַטאַלנע געדאַנק, אַז דער שפּאַס, וואָס ער און זײַן ייִדישער כאַווער האָבן אָפּגענומען, איז ניט קיין פּראָסטער צופאַל. דאָס איז אַ באַשערטע זאַך, אַז ער, דער קריסט פּאַפּאַוו, זאָל זײַן אַ מאַרטירער, אַ מין אָפּקומעניש פאַרן ייִדישן פאָלק — דערפאַר אַפּאַנעם, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק איז דאָס קאַפּאָרע־הינדל פאַר דער גאַנצער וועלט... „ווער ווייסט, — האָט ער זיך געטראַכט, — ווער ווייסט, עפּשער איז ער דער שאַלייעך, עפּשער איז אים אָנגעצייכנט געוואָרן, אַז דורך דעם, וואָס מע באַשולדיקט אים, אַ קריסט, אין אַזאַ פאַרברעכן, וועט די וועלט סאָפּקאָלסאָף עפענען די אויגן און דערזען דעם גאַנצן אומזין פון דעם און מאַכן אַ סאָף איין מאָל פאַר אַלע מאָל מיט דעם דאָזיקן היסטאָרישן קאָשמאַר, וואָס מע רופט דאָס אָן „ריטואַל־מאָרד"...

אָפּן פּאָנעם איז ניט געווען צו באַמערקן, אַז דער מענטש זאָל זײַן אַ מאַרטירער, אָדער ער זאָל טראָגן עפּעס צאָרעס, אָדער יעסורים. פריש און געזונט האָט ער אויסגעזען; געהאַט דעם רעכטן אַפּעטיט צום עסן; גאַנץ גוט געשלאָפן. ניִשט מער די פּאַטלע געדיכטע האָר, וואָס ער טראָגט, האָט זיך אַ ביסל צעוואַקסן, געוואָרן נאָך געדיכטער, און אַ בערדל האָט ער זיך פאַרלאָזט, — און דאָס פּאַסט זיך אים זייער שיין צו זײַן ווײַס לויטער פּאָנעם, ווען ס'האָט זיך נאָר אַ ביסל אויסגעבלייכט פון ניט זײַן לאַנג אויף דער לופט און אויף דער זון, און ער האָט באַקומען דורך דעם נאָך מער אַ ייִדישן אויסזען.

עס איז געווען נאָר צו באַוווּנדערן, ווי רויִק און געדולדיק ער טראָגט איבער אַלצדינג און מיט וואָס פאַר אַ גאַדלעס ער האַלט זיך באַם אויספאָרשן אים און מיט וואָס פאַר אַן אַקשאָנעס ער האַלט זיך בײַ זײַנס: איינמאָל געזאָגט דאָס וואָרט ניין, האָט ניט געהאָלפן שוין קיין שום איבערפרעגן און קיין שום וועלן כאַפּן אים. עס איז געווען אַזוי מעגלעך בײַ אים אַרויסצוציִען אַן איבעריק וואָרט, ווי, אַשטייגער, בײַ דער וואַנט. קיין זאַך האָט אים ניט אָפּגעשראָקן. ער האָט פּעסט געגלייבט, אַז דער, וואָס זוכט דעם עמעס, וועט דעם עמעס געפינען. ער איז געווען זיכער, אויסער דעם, אַז זײַנע פרײַנט, די שאַפּיראָס, שלאָפן מיסטאָמע אויך ניט אין דעם, מיסטאָמע העלפן זיי אויך זוכן דעם עמעס...

דערמאָנט ער זיך אָן די שאַפּיראָס — טוט אים נאָר אַ ביסל אַ שטאָך אין האַרצן: „וואָס איז מיט בעטין? ווו איז זי? דענקט זי וועגן אים?"... און אויך אָן דער היים דערמאָנט ער זיך, אָן זײַן עמעסער היים: „וואָס טוט דער פאָטער זײַנער? וואָס טראַכט ער זיך, אַשטייגער, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג קיין בריוו ניט פון אים? און זײַן שוועסטער וועראַ?.. נאָר מיסטאָמע האָט שוין זײַן כאַווערקאָ אַלצדינג באַוואָרנט אויף בעסטן אָרט: אַ ייִדיש קעפּעלע, טשאָרט וואָזמי, ער וועט שוין עפּעס צוטראַכטן!.."

ער האָט גאָרנישט כּישעד געווען אַפילע, אַז די וואָלקנס, וואָס הענגען איבער זײַן קאָפּ, ווערן פון טאָג צו טאָג געדיכטער און זײַן לאַגע ווערט פון טאָג צו טאָג ערגער. וואָרעם אַכוץ די אַלע וויכטיקע סימאָנים, וואָס זײַנען געווען, ווי מיר ווייסן שוין, אַלע קעגן אים, האָבן זיך צוגעטשעפּעט נאָך דרײַ סימאָנים, וואָס האָבן זייער ערנסט געזאָגט איידעס קעגן אים.

די דרײַ איידעס זײַנען געווען: ערשטנס — דאָס, וואָס ער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און געטײַנעט אייִנס, אַז ער פאַרשטייט קיין וואָרט ייִדיש, אין דער צײַט, ווען זײַנע בריוולעך, וואָס מע האָט פאַרנומען בײַ זײַן פאָטער אינדערהיים און באַוויזן עקספּערטן, זאָגן פּונקט דעם הייפּעך, אַז דער באַשולדיקטער ניט נאָר ער פאַרשטייט גוט און שרײַבט ייִדיש, ער באַזיצט אויך די אַלטע העברעיִשע שפּראַך, וואָס מע דאַרף גאָר ניט בעסער.

דאָס איז איין מאָל אַוועק. צווייטנס, דער בריוו, וועלכן מע האָט איצט אויסגעטרייסלט בײַ זײַן עלטערן ברודער, וואָס איין ראָוו שרײַבט צום אַנדערן, איז דען ניט קיין באַווײַז, אַז דאָ איז באַגאַנגען געוואָרן אַן אַלגעמיינער אַ קאָהאָלשער פאַרברעכן, וואָס ניט ער איינער איז שולדיק אין אים? וואָרעם אַז ניט, וואָס יאָגן זיך אַזוי די ייִדן אים צו באַפרײַען? קאַרג ייִדישע פאַרברעכער זיצן אין די טורמעס, פאַרוואָס נעמען זיך די ייִדן ניט אָן זייער קריוודע?.. איז צוויי. אַ דריטער איידעס איז געווען אַ לעבעדיקער נעפעש, דער דוואָרניק פונעם הויז, ווו דער דאַנטיסט ראַבינאָוויטש האָט געוווינט.

דער דאָזיקער נעפעש, אַז מע האָט אים גענומען אויספרעגן, וואָס ווייסט ער וואָס צו זאָגן וועגן דעם קוואַרטיראַנט, וואָס האָט געוווינט בײַם ייִד שאַפּיראָ, האָט ער באַוויזן, אַז ער האָט אייגנטלעך גאָרניט וואָס אויסצוזעצן קעגן אים. אַ שטילער מענטש און אַן אַקוראַטנער, אַ ביסל געהאַט אין זיך טנועס פון אַ „באַרשטוק", ליב געהאַט זיך שאַפּן, נאָר טאָמיד גוט באַצאָלט, פאַר יעדן גאַנג באַזונדער, און צו נאָווי־גאָד האָט ער געגעבן מער פון אַלע, אַזוי אַז ער קאָן צו אים גאָרניט האָבן. דאָס

איינציקע, וואָס איז, דעם דוואָרניק, איז געווען קאַשע און עס האָט אים טאַקע גאַנץ גוט פאַרדראָסן, איז געווען אָט וואָס: צו אָט דעם קוואַרטיראַנט פלעגט אַפּטמאָל אַרײַנקומען עפּעס זייער אַ פאַרדעכטיקער פאַרשוין, אַ זשוואַווע ייִדל („יורקי יעווריײטשיק") מיט שוואַרצע געקרײַזלטע האָר און מיט שוואַרצע גאַזלאָנישע אויגן. דאָס דאָזיקע ייִדל, ווי דער דוואָרניק האָט באַמערקט, פלעגט זיך ווי אַרײַנגאַנווענען צו שאַפּיראָס קוואַרטיראַנט צווישן טאָג און נאַכט, אָפּזיצן מיט אים, ווי ער האָט באַמערקט, נאָכן לײַכטן זיך, וואָס דאָרט האָט זיך געלײַכט, שוין לאַנג, און אַמאָל ביגנייווע אונטערגעשלײַכט אויך... פאַרשטייט זיך, אַז דערויף האָט ער, דער דוואָרניק, פּראָטעסטירט, געטײַנעט, אַז ער קאָן ניט דערלאָזן אַזאַ זאַך, וואָס קעגן זאַקאָן, אַז אויף אים, אַלס דוואָרניק, איז כאַל צו פאַרשרײַבן די דאָקומענטן פון יעדן איינציקן, וואָס קומט אַרײַן צו אים אין הויף, וואָרעם ווער באַדאַרף געבן דין־וחשבון פאַר דער פּאָליציע פון אַלע זײַנע אײַנוווינער און פון יעדן שוואַרץ־יאָר, אַז ניט דער דוואָרניק? פון דעמאָלט אָן איז דער פאַרדעכטיקער פאַרשוין מיט די שוואַרצע גאַזלאָנישע אויגן פאַרשוווּנדן געוואָרן און מער האָט ער אים ניט געזען, ביז צום הײַנטיקן טאָג.

אויפן אויספרעגן באַם באַשולדיקטן, ווער איז דאָס געווען אָט־אָ יענער פאַרדעכטיקער פאַרשוין מיט די שוואַרצע גאַזלאָנישע אויגן, וואָס פלעגט צו אים קומען ביגנייווע, און וואָס האָט ער געהאַט צו טאָן גאַנצע נעכט בײַ אים? — האָט ראַבינאָוויטש טכילעס געפּרוּווט לייקענען, אַז ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן, אַז צו אים זײַנען קיינמאָל קיין פאַרדעכטיקע פאַרשוינען מיט גאַזלאָנישע אויגן ניט געגאַנגען און אַז ער האָט איבערהויפּט מיט גאַנאָווים און גאַזלאָנים קיינמאָל ניט געהאַט קיין שום אייסעק... נאָר שפּעטער, אַז מע האָט געהאַט אַ כאַפּ געגעבן שאַפּיראָן אויפן „דאָפּראָס" און דאָס ווייד שאַפּיראָ האָט, ווי זײַן שטייגער איז, אויסגעבויטעט דעם גאַנצן עמעס („אַז מע עסט ניט קיין קנאָבל, שמעקט ניט פון מויל"), אַז דאָס איז געווען דעם קוואַרטיראַנטס אַ כאַווער, אַ שלימאַזל, ער געדענקט ניט זײַן נאָמען, ער ווייסט נאָר, אַז ער איז אַ מעסוקענער ציִעניסט און אַ גרויסער דאַלעס, — דעמאָלט האָט שוין ראַבינאָוויטש געמוזט זיך מוידע זײַן, אַז עמעס, ער האָט געהאַט אַזאַ כאַווער, מיטן נאָמען טומאַרקין, וואָס איז טאַקע אַ פאַרברענטער אָנהענגער פון ציִעניזם, — וועלכעס איז, דאַכט זיך, ווײַט פון אַ פאַרברעכן? — נאָר ווו דער דאָזיקער טומאַרקין איז אַהינגעקומען — דאָס ווייסט ער ניט (אַז טומאַרקין איז געווען פון די דרײַצן, וואָס מע האָט זיי ניט צוגענומען אין אוניווערסיטעט, — דאָס האָט ראַבינאָוויטש ניט געוואָלט אויסזאָגן: צו וואָס אַרײַנשלעפּן זײַטיקע מענטשן?).

ראַבינאָוויטש האָט זיך אויך מוידע געווען, אַז ער האָט מיט דעם טומאַרקינען געפירט לאַנגע וויקוכים און דיסקוסיעס איבער נאַציאָנאַליזם, ציִעניזם און נאָך אַזעלכע זאַכן, און אַז פון אים האָט ער, ראַבינאָוויטש, טאַקע אַ סאַך געטאָשט אויך און אַליין אויך געוואָרן אַ שטיק ציִעניסט... און ווײַל דער טומאַרקין האָט ניט געהאַט קיין פּראַוואָזשיטעלסטווע, און צאָלן דער פּאָליציע האָט ער ניט געקאָנט, האָט ער דעריבער אַרײַנגענומען טומאַרקינען אָפּטמאָל צו זיך אויף נאַכטלעגער, נאָר מיצאַד ראַכמאָנעס... און דאָס, וואָס דער דוואָרניק זאָגט, אַז דער טומאַרקין פלעגט זיך „אַרײַנגאַנווענען" און אַז דער דוואָרניק פלעגט „פּראָטעסטירן" — דאָס איז שוין אַ ריינער ליגן. טומאַרקין פלעגט גיין גלײַך, און דער דוואָרניק פלעגט באַקומען פון אים, פון ראַבינאָוויטשעס הענט, פאַר יעדע נאַכט אַ מינע יאַפּע...

אַז אונטערשמירן דעם דוואָרניק פלעגט ניט ער, נאָר דער באַלעבאָס, שאַפּיראָ, — דאָס האָט ראַבינאָוויטש ווידער ניט געוואָלט זאָגן — צו וואָס? עס איז דען ניט אַלצייגס? אוואַדע האָט דער דוואָרניק אויף דער „אָטשנע סטאַווקע" מיטן פאַרברעכער געלייקנט שטיין און ביין און געשווירן זיך מיט קאָל האַשוווּעס, ער זאָל אַזוי ריין זײַן פאַר גאָט, ווי ער איז ריין פון כאַבאַר, אַניט זאָל ער אײַנעמען אַ מיסע מעשונע דאָ אויפן אָרט. דער דוואָרניק האָט, פאַרשטייט זיך, פאַר אַזאַ זאַך ניט געקראָגן קיין גלעט איבערן בעקל. ער האָט זײַן פּסאַק באַקומען — ער האָט פאַרלוירן זײַן דוואָרניקשטעלע אויף אייביק, — דערפאַר איז ער אָבער געבליבן אַ לעבעדיקער איידעס קעגן דעם באַשולדיקטן, וואָס האָט אַליין ניט געוווּסט, אַז ער טרינקט זיך, וואָס ווײַטער, אַלץ טיפער און טיפער...

אַציִנד איז שוין גאָר קיין ווונדער ניט, וואָס טאָמער האָט מען דעם פאַרברעכער געהאַלטן ביז אַהער שטרענג אָפּגעווײַטערט פון דער דרויסנדיקער וועלט, האָט מען איצטער, נאָך די אַלע מײַסעס און איבערהויפּט נאָך דער מײַסע מיטן ראָווס בריוו, וואָס האָט באַוויזן, ווי צוויי מאָל צוויי, אַז מע וויל דאָס פייגעלע אַרויסלאָזן פונעם שטײַגעלע, גענומען אויפן פאַרברעכער נאָך מער האַזשגאָכע געבן, אַזוי אַז טאָמער האָט עמעצער געקאָנט האָבן אַ שטיקל האָפענונג אַמאָל, ווען־עס־איז צו דערשלאָגן זיך צו אים, איז דאָס פון איצט אָן געוואָרן גאָר אַן אוממעגלעכע זאַך, ניט פאַר קיין פאַל אין דער וועלט! אויך דער רעזשים איז געוואָרן אַ סאַך מער שטרענג, ווי פריִער. מע האָט אים נאָך מער פאַרקירצט די סײַוויסײַ קורצע מינוטן, וואָס ער האָט געהאַט פרײַ צו שפּאַצירן גיין, ביזן לעצטן מינימום — און דאָס אַלצדינג איז אים אָבער גאָרניט אָנגעגאַנגען. אַ געמאַכטע מעכאַשייפע... ער האָט זיך דאָס וואָרט געגעבן פעסט איבערטראָגן פאַרן עמעס, וואָס עס זאָל ניט זײַן!.. און ער וואָלט

זיכער ניט פאַרלוירן אַף קיין מינוט זײַן מוט, ווען עס זאָל זיך ניט געווען טרעפן א מײַסע, וואָס האָט אים שיר־שיר ניט אַרויסגעגעבן מיט הענט און פיס און געבראַכט דערצו, אז מע זאָל אים האַלטן ניט נאָר פאַרן עמעסן פאַרברעכער, נאָר פאַר א פאַרברעכער א כיטריאַק, וואָס ווענדט אָן אלע וועגן מיט אלע מיטלען און מיט אלע דריידלעך, און וועט זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיין זאַך, ביכדיי אַרויסצוגליטשן זיך פון די הענט פון דער גערעכטיקײַט.

דאָס דרײַ־און־נײַנציקסטע קאַפּיטל

## דער גרויסער ניסאָיען

דאָס איז געווען איינמאָל אין א שיינעם טאָג, ווען מע פירט אַרויס די אַרעסטאַנטן אַפן שפּאַציר איבערן הויף, האָט ראַבינאָוויטש באַמערקט איינעם אַן אַרעסטאַנט א ייִדן, אין א גרויען כאַלאַט, שוין אַן אָפּגעמישפּעטן. דער ייִד, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, קוקט אַף אים עפּעס מאָדנע און ווינקט צו אים; עס האָט אויסגעוויזן, אז ער וויל אים עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט מורע, אַפּאַנעם, פאַרן סאָלדאַט. איין מאָל און צווײ מאָל. צום דריטן מאָל האָט זיך דער ייִד, דער אַרעסטאַנט, ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און א זאָג געגעבן אים פונדערווײַטן אַף א געמישט ייִדיש לאָשן, וואָס וואַרפט זיך דורך אין דעם א סאַך רוסישע ווערטער:

איר זענט דאָס אָט דער ראַבינאָוויטש, וואָס מע אָבוויניאַיעט אין ריטואַלנע אוביִיסטווע? אויב אַזוי, קאָן איך אײַך אָפּגעבן א גרוס פון דער מאַמזועל שאַפּיראָ. איידער מע האָט מיך אָפּגעסודיעט און געבראַכט אין אָסטראָג, זײַנען מיר געווען אינאיינעם אין דער יעוורייסקע באָלניצע...

דאָס ייִדל האָט געוואָלט זאָגן עפּעס נאָך, האָט אים דער סאָלדאַט מיטן קעפּל פון דער ביקס געגעבן א קאַפּוליער אָנצוהערעניש און אָפּגעפירט אים אין זײַן רו אַרײַן.

פון דעם אַלעם האָט ראַבינאָוויטש־פּאַפּאָוו פאַרשטאַנען נאָר די עטלעכע רוסישע ווערטער: „אָבוויניאַיעט”... „ריטואַלנאַיע אוביִיסטוואָ”... „מאַמזועל שאַפּיראָ”... „אָסטראָג”... „יעוורייסקאַיא באָלניצאַ” — און דאָס איז געווען גאַנץ גענוג פאַר אים, ער זאָל נאָכדעם דרײַ נעכט דורכאַנאַנד ניט קאָנען צומאַכן מיט קיין אויג.

עס איז געווען קלאָר פאַר אים, ווי דער טאָג, אז די מאַמזועל שאַפּיראָ „אָבוויניאַיעט” מען אין „ריטואַלנע אוביִיסטוואָ” און אז מע האָט זי אײַנגעזעצט אין אָסטראָג און פון דאָרטן אין דער „יעוורייסקאַיא באָלניצאַ” — וואָס דאַרף מען נאָך? און פון וואָס פאַר א מאַמזועל שאַפּיראָ קען אים אָט דער ייִד דערציילן, אז ניט פון דאָוויד שאַפּיראָס טאָכטער? איז דערפון געדרונגען, הייסט עס, אז אויסער דעם, וואָס מע באַשולדיקט בעטין, גלײַך ווי אים, אינעם זעלבן ריטואַל־מאָרד, און כוץ דעם, וואָס מע האָט זי אײַנגעזעצט אין טורמע, איז זי גאָר אָן א שום סאָפעק פון צאָרעס קראַנק געוואָרן און געפינט זיך אַצינד אין שפּיטאָל...

איצט איז אים שוין פאַרענטפערט, וואָס קיינער פון די שאַפּיראָס באַווײַזט זיך ניט צו אים די גאַנצע צײַט פון זינט ער זיצט. צו יעדן אַרעסטאַנט קומט עמעצער איין מאָל אין וואָך, כאָטש אַף עטלעכע מינוט, נאָר צו אים ניט. מיט וואָס איז ער ערגער פון אַנדערע?.. ניט אַנדערש, אז זי איז רעכט קראַנק... און ווער ווייסט — עפּשער נאָך ערגער פון קראַנק?..

ער שפּרינגט אַראָפּ פון דער „קאָיקע”, שפּאַנט אַרום מיט גרויסע טריט אין די דאַלעדאַמעס פון זײַן שטײַגל און טויזנטער־טויזנטער געדאַנקען, איינער פינצטערער און טרויעריקער פונעם אַנדערן, קומען אים אַפן זינען און ער פילט, אז דער קאָפּ ווערט אים צעשפּאָלטן אַף שטיקער, און עס פאַרווילט זיך אים פלוצעם צעוואַרפן דעם גאַנצן בינייען, צעוואַרפן, מאַכן א סאָף צו אַלצדינג.

וואָרעם וויבאַלד, אז ס׳איז ניטאָ די, צוליב וועלכער ער איז אַזויפיל אויסגעשטאַנען און צוליב וועלכער ער טראָגט איבער אַלצדינג אַזוי גרינג און צוליב וועלכער ער איז גרייט געווען מאַפקיר זײַן זײַן קאַריערע מיט זײַן אַלצדינג, הײַנט צו וואָס ניצט אים די גאַנצע שפּיל?.. צי דען איז ער טאַקע בעעמעס מעכוייעוו צו זײַן א קאָרבן פאַרן עמעס, וואָס ליגט פאַר די אויגן, נאָר מע וויל אים ניט זען?.. לאָז דאָס גיין אין דער ערד אַרײַן אַלצדינג — ניט שפּעטער ווי מאָרגן אינדערפרי שיקט ער זאָגן, אז ער האָט צו אויפדעקן א גאַנץ נײַע זאַך, וואָס דאַרף באַלײַכטן און מאַכן אַן איבערקערעניש אינעם גאַנצן אייסעק...




אויף מאָרגן אינדערפרי האָט ער גאַטירלעך כאַראַקטע, זידלט אויס גאַנץ גוט זיך אַליין אויף אַלע זײַטן: „אַ מענטש זאָל ניט זײַן קיין „טרוס", און אַז אַ וואָרט דאַרף מען האַלטן", — און קומט באַנאַכט, ווען עס לאָזן זיך אַראָפּ די שאָטנס און אַ בעסוילעם־שטילקײַט הערשט אין דער טורמע און עס לאָזט זיך הערן זעלטן אַ ליאַזג פון אײַזערנע קייטן, אָדער אַ קלאַפּן פון הילצערנע פּאָדעשוועס אויף שטיינער, אָדער אַ שפּײַ אויף יענער זײַט פּענצטער פונעם סאָלדאַט, וואָס גייט, ווי אַן אומרו, הין און צוריק אויף דער וואַך, דעמלט נידערן אַראָפּ און זאַמלען זיך צונויף בײַ אים צוקאָפּנס ווידעראַמאָל יענע טויזנטער מאַכשאָוועס און געדאַנקען, וואָס לאָזן אים ניט שלאָפן...

ער קאַטשעט זיך פון איין זײַט אויף דער אַנדערער, אָדער ער ליגט מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן און זעט זיך אַלס קריסט, אַלס גליקלעכער גרישע פּאָפּאָוו, בײַ זיך אין זײַן היים, אין דעם רײַכן הויז פון זײַן אַריסטאָקראַטישן פאָטער, ווו אַלעס איז אַזוי באַקוועם און פּרעכטיק, ברייט און פרײַליכטיק, און וואַרעם, און גוט, און אָנגענעם...

און ער שטעלט זיך פאָר, וואָס וואָלט זײַן, ווען ער איז ער?.. ווו וואָלט ער איצט אָנגעשפּאַרט? ער וואָלט שוין איצטער געהאַלטן בײַם אַריבערגיין אויפן צווייטן קורס. ער וואָלט איצט געהאַלטן בײַם פאָרן אַהיים אויף די זומערדיקע וואַקאַציעס, גלײַך צום פאָטער אין דער אימעניע „בלאַגאָסוועטלאָוואָ", ווו זיי פאַרברענגען געוויינלעך אַלע זומער.

בלאַגאָסוועטלאָוואָ — דאָס איז דאָס שענסטע ווינקעלע אויף צו פאַרברענגען דעם זומער. דער פאָטער, איוואַן איוואַנאָוויטש, די שוועסטער, וועראַ, און ער אַליין האָבן ליב בלאַגאָסוועטלאָוואָ מער פון אַלע זייערע אימעניעס אין ט—ר גובערניע. אַהין פאָרן זיך צונויף אַלע פּאַפּאָוס, די גאַנצע מישפּאָכע, גרישעס אַלע פעטערס און אַלע מומעס מיט זייערע קינדער, אַז עס קומט זומער, און ניט נאָר די מישפּאָכע אַליין, אויך פרעמדע פאָרן זיך צונויף, פאַמעשטשיקעס פון אַרום און אַרום, און עס הייבט זיך אָן אַ לעבן אויף דער וועלט — וואַרעמסן, פּיקניקן, שיסערײַען, פישערײַען, יאָגענישן, לייפענישן און אַרויספאָרענישן אָן אַ שיר.

דאָס איז פאַר די עלטערע. און פאַר זיי, פאַר יונגוואַרג, איז אוואַדע א לעבן, ווי אין גאַניידן: דרײַ באַדאָשים פרײַ. באָדן זיך דרײַ מאָל א טאָג מיט די סאָווירים אין דער סאָזשלקע, איבער־שווימען זי אין דער לענג און אין דער ברייט — דאָס איז עפּעס וואָרט? און שיפן זיך מיט די שוועסטערקינדער, די קוזינקעס, וואָס זײַנען אייגנטלעך נאָך גאָר יונגע מיידלעך, נאָר זיי שפּילן די ראָל פון דערוואַקסענע „מאַמזעלן" — דאָס איז, דאַכט זיך, אויך ניט פון די קליינע זאַכן? דאָרטן איז דער מאָקעם, ווו עס ווערן פון די ייִנגלעך באָכערים און פון די מיידלעך — „באַרישניעס", ווו עס ווערן געבוירן די ערשטע געפילן פון דער „הייליקער ליבע", ווו עס שפּילן זיך אָפּ די ערשטע, קלויִמערשט ערנסטע ראָמאַנען, וואָס הייבן זיך אָן מיט אומשולדיקע קינדערשע קאַפּריזן און לאָזן זיך אויס מיט גאָרנישט... אָח, אָך! ווי וואָלט ער וועלן איצט אָט דאָרטן זײַן! א גרויסער, א שווערער ניסאָיען!..

ער שפּרינגט אַראָפּ פון זײַן האַרטער „קאָיקע" און מיט ברייטע טריט שפּאַנט ער אַרום איבער די פיר איילן פון זײַן ענג שטײַגל עטלעכע מאָל הין און צוריק און ער לייגט זיך אַוועק צוריק אויף זײַן האַרטער „קאָיקע" און מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן טראָגט ער זיך אַריבער אַהין, אין זײַן ליבער געטרײַער היים, ווו ער איז נאָך גאָר א ייִנגל א גימנאַזיסט... עס וואַרט אויף אים און קוקט שוין אַזוי לאַנג אַרויס זײַן ליבע גוטע שוועסטער ווערא...

עס איז אים אַן א שיר אָנגענעם דאַפקע איצט צו טראַכטן פון זײַן שוועסטער ווערא, און וויאַזוי ער און זי, בײדע נאָך גאָר יונגע קינדער, שפּילן נאָך ווי קינדער, אָדער זעצן זיך אויף בײדע אויף אַן ענגלישן קעב און ער אַליין קוטשירט, אָדער זיי פאָרן רײַטנדיק אויף ברענענדיקע פערד, שפּרינגען פײַל אויסן בויגן פון איין פעלד אויפן אַנדערן, פון איין „לאַן" אויפן אַנדערן.

אומעטום איז גרין, אומעטום איז גלאַט און גלאַנצנדיק ליכטיק, אַן א ברעג ציִען זיך די פעלדער מיט די לאַנגע ווייץ, ווי די כוואַליעס פונעם יאַם וויגן זיך די זאַנגען פונעם ברויט, וואָס איז נאָך ניט רעכט צײַטיק. ווי די מיזרעך־מענטשן, בײַס זיי דינען גאָט, שאָקלען זיך די ביימער אין די וועלדער. ווי א קאַפּעלע פון פאַרשיידענע קלעזמאָרים זינגען פייגל, קנאַקן שטאָרכן, שמיצערן היישעריקן, זשומען פליגן, און א טײַכל דאָרטן ערגעץ באַרג־אַראָפּ קאַטשעט זיך, און שלענגלט זיך, און מורמלט שטילערהייט, און ערשט העטווײַט בא דער מיל צעלאָזט זיך עס מיט א ייִרגאָזן און פאַלט מיט אַן אימפּעט פון אויבן אַראָפּ, קאָכט, און פליעסקעט, און זידט, און פינעט: „לאָזט מיך! לאָזט מיך! לאָזט מיך!" — מאָלט זיך אויס רעדט דאָס וואַסער, לויפט און שלעפּט מיט זיך אַלעס, וואָס עס באַגעגנט זיך דעם אויפן וועג — סטאָפּ! דאָ בלײַבט מען שטיין.

בײדע קריכן זיי אַראָפּ פון די פערד, און דעם מילנערס ווײַב, א קורצע גאָיקע מיט א הויכן שלייער, קומט זיי אַנטקעגן, בייגט זיך ביז דער ערד און באַגעגנט זיי מיט א קריגל מילך קאַלט ווי אײַז.

פונוואַנען ווייסט די מילנערן, אַז זיי גייען אויס א טרונק? קיין גלאָז פאַרמאָגט זי ניט, די מילנערן, און קיין אַנדער קיילע איז זי ניט געפאַלן אַרויסצוטראָגן, מוז מען טרינקען גלײַך פונעם קריגל.

— טרינק, ווערא, פריִער, דו ביסט עלטער.

— ניין, גרישא, טרינק דו פריִער, דו ביסט בילכער.

— ניין, ווערא, דו.

— ניין, גרישא, דו — און אַך, וואָס מע לאַכט זיך אָן! —

א גרויסער, א שווערער ניסאָיען!..

ער עפנט אויף די האַלב־צוגעמאַכטע אויגן און דערמאָנט זיך, ווו ער איז.

שפּרינגט ער אַראָפּ פון דער האַרטער קאָיקע, שפּאַנט אַרום ווידעראַמאָל מיט ברייטע טריט איבער די פיר איילן פון זײַן ענג שטײַגל — ווו איז ער? וואָס טוט ער דאָ? וויאַזוי האָט ער עס גאָר דערלאָזט אַזעלכס? פאַרוואָס אַזא גרויסער ניסאָיען? פאַר וועמענס זינד קומט ער אָפּ אויף דער וועלט?.. אַן עק מוז דאָס נעמען! א סאָף מוז מען מאַכן!..

נאָר וויאַזוי? ניט שוין זשע וועט ער איצט, נאָך אַזויפיל צײַט געליטן, נעמען פלוצעם און אַליין אַראָפּרײַסן פון זיך די מאַסקע: „זעט — איך בין ניט איך..." נו, און דאָס וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן? ניט שוין זשע וועט ער, פּאַפּאָו, דער ערשטער ברעכן זײַן וואָרט? ניט שוין זשע וועט ער, דער קריסט פּאַפּאָו, ניט קאָנען אויסשטיין דעם ניסאָיען, וואָס עס שטייט אויס א ליאַדע שוואַך דערשלאָגן ייִדל שוין אַזוי לאַנג, שוין הונדערטער און הונדערטער פון יאָרן?.. "שעמען מעגסטו זיך, גרישא, שעמען אין דײַן ווײַטן האַלדז אַרײַן!.."

ער כאַפּט זיך אָן באַם קאָפּ. ער האַלט זיך בא די שלייפן. ער פילט, אַז נאָך איין נאַכט אַזעלכע — און מע וועט אים דאַרפן איבערפירן פונדאַנען אין אַן אַנדער אָרט.

אין א משוגאָים־הויז...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אונטער א שטרענגן קאַנוואָי, מיט בלויזע שווערדן, האָט מען דעם באַשולדיקטן הערש מאָוו־שאָוויטש ראַבינאָוויטש געפירט צום הויז פון גערעכטיקייט צו א נייער אויספאָרשונג.

ער האָט זיך געמעלדעט ,אַז ער האָט איבערצוגעבן דער גערעכטיקייט א גאַנץ נייע זאַך, א זאַך, וואָס געהער זיך שטאַרק אָן צום אייסעק...

## דאָס פיר־און־ניינציקסטע קאַפּיטל

# „א יידישער אנעקדאָט”

דאָס גיין איבער די גאַסן אויף דער פרישער לופט, די העל־שיינענדיקע שטראַלן פון דער וואַרעמער זומערדיקער זון און די געשטאַלטן פון לעבעדיקע מענטשן האָבן א ביסל אויסגעניכטערט אונדזער העלד און ער האָט שוין אָנגעהויבן ווי כאַראַטשע צו האָבן אויף דעם, וואָס ער האָט געהאַט פעסט באַשלאָסן אויסצוזאָגן דעם גאַנצן עמעס, ווער ער איז...

נאָר פון דער אַנדערער זייט, האָט טאַקע די פרישע לופט, און טאַקע די שיינענדיקע שטראַלן פון דער וואַרעמער זומערדיקער זון, און טאַקע די געשטאַלטן פון לעבעדיקע מענטשן האָבן געטריבן דעם אַרעסטאַנט, אַז ער זאָל וואָס גיכער אופדעקן זיין עמעס פּאָנעם און באַקומען די פרייהייט, נאָך וועלכער ער האָט זיך מיטאמאָל אַזוי שטאַרק פאַרבענקט.

מיטן פולן מויל האָט ער אַריינגעאָטעמט אין זיך די פרישע מעכייעדיקע לופט, וואָס האָט זיך שטראָמענווייז צעטראָגן פון די געזונטע לונגען איבער אַלע זיינע יונגע געזונטע איווורים, און ער האָט מיטאמאָל דערפילט, אַז ער לעבט, און אַז לעבן איז אייגנטלעך זייער א גוטע זאַך, א כּיעס, א פרייד, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען פאַר אים א נייס, גלייך ווי ער האָט דאָס נאָך קיינמאָל ניט געפילט. „ניט שוין זשע וועט ער אין א שאָ אַרום, אָדער עפּשער וויניקער נאָך, זיין א פרייער מענטש ווי אָט די אַלע פרייע מענטשן, וואָס ער זעט פאַר זיך אַצינד? ניט שוין זשע וועט ער נאָך היינטיקן טאָג קאָנען גיין, וווהין ער וויל, אָדער זיך אופזעצן און פאָרן, וווהין ער וויל, און טאָן אַלצדינג, וואָס ער וויל?”

צום אַלעם ערשטן וועט ער באַטירלעך כאַפּן אַן איזוואָזטשיק און הייסן זיך פירן גלייך אַהין אויף יענער גאַס, זיך אָפּשטעלן בא יענעם הויז, אָנקלינגען אין יענעם גלעקל... ער וועט נאָך ניט אַרוף אויף די טרעפּ, און דאָס ערשטע וועט ער א פרעג טאָן: „וואָס איז מיט בערטא דאַווידאָוונא?” נאָר ווער ווייסט, וועמען ער וועט דאָרט באַגעגענען דעם ערשטן און וואָס פאַר א נייס ער וועט געוווירווערן?.. ער דערפילט, א קעלט נעמט אים דורך דאָס לייב און עס ווערט אים פאַרשטערט אויף א ווייַלע די פרייַערדיקע סימכע, וואָס ער לעבט און וואָס לעבן איז א כּיעס און א פרייד...

קיינמאָל איז דער באַשולדיקטער ניט געגאַנגען מיט אַזא פעסטן גאַנג און קיינמאָל האָט ער ניט געהאַלטן אַזוי הויך דעם קאָפּ, מיט אַזויפיל שטאָלץ, ווי איצטיקס מאָל. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס איז זיין לעצטער אַריינטריט אַהער, זיין לעצטער וויזיט, וואָס ער מאַכט דער גערעכטיקייט.

מיט א גרינגן פאַרבייגן זיך איז ער אַריין אינעם ברייטן ליכטיקן קאַבינעט, ווו איטלעכס ברעקל איז אים אַזוי באַקאַנט און אַזוי מאָנאָטאָן אומפאַרענדערט, אַז עס האָט זיך אים אַוש צוגעגעסן. אויך די אויספאָרשער זיינען געווען די אייגענע, וואָס אַלעמאָל, נאָר זייערע פּנעמער האָבן היינט אויסגעזען, דאַכט זיך אים, מער יאָמטעוודיק ווי אַלעמאָל. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַקוראַט ווי זיי האָבן זיך צוגעגרייט איצטיקס מאָל צו הערן טאַקע עפּעס א סאַך נייס און א סאַך וויכטיקס. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זיי האָבן זיך איצטיקס מאָל גאָר אַנדערש אָנגעטאָן. אויסגעפוצט, אַלץ צוליב אים... נאָר זיי האָבן דאַפקע זיך ניט געאיילט, און דאַפקע ניט אַרויסבאַוויזן זייער נייגעריקייט, און דאַפקע ווי ווייט מעגלעך קאַלט און גלייכגילטיק איז מען זיך מיט אים באַגאַנגען. דער עלטערער האָט צו אים א זאָג געגעבן ווי פאַרבייגייענדיק:

— אַלזאָ, וואָס וועט איר אונדז דערציילן עפּעס נייס?..

און מע האָט זיך א נעם געגעבן צו די פּאַפּירן, עפּעס בלעטערן און איבערשעפּטשען זיך איינס מיט דאָס אַנדערע קלוימערשט פון גאָר זייטיקע זאַכן. ער האָט אָבער גוט געזען, ווי אָנגעשטאָלט און ווי גייציק די לייט זיינען צו הערן פון אים, וואָס וועט ער זיי דאָ זאָגן. און ער שטעלט זיך שוין

פאר זייערע פּנעמער, בײַס זיי װעלן דערהערן פון אים זײַנע הײַנטיקע נײַס... נאר פונװאנען און װיאזוי הײבט מען אן? זאל ער גלײַך, גאר אן שום האקדאמעס, צוטרעטן צו דער זאך און זאגן: „זײַט װיסן, מײַנע געערטע הערן, אז פאר אײַך שטייט ניט, װי איר מיינט, דער ייד הערש מאָזשאָװיטש ראַבינאָװיטש, נאר א קריסט גריגאָרי איװאַנאָװיטש פּאַפּאָװ?" ס'איז מעגלעך, אז אן אײַנדרוק קאן עס אפילע מאכן זייער א שטארקן, עס װעט אבער ניט זײַן דער עפעקט, װאס מע דארף. ניין, ער װעט זיי ניט איבערבײַטן אף א מאָל אלצדינג, ער װעט זיי אײַנגעבן אלע האלבע שאַ א קאָװע־לעפעלע; ביסלעכװײַז װעט ער זיי אופדעקן דאס פּאַרױכעס, װאס דעקט אים איבער, און זיי װעלן עס א ביסל דערזען, אין װאס פאר א טאָעס זיי האבן געלעבט!.. אײַ די קאשע, פארװאס ער האט עס ניט געטאן ביז אהער? ער האט ניט געװאָלט — װאס קומט אים דערפאר?.. אפן ערגסטן פאל, — האט ער זיך געטראכט, — װאס קאן דא זײַן? נו, װעט מען אים באשטראָפן דערפאר, װאס ער איז געזעסן אף א פרעמדן נאמען מיט פרעמדע דאָקומענטן, — דאס איז דאך שױן ניט מײַעדייע װאס פאר א פארברעכן. און דערצו איז ער דאך עפּעס „טשאַרט װאָזמי", ניט קיין אבי־װער. ער איז דאך דערװײַל איװאַן איװאַנאָװיטש פּאַפּאָװס א זון... לאָז ער נאר פרוּװן געבן איין שרײַב ארײַן צום פאָטער, איין דעפּעש — און א סאָף צו אלע צאָרעס!..

אזוי טראכטנדיק, באקומט ער װאס װײַטער אלץ מער קוראַזש און האלט זיך װאס װײַטער אלץ מער פרײַ, נאך פרײַער װי אלעמאָל, און ער הייבט אן צו רעדן מיט זײַנע אויספאַרשער ניט גלײַך, נאר מיט מעשאָלים, עפּעס װי ער װאָלט געװען ניט קיין באשולדיקטער, ניט קיין ארעסטאנט, נאר זייערער א נאָענטער מענטש...

— נײַס װילט איר פון מיר הערן? — אזוי האט דער באשולדיקטער אָנגעהױבן גאנץ ברייטלעך מיט א רויִקן שמייכל אף די ליפּן. — דאס, װאס איר װעט דא באלד הערן פון מיר, װעט געװיס זײַן פאר אײַך א נײַס, און איבעראַשנדיקע נײַס! נאר איידער איך טרעט צו צו דעם, װעל איך מיר דערלױבן בא אײַך א פרעג צו טאן אָט װאס (ער טרעט אָפּ א ביסל צוריק, פארלייגט די הענט אהינטער און נעמט צו אזא פּאָזע, גלײַך װי ער װאָלט װעלן אָט באלד ארויסװארפן עפּעס א מין קונץ, זיך שטעלן מיטן קאָפּ אראָפּ, אָדער זיך לאָזן גיין אף די הענט): װאס װאָלט געװען, צום בײַשפּיל, װען איר װערט געװויר אָט דאָ־אָ, אז... אז איך בין ניט איך?..

א געװיסן עפעקט האבן שױן די דאָזיקע װערטער געהאט. פארװונדערטע אויגן זײַנען אָנגעשטעלט געװאָרן אף אים און גענומען באטראכטן דעם יונגן מענטשל, גלײַך װי מע װאָלט טאקע װעלן זיך איבערצײַגן, אז ער איז ער?..

— װאס װילט איר אייגנטלעך דערמיט זאָגן? — האט אים איינער א פרעג געגעבן, און דער באשולדיקטער האט גענומען רעדן נאך מיט מער קוראַזש און נאך מיט מער שטאָלץ:

— איך װיל דערמיט זאָגן אָט װאס: צום בײַשפּיל, װאס װאָלט געװען, װען איר זאָלט, אשטייגער, געװויר װערן, דאס הייסט, װען איך זאָל עס אײַך איבערצײַגן, אז איר האט ניט צו טאן מיט א ייִדן, װעלכן איר באשולדיקט אין דעם, אז ער האט גענומען אָנטייל אין הארגענען א קריסטלעך ייִנגל צוליב דעם ייִדישן ריטואַל־מינהעג אף פּייסעך, װאס איז אליין פאר זיך אן אומזין, און אז איבערדעמעסן האט איר פאר זיך גאר א קריסט, װאס קומט ארויס פון... דװאָריאַנעס?..

אויסגעשאָסן די דאָזיקע װערטער אין איין אָטעם מיט איין קאָל, װאס האט זיך אים אליין אויסגעװיזן, אז ס'איז א פרעמד קאָל, האט דער באשולדיקטער אָפּגעאָטעמט און אָפּגעװאַרט א ביסל. ער האט געװאָלט זען, װאס פאר אן אײַנדרוק זײַן דערקלערונג האט דא געמאכט... עס איז אָבער שװער צו זאָגן, װאס פאר אן אײַנדרוק עס האט געמאכט. יעדנפאלס, ניט דאס, װאס ער האט געמיינט, װאָרעם נאך א קורצער פּיוזע, נאך דעם װי מע האט זיך איבערגעקוקט צװישן זיך, האט מען אים דערקלערט, אז װאס עס װאָלט געװען אין אזא פאל, איז שװער צו זאָגן, און אז ס'איז איבערהױפּט ניט אינטערעסאנט װעגן אזעלכע װײַטיקע זאכן דא צו פילאָסאָפירן. ניט דערוף האט מען אים אהער געבראכט און ניט צוליב דעם זײַנען זיי דאָ... א סאך בעסער װאָלט געװען, װען ער זאָל צוטרעטן גלײַך צו דער זאך, אָן קונצן, אָן כאָכמעס און אָן דריידלעך, און זאָגן דאס, װאס ער האט צו זאָגן.

דער באשולדיקטער האט זיך א ביסל װי פארשעמט. „זיי האבן עפּשער רעכט, — האט ער זיך א טראכט געגעבן, — צו װאס האקדאָמעס? בעסער גלײַך צו דער זאך..." אין א מינוט פליט אים דורך אן אנדער מאכשאָװע: „עפּשער זיך אָפּהאלטן?.. איצט איז נאך דא צײַט צו באטראכטן זיך... איצט קאָנסטו נאך כאַפּן צוריק, גרישאַ!.. ניט שיין פאר זיך אליין. אזױפיל געליטן, אזױפיל אויסגעשטאנען און שױן קימאט גאר באם סאָף ניט אויסגעהאלטן און אונטערגעגעבן זיך!.." נאר װי אפצולאָכעס שײַנט ארײַן די זון פון דרויסן מיט אירע גינגאָלדענע שטראלן, װאס דראפּען זיך שטיפּעריש אף די װענט ארוף און אף דער סטעליע און פון דארטן צוריק אראָפּ און שפּילן זיך מיט די ערנסטע יאָמטעװדיקע פּנעמער פון די אויסגעפּוצטע לײַט און פון צײַט צו צײַט רײַסט זיך ארײַן דורך די האלב־אופגעמאכטע פענצטער דער גאנצער אינדרויסנדיקער טומל מיטן הו־האַ, און עס דערהערט זיך א װײַטער קלאַפּן פון אײַזערנע רעדער איבער די שטיינערדיקע גאסן פון דער גרױסער

לעבעדיקער שטאָט, און אַלעס שרײַט, אַז עס לעבט, און אַלעס רופֿט, רופֿט צום לעבן אַהין, אין דרויסן אַרויס, אַהין, אַהין, אויף דער ליבער גוטער פֿרײַהייט — נײן, ער קאָן שוין מער ניט געוועלטיקן איבער זיך! ער טרעט צו אַ פּאָר שריט נעענטער צום טיש, פֿאַרלייגט בײדע הענט אין די קעשענעס און רופֿט זיך אָן שטיל, נאָר מיט אַ זיכערן טאָן, מיט אַ טאָן פֿון אַן עמעסן טאַקיף:

— איר צווינגט מיך, איך זאָל אײַך זאָגן גלײַך, אָן אַ שום האַקדאָמעס, נו פֿאָלג איך אײַך און זאָג אײַך גלײַך, אַז איר לעבט אין טאָעס: איר מײנט אויף מיר, אַז איך בין אַ ייִד און אַז איך הייס ראַבינאָוויטש, צום סאָף מוז איך אײַך עפֿענען די אויגן און זאָגן דעם גאַנצן עמעס, אַז איר זעט פֿאַר זיך אַ קריסט און אַ דוואָריאַנין, אַ דוואָריאַנין שעבעדוואָריאַנין, וואָס זײַן פֿאָטער איז אַ געוועזענער גובערנסקי פּרעדוואָדיטעל דוואָריאַנסטוואַ און אַז ער האָט איין פֿעטער אַ זעמסקי נאַטשאַלניק און דעם אַנדערן פֿעטער אַ גובערנאַטאָר...

— און אַלײן זענט איר דער פּרינץ פֿון פּאָרטוגאַליען?.. — רײַסט אים איבער דער עלטערער פֿון די אויסהערער, און די איבעריקע שיסן אויס אַ געלעכטער.

אויף אַזאַ פֿינאַל האָט ער זיך גאָרניט געריכט. אַלצדינג האָט ער געקאָנט וואַרטן, נאָר ניט אַזאַ סאָף, אַז מע זאָל אים גאָר אויסלאַכן! האַלט מען אים, הייסט דאָס, אַפּאַנעם פֿאַר אַ לעץ אָדער וואָס?..

דאָס איז געווען פֿאַר אים אַזוי אומגעריכט, אַז ער האָט ניט געהאַט קײן ווערטער, און ער האָט גענומען קוקן אויף זײַנע אויסהערער מיט פֿאַרוווּנדערטע אויגן, גלײַך ווי ער וואָלט וועלן פֿרעגן בײַ זײ: „צי איך בין מעשוגע, צי איר מאַכט מיך מעשוגע?"... יענע האָבן גיך אויפֿגעהערט צו לאַכן. אַפּאַנעם, זײ האָבן דערזען ווי דער באַשולדיקטער האָט זיך איבערגעביטן אין פּאָנעם.

— מיר האָבן אײַך פֿאַרשטאַנען, ראַבינאָוויטש, — זאָגט צו אים אײנער און וואַרפֿט אויף אים אַ טיפֿזיניקן בליק, — מיר האָבן אײַך זײער גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס איר מײנט דערמיט... נאָר מיר דאַרפֿן אײַך זאָגן אויף צופֿריִער, אַז דאָס וועט ניט גײן... איר האָט אויסגעקליבן אַ שלעכט מיטל, צוגעטראַכט ניט קײן גוטן אַנעקדאָט...

— ס'איז אַ ייִדישער אַנעקדאָט, — גיט צו אַ צווייטער און ציט אויס אומבאַטאָנט דאָס וואָרט אַ „ייִדישער".

— ניט גוט, — מוסערט אים אַ דריטער און דאַפּקע מיט אַ פֿרײַנטלעכן טאָן, — ניט גוט און ניט קלוג... מיר האָבן אײַך, ראַבינאָוויטש, געהאַלטן פֿאַר אַ סאַך קליגער...

ראַבינאָוויטש האָט זײ אויסגעהערט יעדן באַזונדער, געשטאַנען איבעראַשט, פֿאַרטומלט און ווי אויסגעפּאַטשט. ער טראַכט זיך אײַן אין דעם, וואָס מע האָט אים דאָ געזאָגט: ער טראַכט זיך אײַן אין די ווערטער: „אַ ייִדישער אַנעקדאָט", „וואָס איז זײ געפֿעלן, אַז ס'איז אַן אַנעקדאָט און נאָך אַ ייִדישער דערצו?"... און עס כאַפּט אים אָן אַ כיישעק צו לאַכן, נאָר ער האַלט זיך אײַן און פּרוּווט זיך נאָכאַמאָל איבערכאַזערן דאָס אײגענע, אַז דאָס איז ניט קײן „אַנעקדאָט", כאָטש, עס קאָן זײַן, עס זעט אויס ווי אַן אַנעקדאָט?.. וואָס וועט אָבער זײַן, אַז ער וועט זײ איבערצײַגן, אַז ס'איז עמעס דאָס, וואָס ער זאָגט? וואָס וועט זײַן, אַז ער וועט זײ געבן אַ מעגלעכקײַט, זײ אַלײן זאָלן זיך איבערצײַגן דורך אַ דעפּעש, מער ניט, אַז איין דעפּעש צו זײַן פֿאָטער, וועלכער איז — ער פֿאַרזיכערט זײ נאָכאַמאָל — אַ קריסט און אַ סטאָלבאָוואָי דוואָריאַנין מיט אַ נאָמען, אַ געוועזענער גובערנסקי פּרעדוואָדיטעל דוואָריאַנסטוואַ, באַ וועלכן איין ברודער איז אַ... איז אַ גובערנאַטאָר, דער אַנדערער אַ מיניסטער?

— גענוג, דאָס האָבן מיר שוין געהערט! — רײַסט מען אים איבער און מע קלינגט אָן און מע גיט אַרויס אַ באַפֿעל, מע זאָל דעם באַשולדיקטן אויף אַ ווײַלע אָפּפֿירן אין אַ זײַטיק כײדערל אַרײַן, ביז מע וועט זיך דאָ מעיאַשעוו זײַן, וועט מען אים אַרײַנרופֿן נאָכאַמאָל.

<u>דאָס פֿינף־און־נײַנציקסטע קאַפּיטל</u>

## די עקספּערטיזע

שפּעטער, אַז מע האָט דעם באַשולדיקטן ווידער אַרײַנגעפֿירט אין דעם אײגענעם קאַבינעט, וואָס פֿריִער, האָט ער שוין דאָרט ניט געטראָפֿן קײנעם פֿון די פֿריִערדיקע פּאַרשוינען. דאָרט איז געזעסן אָנגעלענט אויפֿן עלנבויגן באַם פֿענצטער און געקוקט אין דרויסן אַרויס מיט פֿאַרזאָרגטע אויגן נאָר אַ נײַער פּאַרשוין, וואָס ער זעט אים דאָס ערשטע מאָל.

דאָס איז געווען אַ פּאַרשוין אַ באַיאָרטער און אַ בעקאַוועדיקער, אַנגעטאָן ציוויל, באַלעבאַטיש, אָן אַ שום פּרעטענזיעס, און אַליין האָט ער אויך אויסגעזען פּראָסט, אָן פּרעטענזיעס. דאָס אייַנציקע, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, איז דער אומגעהייַער הויכער ברייטער שטערן און דער מעלאַנכאָלישער קוק פון זייַנע גרויסע פאַרזאָרגטע אויגן.

וויבאַלד נאָר מע האָט אַרייַנגעפירט דעם באַשולדיקטן, אַזוי האָט דער דאָזיקער באַיאָרטער בעקאַוועדיקער פּאַרשוין זיך אופגעהויבן פון זייַן אָרט, געגאַנגען אים אַנטקעגן און אויסגעשטרעקט אים אַ גרויסע וואַרעמע האַנט; דעם שוימער האָט ער אַ ווונק געגעבן, ער זאָל אוועק, און דעם יונגן אַרעסטאַנט האָט ער געבעטן זיצן און אַליין אויך זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אים און מיט אַ גרינגן זיפץ און מיט אַ וויינענדיק קאָל, גלייַך ווי ער וואָלט זיך וועלן באַקלאָגן, אַז עס טוט אים עפּעס וויי, האָט ער פּאַוואָלינקע זיך אָנגערופן צו אים:

— אייַער נאָמען איז ראַבינאָוויטש? עס קומט וואַרשייַנלעך פון דעם וואָרט „ראַבין" און עס זאָגט איידעס, אַז אייַערע עלטערן שטאַמען אָפּ פון ראַבאָנים... אַ גאַנצע גענעראַציע פון ראַבאָנים, געלערנטע...

דאָס אַלץ ווערט אַרויסגערעדט פּערלדיק זיס און שטיל און לאַנגזאַם און רויִק, און גלייַך ווי ער וואָלט גערעדט מיט זיך אַליין. רעדנדיק, לאָזט ער פונעם יונגערמאַן קיין אויג ניט אַראָפּ, אַרייַנדרינגענדיק מיטן קוק צו אים טיף אין האַרצן, אין דער נעשאָמע אַרייַן.

„ווער איז דער פּאַרשוין? — טראַכט זיך ראַבינאָוויטש און קוקט זיך אייַן אין אים און הערט זיך צו, ווי ער רעדט אַזוי פּערלדיק זיס און שטיל, אַריבערגייענדיק פון איין איניען אויף אַנדערן אָן אַ שום שוועריקייַט, אַזוי אַז וואָס ווייַטער־ווייַטער, ווערט דער געשפּרעך אַלץ מער און מער אינטערעסאַנט.

ווי אַ מענטש, וואָס גייט איבערן אייַז, ווען דער טייַך האַלט בא עפּענען זיך, טאַפּט אָן יעדן שריט, איידער ער שטעלט נאָך אוועק דעם פוס, אַזוי האָט דער דאָזיקער פּאַרשוין גוט געטאַפּט, וואָס קאָן דעם יונגן מענטשן מער פון אַלעס פאַרינטערעסירן. ער האָט דעריבער באַרירט אין זייַן געשפּרעך מיט אים אַלערליי זאַכן און פראַגן ביז ער איז אַריבער מיט אים אויף אַזאַ פּונקט, וואָס האָט מער פון אַלעס אָנגערירט דעם באַשולדיקטן.

דאָס איז געווען אַלץ יענע פאַרשאָלטענע „ריטואַל־פראַגע", וואָס אַלעמאָל, ווען דער אומשולדיקער באַשולדיקטער האָט זיך אומגעקערט צו איר, האָט אין אים געקאָכט אַ פייַער. עס האָט אים פאַרדראָסן, לעמיי מענטשן גלייבן נאָך, אַז ס'איז דאָ בא יידן אַזאַ זאַך, און צו גלייַכער צייַט האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער אַליין איז געווען ניט ווייַט פון צו גלייבן אין דעם... „אָט דער מענטש איז אפּאָנעם געשיקט געוואָרן בא מיר אויסצושמעקן וועגן דער דאָזיקער שרעקלעכער מיִעסער לעגענדע", — אַזוי האָט ער זיך אַ טראַכט געגעבן און געגעבן זיך דאָס וואָרט מיט אים דעריבער קיין וואָרט צו רעדן. עס איז אים שוין פאָשעט נימעס אומאָוועס געוואָרן. „ווידעראַמאָל ריטואַל און אָבעראַמאָל ריטואַל!.." יענער אָבער האָט געשמועסט וועגן דעם אַזוי ערנסט און אַזוי איבערצייַגט, אַז ער האָט ניט געקאָנט שוין מער באַהערשן זיך און האָט אויסגעשאָסן אַ ביסל ווי אַן אויספּאַנעם, אַז ער פאַרשטייט ניט, וויִאַזוי קאָן אַן ערנסטער מענטש און אַן אינטעליגענטער מענטש רעדן פון אַזאַ זאַך אין אַן ערנסטן טאָן?

— איך פאַרשטיי ניט, — האָט ער אויסגעלאָזט מיט פייַער, — ווי שעמט מען זיך ניט אַרויסצושלעפּן פון די אַלטע אַרכיוון אַ באַשולדיקונג, וואָס ליגן שוין אויף איר אָנגעוואַקסן שטויב גאַנצע בערג פון הונדערטער יאָרן, און מאַכן פון דעם איצט אַ גאַנצע טראַגעדיע?

ראַבינאָוויטש־פּאַפּאָוו האָט שוין לאַנג ניט געהאַט אַזאַ גוטע געלעגנהייַט אַ ביסל דורכלופטערן די שפּראַך, און ער האָט זיך עס אַ ביסל צעלאָזט!

דער באַיאָרטער פּאַרשוין מיטן הויכן שטערן האָט אים גאַנץ גוט אויסגעהערט און קונציק אָפּגעשוויגן, געקוקט אים טיף־טיף אין די אויגן אַרייַן, קלוימערשט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און נאָר פון צייַט צו צייַט אַרייַנגעשטעלט אַ וואָרט. און אַז ראַבינאָוויטש האָט אופגעהערט צו פייַערן, האָט ער זיך אָנגערופן, — און גערעדט האָט ער אַזוי שיין, אַזוי בענימעסדיק, און ניט געכאַפּט, און שטיל פּערלדיק, און וויינענדיק זיס:

— איר זענט פולשטענדיק גערעכט, יונגערמאַן, פולשטענדיק... עס איז בעעמעס אַ נאַרישקייַט און בעעמעס מע דאַרף דערצו זייַן אַן עמעסער פּראָפּאַן, אַ גרויסער אַמאָרעץ, אַז מע זאָל באַשולדיקן אַ גאַנצע אומע, אַ גאַנץ פאָלק מיט אַן אַלטער קולטור אין אַזאַ ווילדן, באַרבאַרישן מינהעג, וואָס איז געבליבן בא אייַך אַ זייכער פון פאַרצייַטן... נאָר פון דער אַנדערער זייַט, אָפּלייקענען גאָר אינגאַנצן און זאָגן, אַז עס איז ניטאָ בא אייַך אין ערגעץ אַזאַ סעקטע, וועלכע...

די ווערטער „בא אייַך" צווייַנגען דעם באַשולדיקטן, ער זאָל אַראָפּלאָזן די אויגן און ער ענטפערט אויף דעם דאָזיקן בעקאַוועדיקן פאַרשוין, שוין אַ ביסל אייַנגעהאַלטענער, שוין ניט מיט אַזאַ

פֿײַער ווי פֿריִער, אַז ווען עס זאָל זײַן בײַ ייִדן אַזאַ סעקטע, ווי וואָלטן זיך ניט פֿאַרוואַלגערט קיין סימאָנים ערגעץ אין זייער רײַכער ליטעראַטור?

דער באַיאָרטער פֿאַרשוין הערט אויס דעם יונגן מענטשן, וואָס רעדט, דאַכט זיך, אַזוי לאָגיש און אַזוי שיין, באַווײַזט ניט אַרויס קיין שום סימאָנים פֿון צו זײַן ניט נאָרמאַל... מער ניט איין זאַך איז אַ ביסל אַ ווונדער: פֿאַרוואָס רעדט ער וועגן ייִדן אַלץ מיטן לאָשן „זיי"? פֿאַרוואָס זאָגט ער ניט אונדזער ליטעראַטור, פֿאַרוואָס עפּעס זייער ליטעראַטור?.. ער לאָזט עס איבער אויף אַ זײַט און רופֿט זיך אָן צום יונגנמאַן, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט צו דער ליטעראַטור פֿון סעקטעס און סעקטאַנטן, איז דאָס ניט אַזאַ גרינגע זאַך, ווי מע מיינט, ניט יעדערער קאָן זיך באַרימען, אַז ער איז אין איר קלאָר... ער אַליין, צום בײַשפּיל, פֿאַרנעמט זיך מיט שטודירן די דאָזיקע ליטעראַטור שוין פֿון היפּשע עטלעכע יאָר און דאָך איז ער ווײַט צו באַרימען זיך, אַז ער האָט זי אויסגעשעפּט ביזן דעק... און ניט נאָר די ליטעראַטור אַליין שטודירט ער, נאָר איבער די סעקטאַנטן גופֿא מאַכט ער פֿאַרשיידענע עקספּערימענטן; ער האָט שוין אויסגעשריבן איבער דעם ניט איין ריז פּאַפּיר, גאַנצע ביכער אָפּגעדרוקט...

„ווער איז אָט דער נעפעש? — טראַכט זיך ווידער ראַבינאָוויטש. — אַ גאַנץ אָנגענעמער אַלטיטשקער, כ׳לעבן, און זעט אויס אַ געבילדעטער מאַן צו זײַן, אַ געלערנטער... ער האָט שוין וועגן דעם גאַנצע ביכער אָפּגעדרוקט... עס וואָלט קעדײַ געווען צו לייענען די דאָזיקע ביכער, הערן זײַן מיינונג וועגן דער דאָזיקער אומגליקלעכער פֿראַגע... און, אַגעוו, וואָלט ער אין אײַנוועגס געוויר געוואָרן, ווער איז דער דאָזיקער פֿאַרשוין?.. זעט אויס, אַ פּראָפֿעסאָר צו זײַן... און עפּשער אַ דאָקטאָר פֿון פּסיכיִאַטריע?.."

דער געדאַנק, אַז דאָס איז אַ פּראָפֿעסאָר, אַ פּסיכיִאַטער, האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט, זיך באַזעצט בײַ אים אין קאָפּ גאַנץ פֿעסט און ניט געוואָלט אָפּטרעטן שוין אויף קיין מינוט: „ניט שוין ושע אַ פּראָפֿעסאָר? ניט שוין ושע אַ דאָקטאָר? וואָס ושע טוט ער דאָ? וואָס באַטײַט דער דאָזיקער שמועס?.. האַלט מען אים ניט, אַשטייגער, אַז ער איז גערירט?.."

און ער הייבט אָן צו דערמאָנען זיך טריט בײַ טריט אָן דעם, וואָס ער האָט הײַנטיקן טאָג איבערגעטאָן, פֿון גאַנצפֿרי אָן ביז אַצינד — דאַכט זיך, אַלצדינג ווי אַ קלאָרער מענטש?.. און ער וואַרפֿט דורך בײַ זיך אין זיכּאָרן אַלע ווערטער, וואָס ער האָט דאָ הײַנט גערעדט — דאַכט זיך, קיין קרומע זאַך, אויסער דעם, וואָס ער האָט זיי אָנגעהויבן אויפֿצודעקן דעם עמעס, ווער ער איז און וואָס ער איז?.. און ער הייבט אָן צו קוקן שוין ניט מיט נײַגעריקײַט, נאָר מיט שרעק אויף דעם דאָזיקן פֿאַרשוין: אַ פּראָפֿעסאָר... אַ דאָקטער... אַ פּסיכיִאַטער!.. הייסט דאָך עס, אַפּאָנעם, אַז מע האַלט אים פֿאַר אַ קראַנקן? פֿאַר אַ גײַסטיק־קראַנקן?.. פֿון ווען אָן? ניט שוין ושע האָט דאָס אָנגעאַרבעט זײַן נײַער פּלאַן? ניט שוין ושע האָט מען זײַן וועלן מוידע זײַן זיך, ווער ער איז, אויסגעטײַטשט פֿאַר אַן אײַנבילדונג און אים האָט מען אָנגענומען פֿאַר אַ מאַניאַק?.. קומט דאָך אויס, אַז אומזיסט איז געווען זײַן מי. אומזיסט געוואָלט אַראָפּרײַסן פֿון זיך די מאַסקע פֿאַר דער צײַט...

— האָט קיין פֿאַריבל ניט, וואָס איך וועל אײַך פֿרעגן, — ווענדט ער זיך צום אַלטן, וואָס שטעלט אַוועק אויף אים די פֿאַרזאָרגטע אויגן.

— פֿרעגט.

— איר זענט אַ דאָקטער?

— אַ דאָקטער.

— פֿון פּסיכיִאַטריע?

— פֿון פּסיכיִאַטריע.

— געפֿינט איר ניט, אַז איך בין... ניט בײַ אַלע געדאַנקען?

— בעשום־אויפֿן ניט...

„ער וויל מיר ניט אויסזאָגן דעם עמעס", — טראַכט ער זיך און קוקט דעם דאָקטער אין די אויגן אַרײַן, און דער דאָקטער קוקט אים אין די אויגן אַרײַן. ער וויל אים נאָך עפּעס פֿרעגן, נאָר יענער שטייט אויף, ציט אים אויס באַכאַמאָל זײַן גרויסע וואַרעמע האַנט:

— מיר וועלן זיך נאָך זען, קאָן זײַן...

די זון האָט שוין געהאַלטן באַם געזעגענען זיך מיטן זומערדיקן טאָג, באַגיסנדיק מיט פֿײַערן די גאָלדענע שפּיצן פֿון די קלויסטערס, בײַס מע האָט מיטן זעלבן קאָנוואָי און מיט די זעלבע בלויזע שווערדן געפֿירט דעם פֿאַרברעכער צוריק אין זײַן רו אַרײַן. מע האָט ניט געזען אין זײַן פּאָנעם, אַז ער זאָל זײַן שטאַרק אַראָפּגעפֿאַלן בײַ זיך, דעם קאָפּ האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטן גלײַך אַרויף. געגאַנגען איז ער נאָך אַלץ מיט פֿעסטע טריט. מער ניט, וואָס פּונעם אַ ביסל מער געקנייטשטן שטערן האָט מען געקאָנט זען, אַז ער איז פֿאַרטיפֿט אין געדאַנקען. פֿון וואָס טראַכט ער אַצינד? פּונעם עמעס, וואָס מוז סאָפּקאָלסאָף אַרופֿשווימען ווי בוימל אויפֿן וואַסער? פּונעם ביטערן קאָס, וואָס אים איז באַשערט אויסצוטרינקען ביזן דעק? פֿון דער מאַפּאָלע, וואָס ער האָט הײַנט געהאַט? טוט

עס אים באַנג, וואָס עס איז אים ניט געראָטן צו באַפרײַען זיך פון געפּענקעניש? אָדער פאַרקערט, עס טוט אים האַנאָע, וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז ער זאָל מוזן אויסהאַלטן ייִדישקײַט ביזן סאָף?..

• • •

צום היפּשן פּאַק פּאַפּירן, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פאַר דער גאַנצער צײַט וועגן דעם געהאַרגעטן וואָלאָדיע שטשיגרינסקי, איז צוגעקומען נאָך אַ ביסל פּאַפּירן, אַן עקספּערטיזע פון אַ באַרימטן פּראָפעסאָר און אַ פּסיכיאַטער. אין דער דאָזיקער עקספּערטיזע, אויף וועלכער דער פּראָפעסאָר דער פּסיכיאַטער האָט זיך ניט געפוילט, צוליב די אינטערעסן פון וויסנשאַפט און גערעכטיקײַט, אָפּפּוזיצן אַ נאַכט און אָנשרײַבן קימאַט אַ גאַנצן טראַקטאַט, איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן זייער אַ טיפער און נײַער געדאַנק איבער דער פּסיכאָלאָגיע פון אַלערליי סעקטאַנטן: „אין דער צײַט, ווען בײַ אַלע אַנדערע, צום בײַשפּיל, קריסטלעכע סעקטאַנטן, קאָן מען באַמערקן סימאָנים פון מעשוגאַס, זײַנען די פאַנאַטישע ייִדישע סעקטאַנטן, וואָס באַניצן קריסטלעך בלוט, צומייַנסטן נאָרמאַל אַנטוויקלטע מענטשן מיט אַ געזונטן פאַרשטאַנד און מיט אַ שטאַרקן ווילן...” נאָכדעם, ווי דער פּראָפעסאָר דער פּסיכיאַטער ברענגט אַ גאַנצע ריי ציטאַטן פון די גרעסטע געלערנטע ווי לאָמבראָזאָ, קראַפט־עבינג, וווּנד, שאַרקאָ און אַנדערע, פירט ער אונטער אַ סאַכאַקל צו זײַן עקספּערטיזע און זאָגט אַרויס די אונטערשטע שורע, אַז נאָך זײַן לאַנגן און פּילזײַטיקן געשפּרעך מיטן באַשולדיקטן און נאָך אַלע סימאָנים פון זײַן עכט־ייִדישער פיזיאָנאָמיע, פונעם שאַרבן פון זײַן סעמיטישן קאָפּ און פון זײַן אַרט רעאַגירן און רעדן, איז ער געקומען צו דער טיפסטער איבערצײַגונג, אַז דער פאַרברעכער איז געזונט און שטאַרק גײַסטיק אַזוי ווי פיזיש, און אַז זײַן פּרווון וועלן אײַנריידן, אַז ער איז ניט קיין ייִד, נאָר אַ קריסט און אַ דוואָריאַנין און קומט אַרויס פון גרויסע לײַט, באַדאַרף באַטראַכט ווערן בעשום־אויפן ניט ווי אַ קרענק, וואָס ווערט אָנגערופן „מאַניאַ גראַנדיאָזאַ”, נאָר ווי אַ גאַנץ איינפאַכע „סימוליאַציע” פון אַ פאַרברעכער, וואָס וויל, מע זאָל מיינען, אַז ער איז געווירט...

„מיט אַזעלכע פאַרברעכער, — לאָזט אויס דער פּראָפעסאָר דער פּסיכיאַטער זײַן שטרענגע עקספּערטיזע, — באַדאַרף מען זײַן זייער פאָרזיכטיק...”

דאָס זעקס־און־נײַנציקסטע קאַפּיטל

## בעטיע פאָרט אויף אַ דאַטשע

אַז די סאַקאָנע איז אַריבער און בעטיע האָט אָנגעהויבן קומען צו־זיך, ווערן פון טאָג צו טאָג אַלץ בעסער און בעסער, איז געבליבן בעהעסקעם פון די דאָקטוירים, אַז מע באַדאַרף די קראַנקע אויסשרײַבן פון שפּיטאָל און אַריבערפירן ניט אַהיים, ווו ייִדע זאַך קאָן זי אויפרעגן און נאָכאַמאָל קראַנק מאַכן, נאָר באַזעצן זי אַ ביסל ווײַטער פון דער היים, אויף דער פרישער לופט, אין אַ דאָרף, אין אַ וואַלד, מיט איין וואָרט — זי באַדאַרף האָבן אַ דאַטשע.

דערהערט דאָס וואָרט אַ „דאַטשע”, האָט זיך סאָרע שאַפּיראָ פאַרטראַכט: ס'איז זייער גרינג צו זאָגן אַ דאַטשע. ערשטנס, ווער איז דאָס אימשטאַנד? און צווייטנס, לאָמיר שוין זאָגן, אַז מיט געלט וואָלט מען זיך שוין ווי־עס־איז אַן אייצע געגעבן, — ס'איז נאָך ניט געבוירן יענער ייִד אויף דער וועלט, וואָס זאָל ניט קריגן קיין געלט אויף צו קורירן זיך, — איז אָבער אַן אַנדער צאָרע. פּראַוואָזשיטעלסטוואָ! ניט איטלעכער ייִד קאָן קרענקען אויסער דער טשערטאַ; מע דאַרף האָבן דערצו זכוס־אָוועס. בײַ זייער הייסט עס אַ פּריווילעגיע: אָדער אַ געענדיקטער דאַרף מען זײַן, אָדער אַ פּערווע גילדיע. אָט, אַשטייגער, איר שוואָגער שלוימע פּאַמיליאַנט — ער מעג, וואָרעם ער האָט געלט. וויל ער אָבער ניט קרענקען. קרענקען באַדאַרף דער, וואָס האָט ניט. דערויף איז דאָ אַ גאָט, וואָס ער פירט זײַן וועלט מיט כּעסעד. ער ווייסט מיסטאַמע, וואָס ער טוט. וועמ'ט אים גיין זאָגן דייעס?..

די דאָזיקע געדאַנקען האָט סאָרע געהאַלטן ניט נאָר בײַ זיך אין האַרצן; זי האָט זיי אַרויסגעזאָגט גאַנץ אָפן סײַ פאַרן דאָקטער, — אַ היימישער מענטש, מיט אים מעג מען רעדן, וואָס מע וויל, — סײַ פאַר איר מאַן — מיט אים מעג מען דאָך אַוואַדע רעדן... רעדן? פאַרוואָס ניט זאָגן

מיטן הארבן וואָרט, ער זאָל טאַקע זען זיך דורכגיין צו דער רײַכער שוועסטער און מיט איר א שמועס געבן אזוי און אזוי, מע דאַרף ראַטעווען א קינד, דערהאַלטן באַם לעבן. וואָס איז? זי איז קליין? ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז זײַן שוועסטערס טעכטער באַדאַרפן זיך באָדן אין פּוטער און אין האָניק, און אַז איר טאָכטער איז אזוי קראַנק און דאָקטוירים זאָגן, אַז זי באַדאַרף האָבן „וואַד־דוך", ווי מע באַדאַרף לעבן...

— וואָס זשע ווילסטו? זאָל איך ווערן א בעטלער בא מײַן שוועסטער? — צעבייזערט זיך אויף איר דאָוויד, נאָר עס העלפט אים ניט קיין בייזער. סאָרע שרעקט זיך ניט איבער. וויבאַלד עס גייט אינעם לעבן און אינעם געזונט פון איר בעטיען, מעג שוין איר מאַן בייזערן זיך וויפל ער וויל; ער וועט זיך איבערבייזערן, און זי וועט אים דערמאַנען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, אזוי לאַנג, ביז ער וועט א שפּײַ טאָן און אוועקגיין צו דער שוועסטער און פּויעלן בא איר, אַז זי אַליין זאָל קומען צו גיין און בעטן זיך, אויסשלאָגן א קניִע ערד, אַז בעטיע זאָל אַריבערפאָרן צו איר אויף דער דאַטשע.

און קאָכהאָוועס. איינמאָל באַטאָג — בעטיע איז געלעגן אויף איר בעטל אין שפּיטאָל און גע־דרעמלט, די מוטער איז געזעסן בא דער זײַט מיט אַן ארבעט אין דער האַנט, האָט זיך געעפנט די טיר און עס האָט זיך באַוויזן טויבע פאַמיליאַנטס פּאַריק מיט די בריליאַנטענע אויריִנגלעך. האָט זיך סאָרע שאַפּיראָ אויפגעכאַפּט מיט א ווונק צו דער שוועגערן, אַז די טאָכטער שלאָפט, און איז אַרויס צו איר אין קאָרידאָר און דאָרט האָט זיך פאַרבונדן צווישן ביידע שוועגערנס אַזא מין שמועס:

— ווייסט איר, סאָרעלע־קרוין, וואָס איך בין געקומען צו פאָרן צו אײַך אין שפּיטאָל אַרײַן?

סאָרע מאַכט א טאַמעוואַטע פּאָנעם: „פּנוואַנען, זאָל זי וויסן? — וואָס איז זי א נעוויִעטע?.."

— איך בין געקומען צו אײַך אין שפּיטאָל אַרײַן אָט צוליב וואָס: דאָוויד האָט מיר איבער־געגעבן, אַז די דאָקטוירים זאָגן לעמאַנהאַשעם, אַז אײַער טאָכטער באַדאַרף האָבן א דאַטשע, האָב איך א שמועס געגעבן מיט מײַן שלוימען, זאָגט מײַן שלוימע, וואָס איז דאָ שײַעך צו רעדן? מיר־צעשעם, אַז אײַער בעטיע וועט זיך נאָר שטעלן אויף די פיס און דער אייבערשטער וועט העלפן, זי וועט זיך אויסשרײַבן פון שפּיטאָל, אזוי שיקט ער בלי ניידער מיטוואָך דעם פּאַעטאָן און מע נעמט זי אַריבער צו אונדז אויף דער דאַטשע.

סאָרעס האַרץ וואַקסט ווי אויף הייוון, נאָר זי מאַכט זיך נאָך אַלץ טאַמעוואַטע.

— וואָס רעדט איר, טויבעניו? בעטיע, זאָל געזונט זײַן, באַדאַרף האָבן א באַזונדערן כיידער... מע באַדאַרף אויף איר געבן אכטונג... כּ'לעבן, ס'איז א טירכע מיט א קלאָפּאָט...

— איר רעדט עפּעס אזעלכע ווערטער, סאָרעניו, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד! נא דיר גאָר טירכע! נאַט אײַך גאָר קלאָפּאָט! קיין שום טירכע מיט קיין שום קלאָפּאָט. אפילע ניט אויף אָט אזויפיל!.. און וואָס איר זאָגט א כיידער א באַזונדערן, איז מיר א כידעש אויף אײַך. איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז בא מיר איז דאָ, קיין אײַנהאָרע, כּאַדאָרים געַנוג. פון דעם זאָלט איר גאָר קיין דײַגע ניט האָבן. האַלעוואַי דער אייבערשטער זאָל וועלן, זי זאָל נאָר קאָנען שוין אַריבערפאָרן אין א גוטער שאָ, און אפילע הײַנטיקן טאָג.

סאָרע ברעקלט זיך נאָך:

— איר האָט פאַרגעסן, טויבעניו־נעשאָמעניו, אַז ס'איז נאָך דאָ א צאָרע — פּראַוואָזשיטעל־סטווע.

— זעט איר, דאָס איז שוין, זאָלט איר מיר מויכל זײַן, גאָר א נאַרישקײַט פון אײַך. איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז מײַן שלוימע זאָגט, ווייסט ער, וואָס ער זאָגט, און אַז ער הייסט, זי זאָל קומען, האָט ער שוין מיסטאַמע וועגן דעם אויך געטראַכט... מײַן שלוימע איז דאָך עפּעס ניט קיין יינגעלע, גאָט מײַן גאָטו!..

סאָרע איז אזוי גערירט, אַז זי הייבט אָן צו רעדן מיט דער שוועגערן מער אָפענע דיבורים:

— איר זענט עפּשער זייער גערעכט, טויבעניו־האַרצעניו, נאָר פאַר אײַך מעג מען רעדן טאַקע ווי פאַר אַן אייגענער שוועסטער. ס'זאָל זײַן, הערט איר, נאָר אין מיר אַליין געוועגדט, וואָלט שוין ניט געווען קיין שום מעניִע. עס איז דאָך בא מיר, איר פאַרשטייט אַליין, אַזא טויווע, וואָס אייביק און אייביק וועל איך עס אײַך ניט פאַרגעסן... איר קענט דאָך אָבער מײַן בעטיען, זי זאָל מיר נאָר זײַן מיט יאָרן, — וואָס זאָל מען לייקענען, פּינצטער איז מיר, — א קאַפּריזנע, אוי א קאַפּריזנע מיידל! זי קאָן פּלוצעם זיך אײַנשפּאַרן, ניין און ניין — גייט טוט איר עפּעס! ביפּראַט נאָך איצט...

דער רײַכער שוועגערן פאַרדריסט עס שוין א ביסל: „מע וויל טאָן אַן אָרעמער קרויווע א טויווע, פאַרעבבעטדיוועט זי נאָך"... זי מאַכט א פרום פּאָנעם:

— אײַ, סאָרעלע־קרוין, גאָט באָרעך הו זאָל מיך ניט שטראָפן, איך וויל, כּאַלילע, אײַך ניט זאַלצן אויף די ווונדן, איר האָט, נעבעך, א שווער האַרץ, וואָס איז צו רעדן? נאָר איך מוז אײַך זאָגן דעם ריינעם עמעס, טאַקע ווי פאַר אַן אייגענער שוועסטער — דער אייבערשטער איז על בעכיין לעוואָוועס, ער האָט ליב דעם עמעס — איר פירט ניט גוט דאָס רעדל, כּ'לעבן, איר פירט ניט גוט.

אַט, דאכט מיר, בין איך אויך אַ מאַמע, ביז הונדערט צוואַנציק יאָר, איך האָב אויך קינדער, זאָלן געזונט זײַן, און טו אַלצדינג, זיי זאָלן גיין אױפֿן דיגרעך האַיאַשער...

— וואָס גלײַכט איר, טױבעניו? בײַ מיר איז איין אויג אין קאָפּ, און בײַ אײַך איז, קיין אײַנהאָרע, — לאָזן זיי אײַך זײַן געזונט און שטאַרק...

די פֿרומע שוועגערן לאָזט זי אָבער ניט ענדיקן. זי וויל בעסער אַליין רעדן, ס'איז בײַ איר נאָכן עסן, אױפֿגעלייגט אױפֿן האַרצן:

— ע! סאָרל־קרוין, איר זאָלט עס זאָגן? איר ווייסט אַליין גאַנץ גוט, ווי שטייט דאָרטן אין די הייליקע ספֿרים, קינדער און מײַסים טױוים איז אַ מאַטאָנע פֿון גאָט; וואָס מער, איז בעסער; און צווישן צען פֿינגער, אַז ס'טוט ווי, כאָלילע, איין פֿינגער, טוט ער ווײ, גלייכט מיר, גלײַך ווי מע זאָל פֿאַרמאָגן מער ניט, אַז איין פֿינגער...

און לאַנג נאָך שמועסן זיך אויס אָט אַזוי צווישן זיך ביידע מאַמעס שטילערהייט אױף יענער זײַט טיר פֿון בעטיעס כיידערל, און אַז סאָרע קומט אַרײַן, טוט זי בעטיע אַ כאַפּ, זי זאָל איר זאָגן, וועגן וואָס האָט די זיך עס אַזוי לאַנג געשעפּטשעט מיט דער מומע טױבע?.. סאָרע פּרוּווט זיך אויסדרייען, זאָגן אַ ליגן, נאָר עס העלפֿט ניט, זי מוז איר אויסזאָגן דעם עמעס, מיט אַ שטיקל האָקדאָמע פֿריִער, אַז וויבאַלד גאָט פֿירט אַזוי, אַז זי האָט אַזאַ רײַכע מומע מיט אַזאַ גוטן פֿעטער, וואָס זיצן דעם גאַנצן זומער אױף אַ דאַטשע און פֿון פּראַוואָזשיטעלסטווע איז דאָרט גאָר קיין רייד ניט, וואָרעם דער פֿעטער שלוימע איז מיט דער דאָרטיקער פּאָליציע אויסגעבונדן...

און אַזוי ווײַטער. סאָרע מיינט, אַז זי איז שוין באַלד פֿאַרטיק, לאָזט זיך אויס, אַז בעטיע וויל ניט הערן אַפֿילע פֿון קיין רײַכע מומעס און פֿון קיין גוטע פֿעטערס און פֿון קיין דאַטשעס און פֿון פּאָליציע מיט פּראַוואָזשיטעלסטוועס...

— שאַ, איז ניין, נו לאָז זײַן ניין, — זאָגט סאָרע און ווישט אָפּ די ליפּן. — דו מיינסט וואָס? איך האָב איר אַליין אויך געזאָגט, דער מוטע דינער, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפֿן, אַז ס'וועט ניט גיין... קינדעניו, מע וועט דיך דען, כאָלילע, נייטן, צי וואָס? שאַ! פֿאַרגעסן! ווי דו זעסט מיר אַ לעבעדיקע — פֿאַרגעסן!

ס'איז אָבער ניט עמעס. ווי קאָן זי, אַ מאַמע, פֿאַרגעסן אַזאַ זאַך, וואָס דאָקטוירים זאָגן, אַז איר טאָכטער באַדאַרף עס האָבן ווי אין לעבן אַרײַן? „וואָזדוך" — זאָגן זיי — פֿרײַע לופֿט באַדאַרף זי האָבן, אין אַ סאָסנאָוווע וואַלד באַדאַרף זי זיך געפֿינען. נו, זאָל זי שווײַגן? און כאָטש דאָס האַרץ איז איר פֿאַרביטערט, וואָס איר טאָכטער האָט זיך פֿאַרקאָפּריזעט און וויל ניט הערן פֿון קיין דאַטשע, דאָך האָט זי זיך דיפּלאָמאַטיש אַ נעם געגעבן צום דאָקטער, צו זייער היימישן דאָקטער, גענומען אײַנטיינען, אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, ווי ווײַט נייטיק פֿאַר איר קינד איז „וואָזדוך".

— וואָזדוך, — האָט אים סאָרע געגעבן צו פֿאַרשטיין מער מיט הענט, — וואָזדוך דאָס איז אַ זאַך, וואָס מע באַדאַרף האָבן דורכצולופֿטערן אינווייניק די געדערעם, ווי מע לופֿטערט דורך אָט, אַשטייגער, כאַדאָרים דורך אַ קוואַטירל פֿון אַ פֿענצטער, אָדער ווי, לעמאָשל, קעדוימע...

— ריבוינעשעלוילעם! — כאַפּט זיך אָן דער דאָקטער באַם נאַקעטן קאָפּ, — וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין ייִדענע? מיר ווילט איר דערציילן, וואָס „וואָזדוך" איז און וואָס אײַער טאָכטער באַדאַרף האָבן? מיר דאַכט, אַז דאָס האָב איך אײַך געזאָגט שוין טויזנט מאָל, אַז אײַער טאָכטער באַדאַרף אַ דאַטשע, ווי מע באַדאַרף לעבן...

— מיר האָט איר געזאָגט? וואָס קומט אַרויס, וואָס איר האָט דאָס געזאָגט מיר? בײַ מיר האָט איר שוין לאַנג געפּוילט. איר זעט פּוילט עס בײַ איר, בײַ מײַן טאָכטער, דעמלט וועט איר אײַך מעגן באַרימען...

דער דאָקטער ענטפֿערט דערויף גאָרנישט. ער צענעמט נאָר מיט די הענט און סאָפּקאָלסאָף מוז ער איר געבן דאָס וואָרט, אַז ער וועט טאָן, וואָס ער קאָן, ער וועט רעדן מיט דער טאָכטער, ער וועט איר געבן צו פֿאַרשטיין, ער וועט איר אײַנרעדן, ער וועט איר...

— וואָס נאָך ווילט איר פֿון מיר?

— איך פֿון אײַך? — זאָגט סאָרע. — וואָס זאָל איך פֿון אײַך וועלן? איר האָט געשלאָסן מיט מיר אַ קאָנטראַקט, צי וואָס? האָסטו געזען אַ לאָשן פֿון אַ מענטשן! „וואָס איך וויל פֿון אים"?.. נאַ דיר נאָך, טאָמער איז קאָרג!

דער דאָקטער קוקט אױף איר מיט איין אויג. אָט די ייִדענע דערלויבט זיך שוין צופֿיל. בײַ אַן אַנדער צײַט וואָלט זי געקאָנט כאַפּן פֿון אים אַ רעכטן פּסאַק. זי וואָלט זיך פֿון אים ניט געוואָרט. נאָר איצט — איצט איז ער אױף גרויסע צאָרעס. ער ווייסט נאָך אַליין ניט אַקוראַט, וואָס מיט אים טוט זיך, נאָר עס דאַכט זיך אים, אַז ער קלײַבט זיך ווערן אויס אַלטער באָכער. שוין צײַט כאַסענע האָבן. און דאַפֿקע מיט אָט דער ייִדענעס טאָכטער... און אומגליק — זינט דאָס מיידל איז קראַנק געוואָרן און ער קורירט זי, פּילט ער פֿון טאָג צו טאָג, אַז דאָס איז זײַן באַשערטע... וויפֿל קראַנקע

ער האָט שוין איבערגעהאַט אױף זײַן לעבן, האָט זיך אים נאָך אַזאַ זאַך ניט געטראָפֿן, אַז ער זאָל פֿילן דאָס, װאָס ער האָט געפֿילט אַצינד. עס האָט זיך אים אױסגעדאַכט, בײַ בעטיע שאַפּיראָ איז געװען געפֿערלעך, אַז טאָמער טוט אָט דאָס מײדל אַ שטאַרב אַװעק, איז װײסט ער אַלײן ניט, װאָס מיט אים װעט זײַן... און צוריק — קוים האָט איר אָנגעהױבן גײן בעסער, האָט ער געזען, װי עפּעס קומט אים צו, גלײַך װי דאָס װאָלט געװען ניט קײן פּאַציִענטן, נאָר אַן אײגענע, אַ שװעסטער, אַ סאַך מער פֿון אַ שװעסטער... נײן, ניט אומזיסט האָבן זײַנע קאָלעגן געמאַכט פֿון אים כּיזעק, אים גערופֿן הינטער די אױגן „כּאָסן" און סאָרע שאַפּיראָ — „שװיגער"...

האָט דאָס אױך סאָרע שאַפּיראָ אַרױסגעזען? אים האָט זיך אױסגעװיזן, אַז יאָ. אים האָט זיך אױסגעדאַכט, אַז די מוטער װײסט, אַז ער איז פֿאַרבערנט אין איר טאָכטער און דערפֿאַר אַפּאָנעם איז זי מיט אים אַזאַ שמעלקע און באַגײט זיך מיט אים, װי מיט אַ באַעקנטן, שױן צו אַ נאָענטן... און ער איז אױף זיך מעקאַבל באַהאַװע אַלצדינג, אַבי זײַן פּאַציִענטן זאָל שױן װערן אינגאַנצן געזונט און ער זאָל שױן קאָנען רעדן... מיט װעמען? ער האָט מוירע צו טראַכטן. נאָר אים דאַכט זיך, אַז קײדעמקאָל װעט מען דאַרפֿן רעדן מיט איר, מיט אָט דער ייִדענע... און עס װאַרפֿט אים אין אַ פֿיבער פֿון אַזאַ געדאַנק. און ער גיט איר די האַנט, און ער װעט רעדן מיט איר טאָכטער װעגן אַ דאַטשע, ער װעט רעדט גאָר אָן אַ שום טערעץ, נאָר ניט הײַנט. הײַנט איז שױן שפּעט. מאָרגן!..

— מאָרגן איז מאָרגן, — ענטפֿערט אים סאָרע, — איך זאָג דען, אַז הײַנט, צי עמעצער זעצט אײַך דען האַלדזאון־נאַקן? דער טײַך ברענט ניט און דער זומער איז נאָך גרױס.

עס גײט אַװעק אַ מאָרגן מיט נאָך אַ מאָרגן. דער דאָקטער קומט אַלע טאָג, צװײ מאָל אַ טאָג. זיצט אָפּ אַ שאָ און צװײ שאָ — און ער זאָל רעדן מיט בעטיען װעגן דער דאַטשע הערט מען עפּעס ניט. דערמאָנט אים סאָרע, שױן פֿאַר זײַן אַװעקגאַנג, נאָר אײדל, מיט אַן אָנצוהערעניש: „דאַכט זיך, אַז ער האָט איר עפּעס געהאַט צוגעזאָגט?.." בלײַבט דער דאָקטער שטײן און רײַבט זיך די ליסינע: „װאָס האָט ער דען צוגעזאָגט?.." זאָגט אים סאָרע: „טוט זיך אַ פּאַטש אין שטערן, טאָמער װעט איר אײַך דערמאָנען". פֿאַרכאַפּט זיך דער דאָקטער און שװערט, אַז ער האָט פֿאַרגעסן. ער האָט גאָר פֿאַרגעסן, װי ס'איז הײַנט פּריִטיק אױף דער גאַנצער װעלט! ענטפֿערט אים סאָרע, אַז דער, װאָס האָט אַ טעװע פֿאַרגעסן פֿון מיטװאָך ביז פּרײַטיק, באַדאַרף מאַכן אַ קניפּל אין דער פּאַטשײלע...

נאָר סאָרעס מי מיט אַלע אירע דיפּלאָמאַטישע אָפּשניצלעך זײַנען געװען אַרױסגעװאָרפֿן. בעטיע האָט אױסגעהערט דעם דאָקטערס רײד װעגן אַ דאַטשע, װעגן פֿרישע לופֿט און װעגן אַ סאָסנאָװע װאַלד, ליגנדיק אױף איר בעטל און קוקנדיק מיט פֿאַרגלעזטע אױגן אַרױף אױף דער סטעליע, גלײַך װי דאָרטן װאָלט געװען אָנגעצײכנט, װאָס זי באַדאַרף אים דערױף ענטפֿערן... צו װאָס? צו װאָס דאַטשעס? צו װאָס פֿרישע לופֿט, סאָסנאָװע װאַלד? צו װאָס לעבן אױף דער װעלט, װיבאַלד אַז ס'איז ניטאָ ער?.. יענער?..

סאָרע זעט נאָך דער טאָכטערס אױגן, אַז די גאַנצע אַרבעט איז אַרױסגעװאָרפֿן. פֿאַרפֿאַלן — בעטיע װעט צו דער מומע טױבע אױף דער דאַטשע ניט פֿאָרן, און זי װינקט צום דאָקטער, ער זאָל האַלטן מױל, מער דערפֿון ניט רײדן...

נאָר אַז ס'איז באַשערט, קומט עס אַלײן פֿון זיך, מע װײסט גאָר ניט װיאַזױ. אײנמאָל אין אַ שײנעם פֿרימאָרגן האָט זיך בעטיע אױפֿגעכאַפּט און געגעבן צו װיסן דער מוטער, אַז זי פֿאָרט צו דער מומע טױבע אױף דער דאַטשע.

דאָס איז געװען אינגיכן נאָך דעם, װאָס זי איז געװויר געװאָרן, טאַקע דורך דער מוטער, פֿון דער גוטער בשורה, אַז ראַבינאָװיטש לעבט און אַז ער זיצט...



# אַ רעשטל צו די צרות

דאָס ערשטע, װאָס בעטיע האָט געטאָן װיבאַלד נאָר זי איז געװויר געװאָרן, אַז ראַבינאָװיטש זיצט, — זי האָט זיך אַ װאַרף געגעבן צו די גאַזעטן, זיך אַ נעם געגעבן לײענען צײַטונגען, נײַע און אַלטע, פֿאַר דער גאַנצער צײַט. אין אײן האַלבן טאָג האָט זי דורכגעלײענט די גאַנצע ליטעראַטור, דאָס הײסט, אַלעס, װאָס איז געװען ביז דעמאָלט געדרוקט װעגן דעם געפֿונענעם װאַלאַדקע, און בײַ איר אין קאָפּ איז גיך פֿאַרטיק געװאָרן אַ פּלאַן, װיאַזױ זי זאָל העלפֿן אױפֿדעקן די עמעסע

פאַרברעכער און באַפרײַען איר אויסדערוויילטן פון געפּענקעניש. דאָס איז געוואָרן איצט איר איינציקער ווונטש, דער צוועק און דער גאַנצער זין פון איר לעבן. דער פּלאַן האָט זיך איר אויסגעוויזן אַזוי פּראָסט און אַזוי גרינג דורכצופירן. זי האָט זיך דערמאָנט אָן יענער מוירעדיקער נאַכט, וואָס זי האָט פאַרבראַכט אײנצווייען מיט יענער אומגליקלעכער פאַרלוירענער, פון וועלכער עס האָט געשמעקט העליאָטראָפּ מיט יאָדאָפאָרם און וועלכע האָט איר אָנגעדערציילט אַזויפיל שרעקלעכע מײַסעס. זי האָט זיך דערמאָנט, וואָס יענע האָט איר דערציילט אױף איר געליבטן — זי האָט שוין פאַרגעסן דעם נאָמען זײַנעם. נאָר יעדנפאַלס, ווי יענע האָט איר דעמלט אָנגעהויבן צו דערציילן, באַדאַרף אָט דער דאָזיקער נעפּעש זײַן איינער פון די, וואָס האָבן געפּאַטערט קירילִיכעס זונדל... דאָס איז אַזוי זיכער, ווי ס'איז זיכער, אַז זי לעבט אױף דער וועלט. איין כיסאָרן נאָר — זי האָט פאַרגעסן און זי קאָן זיך ניט דערמאָנען, בעשום־אויפן וועאויפן, ניט דעם נאָמען פון יענער פאַרלוירענער, ניט דעם נאָמען פון איר געליבטן. עס איז איר דעמלט, אין יענער נאַכט, ניט געקומען אױף די געדאַנקען, אַז עס קאָן איר אַמאָל צוניץ קומען אָט דאָס, וואָס א גאַסן־מיידל וועט איר דערציילן... א סאַך זאַכן, וואָס יענע האָט איר דעמלט דערציילט, זײַנען איר אין איין אויער אַרײַן, פונעם אַנדערן אַרויס... איינס נאָר געדענקט זיך איר גוט — דאָס איז דער נאָמען פונעם דאָרף, פונוואַנען עס שטאַמט יענע פאַרלוירענע מיט איר געליבטן, און דאָס דאָרף — דאָס איז אַקוראַט דאָס אָרט, ווו איר פעטער פאַמיליאַנט וווינט איצט אױף דער דאַטשע. א געוויינלעכער צופאַל, נאָר עס קאָן זיך אַלצדינג מאַכן אױף דער וועלט. ווער ווייסט?.. אָט דאָס איז געווען דער סייכל, וואָס בעטיע האָט מיטאַמאָל זיך אויפגעכאַפּט און אײַנגעוויליקט אַריבערצופאָרן צו דער מומע טויבע אױף דער דאַטשע, פון וועלכן די מוטער איז געווען אָפן זיבעטן הימל: א קלייניקײַט, אַזאַ „וואָזדוך” און אַזאַ „ראָסקאָש” וועט איר טאָכטער האָבן, און צווישן אייגענע און אָן א קאָפּיקע געלט!..

מאָלט אײַך, סאָרע שאַפּיראָ האָט זיך געטנוג אָנגעוויינט, אַז זי האָט זיך באַדאַרפט צעשיידן מיט איר קינד, וואָרעם אַכצן מאָל צווישן אייגענע, פאָרט ניט אינדערהיים, פאָרט ניט אונטער דער מאַמעס אויג, נאָך דעם, ווי זי האָט קוים אויסגעבעטן בא גאָט... טאַטעניו, האַרציקער פאָטער! קליין איז אַזאַ באָגיד, ווי איר שוואָגער, אָט דער שלוימע פאַמיליאַנט, זיי אַלעמען אַרויסנעמען אין דאָרף? זיי אַלעמען דינגען א דאַטשע? וואָס איז אַזוי? איר דאַוויד דאַרף ניט האָבן קיין וואָזדוך? און סיאָמקען וואָלט ניט אָנגעשטאַנען בעסער צו שפּילן זיך אָפן פרײַען פעלד, אָדער אין גרינעם וואַלד, איידער בראָטן זיך אױף דער זון און אָנעסן זיך מיט שטויב אױף דער יידישער גאַס...

— אוי, ריבוינעשעלוילעם, ריבוינעשעלוילעם! — לאָזט אויס סאָרע, ווי דער שטייגער איז פון די ווײַבער, וואָס טײַנען זיך אויס מיט גאָט, ווי מיט א גאַנץ נאָענטן קנעפּל. — איך זאָג דיר ניט, כאָלילע, קיין דייעס, וועמען דו זאָלסט געבן און וועמען ניט, און אַז דו גיסט איינעם א ביסל און דעם אַנדערן א פולע שיסל, אָדער איינעם גאָר, דעם אַנדערן ניט א האָר, — איז מיסטאָמע ווייסטו דאָך, וואָס דו טוסט, דערוף ביסטו דאָך עפּעס א בוירע אוילעם, ווי זאָגט מײַן שוועגערן טויבע, און דו פירסט זיך דײַן דיין וועלטל, ווי דו פאַרשטייסט. נאָר איך זאָל האָבן די בראָכעס, וואָס איך וואָלט מער געטאָן פאַר אָרעמע קרויווים, ווי מײַן שוועגערן די נעגידעס, וואָס פאַרשליסט דאָס ברויט אין שאַפע און קנײַפּט די דינסטן, אַבי זי טוט דיר אָן א מעגנטעלע, — זי דאַוונט דיר אַלע טאָג פון א גראָבן קאָרבן מינכע, — זאָלסט מיך נאָר ניט שטראָפן פאַר די רייד, ליבער גאָט, וואָרעם אַזוי ווי זי הערט ניט, אַזוי וועט איר ניט שאַטן...

* * *

דער טאָכטער האָט סאָרע אָנגעזאָגט א מאָל צוואַנציק, וויאַזוי זי זאָל זיך פירן בא דער רײַכער מומע אױף דער דאַטשע, דעריקער, זי זאָל זיך היטן, ניט טאָן קיין זאַך, נאָר עסן און טרינקען און זײַן אָפן „וואָזדוך”, וואָס מער „וואָזדוך”!..

— „וואָזדוך! וואָזדוך!” — קרימט איר איבער דער קליינער סיאָמקע, וואָס כאַפּט פון איר א פּאַטש, ער זאָל ניט זײַן קיין אויסגעפּאַנעם, כאָטש ער איז א בעניאָכיד. נאָר סיאָמקע באַהאַלט דעם פּאַטש אין קעשענע, וואָרעם אָט באַלד זעצט ער זיך אױף מיט דער שוועסטער אינעם דאָקטערס פאַעטאָן, וועלכער פירט זי אָפּ אױף דער דאַטשע.

געזאָלט האָט בעטי פאָרן מיטן פעטער שלוימעס פאַעטאָן, וואָס האָט געזאָלט קומען נאָך איר. נאָר אַזויווי דער דאָקטער האָט אָנגעשלאָגן זיך, אַז ער וועט מיט איר מיטפאָרן, און אַזויווי דער דאָקטער האָט אָן אייגענעם עקיפּאַזש, איז געבליבן, אַז מע זאָל פאָרן אינדרײַען, דאָס הייסט, בעטי, דער דאָקטער און סיאָמקע — א שוימער. אַזוי טאַקע האָט אים די מאַמע געזאָגט: „פאָר אויך, סיאָמקע, מיטן דאָקטער, וועסטו זײַן א שוימער...” סיאָמקע איז אוואַדע געווען צופרידן פון אַזאַ בסורע, כאָטש זײַן קעפּל האָט בעשום־אויפן ניט געקאָנט מאַסיג זײַן, צו וואָס באַדאַרף מען נאָך א „שוי־




מער", אז די שוועסטער פֿאָרט מיט א דאָקטער? און וואָס איז עפּעס די שוועסטער מיטאמאָל רויט געוואָרן? און אויך דער דאָקטער, ווי ער האָט באמערקט, האָט עפּעס אראָפּגעלאָזט די אויגן בא די דאָזיקע ווערטער, וואָס די מאמע האָט געזאָגט... אויך אין וועג פֿאָרנדיק, האָט סיאָמקע באמערקט און ניט געקאָנט פֿארשטיין, וואָס שווייַגן זיי עפּעס ביידע, אי דער דאָקטער שווייַגט, אי די שוועסטער...

אז דער דאָקטער איז געקומען צוריק פֿון דאטשע, האָט ער געבראכט צו פֿירן סיאָמקען (דעם „שוימער") אהיים און אָפּגעגעבן דער מאדאם שאפּיראָ א גרוס פֿון איר טאָכטער, דערציילט, וואָס פֿאר א שיינע דאטשע, וואָס פֿאר א פּרעכטיקער וואלד און וואָס פֿאר א געזונטע לופֿט דאָרט איז. הייַנט די מענטשן!

— וואָס פֿאר אן אופֿנאם מע האָט אונדז געגעבן, וואָס זאָל איך אייַך זאָגן, מאדאם שאפּיראָ!..

— א מאקע זיי א גרויסע, — שטעלט אריַין די מאדאם שאפּיראָ, — עס קומט זיי א דאנק, זיי קאָנען, נעבעך, ניט? זיי זייַנען קליין?

— זאָגט דאָס ניט, מאדאם שאפּיראָ, — פּרוּווט זיך דער דאָקטער זי בארויִקן, — הייַנטיקע יאָרן...

— וואָס דערציילט איר מיר, הייַנטיקע יאָרן? הייַנטיקע יאָרן זאָל אן אייגענע שוועסטער לאָזן א ברודער, און נאָך אזא ברודער ווי מייַן דאָוויד, אז ער זאָל דינען בא פֿרעמדע, אין דער צייַט, ווען איר מאן איז אָנגעשטאָפּט מיט געשעפֿטן ווי א זאק מיט מעל. קראנק איז אזא ייִד ווי שלוימע פֿאמיליאנט, א ייִד אן אדיר, וואָס מיר ביידע, איך מיט אייַך, מעגן זיך ווינטשן פֿארמאָגן אונדזער אייגנס נאָר דאָס, וואָס אים קאָסט אָפּ א יאָר...

דער דאָקטער כאפּט זיך אויף אן אָפּגעבריטער:

— האז פאַזוואָלטיע, מאַדאַם, וואָס האָט איר מיך אַרײַנצונעמען אין שותפֿות? פֿונוואַנען ווייסט איר מײַן פֿאַרמעגן? איך בין עפּשער ניט אַזוי רײַך ווי אײַער שלומיעל פֿאַמיליאַנט, נאָר איך האָב מיך ניט צו קלאָגן...

— לאָז אײַך גאָט העלפֿן דרײַ מאָל אַזויפֿיל! — שלאָגט אים איבער סאָרע שאַפּיראָ. — ווער עס פֿאַרגינט אײַך ניט, דער מעג אַליין ניט האָבן...

— מע רעדט ניט פֿון דעם, — זאָגט דער דאָקטער, וואָס וויל דעם שמועס צובויגן אין דער געהעריקער זײַט אַרײַן, — מע רעדט גאָר פֿון עפּעס אַנדערש... — ער קוייטשט דאָס היטל אין די הענט, ער רײַבט די ליסינע, ער ווייסט ניט, פֿונוואַנען ער זאָל אָנהייבן... רוקט ער זיך צו צו דער מאַדאַם שאַפּיראָ א ביסל נעענטער און מאַכט צו איר אַזוי:

— הם... פֿאַרשטייט איר מיך, מאַדאַם, איך האָב גאָר געוואָלט עפּעס אַנדערש זאָגן אײַך... די מײַסע דערפֿון איז אַזוי: איך קען אײַער טאָכטער נאָך, אַז זי איז געווען אָט אַזעלכע (ער ווײַזט מיט דער האַנט נידעריק בא דער ערד) און האָב געקוקט אויף איר טאָמיד ווי אויף א קינד, א מיידל... איצט, אָט דאָ, אַז זי איז קראַנק געוואָרן...

— ניט הײַנט געדאַכט, — פֿאַריכט אים סאָרע.

— ניט הײַנט געדאַכט, אַז זי איז קראַנק געוואָרן, בין איך, ניט הײַנט געדאַכט, געפֿאָרן אַלע טאָג, צוויי מאָל א טאָג, דרײַ מאָל א טאָג... ניט הײַנט געדאַכט...

— א מאָדנער מענטש איר זענט! — שלאָגט אים סאָרע איבער. — האָב איך דאָך אײַך גע־בעסן וויפֿל מאָל, איר זאָלט פֿאַרשרײַבן די וויזיטן, האָט איר זיך נאָך אויפֿגעבלאָזן, געווען אין כּעס סאַקאָנעס, לעמײַ איך זאָג...

„אַן אומגליק, ניט קיין ייִדענע!" — טראַכט זיך דער דאָקטער, ווישט אויס מיט א רויטער פּאַ־טשיילע די גלאַנצנדיקע ליסינע, כאַפּט זיך אויף און זעצט זיך אָבער באַלד אַוועק צוריק.

— ניין! ניט דאָס, מאַדאַם! איר האָט מיך ניט פֿאַרשטאַנען, מיין איך, איר האָט מיך שלעכט פֿאַרשטאַנען; איך האָב קיינמאָל ניט גערעדט מיט אײַך און רעד ניט און וועל ניט רעדן פֿון וויזיטן...

— יאָ, נו, איך ווייס דאָך, איר נעמט וויפֿל מע גיט אײַך, איך האָב שוין איבערגערעדט מיט מײַן מאַן, אַז...

— פּאַ־פּאַזוואָלטיע, מאַדאַם שאַפּיראָ! — נעמט דער דאָקטער מיט א טאַן העכער. — לאָזט מיך אויסרעדן. איך רעד ניט דערפֿון, איך וויל בא אײַך קיין געלט ניט נעמען, האָב איך אײַך געזאָגט, דאַכט זיך, וויפֿל מאָל! — פֿאַר כּעס טוט דער דאָקטער אויס די ברילן און סאָרע מאַכט צו אים רוּיִק:

— וויבאַלד אַז ניט קיין געלט, הײַנט וואָס דרייט איר א מויעך?

דאָס טוט שוין דעם דאָקטער א טראַג אויף פֿונעם בענקל. ער טוט אַן אָפּדערגיך די ברילן מיטן היטל און ער רופֿט זיך אָן צו איר מיט א ביטער געלעכטער און מיט א קוויטש, און אין קאָל הערן זיך טרערן:

— א מאָדנע ייִדענע איר זענט! הערט איר! איר זענט א מאָדנע ייִדענע. א מענטש קומט צו אײַך וועגן אַן ערנסטער זאַך, וועגן א זאַך, וואָס איז אים עפּשער נעגייע אין לעבן, רעדט איר מיט אים מאָדנע דיבורים, גלײַך ווי מע רעדט עפּעס מיט... מיט... מיט א דינסט, אָדער מיט א באַ־לעגאָלע, אָדער איך ווייס אַליין ניט מיט וועמען...

אויסער זיך און רויט פֿאַר כּעס טוט דער דאָקטער א קלאַפּ מיט דער טיר און גייט אַוועק א באַרויגעזער, סאָרע בלײַבט זיצן, קוקט אין פֿענצטער און זעט, ווי ער האָט זיך אײַנגעבויגן אײַנ־דרײַען און אָנגערוקט דאָס היטל, שפּרינגט אַרײַן אין זײַן אויפֿגעבאַרעט פֿאַטאָנדל און טוט א מאַך מיט דער האַנט צום קוטשער, ער זאָל פֿאָרן, וויל אַפֿילע ניט אַרומקוקן זיך.

— א מעשוגענער דאָקטער! א גוטער מענטש, נאָר א מעשוגענער. — אַזוי טראַכט זיך סאָרע און פֿאַרשטייט ניט, וואָס איז ער מעשוגע געוואָרן און וואָס האָט ער געוואָלט זאָגן אַזעלכס, וואָס איז אים בענעפֿשעו!.. זי איז גרייט אויסצובײַטלען אַלע אירע בייזע ווײַסטע כאַלוימעס צו זײַן קאָפּ, דערמאָנט זי זיך אָבער, וואָס האָט זי צו אים? געטוג, ער האָט געשטעלט איר טאָכטער אויף די פֿיס (פֿריִער גאָט, דערנאָך ער), געטוג, ער וויל בא איר קיין געלט ניט נעמען און איז נאָך אַזא איידלמאַן און איז זיך מאַטריִעך מיט זײַן עלטער און פֿירט אַליין אַפּ אויף זײַן פֿור איר בעטיען צום פֿעטער אויף דער דאַטשע און ברענגט פֿון איר א גרוס, נעמט זי אים אויף אַזוי קאַלט און איז אים אַפֿילע ניט מעכאַבעד מיט א גלעזל טיי. נאָר ווער איז שולדיק אַז דער קאָפּ איז איר אַזוי דערשלאָגן, מיש־טײַנס־געזאָגט, אַז זי האָט אים אַפֿילע ניט אויסגעהערט רעכט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו דער־ציילן... עפּעס האָט ער דאָך געוואָלט איר זאָגן, דער שלימאַזל, עפּשער נאָך א נייטיקע זאַך?..

— א רעשטל צו די צאָרעס! — באַרוּיִקט זיך סאָרע און הערט אויף צו טראַכטן פֿונעם דאָקטער. אירע געדאַנקען טראָגן זיך אַוועק ערגעץ אַנדערש.

זי האָט נאָך גענוג צו טראַכטן...

# אָפּגעקילט

די ערשטע צײַט, ווי עס פֿירט זיך בײַ דאָסראָוו רײַכע קרוֹיווים, איז בעטי געווען בײַ די פּאַמיליאַנטס זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט. מע האָט קימאַט ניט געוווּסט, ווו זי אַוועקצוזעצן. אַלע, פּונעם קלענסטן ביזן גרעסטן, האָבן אַרומגעטאַנצט אַרום איר. די מומע טויבע האָט זי געפּילנעוועט, וואָס מע דאַרף גאָרניט בעסער. זי האָט אַלץ געטײַנעט, אַז בעטי עסט גאָרנישט. אויך מיר אַן עסן! זי פֿאַרשטייט גאָרניט, פֿון וואָס זי לעבט? און אירע טעכטער די „באַרישניעס", — די האָבן זיך גאָר מעכײַע געווען מיט זייער קוזינקע. אַ פֿרישער מענטש, וואָס מע קאָן כאַטש אַ וואָרט אויסרעדן, אַ שמועס געבן וועגן ליטעראַטור, פֿירן אַ דיסקוסיע וועגן אַרציבאַשעווס לעצטן ראָמאַן... און אַפֿילע דער פֿעטער אַליין, רעב שלוימע פּאַמיליאַנט, וואָס איז, ניט אויסגערעדט זאָל זײַן, שוין גאָר אַ ייִד אַ כאָסיד מיט אַ ברייטן טאַלעסקאָטן, וואָס די ציצעס קוקן בײַ אים אַרויס פֿון אונטער דעם ברייטן סאַמעטענעם זשילעט אײַנײַנעם מיט דער מאַסיווער גאָלדענער קייט פֿונעם זייגער, — אַפֿילע אָט דער ייִד האָט אַרויסבאַוויזן צו בעטיען אַ באַזונדער פֿרײַנטלעכקײַט און צוגעלאָזנקײַט גאָר אַד איין לעשאַער. אַכוץ וואָס ער האָט איר אַזאַ טויווע געטאָן, זי צוגעשריבן אויף דער דאַטשע צו זיך פֿאַר אַ טאָכטער, אונטערגעשמירט פּאָליציע און פֿאַרזיכערט זי, אַז דאָ קאָן זי זײַן רויִק מער ווי אינדערהיים, — דערויף איז ער דאָך פּאַמיליאַנט, אַ ייִד אַ טאַקיף בײַ זיך און אַ כאָשעוו בײַ נאַטשאַלסטווע, — האָט ער זיך נאָך אַליין מאַטריעך געווען ביכוווידוי וועאַצמוי איר אָנגעוויזן איר מאָקעם־מענוכע, ווו זי וועט זיך געפֿינען. דערזען מיט זײַנע קורצזיכטיקע אויגן זיך וואַלגערן אַ טיכל אויף דער ערד, האָט ער אויפֿגעהויבן אַ סקאַנדאַל מיט סאַקאָנעס, צונויפֿגערופֿן די דינסטן און זיי געגעבן אַ וויסטן סאָף. דערנאָך האָט ער זי אַרײַנגעפֿירט אין גאָרטן, באַוויזן איר ווי מע גייט אין וואַלד און ווו מע קאָן צובינדן אַ וויג־בעטל (אַ האַמאַק) און זיך ליגן רויִק אין שאָטן. דערווײַל האָט ער דערזען אין גאָרטן אויף אַ טישל אַ ליידיקע גלאָז (אַ בידעריקע ריִע און דערזעט אַלצדינג!), האָט ער ווידער אויפֿגעהויבן אַ סקאַנדאַל, באַוויזן וואָס פֿאַר אַ באַלעבאָס ער איז, טאַקע אַ גאַסטפֿרײַנטלעכער, אַ גרויסער מאַכניס אורעך, נאָר אַ שטרענגער באַלעבאָס.

וואָס ווײַטער־ווײַטער, האָט די גאַסטפֿרײַנטלעכקײַט בײַ די פּאַמיליאַנטס, ווי בײַ דאָסראָוו רײַכע קרוֹיווים, אָנגעהויבן ביסלעכווײַז אונטערצוגיין און אויסלעשן, קילער צו ווערן, אַזויוי, לעמאָשל, די זון אום סאָף זומער.

פֿריִער פֿון אַלע האָט אויף איר געוואָרפֿן אַן אומכיין די מומע טויבע. די פֿרומע מומע האָט ניט געקאָנט סויבל זײַן ריישיס כאָכמע, וואָס איר פּלימעניצע בענטשט ניט קיין ליכט ערעוו שאַבעס. „וואָס געהער זיך אָן אייניס מיטן אַנדערן? — האָט די פֿרומע מומע געטײַנעט, — מע קאָן זיך זײַן טאַקע אַ געבילדעטע „באַרישניע" אין זיבן פּאָלעס, און פֿונדעסטוועגן, וואָס צו גאָט איז צו גאָט, און וואָס צו לײַטן איז צו לײַטן. אָט זײַנען אירע טעכטער, דאַכט זיך, אויך געבילדעטע „באַרישניעס", כּ׳לעבן, לייענען אויך רוסישע ביכלעך, און קאָנען נאָך אַפֿילע רעדן פֿראַנצויזיש אויך, און טאַנצן אויך און שפּילן אויך אין אַלצדינג, פֿונדעסטוועגן, אַז עס קומט שאַבעס, וואָס איז שײַעך? דערויף איז מען דאָך עפּעס ייִדישע טעכטער..."

צו איר אַליין, צו בעטיען הייסט עס, האָט זי גאָרנישט ניט. מע האָט זי אַזוי אויפֿגעצויגן, וואָס איז זי שולדיק? האָבן האָט זי צו איר מאַמע: „ווי לערנט דאָס אַזוי אַ מאַמע, דאָוויד שאַפּיראָס אַ זײַב, איר קינד, אַז זי זאָל ניט וויסן דאָס נייטיקסטע, וואָס אַ ייִדישע טאָכטער דאַרף וויסן?.."

— ניט אומזיסט קומט ניט מאַשיעך און ייִדן לײַדן גאָלעס... — לאָזט אויס די מומע טויבע מיט אַ פֿרום פּאָנעם און מיט שטאַרק פֿאַרשנורעוועטע ליפּן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע אַלע טײַנעס האָט די פֿרומע טויבע פּאַמיליאַנט אויסגעליידיקט נאָר פֿאַר אירע קינדער און פֿאַר אירע דינסטן. פֿאַר בעטיען אַליין האָט זי מוירע געהאַט אָפֿן אַרויסצוטרעטן. און ניט אַזוי פֿאַר בעטיען האָט זי מוירע געהאַט, ווי פֿאַרן מאַן. שלוימע פּאַמיליאַנט האָט געהאַלטן שטאָל און אײַזן מיט זײַן פּלימעניטשקע — און דאָס האָט, נעבעך, דער פֿרומער טויבע געטוג געקרענקט. זי האָט ניט געקאָנט לײַדן, לעמײַ ער נעמט זיך אָן איר קריוודע, מישט זיך אַרײַן בײַם טיש, מע זאָל איר געבן עסן, — בײַם טיש איז זי, טויבע, דאַכט זיך, די באַלעבאָסטע און ווייסט אַליין, וועמען וואָס מע דאַרף געבן. וואָס האָט אַ מאַנצבל צו מישן זיך אין אַזעלכע זאַכן, און נאָך אַ כאָסיד דערצו? ביסט אַ כאָסיד, באַדאַרפֿסטו אַכטונג געבן אויף דײַנע כסידים, זינגען מיט זיי זמי־

רעס שאַבעס צו שאַלעש־סודעס, אָדער כאַפּן אַ טענצל מיט זיי צו דער מעלאַווע מאַלקע, אָבער ניט אַרײַנקוקן אין טעלער אַרײַן צו דער פּלימעניטשקע און אין זינען האָבן, צי זי האָט הײַנט געטרונקען מילך, צי ניט?..״

דאַכט זיך, אַ נאַרישקײַט, טויבע ווייסט אַליין, אַז ס׳איז אַ נאַרישקײַט, נאָר ווי דאָסראָוו ווײַבער, וואָס זײַנען כוישעד זייערע מאַנען, אַז זיי קוקן ניט אַהין, וווּ מע דאַרף, האָט זי, נעבעך, געליטן כיבוט האַקיווועס און ניט געשלאָפן קיין נעכט. אַ סוואָרע אָבער, אַז איר מאַן, רעב שלוימע פּאַמיליאַנט אַליין, האָט ניט ווינציקער פון איר געליטן כיבוט האַקיווועס און איז אויך שלעכט געשלאָפן.

און אָט איבער וואָס:

בעטי האָט פון טאָמיד אָן נויסע כיין געווען אין די אויגן פון איר פעטער שלוימע פּאַמיליאַנט. באַסיע, האָט זי בא אים געהייסן מיטן יידישן נאָמען. און ניט באַסיע, נאָר באַסקע, פאַרצויגן. קינדווײַז פלעגט ער זי קנײַפּן אין די בעקלעך, ניט קושן, נאָר קנײַפּן, גוט קנײַפּן, סימאָנים זאָלן בלײַבן, נאָר פאַר יעדן קניפּ שענקען אַ מאַטבייע, זי זאָל ניט וויינען. שפּעטער, אַז זי איז שוין אונטערגעוואַקסן, געוואָרן אַ היפּש מיידל, האָט ער נאָך אַלץ ליב געהאַט איר געבן אַ קניפּ אין בעקל, און סאַמע דאָרט, וווּ דאָס כיין־גריבעלע באַווײַזט זיך, אַז זי לאַכט (דאַכט זיך, אַזאַ נידעריקע ריִע און ועט אַלצדיינגו!). נאָר פון זינט זי איז שוין גאָר אײַנגאַנצן אויסגעוואַקסן, לאָזט זי זיך שוין ניט קנײַפּן. אָן אויספּאָנעמניצע געוואָרן — סאַקאָנעס! און אַ ביסל האָט זיך אַרײַנגעמישט די מומע טויבע, אָנגענומען זיך די קריוודע פון דער פּלימעניצע: „וואָס פאַר אַ האַסאָגע קנײַפּן? מאַכן ברוין און בלוי? אַ צאַר באַלעבאָטים — זי קאָן עס ניט צווועגן!..״

פון דעמלט אָן האָט ער אויפגעהערט קנײַפּן די פּלימעניצע, נאָר אַז ער האָט זי דערזען, האָט ער אַלעמאָל געטומען אײַנקוקן זיך אין איר מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן (אַ מענטש האָט אַ נידעריקע ריִע)! און אָפּזיפצן. „הם... קיין אײַנהאָרע ניט! — האָט ער זיך געטראַכט. — געווען אָט ערשט ניט לאַנג, דאַכט זיך, אַ גאָרנישט, אַ ווייס איך וואָס, אַ קינד, און מיטאַמאָל — אַ נעקייווע!..״ און ווער שמועסט איצט, נאָך איר שלאַפקײַט, האָט ער זיך גאָרניט געקאָנט זאַט אָנקוקן אין איר, ווי זי האָט זיך עס געגעבן מיטאַמאָל אַ הייב אויף, געוואָרן נאָך מענטשער און שענער און בליִענדיקער און צײַטיקער — אַ נעקייווע מאַמעש און נאָך אַ יעפאַסטויאַר דערצו — מעסוקן נעפעש!..

„אַך־אַך־אַך־אַך!״ — זיפצט ער אָפּ זייער שווער און קאַטשעט זיך אין בעט פון איין זײַט אויף דער אַנדערער, קאָן קיין אויג ניט צומאַכן: און ניט נאָר ליגנדיק אין בעט, נאָר אַפילע אײַנדערפרי, אַקוראַט באַם רעכטן דאַווענען, קאָן ער זיך אויך ניט באַפרײַען פון די דאָזיקע מאַכשאָווועס. אָט האָט ער אָנגעטאָן זיך זײַן טאַלעס און טפילן, דאַכט זיך, גאָר פײַן און שיין, טראָגט עס אים אָן אָפּן זינען פּלוצעם די פּלימעניצע, די יעפאַסטויאַר, און עס הייבן זיך אָן ווידעראַמאָל... שטעלט ער זיך אַוועק מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, מאַכט צו מיט דער האַנט די אויגן, צעשאָקלט זיך, ווי אָן אומרו, אַהין און צוריק, און דאַוונט אַזוי געשמאַק, אַז די ווענט קלינגען! איזהו גבור הכובש את יצרו — אַ מענטש, אַז ער וויל נאָר, קאָן ער בײַקומען דעם יעיצער־האָרע...

הײַנט די כאַלוימעס! וואָס טוט מען מיט בייזע כאַלוימעס, ווען אַ מענטש שלאָפט און איז געגליכן צו אַ מעס און קאָן בעשום־אויפן אויף זיך ניט געוועלטיקן? זינט די פּלימעניצע, די יעפאַסטויאַר, איז בא אים אין שטוב, פּלאָנטען זיך אים קימאַט אַלע נאַכט אַזעלכע כאַלוימעס, וואָס ער פאַרשטייט גאָרניט פונוואַנען? אַ שטיקל גליק, וואָס רעב שלוימע פּאַמיליאַנט איז ניט קיין אַמאָרעץ און ווייסט פונעם פּאָסעק: וחלומות שוא ידברין — כאַלוימעס זײַנען בלאָטע. שטעלט אײַך פאָר, וואָס אַ יידן כאָלעמט זיך:

עס כאָלעמט זיך אים, אַז ער איז, ניט דאָ געדאַכט, ניט פאַר קיין יידן געדאַכט, געבליבן אָן אַלמען... געשטאָרבן זײַן טויבע, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גאַניידן... זיצט ער, נעבעך, שיווע און וויינט, גיסט מיט טרערן, לערנט איִעוו... דערנאָך גייט אַוועק שלוישים... ער גייט אַרום אָן אַ קאָפּ, ער האָט גאָרניט אין זינען אין דער ליינקער פײַע אַפילע כאַסענע האָבן דאָס אַנדערע מאָל... זײַנען דאָך פאַראַן שאַדכאָנים אויף דער וועלט, שלאָגן זיי אָפּ די טירן און דרייען אַ מויער:

איר מוזט, זאָגן זיי, כאַסענע האָבן, איר טאָרט ניט, זאָגן זיי, זיצן, וואָס איז שײַעך, אַזאַ ייִד, ווי איר, איינער אַליין... אָט פרעגט אַפילע, זאָגן זיי, דעם רעבן, וועט ער אײַך אויך זאָגן, אַז איר דאַרפט וואָס גיכער שטעלן כופּע, ווי פּלימעניטשקע... ערשטנס, ווײַל זי איז אַ בסולע, וועקידושן טאַקע מיט אײַער וועהאַשייניס, ווײַל זי איז אָן אייגענע און אָן אָרעמע, — איז דאָס נאָך אַ מיצווע אויך, מיסאַקן זײַן אַ נעפעש, „וועקאָל האַמעקאַיִם נעפעש אַכאַס״, זאָגט די געמאָרע...

— גאָט איז מיט דיר, שלוימע, וואָס קרעכצסטו אַזוי? — וועקט אים טויבע קוים אויף פונעם שלאָף, און כאָטש ס׳איז נאָך ווײַט צו טאָג, שלאָפן זיי שוין ניט, ניט ער, ניט זי. באַקלאָגט זיך פאַר אים טויבע אויף דער פּלימעניצע, אַז זי פירט זיך ניט גוט אויף און זי האָט כאַראָטע, וואָס זי האָט זי אַהער גענומען.

— דעהײַנע קעדוימע לעמאַשל? — פרעגט שלוימע, קוקט אױף איר דורך זײַנע קורצזיכטיקע אויגן און דערמאָנט זיך אינעם שרעקלעכן כאָלעם, וואָס ער האָט נאַרוואָס געזען...

— דעהײַנע קעדוימע לעמאַשל, — ענטפערט אים טויבע, וואָס זעט אויס אין איר ווײַסן נאַכט־שלייער, ווי אַן אַלטע בארעמהארציקע שוועסטער, וואָס איז שוין דרײַ נעכט ניט געשלאָפן, — ס'איז ניט שיין, אז א מיידל אין אונדזער גראַד זאָל זיך אזוי פירן, זײַן קוצעניר־מוצעניו מיט פרעמדע מאַנצבלען, שפּאַצירן מיט זיי אין וואַלד, סוידען זיך, און שושקען זיך, און נאָך אַזעלכע זאַכן. בא איר מאַמען אינדערהיים קאָן זי זיך פירן לענדער, אָבער ניט דאָ; מיר אַליין האָבן אויך דערוואַקסענע טעכטער: וואָס פאַר א מוסער, מישטיינס־געזאָגט, קענען זיי זיך אראָפּנעמען פון אַזעלכע פירעכצן און פון אַזעלכע דראָכים, גאָט באַהיט הו זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד?..

פון די „פרעמדע מאַנצבלען", וואָס די פרומע טויבע האָט געגעבן אָנצוהערעניש, איז געווען, ערשטנס, דער דאָקטער, וואָס קומט צו פאָרן אחין איין מאָל אין וואָך טאַקע צוליב בעטין, קלוי־מערשט געוויר ווערן, וואָס זי מאַכט. נאָר וואָס דען? „מימאַנעפשעך — ביסטו א דאָקטער, נעם הער זי אויס, פאַרשרײַב א רעצעפּט און פאָר געזונט, וואָס איז פאַר אַן אנידערזעצן זיך און באַ־לאַקען דרײַ זייגער שאָ, דער גוטער יאָר ווייסט פון וואָס, נעכטיקע טעג, פאַראַיאָריקער שניי, אפן הימל א יאַריד?..

נאָר מיילע גאָרנישט, איז ער כאָטש א דאָקטער, ווי זאָגט מען דאָס, א רעפוע כאַלאָים, און א היימישער מענטש, ברענגט צו פירן אַלע זונטיק א גרוס פון דער היים. וואָס האָט דאָ אָבער צו טאָן אָט דער באָכער דער שלימאַזל, וואָס פאַר א מעכוטן איז איר דאָווידס טאָכטער מיט עפּעס א האַלבן סטודענט, וואָס פאַרמאָגט ניט אפילע קיין גאַנצע פּאָר שטיוול? וואָס פאַר א סוידעס איז דאָ בא איר, וואָס מע באַדאַרף אזש גיין אין וואַלד ארײַן מיט א פרעמדן באָכער זיך סוידען און שושקען זיך?..

שוין באַלד א וואָך, אז טויבע הערט ניט אויף צו עסן און צו טאָטשען מיט אירע פרומע רייד דעם מאַן אירן פאַר אָט דעם אָרעמען באָכער, דעם האַלבן סטודענט, וואָס איז געקומען צו בעטין מיט א וויזיט און אוועקגערופן זי אין וואַלד אויף א סאָד. און ניט נאָר טויבע אַליין האַלט אים אין מויל — טויבעס טעכטער די „באַרישניעס" לאָזן אים פון מויל ניט ארויס, זײַנען אָנגעשטויסן אויף אים אייש לעהאָווע און אויך אויף זייער קוזינקע, אויף בעטין, בלאָזן זיי זיך, שעפּטשען זיך איבער צווישן זיך און רעדן עפּעס זייער געשמאַקעדיק מיט דער מוטער און מיט די עלטערע שוועסטער, און אז בעטי קומט אָן, ווערט מען אַלע אנשוויגן און מע קוקט זיך איבער מיט מאָדנע אויגן און נאָך מיט א הוסטל דערצו אזוי, אז בעטי וואָלט באַדאַרפט זײַן א בעהיימע, זי זאָל ניט פאַרשטיין, אז דאָס מיינט מען זי...

ווער איז דאָס געווען אָט דער אָרעמער באָכער, דער האַלבער סטודענט, וואָס האָט אזוי אויפ־געקאָכט די פאַמיליאַנטן אויף דער דאַטשע און ארויסגערופן בא זיי אזא אָפּקילונג צו דער אָרעמער קרויווע, צו בעטין?

דאָס איז געווען ניט קיין אנדערער, נאָר דער פּינסקער באָכער, ראַבינאָוויטשעס אַן אַלטער באַקאַנטער און א כאַווער זײַנער פון די דרײַצן מעדאַליסטן, וואָס האָבן ניט זוכע געווען ארײַנצו־טרעטן אין „טעמפּל פון וויסנשאַפט", ווי דער פּינסקער באָכער האָט זיך אויסגעדריקט, און דעריבער אָפּגעריכט גאָלעס גלײַך מיט אַלע יידן און געפּילט דעם טאַם פון „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ"...

(פאָרזעצונג קומט)

כאַים גורעוויטש

# אין דעם ליכטיקן אָרום

## פרייד אין טרויער

שפּעט אין דער נאַכט, ווען זיס עס שלאָפט מײַן אייניקל,
האָב איך ליב אירע שיכעלעך די העלפאַרביקע רייניקן.
פון דערין דעם גרעסטן פאַרגעניגן האָב איך,
דאָס האָט זיך בא מיר פאַרוואַנדלט אין א האָבי.
כ'טו די אַרבעט שטענדיק אַזוי קונציק אָפּ,
ווי באַניצן כ'וואָלט זיך מיט א מיקראָסקאָפּ.
שפּעט אין דער נאַכט, ווען זיס עס שלאָפט מײַן אייניקל,
האָב איך ליב אירע שיכעלעך די העלפאַרביקע רייניקן.
מיט זיי פאַרווײַלונגען איך טראַכט פאַר זיך דאַן אויס:
אָט וויג איך זיי ווי הינדעלעך אין שויס.
אָט לאָז איך אין דער וואַנע זיי אַרײַן,
און ווי א קינד איך קוק אין זיי זיך אײַן.
די קליינע שיכעלעך עס ווילט זיך איצט פאַרגלײַכן
מיט יונגע קאַטשקעס אין א שטילן טײַכל...
נאָר מאָמענטאַל מײַן פאַרגעניגן ווערט פאַרשוווּנדן.
עס טוט א קוועטש די אומהיילבאַרע וווּנד מיר.
כ'דערזע א באַרג מיט שיכעלעך... פאַרבליבענע
נאָך די קינדערלעך, אין טויט־לאַגערן פאַרטריבענע,
אין אַשוועַנטשימער קאַלך־אויוונס פאַרברענטע,
פאַרמוטשעטע פון מענגעלעס עקספּערימענטן,
צעריסענע, פאַרסאַמטע און צעשאָסענע
גרויינקע... מיט אייגעלעך אויסגעלאָשענע...

א באַרג מיט שיכעלעך — ווי שאַרבנדלעך א פּיראַמידע.
ס'לויפט דורך א שוידער איבער מײַנע גלידער.
כ'בין אײַנגעטונקט אין וויי, מיר דאַכט זיך אויס,
אז עמעץ גאַנוועט איצט מײַן אייניקל אַרויס,
אז עפּעס שרעקלעכס מיט מײַן מיידעלע וועט טרעפן.
מיט ציטערדיקע הענט איך עפן
די טיר פון דעם געמיטלעך־שטילן צימער.
אומזיסטע שרעק! כ'האָב זיך אומזיסט געקימערט.

זי שלאָפט, די שטיפערקע, די סיביריאַטשקע.
לעם וויגעלע עס דרעמלען אירע צאַצקעס.
אין פענצטער שפּילט די שטערנדיקע שײַן, —
דאָס גאַנצע לעבן זאָל איר ליכטיק זײַן!

## די אָפּעראַציע „שטערן”

אַן איבעריקע טנועס, קורץ און קלאָר,
א גלענצנדע אידיי איך לייג אײַך פֿאָר:
לאָמיר ביז דעם אָנקום פֿון דער נײַער ערע
ברענגען אין אָרדענונג די ליבע שטערן.
פֿון זינט די אַלוועלט עקזיסטירט
האָט מען קיינמאָל זיי ניט רעמאָנטירט.
אַפּ געוויס דאָך אויסקומען עס וועט
אין אַלע שטערנדלעך פֿאַרצירעווען די נעט.
דערנאָכדעם שלײַפֿן און גראַווירן,
די שיינקײַט זייערע זיי זאָלן ניט פֿאַרלירן.

...אין יענע לויכטנדיקע הימלשע פּלעיאַדעס
אָנגעזאַמלט האָט זיך שוין אַוואַדע
א יאַם מיט שטערן שוין פֿאַרלאָשענע
אין ראַכוועסן אין הויכע אויפֿגעדראָשענע,
געווען קעסיידער טעטיק שטאַרק
און איצט אַראָפּ שוין פֿונעם מאַרק.
גאַנץ לאַנג געדרייט זיך אין די הויכע ספֿערן,
און איצטער אין די ליכטיקע געשטערנס
זיי בלאָנקען איינזאַם ווי געשפּענסטער אום
און זייען כוישעך אין דעם ליכטיקן אַרום.
אַפֿ געוויס דאָך אין דער ערשטער ריי
לאָמיר טאַקע אָנהייבן פֿון זיי:
עס זאָל פֿון זיי קיין זייכער ניט פֿאַרבלײַבן.
צוערשט זיי אין די לונאַכאָדן קלײַבן,

איך צווישן יונגע שטערן שפּאָגל־נײַע
אַרויסשפּרינגער ניט ווייניק סטײַעט:
אויסגעפּיקט זיך נאָרוואָס פֿונעם שאָלעכץ
און שוין די דיווידענדן צאָל אים.
נאָך דאַר און קוואַר ווי א קאָמאַר
און מיינט — ער איז שוין א פּולסאַר.
קוים עטוואָס ערשט אין רוים זיך אָנגעגליט
און רײַסט זיך שוין צו דעם זעניט.
ער שמײַעט אום, ער קנאַקט, ער זשומעט —
אזא מין שרעקלעכע מעדוזמע
אַפֿ דער ערד ער רופֿט אַרויס,
אַז ציַטנווײַז גאָר דאַכט זיך אויס:
א ציוויליזאַציע פֿון קאַפּעקאַל,
שיקט אַרויס אונדז א סיגנאַל...

מיט אָט דער ספּריטנער, היציקער פּאַלאַנגע,
שטייט פֿאַר א וואָזגעניש א לאַנגע:
די קונדייסים שטרענג גרופּירן
לויט דעם קאַליבער און ראַנזשירן.
קיין טאַכשיט מיט אַן אָנגלי קנאַפּן
זאָל אַפֿ אָרביטעס הויכע זיך ניט דראַפּען.
...אָט אַזויפֿיל פּראָצעדורן שווערע
דאַרף מען אויספֿילן נאָך ביז דער נײַער ערע,
דערצו נאָך אין די יאָרן, ווען
די פּערעסטראָיקע איז אין פֿולן ברען.

אופּריכטיק איך וואָג אײַך גאַראַנטירן,
אַז די הימל־לײַכטער קאָן מען דעמאָנטירן
און שאַדן פֿאַר די ערדישע פּראָבלעמען.
זאָלן ערלעך פֿאַר דער זאַך זיך נעמען
דרײַסטע, אַלטגעבאַקענע פּענסיאָנערן,
צעבויטען די געדיכטקייט פֿון די שטערן,
טאָג און נאַכט זיך אין דעם בײַנשטאָק פֿאַרען
און זיך פֿאַרײנס פֿאַרלענגערן די יאָרן.

## איראָנישע סטאַנסן...

דער זאַפּט נאָך ברויזט אין מײַנע גלידער,
איך האָב נאָך קוי'ך און בין נאָך שטאַרק.
גלייבט אָפּן וואָרט מיר, ליבע ברידער:
איך בין דערווײַל נאָך אויפֿן מאַרק.

און כ'קאָן אַפּילע זיך דערלויבן
זיך געבן אַ באַרים אַצינדער
סײַ מיט דער ריִע ווי בײַ אַ טויבן,
סײַ מיט דעם געהער ווי בײַ אַ בלינדן.

אויך, דאַנקען גאָט, מיט דעם זיקאָרן
איז אַלצדינג אין דער פֿולער מאָס:
כ'האָב דעם זיקאָרן ניט פֿאַרלאָרן,
כ'הער אין דער פּיאַטע דעם סקלעראָז.

כ'געדענק נאָך גוט ווי אין דער ראָסע
די זון זיך שפּילט מיט פֿאַרבן אַלע,
אין יענע גאָלדענע כאַדאָשים
ווען מײַן טאַטע איז געווען אַ כאָסן,
ווען מײַן מאַמע איז געווען אַ קאַלע...

צו שיינקײַט איז מײַן דראַנג נאָך גרויס,
אין דעם אַ היפּשן טאָלק פֿאַרשטיי איך,
אויף קאָנקורסן פֿון יעפּאַסטויאַרן
אין דעם זשורי כאָטש קלײַב מיך אויס.

קיין ליבעס קאָן איך מער ניט פֿירן,
דאָס איז שוין, זעט איר, ניט מײַן פֿאַך...
די ליבעס כ'קאָן בלויז קאָמענטירן,
ס'איז אָבער אויך קיין פּראָסטע זאַך.

## אַ בעריע, ווען ס'איז פֿינצטער

(פֿאָלקס־מאָטיוו)

— אַ ליקע־כאַמע, אַ ליקע־כאַמע,
ס'טוט זיך כוישעך אַ קאָשמאַר.
אַפּן גאַנעק גיי אַרויס, נעכאַמע,
בלויז אויף דיר אַ קוק געבן איך גאַר.

— איבּ פֿאַר דיר איז דאָס אַזוי חיבֿטיק,
דערצו נאָך עקסטרענע אַזוי,
דאַרפֿסטו אויף מיר קוקן, ווען ס'איז ליכטיק
און ניט ווען אַלדאָסדינג איז גרוי...

— אַ ליקע־כאַמע, אַ ליקע־כאַמע,
צווישן טאָג און נאַכט אַ שפּיל.
אַפּן גאַנעק גיי אַרויס, נעכאַמע,
מוידע זײַן אין ליבע זיך איך וויל.

— יעדן איינעם, וועמען ס'ליבט בעעמעס,
לויט די שײַנענדיקע אויגן מע דערקענט.
דו האָסט אויסגעקליבן פֿאַר דער טעמע
ניט קיין פּאַסיקן מאָמענט...

— אַ ליקע־כאַמע, אַ ליקע־כאַמע,
אומגעדולדיק איז מײַן זעל,
אַפּן גאַנעק גיי אַרויס, נעכאַמע,
דאָרטן הייס אַ קוש טאָן דיך איך וועל...

— דאָס איז שוין אַ קאָנקרעטע פֿראַגע,
אָבער ס'דוכט זיך אויס מיר, אַז מיסטאָמע,
ביז דו וועסט אַזעלכעס אויפֿטאָן וואַגן,
וועט זיך ענדיקן די ליקע־כאַמע...



## כראָניק

# נײַס פֿון מאָלדאָוויע

בא דער מאָלדאָווישער אָפּטײלונג פֿונעם קולטור־פֿאָנד פֿון פּסר איז געשאַפֿן געוואָרן א נײַע פֿרײַוויליקע אָרגאַניזאַציע — „ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿט פֿון דער מאָלדאָווישער פּסר". דער ציל, וועלכן עס שטעלט פֿאַר זיך די נײַע געזעלשאַפֿט, איז מיטצוווירקן דער אויפֿלעבונג און דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער קולטור אױף דער טעריטאָריע פֿון מאָלדאָוויע. די געזעלשאַפֿט האָט שוין אָרגאַניזירט א ליטעראַריש־שפּראַכלעכע און היסטאָרישע סעקציעס, א יוגנט־סעקציע און א קונסט־סעקציע.

אױף דער גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג זײַנען אויסגעוויילט געוואָרן די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער געזעלשאַפֿט, ווי אויך די קאָנטראָל־קאָמיסיע. פֿאָרזיצערס פֿון דער פֿאַרוואַלטונג זײַנען דער קאָמפּאָזיטאָר וולאַדימיר ביטקין און דער שרײַבער, רעדקאָלעגיע־מיטגליד פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" באָריס סאַנדלער.

* * *

אין בעלץ האָט דעביוטירט א ייִדישע טעאַטער־סטודיע, וועלכע האָט זיך אָנגערופֿן „מענוירע". די טרופּע פֿאַראייניקט סײַ פּראָפֿעסיאָנעלע מוזיקאַנטן, סײַ ליבהאָבער פֿון דער טעאַטראַלער קונסט (דאָקטוירים, אינזשעניערן, לערער, אַרבעטער, סטודענטן, אפֿילע אַן אָפֿיצער פֿון דער מיליציע), זי האָט באַוויזן איר ערשטן ספּעקטאַקל „א פֿריילעכע כאַסענע".

* * *

דער רעזשיסער מיכאַעל פֿעלזענבאַום האָט געשטעלט דעם ספּעקטאַקל אין סטיל פֿון א פּורים־שפּיל. אין דער פּיעסע, אלס יעסאָד פֿאַר וועלכער ס'איז אויסגענוצט דער וואָדעוויל „שטאַרקע געפֿילן" פֿון איליא אילף און יעווגעני פּעטראָוו (ייִדישער טעקסט — מ. פֿעלזענבאַום), זײַנען אָרגאַניש אַרײַנגעפֿירט ייִדישע פֿאָלקסלידער און טענץ.

מע דאַרף אָפּמערקן די היינטצײַטיקײַט פֿון דער סאַטירישער פּיעסע, וועלכע אילף און פּעטראָוו האָבן אָנגעשריבן מיט 50 יאָר צוריק. דער טעאַטער האָט מיט דער הילף פֿון גראָטעסק פֿאַרשאַרפֿט די פֿײַלן, וועלכע זײַנען געצילט קעגן קליינבירגערלעכקײַט, צוויאַקישקײַט, מיט אַנדערע ווערטער — קעגן דעם גאַנצן בוקעט „מײַלעס" פֿון די פֿיליי־סטערס, סײַ אַמאָליקע, סײַ איצטיקע.

דער צווייטער טייל פֿונעם ספּעקטאַקל איז א פֿאָרשטעלונג פֿון א טראַדיציאָנעלער ייִדישער כאַסענע. די אָנטיילנעמער פֿון ביידע כאַסענעס, דער קליינבירגערלעכער און דער פֿאָלקסטימלעכער, זײַנען איינע און די זעלבע אויספּילער. עס ווערן קעגנגעשטעלט די ריינע קוואַלן פֿון פֿאָלקסטימלעכע טראַדיציעס און דער מוטנער שוים פֿון היינטצײַטיקער באַלעבעסלדיקײַט.

סערגײ בענגעלסדאָרף

* * *

אין קעשענעוו, אין קאָנפֿערענץ־זאַל פֿונעם קולטור־פֿאָנד, איז פֿאָרגעקומען א ליטעראַרישער אָוונט, וועלכן ס'האָט אָרגאַניזירט די רעפּובליקאַנישע ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿט. אױפֿן אָוונט זײַנען אַרויסגעטראָטן יעכיעל שרײַבהאַן, מיכאַעל פֿעלזענבאַום, באָריס סאַנדלער, לעוו בערינסקי, מישע לעמסטער, באָריס כאַיִס, אַלעקסאַנדער בראָדסקי. געפֿירט דעם אָוונט האָט מיכאַיל כאַזין.

דעם 3 יוני האָבן אין בעלץ די ליבהאָבער פֿון ייִדישער דיכטונג זיך באַגעגנט מיטן דיכטער לעוו בערינסקי. דעם שפּעטערישן אָוונט האָט אָרגאַניזירט די ייִדישע טעאַטער־סטודיע „מענוירע". מיט א וואָרט וועגן ל. בערינסקיס שאַפֿונג איז אַרויסגעטראָטן אַלעקסאַנדער בראָדסקי, וועלכער האָט אויך פֿאָרגעלייענט זײַנע איבערזעצונגען אין רוסיש פֿון דעם דיכטערס זאַמלבוך „דער זוניקער וועלטבוי".

* * *

די פּראָבלעמען און דער צושטאַנד פֿון דער ייִדישער קולטור — אַזאַ איז געווען די טעמע פֿון א דיאַלאָג צווישן ל. בערינסקין און א. בראָדסקין, וועלכן עס האָט דעם 10 יוני טראַנסלירט די רעפּובליקאַנישע טעלעוויזיע אין איר פּראָגראַם „מאָניטאָר". די שרײַבער האָבן גערעדט אויך וועגן דער באַציונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג צום פּראָיעקט פֿון א געזעץ, וואָס זעט פֿאָרויס א מעלוכע־סטאַטוס פֿאַר דער מאָלדאָווישער שפּראַך — די פֿראַגע, אַרום וועלכער ס'ווערן אין דער רעפּובליק געפֿירט הייסע דיסקוסיעס.

נאַטאַליע אַנטיפּאָוואַ

הערשל פּאָליאַנקער

# אין יענע שווערע יאָרן

דאָ איז די ערד אַן אייביק פאַרקאַווּעטע, דאָ איז אייביקער פרידבאָדן. און פּרוּוו דאָ אויסגראָבן אַ גריבל, אַ טראַנשיי פאַר אַ פונדאַמענט. איר וועט, דאַכט זיך, אין דער וועלט ניט באַגעגענען אַזאַ גראַניט, אַזאַ שטיין, וואָס זאָל זײַן שווערער צעקלאַפּן ווי די דאָזיקע ערד.

און די טעכניק איז דאָ אַוועקגעשטעלט אויף אַ הויכער מאַדרייגע — צוויי אַרעסטאַנטן. איינער האַלט אין די הענט אַ זוביליע, דער צווייטער — אַ קוואַלדע און דעמלט גיט זיך די ערד אַ ביסל אונטער. פאַרן טאָג קאָן מען דאָ אויסגראָבן, ריכטיקער געזאָגט, אויסהאַקן אַ גריבל פון אַ פּאָר צענדליק סאַנטימעטער. און די נאַטשאַלסטווע באַוואַרט זיך, בלאָזט זיך, דראָט מיט אַ שטרענגער באַשטראָפונג, דערפאַר וואָס איר אַרבעט פּאַמעליע, שלעכט. אַזוי, מיט אַזאַ טירכע, טײַנעט זי, וועלן מיר דעם סאָציאַליזם ניט אויסבויען...

עס איז אַ וווּנדער, וויאַזוי מע האָט דאָ אַוועקגעשטעלט די לאַנגע באַראַקן. עמעס, ווען עס צעבושעווען זיך די צאָפּנדיקע ווינטן און וואַלגערן אַלדאָס לעבעדיקע פון די פיס, רײַסן אַראָפּ פון די פונדאַמענטן שטיבער, געבײַדעס און טראָגן זיי אַוועק אין איסרײַסעניש, אין דער טיפעניש פון דער טונדרע, קאָן מען בכלל ניט אַרויסשטעקן די נאָז פון דער באַהעלטעניש. די הוראַגאַנען רײַסן קוידעמקאָל אַראָפּ די דעכער, די באַלקנס, און דעמלט ווערט גאָר פרײַלעך אין די באַראַקן. דער אוילעם פרירט אומבעראַכמאָנעסדיק, דאָס פעסל וואַסער, וואָס שטייט אין ווינקל פון באַראַק, מע זאָל קאָנען נעמען אַ טרונק וואַסער, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַרקן מאָנאָליט אײַז, און פּרוּוו שטילן דעם דאָרשט! די שיך, די פוּשטן ווערן צוגעפרירן צום דיל און פּרוּוו זיי אָפּרײַסן, אָנטאָן.

לאָזט זיך אויס, מיר האָבן אַמאָל געהאַט אַ כאָכעם אַ קייסער, וואָס האָט געזאָגט, אַז דער דאָזיקער קאַנט איז פאַרשאָלטן פון גאָט און דאָ קאָנען קיין לעבעדיקע באַשעפענישן, שוין אָפּגערעדט פון מענטשן, ניט עקזיסטירן, ניט וווינען...

נאָר בעריאַ מיט זײַן כאַליאַסטרע מענטשנפרעסער האָבן באַשטימט גאָר אַנדערש. גראָד אַהער וועלן זיי פאַרטרײַבן מענטשן און צווינגען אויסבויען דאָ באַראַקן, אַרומרינגלען זיי מיט שטעכלדראָטן, צעשטעלן אויף יעדן טריט און שריט וואַכטע־טורעמלעך, אָנשטאָפּן אין זיי סאָלדאַטן מיט אויטאָמאַטן, קוילנוואַרפערס, און זאָלן די „סאָנים פון פאָלק" פּרוּוון זיך אָפּזאָגן אַרבעטן!..

ניט בלויז באַראַקן און לאַגערן האָט מען אין דער פאַרקאַווּעטער טונדרע אויסגעבויט, מע האָט אויסגעגראָבן גרויסע שאַכטעס. אָבער מיט וואָס פאַר אַ פּרײַז?! וויפל הונדערטער טויזנטער מענטשלעכע לעבנס האָבן זיי אָפּגעקאָסט! אַ שרעק אויסצורייידן. אַרום די שאַכטעס, אַרום די לאַגערן קאָנט איר באַגעגענען געניג בעסוילעמס. זיי זײַנען אָבער אינגאַנצן ניט ענלעך אויף יענע צווינטערס, ווו מענטשן געפינען זייער אייביקע רו — די היגע בעסוילעמס הייסן ניט פון קיין מאַצייווּעס, צאַמען. דאָ וועט איר ניט באַגעגענען קיין קוואָרים — בערגלעך, אַרומגעזוימטע מיט שטיין, קיין בענקלעך, קרויווים זאָלן קאָנען אַהער קומען, זיך צעזעצן און אויסוויינען די אויגן. פון די שנייען שפּאַרן אַרויס שטעקלעך, אויף וועלכע, אַז מע קוקט זיך גוט צו, קאָן מע, זען שטיקלעך פאַניער און נומערן. די פאַרב איז שוין לאַנג אָפּגעוווּשט געוואָרן דורך די ווינטן, רעגנס, זאַווערוכעס, גיי דערוויס זיך, ווער עס ליגט דאָרט, — אַלץ איז מיט דער ערד אויסגעגלײַכט!

דאָ זײַנען, פריִער פאַר אַלע, באַגראָבן יענע, וואָס האָבן געבויט אָט די שאַכטעס, די אַרומיקע הײַזער. אָט איז זייער געצאָלטס: דאָס שטיקעלע ערד.

---

ס אָ ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 4, 6, 8, 1989.

אָן א שיר קלײנע און גרעסערע בעסאַלמענס — ניט איבערצוצײלן די קוואָרים. און אויב איר װעט זײ שוין יאָ איבערצײלן, איז דען מעגלעך זיך דערװיסן, װער און װען איז אין זײ מעקאַבער געװאָרן? װעמענס טאַטע, װעמענס זײדע, װעמענס זין און טעכטער?

הונדערטער טויזנטער מאַמעס, װײַבער, קינדער באַװײנען אין אַלע עקן לאַנד די אַנאָנימע קוואָרים.

אַהײם פֿון די לאַגערן קערן זיך אום געצײלטע גליקלעכע, פֿון די דאָזיקע ערטער שלעפּט מען ארויס אַף טראָגבעטלעך, אין אַפּגיך צונױפֿגעקלאַפּטע טרונעס, צו װעלכע מע טשעפּעט צו עפּעס א נומער אַף א בלעכל — א בירקע. אײדער מע פֿירט ארויס אַף שליטלעך די קדושים, קומען צו די קאָנװאָירן, באַטראַכטן אויפֿמערקזאַם דעם מעס, קוקן זיך צו צו אים, צי איז דער ארעסטאַנט בעעמעס געשטאָרבן, אָדער ער מאַכט זיך, עפּשער איז ער גאָר א סימוליאַנט, און מע שטעכט אים דורך א פּאָר מאָל מיט די שפּיזן... מאַלע װאָס סע טרעפֿט זיך, איבערצײַגן זיך איז ניט קײן איבעריקע זאַך...

דער נײַער לאַגער שײדט זיך װײניק־װאָס אונטער פֿון יענעם, פֿון װעלכן מיר זײַנען ערשט געקומען. די זעלבע שרעקלעכע האַלב־פֿינצטערע, ענגע, איפּעשדיקע באַראַקן, צװײגאָרנדיקע נאַרעס, איבערגעפּולטע מיט מענטשן. דאָ איז, עמעס, נישטאָ די קאַטאָרזשנע שטײנהאַקערײַ. א מעכטיקע טעריטאָריע אינמיטן דער טונדרע. באַראַקעס... באַראַקעס... דראָטן, דראָטן... װעכטער־טורעמס אַף יעדן טראָט. אויטאָמאַטלער און קײלנװאַרפֿערס. אַלץ ארום אין שנײען, אין אײַז, טויט, פֿאַרקאָװעט. די גאַנצע צײַט איז די טעריטאָריע װי אויסגעשטאָרבן. קײן לעבעדיקע באַשעפֿעניש אַף די „גאַסן“ צװישן די באַראַקן, װעלכע זײַנען פֿאַרשלאָסן, מע צעעפֿנט די טירן בלויז באַגינען, װען די גאַנצע װעלט שלאָפֿט נאָך. די „זעקן“ שטעלט מען אויס צו פֿיר. מע צײלט זײ איבער עטלעכע מאָל און מיטן סטראַי, װי שטראַפֿניקעס־סאָלדאַטן, טרײַבט מען אין קיך, מע דאַרף באַװײַזן ארויסכאַפּן פֿונעם קיך־פֿענצטערל א שיסעלע געקעכטס, װאָס אַפֿילע די הינט זאָגן זיך אָפּ צו לעקן, מע באַקומט די מישטײנס־געזאָגט פּײַקע ברויט, און אַפּגיך — אין סטראַי. מע טאָר ניט פֿאַרשפּעטיקן אַף קײן רעגע. דער פֿראָסט ברענט, װי פֿײַער. דעם צאָפּנדיקן װינט איז ניט איבערצוטראָגן. ער פֿאַרשלאָגט דעם אָטעם, שלײַדערט פֿון די פֿיס. מיר שטײען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אָט װעט זיך צעעפֿענען דער שװאַרצער טויער, און מיר װעלן זיך א לאָז טאָן מיט דעם שמאָלן שטעכלדראָטקאָרידאָר צו דער שאַכטע. דאָרט װעט זיך די אומענדלעכע לעבעדיקע מאַסע פֿאַנאַנדערגײן — װער צו דער קעלט, װער צו די בונקערס — צום קאָנװײער, מיט װעלכן די קױלן קומען ארויס פֿון דער שאַכטע. פֿון בײדע זײַטן קאָנװײער שטײען פֿאַרשװאַרצטע, פֿאַרכױשעכטע מאַנצבלען, „מוזשיקעס“ װאַרפֿן אָן אויפֿהער אָפּ אין א זײַט די שטיקער פּאָראָדע, װאָס שװימען צום בונקער צוזאַמען מיט די קױלן.

נאָר אײַלט זיך ניט. עס האָט זיך אויסגעצויגן די לאַנגע קאָלאָנע. די נאַדזיראַטעלעס באַטאַפּן יעדן ארעסטאַנט, צי טראָגט ער גאָרניט ארויס פֿונעם לאַגער אַף דער שאַכטע? די נאַדזיראַטעלעס פּלאָנטערן, קאָנען בעשום־אופֿן ניט איבערצײלן די ארעסטאַנטן. אַלעמאָל שלאָגן זײ זיך אַראָפּ פֿונעם כעזשבן און אַלץ הײבט זיך אָן פֿונסנײַ.

זײ איז גוט, די היטערס אונדזערע, מע איז אָנגעטאָן אין גרויסע, שעפּסענע פּעלצן, אונטעס, פֿוישטן, הוטן, הענטשקעס. מיר אין די פּופּײַקעס כאַפּן א גוטן ציטער. מיר װאַרטן באַם טויער, און די „צײלער“ קומען זיך צונויף אין בײַדל, צו דער צעהיצטער הרובע, נעמען זיך דאָס װיפֿלטע מאָל איבערכעזשבענען, צי גײט זיך אַלץ באַ זײ צונויף, צי האָט מען עמעצן ניט איבערגעלאָזט אין די באַראַקן?

אזוי אײדיעקװען זײ זיך איבער די פֿאַרפֿרוירענע „זעקן“. זײ געפֿעלט די שפּיל!

אַף די טורעמס טאַנצן און זינגען זיך אונטער די היטער. איך פֿאַרשטײ ניט פֿאַרװאָס געפֿעלט אויך זײ, װאָס מע קאָן בעשום־אופֿן ניט איבערצײלן דעם טאַבון אין די שװאַרצע בושלאַטן מיט די גרויסע נומערן אַף די פּלײצעס?

אָט קומט צו צו דער װאַכטע א װזװאָד סאָלדאַטן מיט אויטאָמאַטן. דער דעזשורנע לויפֿט ארויס צו זײ און װאַרט אַפּן ראַפּאָרט פֿונעם נאַטשאַלניק פֿון דעם קאַראַול, װאָס דאַרף באַגלײטן א גרופּע „זעקן“ צום װאָקזאַל, אויסלאָדן סלופּעס־„קרעפּיאָזש“ פֿאַר דער שאַכטע, און א פּאָר װאַגאָנען פֿאַרפֿרוירענע קאַרטאָפֿליעס, װאָס זײַנען שטאַרק ענלעך אַף שטײנדלעך. עס צעשרײַט זיך דער קאַראַול־נאַטשאַלניק, האַלטנדיק די האַנט באַ דער אושאַנקע, דער װינט דערטראָגט צו אונדז זײַן בילערײַ: „כאָװער דעזשורנע! דער קאַראַול אַף באַגלײטן די גרופּע פֿאַשיסטן, סאָנים פֿון פֿאָלק איז געקומען! סערזשאַנט טשורילין“.

דער אוילעם שװײַגט, שטײט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. צו אזעלכע ראַפּאָרטן איז שוין יעדערער צוגעװױנט. אָבער מיט טיפֿן װײטיק רופֿט זיך אָפּ אין האַרצן דער עקלדיקער ראַפּאָרט באַ

הונדערטער געוועזענע פּראָנטאָוויקעס, וואָס האָבן אַלע מילכאָמע־יאָרן געקעמפט קעגן די היט־לעראָווצעס.

די טויערן צעעפענען זיך. געגומען זיך אונטער די הענט, דער ווינט זאָל אונדז ניט שלײַדערן אויף די שטעכלדראָטן, אופגעהויבן די טראַגבעטלעך מיט די קראַנקע „סטאַלינצעס״ — די אײַנ־ושעניערן פונעם גרויסן מאָסקווער זאַוואָד, ציט זיך אַרײַן די לאַנגע קאָלאָנע אינעם אומענדלעכן קאָרידאָר פון שטעכלדראָטן. די סאָלדאַטן אויף די טורעמס, אײַנגעגנירעטע אין די קעלנער פון די פּעלצן, קוקן אויף אונדז שווײַגנדיקע, גרייטע אָנווענדן געווער, אויב אין די רייען וועט זיך אָנהייבן א גערודער...

אָבער קיין גערודער הייבן מיר ניט אויף. מיר זײַנען אין א שרעקלעכער שטײַג, פונוואַנען דו וועסט זיך אין ערגעץ ניט אהינטאָן, דערצו נאָך שיידן אונדז אָפּ פון אונדזערע היימען טויזנטער קילאָמעטער טונדרע, טיפע שנייען, מוירעדיקע פרעסט...

אויף דער שאכטע פילט מען זיך שוין עטוואָס בעסער. עס איז כאָטש פאַראַן, ווו זיך באַהאַלטן פונעם ווינט, עטוואָס דערוואַרעמען די נעשאָמע. די דראָטן זײַנען געבליבן הינטער אונדז. מיר רייניקן אָפּ די קוילן, וואָס גייען אַרויף מיטן קאָנווייער צום בונקער, פון דער פּאַראָדע. מיר סטאַ־רען זיך, אז די קוילן, וואָס וועלן פונעם בונקער איבערגעלאָדן ווערן אין די פולמאַנעס, זאָלן אָנקומען קיין לענינגראַד, גאָרקי און אין אנדערע צענטראַלע שטעט ריינע, גוטע. דאָרטן ווייסט מען דען, ווער עס קריגט זיי אַרויס פון די ערד־טיפענישן און מיט וועלכער פרײַז?

דאָ, אויף דער אַרבעט, גייט די צײַט שנעלער. אויב דו וועסט דאָ די נאָרמע ניט אויספילן, וועסטו קיין פּײַקע ברויט ניט באַקומען. דאָ איז גילטיק דער געזעץ פון סטאַלינס ערלעכער קאָנ־סטיטוציע — ווער עס פילט ניט אויס דאָ די נאָרמע, מעג שטאַרבן פון הונגער... אַזעלכע „סאָנים פון פאָלק״ דאַרף ער ניט!..

אָט קומט אָן א לאַנגער עשעלאָן מיט פּאַראָזשניאַק — ליידיקע וואַגאָנען צום בונקער. מע דאַרף זיי אָנלאָדן מיט קוילן, אַקוראַט אויסגלײַכן דאָס גוטס אויף זיי מיט די לאָפּעטעס, זיי זאָלן אוועקגיין אַפּן קאָנטינענט לויט אַלע קלאָלים פון טראַנספּאָרטירונג. נאָך דעם, ווי דער עשעלאָן וועט ווערן אָנגעלאָדן און וואַרטן, מע זאָל אים אַרויסלאָזן פון דער זאָנע, וואָס ווערט שטרענג אָפּגעהיט, וועט זיך יאָווען א גאַנצע כאַליאַסטרע אויטאָמאַטלער־קאָנוואָירן. זיי וועלן זיך דורכגיין איבער די אָנגעלאָדענע וואַגאָנען און מיט שטאָלענע לאַנגע שפּיזן דורכלעכערן די קוילן, זוכן, נישטערן, צי האָט זיך צווישן די קוילן ניט פאַרטײַעט קיין אַרעסטאַנט, צי וויל ער ניט אַזוי־אַרום אַנטלויפן פונעם לאַגער?

די וואַכזאַמקײַט איז אַוועקגעשטעלט דאָ אויף א הויכן ניוואָ. אַלץ איז אָפּגעהיטן און אָפּגע־מאָסטן. כאָטש דאָס איז ווילד — מע דאַרף פאַרמאָגן א קראַנקע פאַנטאַזיע טראַכטן, אַז א לע־בעדיקער מענטש קאָן זיך אַרײַנכאַפּן אין א לערן פולמאַן, זיך אויסציִען אויף זײַן דעק, קעדיי ווערן פאַרשאָטן מיט זעכציק טאָן קוילן. און דערנאָך, ווען דער עשעלאָן וועט אין א יאָר אַרום קומען קיין לענינגראַד און מע וועט אויסלאָדן דעם וואַגאָן, וועט דער, דער „אַנטלאָפענער״, אופשטיין, אָפּטרייסלען פון זיך דעם קוילן־שטויב און אַוועק אַפּן ניעווסקער פּראָספּעקט שפּאַצירן...

טיפע געדאַנקען!

מיר לאָדן איבער פונעם בונקער די קוילן אין די וואַגאָנען, הערן זיך אײַן, ווי דער לאָקאָ־מאָטיוו בלאָזט פון זיך כמאַרעס רויך, הודעט, אונטערשטופּנדיק די וואַגאָנען צום בונקער, מיר הערן, ווי עס גרילצן בא זיי די בופערס. נאָך א שאַצווי, און דער וואַגאָנען־באַשטאַנד מיט קוילן וועט זײַן גרייט, ער וועט אַרויספאָרן פון דער זאָנע. אין וועג וועלן אים ניט באַגלייטן קיין שום קאָנוואָירן. ער וועט ניט הערן דאָס, וואָס אונדז קומט אויס הערן אַלעמאָל: „דער קאָנוואָי אויף קאָנוואָירן די פאַשיסטן, סאָנים פון פאָלק, איז געקומען! סטרזשאַנט אַזוינער און אַזוינער!״

און מיר זײַנען מעקאַנע דעם עשעלאָן, דעם מאַשיניסט, די קאָנדוקטאָרס און אַלע, וואָס וועלן באַלד זײַן אויף דער פרײַ, קאָנען קומען צו זיך אַהיים.

מיר וועלן דאָ, לעבן די קוילן, דאַרפן אַרבעטן ווער ווייסט וויפל יאָר. צי וועט עמעצער דער־לעבן אַרויס פון דעם געגנעם אויף דער פרײַ?!

א גאַנצע אייביקײַט, דאַכט זיך, אַרבעט איך דאָ, נאָר ביז הײַנט נאָך ניט אָפּגעשיקט אַהיים קיין בריוול, און פון דאָרטן ניט באַקומען קיין לעבעדיקן גרוס. סאַראַ אַכזאָריעס! ניט דערלויבן אָפּשיקן אַהיים א בריוול, א קאַרטל, געבן וויסן זיך צו הערן, ניט באַקומען פון דער היים א גרוס! וואָס קאָן זײַן ערגער? דאָס איז דאָך א באַזונדער טײַוואָלאָנישער אויפן אידיעקעווען זיך איבער א מענטשן, דערצו נאָך אן אומשולדיקן מענטשן, וואָס ווייסט ניט, פאַר וועלכע זינד ער קומט דאָ אָפּ!

צווי מאָל אין יאָר האָט איר די רעכט אָפּשיקן א בריוול... אויב, פאַרשטייט זיך, דאָס בריוול וועט דורכגיין די טורמע־צענזור. מערסטנטייל וואַרפן ארויס די באַגלייבטע „צענזאָרן" אײַערע בריוולעך אין קאָרב און מע פאַרברענט זיי. און איר גלייבט, אז אײַער בריוו איז אָפּגעשיקט געוואָרן פאַרט אהיים, און איר וואַרט אויף ענטפער.

כאַדאָשימווײַז גייט איר ארום, ווי א דולער, איר שטעלט זיך ניט פאָר, פאַרוואָס באַקומט איר ניט קיין יעדיִע פון דער היים? די אייגענע אײַערע גייען אראָפּ פון זינען דאָרטן (אויב מע האָט זיי נאָך ניט ארויסגעשיקט, די מישפּאָכעס פון „סאָנים פון פאָלק"), ניט באַקומענדיק קיין יעדיִע, קיין בריוול פון אײַך. די אייגענע שטייען אָפּ מעסלעסנווײַז לעבן די טויערן פון דער טורמע און באַמיִען זיך עפּעס דערוויסן וועגן אײַך. אָבער דאָרטן טרײַבט מען זיי, מע זידלט זיי, מע איזדיעקוועט זיך, ווי נאָר מע קאָן.

אפילע פאַר אַן עמעסן פאַרברעכן פאַרורטיילט מען מענטשן איין מאָל. און דאָ מישפּעט מען אומשולדיקע און זייערע קרויווים טויזנט מאָל, אויף יעדן שריט און טריט. מע איזדיעקוועט זיך איבער זיי, מע באַליידיקט, מע דערנידעריקט.

אזא מוירעדיק לאַנגע צײַט ניט האָבן די מעגלעכקײַט אָנשרײַבן א בריוול! און דאָס ווערט געטאָן בעקיוון, ווײַל, ניט געקוקט אויף דער שטרענגער צענזור, וועסטו דאָך סײַוויסײַ ווי־ניט־איז געבן צו וויסן דער וועלט, אז דו ביסט אומשולדיק, אז בענעגייע דיר איז באַגאַנגען געוואָרן א פאַרברעכן, אז אומזיסט און אומגישט לײַדסטו פון אומגעזעצלעכקײַט. די עמעסע פאַרברעכער זײַנען יענע, וואָס האַלטן דיך הינטער די שטעכלדראָטן, אין די אומענטשלעכע באַדינגונגען...

גאַנצע נעכט שטייסטו אויף דער עסטאַקאַדע און לאָדסט אָן עשעלאָנען מיט קוילן, וואָס גייען אין די גרויסע שטעט פון לאַנד. ארום דיר הודען לאָקאָמאָטיווְן, און דו ביסט זיי מעקאַנע, וואָס זיי קאָנען ארויס פון דעם גענעם, דעם ארומגערינגלטן מיט שטעכלדראָטן. זיי קאָנען זיך טראָגן פראַנק און פרײַ איבער דער ערד, בלויז דו מוזט זינקען אין דער קאַלאָסאַלער שטײַג, אָפּגעריסן פון דײַן היים, פון דײַנע נאָענטע און פרײַנט, כאַווײרים און קאָלעגן.

עמעס, קיינער דאָרטן גלייבט ניט, אז דו ביסט אין עפּעס שולדיק, אז דו ביסט א „פאַרעטער", א „סוינע". אָבער אפילע ווען מע טראַכט וועגן דעם, וואָס מיט דיר האָט פּאַסירט, פאַלט אָן א שרעק, א פּאַכעד. די שרעק האַלט א געפּענטעטעס דאָס גאַנצע לאַנד, מענטשן שלאָפן אומרויִק אויף זייערע געלעגערס, ווערן דערציטערט, ווען מע דערהערט א קלאַפּ אין טיר... עס וועט שוין באַלד ניט זײַן קיין איין מענטש, בא וועמען עמעצער פון די קרויווים זאָל ניט שמאַכטן אין די טורמעס און לאַגערן.

א גאַנצע אייביקײַט האָסטו ניט באַקומען פון די אייגענע קיין גרוס, קיין בריוול, און זיי האָבן פון דיר אויך גאָרנישט ניט באַקומען. איין בריוו פאַר א האַלב יאָר האָסטו רעכט פונדאַנען אָפּשיקן, איין בריוו. און האַלעווײַ אהיים, ניט אין קאָרב... און דאָס וועט וויסן בלויז דער צענזאָר, וואָס האָט שוין לאַנג זיך צוגעוווינט צו מענטשלעכע צאָרעס, צו מענטשלעכע יעסורים און ווײ.

אָבער דער הימל איז נאָך ניט בא דער ערד!

באַנאַנד מיט דיר אַרבעטן אַלטע לאַגערניקעס, וועלכע קאָנען געפינען אַן אויסוועגן פון אַלע שרעקלעכע אומשטאַנדן. לאָזט זיך אויס, אז דו דאַרפסט זיך דערוואַרטן, מע זאָל דיך ארויספירן אויף א באַנאַכטיקער וואַכטע, און ס'זאָל דיר אָפּגליקן — פּונקט דאַן זאָל אָנקומען אהער אַן עשעלאָן „פּאַראָושניאַק". ווען מע וועט אונטערציִען צו דעם קוילן־בונקער די ליידיקע פולמאַן־וואַגאָנען, נעם פאַרזיכטיק, קיינער זאָל ניט זען, דײַן בריוו און די בריוו פון דײַנע אומגליקלעכע כאַווײרים, פאַרוויקל זיי אין א רויטער, בלויער, גרינער שמאַטע און באַשטאַט זי אזוי, מע זאָל זי גלײַך באַמערקן, זי זאָל אויף זיך וואַרפן די אויפמערקזאַמקײַט פון די אַרבעטער, וועלכע וועלן אויף די שלוססטאַנציעס, ווו מע וועט אויסלאָדן די קוילן, דערזען זי, א צונויפגעבונדענע מיט א שטיק דראָט און אויפגעהאַנגענע אויף א קרוק — אויף א האָקן פון וואַגאָן־וועגטל. בייס מע צעפּענט דעם בונקער, קעדיי די קוילן פון אים זאָלן זיך א שיט טאָן אין דעם וואַגאָן, באַמערקן ניט די היטער מיט די אווטאָמאַטן, אז די שמאַטע מיט די בריוו איז געבליבן הענגען אפן וועגטל. א פאַרשאָטענע מיט קוילן, פאָרט זי אזוי־ארום ארויס אויף דער פרײַער וועלט.

ביז מע וועט ניט אויסלאָדן די וואַגאָנען, וועט קיינער ניט באַמערקן דאָס דריידל, די מאַניפאַרגע, וואָס עס האָבן צוגעטראַכט די געניטע „זעקן". די קאָנוואָירן מיט לאַנגע שטאָלענע שפּיזן, מיט וועלכע זיי שטעכן דורך דעם אָנשיט פון די קוילן אין די וואַגאָנען ביזן דנאָ, ביכדיי אויפדעקן די פּאָטענציִעלע פליכטלינגען — בויריייכים, זײַנען ניט בעקויעך „אָנטאַפּן" די שמאַטע מיט די בריוו.

איך וואַרט אומגעדולדיק, דער עשעלאָן קוילן זאָל ארויספאָרן פון דער זאָנע בעשאָלעם. דערנאָך שטעל איך זיך פאָר, ווי ער טראָגט זיך דורך די שטילשווײַגנדיקע שנייִקע ראַכוועסן קיין

גאָרקי אָדער קיין לעני־נגראַד. דאָרטן וואַרט מען אַף אים, מע לאָדט אויס די קוילן. עטלעכע אַר־בעטער גייען אַרום איבער די פּוסטע וואַגאָנען און רייניקן אָפּ די רעשט קוילן, וואָס דער פּראָסט האָט צוגעפּעסטיקט צו די ווענט, צו די דעקן. כאָטש איינער פון די אויסלאָדער איז מעכוּיעוו — אַנדערש טאָר ניט זײַן! — באַמערקן מײַן שמאַטע, וואָס הענגט אַראָפּ אַף די דראָטן — מײַן צוואָע: „טײַערע מענטשן, נעמט אַרויס די בריוו פון דער שמאַטע און לאָזט זיי אַראָפּ אין די פּאָסט־קעסטלעך, לאָזן זיי דערגיין צו אונדזערע אייגענע, אַף זיי וואַרטן אונדזערע ווײַבער און קינדער, מוטערס און פאָטערס. דאָ אין די לאַגערס דערלויבט מען אונדז ניט שרײַבן קיין בריוו...״

און מענטשן לייענען די ווערטער מיט טרערן אַף די אויגן, באַהאַלטן בא זיך די בריוו. דער־נאָך לאָזט מען זיי אַראָפּ אין די פּאָסטקעסטלעך, די דאָזיקע בריוו דערגייען צו די אַדרעסאַטן. נאָך ניט געווען קיין פאַל, זיי זאָלן ניט דערגיין...

אַזוי האָב איך געלייזט מײַן וויכטיקסטע לעבנס־פּראָבלעם: מײַן בריוול איז אַוועק — אַף דער פרײַ...

דאָס האָט מיר צוגעגעבן מוט איבערצוטראָגן אַלע רעדיפּעס, אומענטשלעכע דערנידעריקונגען, צאָרעס, ווייטיקן, שווערקײַטן. איך האָב אָנגעהויבן באַקומען ענטפערס. קיינער האָט זיך ניט פאַר־געשטעלט, סאַראַ גוטע נעשאָמעס ס׳האָבן מיר געהאָלפן דעראָבערן מײַן פרייד. מענטשן, טײַערע מײַנע, א האַרציקן דאַנק אײַך! איר האָט גוט געוווּסט, אַז אויב אַרעסטאַנטן שיקן מיט אַזעלכע „אָקאַזיעס״ בריוו אַף דער פרײַ, הייסט עס, אַז דאָס זײַנען אומשולדיקע קאָרבאָנעס...

ווען עס באַוועגט זיך, אַן אומענדלעכער טאַבון, די קאָלאָנע אַרעסטאַנטן אין אַלציינע שוואַרצע וואַטאָווע בושלאַטן און אין וואַטאָווע שוואַרצע היטלען־אושאַנקעס, איז שווער דערקענען א מענטשן — אַלע זײַנען, ווי איינער, איין מאַסע. אָבער ווען מע קערט זיך אום פון דער שווערער וואַכטע און כאָטש פאַרשפּאַרטע אונטער א שלאָס אין באַראַק הייבט מען אָן אַראָפּוואַרפן פון זיך די גרויסאַרטיקע בגאָדים און אַרומקוקן זיך, דערקענט מען מיט באַפרידיקונג די אויסגעצערטע פּנעמער, אײַנגעפאַלענע באַקן, מידע אויגן פון די כאַוויירים.

אין א שיינעם פרימאָרגן האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן א באַקאַנט פּאָנעם, ניט אַזוי דאָס פּאָנעם, ווי די העלע קאַזאַקישע וואָנצעס, אַראָפּגעלאָזטע אַראָפּ־צו.

מאַמעניו, ליבינקע, דאָס איז דאָך מײַן אַלטער באַקאַנטער, מיט וועלכן מיר האָבן זיך באַגעגנט אין מײַן היימשטאָט, אין קאַמער, — דער פּאָליטישער „פאַרברעכער״, דער „טעראָריסט״ פון פּאָלעסיע, דער קאָלווירטישער קאָניוך לוקאַ קוזמיטש, דער פאָטער פון א סאַך קינדער! דאָס האָט דאָך זײַן בעהיימע דער פאָרזיצער פון קאָלווירט געטראָפן קײַען זאַנגען באַם ראַנד פון האָבער־פעלד און זי פאַרשלאָסן אין קלוניע אַף דרײַ טעג, געהאַלטן זי ניט געמאָלקן. אומזיסט איז דעמלט געגאַן לוקאַ קוזמיטש צום ראָש פון קאָלווירט בעטן, ווייבען. נאַרישער קאָניוך! פאַרדינט א פינף־און־צוואַנ־ציקער, און זײַ געזונט מיט די פּאָסטעלעס־לאַפּטיעס...

לוקאַ קוזמיטש האָט מיך באַטראַכט פונעם קאָפּ ביז די פיס און געזאָגט, אַז ער איז שטאַרק צופרידן, וואָס מיר האָבן זיך באַגעגנט. אָט איצט וועל איך אים מוזן אָנשרײַבן אַן אָנקלאָגע צום כאַווער סטאַלין. אים, דעם קאָניוך, דאַרף מען באַפרײַען פונעם לאַגער טייקעף, ווײַל ער האָט איבערגעלאָזט אין דאָרף א קראַנקע פרוי מיט א פולער שטוב אומגליקלעכע קינדער, וועלכע וועלן אויסגיין פון הונגער...

מיילע, דאָרטן, אין טורמע, האָט מען ניט געטאָרט האַלטן אין די הענט קיין בלײַער מיט קיין שטיקל פּאַפּיר, דאָ, זאָגט מען, איז דערלויבט אָנגעבן אָנקלאָגעס.

און איך האָב צוגעזאָגט דעם קאָניוך, אַז אָט, ס׳וועט זיך אויסגעבן א פרײַע שאָ, וועל איך אים אָנשרײַבן א טאַרומע, פאַרוואָס טאַקע ניט?

נאַיווע מענטשן האָבן צוביסלעך געשריבן, נאָר ווײַטער פון דער לאַגער־וואַכטע זײַנען זייערע „ווערק״ ניט געגאַן. אין וואַכטע־שטיבל איז געווען מיט וואָס צו הייצן די הרובעס...

די אָמערסטנס באַסטירנע, וועלכע האָבן אָקשאָנעסדיק ניט אויפגעהערט פאַרפאַסן אָנקלאָגעס, האָט מען אַרויסגערופן צום אָפּער — צום אָפּעראַטיוון באַפולמעכטיקטן, און מע האָט זיי געמאָלדן, אַז זיי טרײַבן רעכילעס אַף די אָרגאַנען, און טאָמער וועלן זיי פאָרזעצן זיך קלאָגן, וועט מען זיי פאַרגרעסערן די טערמינען אָדער גאָר צעשיסן.

וואָס איז שײַעך מײַן באַקאַנטן „טעראָריסט״, האָב איך געהאַלטן וואָרט, כ׳האָב טאַקע אָנ־געשריבן א גרויסן בריוו דעם „געניאַלן פאָטער און פרײַנט״, כ׳האָב באַשטעטיקט, אַז דאָס באַ־שולדיקן דעם קאָניוך אין טעראָר איז א ווילדע אויסטראַכטעניש, און כ׳בעט, מע זאָל אים באַ־פרײַען פונעם לאַגער...

ער האָט לאַנג־לאַנג געוואַרט אַף אַן ענטפער נאָך דעם, ווי איך האָב אים דאָס אַלץ אָנגע־שריבן. לעסאָף האָט מען אים אַרויסגערופן און געמאָלדן, אַז טאָמער וועט ער נאָכאַמאָל זיך קלאָגן,

וועט פאר אים, פאר לוקא קוזמיטשן, זײַן נאָך ערגער. זאָל ער זאָגן א גרויסן דאנק די אָרגאנען, וועלכע האָבן אױף אים ראכמאָנעס געהאט און געגעבן אינגאנצן פינף און צוואנציק יאָר לאגער... ער איז בעפיירעש ווערט א סאך מער...

דער אוילעם האָט זיך סאָפּקאָלסאָף פאנאנדערגעקליבן, ווער איז ווער, און אופגעהערט שרײַבן אָנקלאָגעס... אלצייגס איז ניט געווען צו וועמען זיך קלאָגן.

# נישטאָ קיין וועג צוריק

נאָך א גאנצן טאָג האָרעווען מיט בלוטיקן שווייס אױף דער שאכטע — מיט די קײַלעס אין די לאָוועס און אױף דער איבערפלאך, ובא די בונקערס, אָנלאָדנדיק עשעלאָנען מיט קוילן, אפּרייניקנדיק פון די קוילן די שטיינער — די פּאַראָדע, האָט מען די ארעסטאנטן געטריבן צוריק אין דער זאָנע. דאָרטן ווידער זיי ארײַנגעשפּארט אין די איבערפולטע, ענגע, כּושעכדיקע הילצערנע באראקן, ווו מע האָט געקאָנט דערשטיקט ווערן פון דער ענגשאפט, פון דעם פּאראשע־געשטאנק, פונעם אייגנארטיקן טערפּקן רייעך, וואָס עס געבוירן די וואָליקעס און די נאסע שיך, וועלכע מע טריקנט באם אויוון.

צו אלץ געוווינט מען זיך צו: צו גרויסע שווערע שלעסער אױף יענער זײַט טיר; אויסגעריסן ווערן, ארויסשלאָגנדיק זיך פון די קויכעס, אױף דער ארבעט — צען שאָ אין טאָג — גאָר ניט קיין פּאָשעטע אוווידע; צו איבערגעפרוירענע קארטאָפליעס און קרויט־בלעטער, וועלכע כּאַזיירים אײַלן זיך ניט עסן; אפילע צו דעם, וואָס מע ציילט דיך זעקס מאָל אין טאָג... עפשער ביסטו, כּאָלילע, ניט אנטלאָפן... כּאָטש צוריקגערעדט, ווער וועט זיך אנטשליסן אױף אזא דרייסטן טראָט? דאָס איז געווען מוירעדיק שווער. פונדאנען האָט נאָך קיינער ניט געפּרווווט אנטלויפן. און וויאַזוי קאָן מען דאָ אנטלויפן? וויאַזוי? ווּהין? טויזנטער קילאָמעטער פּאַרשנייטע און פּארקאָוועטע אין אײַז, טונדרע און טונדרע — א פּוסטער מידבער, ווו נעץ שטעכלדראָטן, „ווישקעס־טורעמלעך" מיט קוילנווארפלער און אווטאָמאטלער וועסטו קיין לעבעדיק שטיבל ניט באגעגענען. ווו וועסטו זיך אָפּרוען, איבערכאפּן דעם אָטעם? ווו וועסטו קריגן עפּעס עסן? און אז דו וועסט זיך שוין דערשלעפּן צו א יורטע, ווער וועט דיך נאָענט צולאָזן זיך אָנוואָרעמען, איבערשלאָפן א נאכט, געבן א שטיקל ברויט? פּארקערט, מע וועט גלײַך איבערגעבן אױף די זאסטאַוועס, און מע וועט דיך כאפּן און ברענגען צוריק אין לאגער. און דעמלט זאָלסטו אױף קיין כּעסעד ניט וואַרטן...

יאָ, קיינער וועט דיך ניט אויסבאהאלטן, מע וועט דיך גלײַך ארויסגעבן. עס איז דאָ א שטרענגער באפעל: ווער עס וועט באמערקן אן ארעסטאנט, זאָל גלײַך מעלדן, פארהאלטן, איבערגעבן אין די הענט פון די אָרגאנען. אויב עמעצער פון די בירגער וועט ארײַנלאָזן אן אנטלאָפענעם אין שטיבל, אָנהאָדעווען, וועט ער באצאָלן מיט זײַן פרײַהייט... דערצו נאָך האָט מען אײַנגעקלאפּט אין די קעפּ, אז יענע, וואָס געפינען זיך אין די לאגערן, זײַנען געפערלעכע מעלוכישע פארברעכער, און מע דאַרף זיי פאראכטן...

מיט די וועגן און אומוועגן זײַנען געגאַן עטאַפּן מיט „געפערלעכע פארברעכער" און, דאכט זיך, די טונדרע האָט שוין ניט געקאָנט ארײַנעמען אזויפיל מענטשן! עס האָט זיך געדאכט, אז דאָרטן, אױף דער פרײַ, איז שוין קימאט קיינער ניט געבליבן — אלעמען טרײַבט מען אהער...

א שוידער האָט ארומגעכאפּט, קוקנדיק אױף דער טונדרע. אומעטום, ווּהין דו טוסט זיך א קער, וועסטו אָנטרעפן אױף שטעכלדראָטן, אױף נײַע און נײַע לאגערן. ניט אנדערש, ווי די „אָרגאַנען" האָבן באשטימט פארוואנדלען דעם אומענדלעכן ווילדן קאנט, דעם ווײַסן מידבער אין איין דורכויסיקן לאגער...

ניין, פונדאנען וועט קיינער ניט אנטלויפן. פונדאנען קערט מען זיך ניט אום. עס טאָר ניט בלײַבן קיין לעבעדיקער אײדעס, וואָס זאָל אמאָל דערציילן, וואָס דאָ טוט זיך, און ווער עס שמאכט הינטער די שטעכלדראָטן, וואָס פאר א „פארברעכער" זײַנען דאָ די גרעסטע מערהײַט ארעסטאנטן.

דרײַ ארעסטאנטן, געוועזענע אָפיצערן פון דער ארמיי, וועלכע האָבן בייס דער מילכאָמע פונעם ערשטן ביז לעצטן טאָג זיך געשלאָגן קעגן פאשיזם, געווען שרעקלאָזע אויסשפּירער, האָבן באשטימט אנטלויפן פון דעם געגעם. זיי האָבן זיך פּאָרזיכטיק געגרייט, באזאָרגט זיך מיט ציוויל־אָנטאָן, אונטעס, סוויטערס, פוישטן, סוכארעס, — דאָס אלץ האָבן זיי אריבערגעטראָגן פּאָרזיכטיק אױף דער שאכטע, אויסבאהאלטן דאָס ביסל גוטס צווישן אלטע צעבראָכענע וואגאָנעטקעס, זיך דערוואַרט אױף א בייזער זאווערוכע־נאכט און זיך ארויסגעשמוגלט הינטער די שטעכלדראָטן, אוועק אין דער טיפעניש פון דער טונדרע.

ערשט אפן דריטן טאָג האָט מען זיך געכאפּט, אז דרײַ „זעקן" זײַנען אנטלאָפן...

עס האָט זיך אָנגעהויבן א גרויסע וואקכאנאליע. מע האָט איבערגעקערט דעם לאגער מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף, מע האָט צוויי טעג קיינעם ניט ארויסגעפירט פון יענער זייט טויער, די באראקן האָט מען קײַלעכיקע מעסלעסן געהאלטן הינטער די שלעסער. מע האָט געטרייבערט די נעשאַמע בא צענדליקער „זעקן", פּאָדערנדיק, זיי זאָלן ארויסגעבן די פארברעכער, דערציילן, וואָס מע האָט געערעדט פארן אנטלויפן. נאָר די אנטלאָפענע זײַנען שוין געווען טיף אין דער טונדרע.

מע האָט ארויסגעשיקט א גאנצע מאכנע אווטאָמאטלער, סאָלדאטן מיט ספּעציעלע שפּירהינט, מענטשן אף פערד, מאשינען, הירשן. מע האָט אויסגעמאָסטן הונדערטער קילאָמעטער. העכער א וואָך צײַט האָט זיך געצויגן דער געיעג נאָך די דרײַ אנטלאָפענע. ניט ווײַט פון דער פּעטשאָרע האָבן די דרײַ ניט אויסגעהאלטן, זיי זײַנען ארײַנגעקומען אין א שטיבל און געבעטן, מע זאָל זיי געבן עפּעס עסן, לאָזן איבערנעכטיקן...

דאָ האָט מען די אויסגעמוטשעטע, הונגעריקע, טויט-פארמאטערטע געכאפּט. אף אײנעם האָבן די קלאָווים — די „דײַטשישע אָווטשארקעס" זיך ארופגעוואָרפן, און ער איז אומגעקומען אין זייערע בלוטיקע ציין. דעם צווייטן האָט זיך אײַנגעגעבן ארויסרײַסן פון די קלאָווימס קליקעס — רײַסציין, דער דריטער איז אויך געווען קוים לעבעדיק.

דערהאלטן אזא גרויסן „ניצאָכן", האָט די ראָטע נאָכפאָלגער געבראכט די „פארברעכער". דעם טויטן האָט מען אוועקגעלייגט אפן שנײ לעבן דעם לאגער-טויער און אופגעהאנגען באנאנד א פלאקאט: „פונדאנען קאָן קיינער ניט אנטלויפן..."

דעם דריטן האָט מען פארמישפּעט צו טויט-שטראָף...

יאָ, פון דעם גאנייהן איז אומעגלעך אנטלויפן. עטלעכע טעג נאָכאנאנד איז דער טויטער קערפּער געלעגן אף דער וואכטע, און די קאָלאָנעס „ראבאָטיאגעס-מוזשיקעס", „זעקן" האָט מען געטריבן אף דער ארבעט פארבײַ דעם קערפּער פונעם דערמאָרדעטן ארעסטאנט, מע זאָל זען, מע זאָל פארגעדענקען, פארזאָגן קינדס-קינדער ניט פרווון לויפן פון דעם לאגער.

קיין וועג אף דער פרײַ איז נישטאָ און וועט ניט זײַן!

זעט אויס, אז די טונדרע — דאָס איז א פארשאָלטענער קאָנטינענט. אין די בלײַענע הימלען פליען ניט ארום און זינגען ניט קיין פייגלען, אפילע ווילדע חײַעס וועט איר דאָ באגעגענען זעלטן. זומער — מאָך, קארליקאָווע בערעזקעס, פאָליארע איווע, און בלאָטעס, בלאָטעס, אָזערעס... דער זומער איז גרויס, ווי א גענעץ, דער ווינטער מיט די שנייען, זאווערוכעס, פרעסט ציט זיך אומענדלעך — אָן אן אָנהייב און אָן א סאָף. אָט הייבן זיך אָן די „ווײַסע נעכט", אָט ציט זיך אוועק די פּאָליארע נאכט. אלץ ניט ווי בא מענטשן. אלץ קאָפּויר. אײביק איז די ערד פארפרוירן.

און דאָס אלץ ווארפט אָן אפן מענטשן א מאָרעשכוירע. און טאקע דערפאר, זעט אויס, לאכט ער זעלטן, פארלירט דאָ דאָס געפיל פון הומאָר.

און וואָס איז דער מענטש אָן הומאָר? וואָס פאר א לעבן איז דאָס באם מענטשן, אז ער קאָן זיך ניט פרייען? די עקזיסטענץ הינטער די שטעכלדראָטן, אָן פרייד, אָן געלעכטער — קאָן דאָ ווייניק-וואָס מיטהעלפן.

מיילע, די היגע, דאָ געבוירענע, צאָפן-מענטשן פאסן זיך אזוי אָדער אנדערש צו צו די שווערקייטן, מע שפּאָרט דעם הומאָר, מע לאכט ניט — מע שמייכלט בלויז. מע איז קארג אף כאָכמעס, וויצן, לידער, טענץ, מע באקלאָגט ניט דעם אייגענעם גורל. נאָר וואָס זאָלן טאָן די מענטשן פון דאָרעם, פון אָדעס, קיעוו, קאווקאז, ארמעניע, אזערבײַדזשאַן, אוקראינע, וואָס קאָנען קיין שאָ ניט בלײַבן אָן הומאָר, אָן פריילעכקײַט, אָן וויצן, ווערטלעך, כאָכמעס?

זיי איז דאָ גאָר-גאָר ביטער!

עמעס, אז עס נעמט זיך צונויף א הײַפל דאָרעם-מענטשן, איז ווי איר ווילט ניט, נאָר עס רײַסט זיך ארויס א געלעכטער, עס וואכט אוף פרייד, כאָטש אלץ קומט פאָר אין לאגער. ביטער איז אָבער יענעם, וואָס לאכט, בעשאס עס דערנעענטערט זיך א נאטשאלניק, א נאדזיראטעל... דער פריילעכער „זעק" קומט ניט טאָמיד אָפּ נאָר מיט א זידלערײַ, אָפט שיקט מען אים אָפּ גלײַך אין קארצער.

— וועמען לאכסטו אויס, טײַוול? — צעברומט זיך אזא נאטשאלניק, אָדער א נאדזיראטעל.

— ניט אײַך, נאטשאלניק... ערנוואָרט — ניט אײַך!..

— לײַגסט, טײַוול! לײַגסט, קאָנטריק! — צעשרײַט זיך דער סטראזשניק נאָך שטארקער, — איב דו לאכסט, איז נאָר פון אונדז! אונדז לאכסטו אויס! — און גיי דערווײַז אים, אז דאָס איז ניט אזוי.

עמעס, מע האָט אונדז דאָ א ביסל אָפּגעלערנט לאכן. דאָס הייסט, מיר לאכן, צוביסלעך, אלץ שטילער און וואָס ווייניקער. דער אָפּטימיזם קערט זיך פון אונדז אָפּ שטארקער מיט יעדן

טאָג, אים איז, ווײַזט אויס, אומהיימלעך הינטער די שטעכלדראָטן, אונטער די געצילטע אויף אים קוילנוואַרפֿערס און אויטאָמאַטן פֿון די אָנצאָליקע טורעמלעך...

אין איינעם א פֿרימאָרגן אָבער האָט שטאַרק געלאַכט, זיך געהאַלטן בא די זײַטן די גרויסע קאָלאָנע אונדזערע, וועלכע מע האָט געטריבן מיטן דראָט־קאָרידאָר אויף דער שאַכטע.

און געווען איז דאָס אַזוי: דער פֿראָסט האָט געברענט, ניט אויסצוהאַלטן. דער ווינט האָט געוואָיעט איבער דער טונדרע, נאָך א גליק, וואָס מיר האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר די הענט.

פֿאַרפֿרוירענע אויף דורך און דורך, אויסגעמאַטערטע, ניט־דערשלאָפֿענע, הונגעריקע, פֿאַרניורעט די קעפּ אין די קעלנער, האָבן מיר זיך געשלעפּט מיטן לאַנגן דראָט־קאָרידאָר צו אונדזער שאַכטע נומער פֿינף. מיר זײַנען געגאַן ,און אונטער די פֿאָדעשוועס האָט געסקריפּעט דער מוירעדיקער פֿראָסט, מיר האָבן קוים איבערגעשטעלט די פֿיס.

מיר האָבן זיך שוין דערנעענטערט צו אונדזער גרויסאַרטיקער שאַכטע. פּלוצעם, אומדערוואַרט האָט אפֿן שאַכטע־קאָפּיאָר זיך צערעדט דער ראַדיאָ־הויכרײדער. די אומגעהײַער גרויסע פּראָסטיקע טונדרע האָט געהערט די ווײַטע שטים. עס האָט גערעדט מאָסקווע אין דעם בלויען, פּראָסטיקן באַגינען, וואָס איז געווען מער ענלעך אויף דער שוואַרצער טונדרע־נאַכט.

די אומענדלעך לאַנגע קאָלאָנע האָט זיך אָנגעשטרענגט און זיך אויך צוגעהערט. אָן אָנגענעמע פֿרויען־שטים האָט ווי פֿונעם הימל איבערגעגעבן עטלעכע קורצע ידיעס, פּלוצעם פֿאַרלאָשן געוואָרן, גלײַך דעם קאָפּיאָר האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם. א לאַנגע ווײַלע געשוויגן. נאָך דער פּויזע מיט דער זעלבער שטאַרקער שטים פֿאַרגעזעצט:

„נעכטן איז אין צענטראַלן ראַט פֿון די פּראָפֿאַרייִנען אונטערגעפֿירט געוואָרן דער סאַכאַקל פֿון דער סאָצפֿאַרמעסטונג פֿון די שאַכטעס און קאָלעקטיוון פֿון לאַנד. אין דער סאָציאַליסטישער פֿאַרמעסטונג האָט דאָס ערשטע אָרט פֿאַרנומען די שאַכטע נום. 5, וואָס געפֿינט זיך אין קאָמי אססר...

רום די שלאָגלער פֿון דער 5־טער שאַכטע! רום די געטרײַע בויער פֿונעם סאָציאַליזם!..”

מיט פֿאַרטײַעטן אָטעם האָט אונדזער קאָלאָנע אויסגעהערט די ווערטער און מיטאַמאָל אויסגעשאָסן אַזאַ געלעכטער, וואָס די טונדרע האָט נאָך ניט געהערט, זינט זי עקזיסטירט אויף דער וועלט.

פֿון אַלע זײַטן האָבן זיך אין דעם געלעכטער אַרײַנגעפֿלאָכטן אויסגעשרייען:

— היי, סלאַוויאַנער! היי, מוזשיקעס! איר הערט ווי מע ליבט אונדז?!

— דאָס זײַנען מיר, הייסט עס, טרײַע בויער פֿון סאָציאַליזם!..

— און אונדזערע קאָנוואָירן רופֿן אונדז אָן „פֿאַשיסטן”...

— אָט איצט ווייסן מיר כאָטש, ווער מיר זײַנען!

און ווידער האָבן הונדערטער מענטשן זיך געהאַלטן בא די זײַטן... נאָר אין דעם שיינעם גאַנייִדן איז דער געלעכטער געווען דורך טרערן.

זעט אויס, אפֿילו אין דער קרוינשטאָט ווייסט ניט די רעכטע האַנט, וואָס עס טוט די לינקע... עטלעכע טויזנט אומשולדיקע קאָרבאָנעס, וועלכע שמאַכטן אונטער די שטעכלדראָטן, אין די שוידערלעכע קוילנגרובנס, עקלדיקע באַראַקן, זײַנען געמאָלדן געוואָרן אין דער ראַדיאָ פֿאַר דער גאַנצער וועלט אַלס „טרײַע בויער פֿון סאָציאַליזם”, וואָס הערשט אין דער טונדרע. מע ווייסט דעם עמעס וועגן אונדז און אונדזערע קאַטן...

די פֿרייִלעכע עטלעכע מינוט האָבן זיך געענדיקט. ווען די קאָלאָנע האָט זיך אַרײַנגעצויגן אין הויף פֿון דער שאַכטע, האָבן זיך די אויפֿזעער גענומען „צו דער אַרבעט”. וואָס פֿאַר א געלעכטער? איר וועט בא אונדז לאַכן מיט יאַשטשערקעס! מיסטאָמע לאַכט איר אויס די מעלוכע! די סאָוועטישע אָרדענונג, מיִעסע קאָנטריקעס! ניט אומזיסט האָט מען אײַך אַהער פֿאַרטריבן!

די באַלעבאַטים האָבן אפֿילו אונדז ניט פֿאַרגינט די זעלטענע דאָ געלעגנהײַט עטלעכע מינוט פֿריילעך אויסלאַכן דעם אידיאָטיזם פֿון אונדזער אומגעבונג. די אויפֿזעער זידלען אונדז, און מיר דערמאָנען זיך גלײַך, אין וואָס פֿאַר א לאַגע מיר געפֿינען זיך, און, דעריקער, אונדזערע פֿרויען און קינדער, וואָס זײַנען געבליבן דאָרטן, אינדערהיים. עס כאַפּט אונדז ווידער אָן א גרויל. די מאָרעשכוירע פֿאַרקלעמט אונדז אפּסניי אין אירע אָרעמס. מיר ווערן איבעראַמאָל בייז, אָנגעשטרענגט, נימעס אײנער דעם אַנדערן. און איך פֿאַרשטיי, אַז אַליין דאָס לעבן ווערט אונדז דערעסן.

די צײַט גייט, און מיר פֿאַרגעסן, אַז מיר זײַנען „טרײַע בויער פֿון סאָציאַליזם”, אַז אונדזער גרויסאַרטיקע שאַכטע, וווּ עס אַרבעטן אויסשליסלעך „זעקן”, פֿאַרנעמט דאָס ערשטע אָרט אין דער „סאָציאַליסטישער פֿאַרמעסטונג” פֿון שאַכטעס. די וויצן און כאָכמעס ווערן שטילער.

געשען איז שפּעטער נאָך א געשיכטע, וואָס האָט אַלעמען דערשיטערט.

דער ווינטער האָט געבושעוועט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. די פֿרעסט האָבן זיך מיט יעדן טאָג פֿאַרשטאַרקט, עס איז דערגאַנגען ביז די זעכציק גראַד. אין אַזעלכע פֿאַלן האָט מען די „זעקן" ניט געטאָרט אַרויספֿירן פֿון דער זאָנע אויף אַרבעט. דאָס איז געווען דער באַפֿעל פֿון סאַמע צענטער, נאָר די אָרטיקע נאַטשאַלניקעס האָבן זיך „געסטאַרעט", — געוואָלט זיך אויספֿײַנען: די „זעקן" האָט מען געטריבן אויף אַרבעט. איז מען געגאַנגען. און אַנדער ברייִרע האָט מען געהאַט? ווער האָט געוואַגט אויפֿהייבן אַ שטים, פּראָטעסטירן? דאָס איז געווען געפֿערלעך פֿאַרן לעבן. דאָ האָט מען מיט דיר געקאָנט טאָן, וואָס מע וויל. קיין געזעצן זײַנען דאָ ניט געווען. ווען מען זיך קלאָגן איז ניטאָ. ווען עס פֿלעג אַהער אַראָפּקומען דער נאַטשאַלניק פֿון די אַרומיקע לאַגערן, פֿלעג אַלעמען אַרומכאַפּן אַ גרויל. דאָס איז אײנעם גאַנצן רעגיאָן געווען די העכסטע מאַכט. ער האָט זיך פֿאַר קיינעם ניט געדאַרפֿט אָפּרעכענען, נאָר פֿאַר זײַן געוויסן, וועלכע ער האָט שוין פֿון לאַנג פֿאַרלוירן. דאָס איז געווען צו זען פֿון די ווילדע „באַפֿעלן", וועלכע ער האָט דאָ אָנגעווענדט בנוגע די אַרעסטאַנטן.

געפֿעלט אים עמעצער ניט, באַפֿוילט ער אים ליקווידירן, פֿאַרשפּאַרן אין קאַרצער, און פּרוּוו זיך אַף דעם נאַטשאַלניק פֿאַר עמעצן קלאָגן!

די טעג, וואָס ער האָט דאָ פֿאַרבראַכט, זײַנען אַלע געווען אין גרויסער געפֿאַר. מע האָט געציטערט. קיינער האָט ניט געוווּסט, צוליב וואָס האָט עס אים אַהער אָנגעטראָגן. און מע האָט פֿרײַער אָפּגעאָטעמט, ווען ער איז אומדערוואַרט אַוועקגעפֿאָרן אין זײַן פֿאַסעסיע.

אין יענע טעג איז פֿון ערגעץ אַראָפּגעקומען אין לאַגער אַ נײַער קאַראַול־טייל. יונגע סאָלדאַטן. זעט אויס, אָקאָרשט אויפֿגערופֿענע צו דער דינסט. די דאָזיקע יאַטן האָבן זיך שטאַרק אונטערשיידט פֿון יענע, וועלכע זיי האָבן נאָרוואָס פֿאַרביטן.

מיט וואָס פֿאַר אַן אויגן האָבן די נײַע געקוקט אַף אונדז! אין זייערע בליקן האָבן מיר געזען מיטלײַד, פֿאַרוווּנדערונג, שרעק. מע האָט זיי, זעט אויס, דערציילט, אַז זיי דאַרפֿן אויספֿילן זייער הייליקן כויוו, אָפּהיטן דאָס לאַנד פֿון שרעקלעכע פֿאַרברעכער, פֿאַשיסטן, שפּיאָנען. די יאַטן האָבן אָבער געזען פֿאַר זיך פֿאַרהאָרעוועטע, אויסגעמאַטערטע, האַרציקע מענטשן, וואָס מע האָט געטריבן אַף קאַטאָרגע־אַרבעט. ניין, ס'איז ניט אַזוי שרעקלעך דער טײַוול, ווי מע מאָלט אים. די קאָנוואָירן האָבן זיך געפֿילט פֿאַרלוירן. ווען זיי האָבן געפֿירט אַף אַרבעט בריגאַדעס רייניקן דעם וועג פֿונעם שניי און זיך אײַנגעהערט אין די רייד פֿון די „זעקן", האָבן זיי געקנייטשט מיט די אַקסלען: אָנשטאָט „קאָנטר־רעוואָליוציע" האָבן זיי געהערט געוויינלעכע זאַכן. די כעוורע האָבן זיך צוגעקוקט צו די „זעקן" און געזען פֿאַר זיך גוטע סאָוועטישע מענטשן — געוועזענע לערער און אינזשעניערן, פּראָפֿעסאָרן און הויכע מיליטער־באַאַמטע, שרײַבער און קינסטלער, אַקטיאָרן און קאָלווירטניקעס, אַרבעטער... און זיי האָבן ניט געקאָנט באַנעמען, פֿאַרוואָס זײַנען אָט אַ־די אומשולדיקע הינטער די שטעכלדראָטן, און וואָס היט מען זיי אַזוי שטרענג?

ווען די נאַטשאַלניקעס האָבן זיך געוואָרעמט באַם שײַטער, האָבן די יונגע קאָנוואָירן אונטערגעוואָרפֿן אונדז שטילערהייט, מע זאָל ניט באַמערקן, אַ ציגאַר פֿאַררייכערן, אַ שוועבעלע, געענטפֿערט אַף אַ פֿראַגע, — וואָס איז געווען דאָ שטרענג פֿאַרבאָטן.

די כעוורע זײַנען ניט געווען אָנגעבייזערט אַף די אַרעסטאַנטן, אין יעדן ריר פֿון די סטראָזשניקעס — פֿון די היטערס, האָט זיך געפֿילט, אַז זיי זײַנען ניט אַנציקט מיט דעם, וואָס זיי קומט אויס אויסצופֿילן אַזאַ מיִעסע ראָל...

אָבער וואָס וועסטו מאַכן — מע געפֿינט זיך אַף מיליטער־דינסט, און מע מוז אויספֿילן די באַפֿעלן, ניט פֿרײַוויליק, מיטן אייגענעם ווילן — ניט דו אַליין האָסט גענומען אַף זיך אַזאַ לאַסט, אַזאַ גורל. מיר האָבן עס גוט פֿאַרשטאַנען, זיך באַצויגן צו די יונגע סאָלדאַטן מיט מיטגעפֿיל און אַכטונג, ניט אַזוי, ווי מיר האָבן געקוקט אַף יענע נאַדזיראַטעלעס, וועלכע האָבן זיך „געסטאַרעט" דערנידעריקן, מיט פֿאַרגעניגן איזדיעקעווען זיך איבער אונדז.

...עס איז געשטאַנען אַ גרוי־בלויער פֿרימאָרגן. נידעריק איבער דער טונדרע האָט זיך געשפּרייט דער פֿראָסט־נעפּל. מיר זײַנען געגאַנגען אין דער אומענדלעכער קאָלאָנע מיטן שמאָלן קאָרידאָר צו דער שאַכטע, אַף דער אַרבעט. פֿון די טורעמלעך האָבן אַף אונדז אַראָפּגעקוקט רערן פֿון אויטאָמאַטן און קוילנוואַרפֿערס. מיט אינטערעס און, זעט אויס, מיט מיטגעפֿיל האָבן געקוקט אַף דעם טאַבון צוויי־פֿיסיקע אין שוואַרצע בושלאַטן די אָפּזועער, נאָר מיר האָבן שוין אַף זיי ניט געלייגט קיין אַכט.

אַרום האָט געהערשט אַ פּראָסטיקע שטילקייט. עס האָבן בלויז עפּעס געברומט די טעלעגראַף־דראָטן אַף די אויסגעקרימטע סטויפּעס. דאָ און דאָרט אין דער קאָלאָנע האָט זיך געהערט אַ טיפֿער, שווערער הוסט פֿון די קראַנקע, וועלכע מע האָט געטריבן אַף אַרבעט צוזאַמען מיט געזונטע. מיר זײַנען שוין געווען נאָענט צו די טויערן, וואָס פֿירן אין שאַכטע־הויף און פּלוצעם, אין דער אָנגעשטרענגטער שטילקייט, פֿון וועלכער מע האָט געקאָנט טויב ווערן, האָט זיך צע־

טראָגן פון א וואָך־טורעם, ווו עס איז געשטאַנען אן אַנגעפּעלצטער סאָלדאַט, א מוירעדיקער געשריי: „באַטקאַ! באַטקאַ מײַ! — טאַטע מײַנער!" און א שטאַרקער היסטערישער געוויין.

די קאָלאָנע איז שטיין געבליבן פון דעם אומדערוואַרטן געשריי. אַלע האָבן געווענדט די בליקן אַפן טורעם. דער יונגער סאָלדאַט האָט נאָך אַלץ געשריגן: „טאַטע מײַנער!", געוויינט, געמאַכט מיט די הענט צום האַמוין, וואָס איז ווי פאַרגלייווערט געוואָרן אין דעם קאָרידאָר, ווי א דערשראָקענע טשערעדע. דער סאָלדאַט האָט אופגעהויבן דעם אווטאָמאַט און א שלײַדער געטאָן אַף דער ערד מיט ביטערן געוויין און איבערגעכאַזערט: „באַטקאַ!". ער האָט זיך פלינק אַראָפּגעגליטשט פונעם טורעם אַף דער ערד. זיך געלאָזט לויפן צו דער וואַכטע.

איך בין אינײנעם מיט אַלע אַרעסטאַנטן געווען דערשטוינט, גלײַך ניט דער היטער אַפן טורעם, נאָר איך אַליין וואָלט אין דעם טרויעריקן מענטשן־שטראָם דערקענט אין דעם שוואַרצן בושלאַט מײַן אייגענעם פאָטער.

די אופרודערונג האָט געדויערט, דער אוילעם האָט זיך געפּרוווט דורכשטויסן צום „באַטקאַ". נאָר פון דער וואַכטע זײַנען שוין געלאָפן עטלעכע נאַטשאַלניקעס, געשריגן, געפּאָדערט, מע זאָל גיין שנעלער, מע זאָל זיך באַוועגן, ווײַל די שאַכטע וואַרט. עמעצער האָט פון יענער זײַט דראָטן אופגעהויבן פונעם שנײַ דעם אווטאָמאַט, אים אויסגעווישט מיט דער פּאָלע פונעם פּעלץ, זיך אַרופגעדראַפּעט מיטן לייטערל אַף דעם טורעם און פאַרנומען דאָס אָרט פון דעם סאָלדאַט, וואָס האָט פאַרלאָזט זײַן פּאָסטן. איך האָב דערבײַ געקלערט וועגן דעם אומגליקלעכן זון פונעם אומגליקלעכן פאָטער: „מיט זײַן אנטשיידענעם טאַט האָט ער אַרויסגערופן אַף זיך א שרעקלעכע שטראָף, איצט וועט מען אים מעלדן אַלס דעזערטיר..."

— היי, ווער האָט דערלויבט זיך אָפּשטעלן! פאָרויס, צו דער אַרבעט! — האָט, פּאָכענדיק אינדערלופטן מיטן פּיסטאָלעט, געשריגן דער דעזשורנע, — ווער האָט דערלויבט זיך אָפּשטעלן? מיטן דעזערטיר וועלן מיר זיך אָן אײַך פּאַבאַנדערקלײַבן... פּאַר ברעכן די „פּריסיאַגע" — די שוווּע — וועט ער זײַנס באַקומען...

דער באַוואַכער האָט נאָך עפּעס געשריגן, פּאָדערנדיק, די קאָלאָנע זאָל אופוואַכן פון דער פאַרשטאַרטקייט, נאָר מיר זײַנען אַלע געווען דערשיטערט פון דער אומדערוואַרטער געשעעניש און קוים זיך באַוועגט.

אינמיטן דער קאָלאָנע האָט זיך געשלעפּט אן אײַנגעהויקערטער אַרעסטאַנט אין א שוואַרצן בושלאַט. ער האָט יאָמערנדיק געכליפּעט — באַוויינט זײַן זון...

# דער שוואַרצער אויגוסט

זעט אויס, אז מע קאָן אויסהאַלטן און איבערלעבן דעם סאַמע שרעקלעכסטן ייִעש. אויב מיר האָבן געקאָנט איבערלעבן אָט דעם אומענדלעך לאַנגן ווינטער, וועט אונדז שוין ווײַטער גאָרניט זײַן שווער. כאָטש דאָ, צווישן די שטעכלדראָטן, אין די עקלדיקע, ענגע באַראַקן איז דאָס לעבן געגאַן נודנע, לאַנג, ווי די אייביקײַט, מיר האָבן אַפילע ניט געוווּסט, צי די צײַט גייט, עפּשער האָט זי זיך גאָר אָפּגעשטעלט און איז אויסגעלאָשן געוואָרן. אַלנפאַלס, אַף קיין גוטס איז ניט געווען וואָס אַרויסצוקוקן. עס האָבן ניט אופגעהערט קומען אהער פון אַלע עקן לאַנד נײַע און נײַע עטאַפּן אַרעסטאַנטן, דעריקער אזעלכע, ווי מיר, זיי האָבן זיך אויך ניט געקאָנט פאַרשטעלן, פּאַר וואָס פאַר א זינד האָט מען זיי געמוטשעט און דערנאָך פאַרשיקט אין דעם וויסטן ווינקל. פון די מענטשן האָבן מיר זיך דערוווּסט אַלע נײַס. און די נײַס, וואָס זיי האָבן מיט זיך אהער געבראַכט, זײַנען געווען גאָר ניט קיין פריילעכע.

די איינציקע פרייד איז געווען, ווען מע האָט באַקומען א בריוול, א גרוס פון דער היים, הגאַם די פרייד איז געווען א קורצטערמיניקע. אזוי צי אזוי, אָבער א טרייסט איז געווען: באַקומסט א לעבעדיקן גרוס! די בריוולעך דערהאַלטן באַם לעבן, גיבן צו מוט און האָפענונג, אז די שוואַרצע נאַכט וועט זיך סאָפּקאָלסאָף אויסלאָזן און מע וועט נאָך דערלעבן זיך באַגעגענען. פון דער צווייטער זײַט, האָבן אונדז נײַס פון דער היים געמוטשעט.

דאָס גליק איז געווען, וואָס מיר האָבן זיך ניט שלעכט אײַנגעאָרדנט מיטן אָפּשיקן בריוולעך — די קוילן־עשעלאָנען האָבן זיי שטענדיק פּינקטלעך דערפירט אהיים. ווײַזט אויס, אַף די שלוס־סטאַנציעס, האָבן די קוילן־אויסלאָדער פאַרשטאַנען, וואָס עס איז אזעלכס באַרעמהאַרציקײַט, אַף די וועגטלעך פון די „פּולמאַנעס" פלעגן אונדזערע טײַערסטע שמאַטעס ניט בלײַבן פאַרוואָרלאָזט הענגען. די אַרבעטער פלעגן זיי באַהאַלטן, עס זאָל זיי ניט דערזען דאָס אומדערמלענדיקע אויג. די בריוו אונדזערע פלעגן זיי געהיים אַראָפּלאָזן אין די פּאָסטקעסטלעך.

קיין גרעסער גליק פאַר אונדז האָט ניט געקאָנט זײַן.

צומאָל פלעג איך באַקומען גרוסן פון מײַנע כאַווירים, שרײַבער־קאָלעגן, וועלכע האָבן געשמאַכט אין די ערומיקע לאַגערן, אױף די שכײנישע שאַכטעס.

די נאַטשאַלניקעס האָבן זיך געסטאַרעט אונדז האַלטן ווײַטער אײנעם פונעם צווייטן. אין שלאָף האָבן זיי געזען, ווי מיר באַהעפטן זיך, אַרבעטנדיק צוזאַמען, און — ווי קאָן דאָס זײַן אַנדערש?! — וויבאַלד מיר זײַנען אײנײַנעם, שטעלן מיר מיסטאָם צונױף פּלענער, וויאַזוי אַנטלױפן פונעם לאַגער — אונטערגראָבן אַ טונעל און זיך אַרױסכאַפּן פון יענער זײַט דראָטן... און עפשער פירן מיר דאָ גאָר אַן „אונטערײַסעדישע" אַרבעט — העצן אונטער די מענטשן אױפהײבן אַ בונט? מאַלע וואָס קאָנטריקעס קאָנען פאַרטראַכטן, ווען זיי לעבן צוזאַמען, אין אײן לאַגער, אין אײן באַראַק, אױף אײן שאַכטע!.. עטלעכע קילאָמעטער פון מײַן „גאַניידן" געפינען זיך שמועל גאָרדאָן און דער רעדאַקטאָר פון דער געוועזענער צײַטונג „אײניקײַט" הערשל זשיץ. שמועל האַלקין איז פאַרבליבן אין מײַן פאַבריקן לאַגער... ערשט ניט לאַנג צוריק איז אין אַ וויסטן לאַגער אונטערן מעסער אַריסגענאַן, ווי אַ ליכט, בײַס אַן אָפּעראַציע דער גרויסער ייִדישער שרײַבער־קלאַסיקער דער ניסטער... אַ טויט־קראַנקער ליגט אין לאַזאַרעט דער באַרימטער דראַמאַטורג און קריטיקער כאַציע דאָברושין. ער איז געפערלעך קראַנק, און ווער ווייסט, צי וועט ער זיך שטעלן אױף די פיס?..

אזא גזיירע! סאַראַ וווּנדערלעכע מענטשן האַלט מען אונטער די דראָטן, קראַנקע, אומבאַהאָלפענע, קוים וואָס זיי זשיפען, און מע לאָזט זיי ניט אַרױס אױף דער פרײַ — מענטשן מיט אַזעלכע גרויסע פאַרדינסטן פאַרן פאָלק, פאַר דער קולטור...

ערגעץ אין די ווײַטע לאַגערן, אין קאַראַגאַנדאַ און מאַגאַדאַן, מאַטערן זיך מײַנע גוטע פרײַנט מאָטיע טאַלאַלאַיעווסקי, אַווראָם גאָנטאַר, כאַים לויצקער, איציק קיפּניס, מוישע פּינטשעווסקי, אַווראָם וועלעדניצקי, נאָטע לוריע, אײַזיק הובערמאַן, כאָנע ווײַנערמאַן, אירמיע דרוקער, בוזי מילער און אַ סאַך אַנדערע שרײַבער. סאַראַ גליק וואָלטן געווען, ווען מיר זײַנען כאָטש אײנײַנעם, ווען עס זאָל זײַן מיט וועמען אַ וואָרט אַריסצורייַדן! אַ גוטער טרוים, ניט מער. אײַנדערעמעסן, ווי קאָן מען טאַקע אַזעלכע מוירעדיקע „פאַרברעכער" האַלטן אײנײַנעם? דער רוזעך ווייסט זיי, וואָס זיי קאָנען פאַרטראַכטן קעגן דער ראַטנמאַכט, אָט די ייִדלעך, אָט די „סאָנים"!..

פון אַ סאַך מײַנע שרײַבער פרײַנט האָב איך באַקומען גרוסן און געהאַט אַ שטיקל פאַרשטעלונג, וווּ זיי געפינען זיך, וואָס זיי טוען. ווער און וויאַזוי עס האָט זיך אױפגעפירט, ווען מע האָט אױף אונדזער ליטעראַטור אַריסגעטראַכט אַ ווילדע באַשולדיקונג ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

נאָר איך האָב זיך אַלץ ניט געקאָנט פאַרשטעלן, וואָס קומט פאַר מיט אונדזערע באַרימטע שרײַבער, מיט די גדולים, וועלכע מע האַלט שוין אַזוי לאַנג אין די מאָסקווער טורמעס. אַלפּי סייכל, וואָלטן זיי שוין געדאַרפט זײַן אין די מעקוימעס, וווּ מיר געפינען זיך.

דאָוויד האָפשטיין און פּערעץ מאַרקיש, איציק פעפער און לייב קוויטקאָ, דאָוויד בערגעלסאָן... די אָנפירער פונעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט...

עטלעכע טעג פאַר דעם, ווי מע האָט מיך אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ אין לאַגער, האָט מען מיר געגעבן איבערלייענען די שײַנע אַזויגערופענע „עקספּערטיזע", וואָס עטלעכע פאַרקויפטע פאַלשע נעשאָמעס האָבן אָנגעשריבן וועגן אונדזערע קלאַסיקער, וועגן דעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע, וועגן דער צײַטונג „אײניקײַט". די האָר האָבן זיך געשטעלט קאַפּויר. וואָס נאָר איז דאָרטן ניט געווען אָנגעוואַלגערט! און וואָס נאָר פאַר אַ זינד האָט מען אַלעמען ניט באַשולדיקט?! עס וואָלט געווען גענוג, אַ נאָרמאַלער מענטש זאָל איבערלייענען כאָטש אַ האַלב זײַטל פון דעם, וואָס די „קאָמיסיע" האָט צונויפגעפלאָכטן, קעדײַ פאַרשטיין, אַז דאָס איז שעקער, אָנגעטראַכט, פאַלש, פּראָוואָקאַציע. און אונטער אָט דעם מישטיינס־געזאָגט „דאָקומענט" זײַנען געשטאַנען כסימעס פון אײניקע באַקאַנטע „קריטיקער": שטשערבינאַ, לוקין און נאָך און נאָך... ווי האָבן זיי געקאָנט אַזוינס פאַרקאָכן?! עק וועלט!

אַלץ איז געווען „אָפּאַרמעט" — אויסגעפורעמט — לויט אַלע קלאָלים פון „געזעצלעכקײַט", אָבער קיין אײן וואָרט אין דער דאָזיקער מעגילע אַנטשפּרעכט ניט דער ווירקלעכקײַט, קיין טראָפּן עמעס, אַלץ בילבולים, גראָב פאַבריקירטע, די ווײַסע שטעך פון דער „דיעלאָ" שטעקן פון אױבנאױף. ניט אַנדערש, אַז דער „איניען" האָט זיך פאַרצויגן צוליב דעם, ווײַל דער „פאָטער פון אַלע פעלקער" קען פערזענלעך די גרויסע ייִדישע שרײַבער און ער וויל ניט דערלאָזן, מע זאָל דערהאַרגענען אַזעלכע ערלעכע נעשאָמעס, שרײַבער, באַרימטע אין דער גאַנצער וועלט. סאָפּקאָלסאָף האָבן זיי אים ניט שלעכט באַזונגען, דעם „גענײַאַלן פירער"... איך האָב געטראַכט, אַז מײַנע לערער האָט מען פאַרהאַלטן אין די מאָסקווער טורמע־קעלערס, ווײַל דער „גאָען" אין קרעמל וויל זיך אַלײן באַקענען מיט דער „דיעלאָ" פון די ייִדישע קלאַסיקער. ער וועט זיי געוויס באַפרײַען, און דערצו

נאך באשטראפן די באנדע, וואס האט פארקאכט אזא מיעסע קאשע. די גערעכטיקייט וועט זיגן! און וויבאלד אזוי, וועט מען זיך דערמאנען אויך אין אונדז, און מע וועט איבערקוקן אונדזער איניען... ווי קאן דאס זיין אנדערש?

דער קורצער זומער האט זיך שוין געהאט גענומען אויסלאזן. מיר האבן געווארט אויף ענדערונגען. עס קאן זיך דאך אזעלכס ניט ציען אייביק, ס׳איז דאך אן אומגעהערטע זאך — א גאנץ פאלק „סאנים“! ניין, דערצו וועט נעמען א סוף! אבער עס ציט זיך און ציט זיך אהער א מוירעדיקער שטראם ארעסטאנטן, גאנצע עשעלאנען קומען אן — מענטשן פון אלע רעפובליקן, פונעם גאנצן לאנד. ווער־ווער, נאר מיר דא ווייסן דאך גוט, וואס פאר א „סאנים“ דאס זיינען.

אפן הארצן איז שווער. די זון שיינט נאך אלץ ניט. עפשער האט מען זי אויך ארייַנגעזעצט אין קעלער? עס ווערט גאר טרויעריק, ווען די נייַגעקומענע דערציילן, וואס עס טוט זיך דארטן, אויף דער פריי.

מיר האבן דא אפילע ניט פארזוכט דאס שטיקל זומער. רעגנס, רעגנס און קעלט. די טונדרע האט זיך אנגעבלאזן. די מאכן אויף די ארומיקע פעלדער זיינען געווארן איינגעשרומפענער, וויסטער. די קאמארן, די מאשקארא — די פיצינקע פליגעלעך, וואס האבן די גאנצע צייט ניט געלאזט אטעמען — מע האט ניט געקאנט זיך באווייזן אויף דער פרישער לופט אן א מאסקע — א „נאמארדניק“, האבן צוביסלעך אנגעהויבן ווייניקער דערקוטשען. עס האט געצויגן פון צאפן דער ווינט, אנגעטראגן קעלט, און אט איז שוין דער אויגוסט ניט קיין היגער, און מע דארף שוין ווארטן אויף שנייען, זאווערוכעס, פרעסט. אט וועט מען אריינפארן אין א שפאגל־נייעם ווינטער. ניט אומזיסט זאגט מען, אז אין אט דעם פארשאלטענעם קאנט איז צוועלף כאדאשים ווינטער, דאס איבעריקע — זומער.

אין איינעם פון די סוף אויגוסט־טעג 1952 יאר, ווען דער רעגן האט געגאסן, ווי פון אן עמער, האט מען צו אונדז געבראכט א גרופע נייע ארעסטאנטן, פרישינקע, אקארשט פון דער לוביאנקע. מע האט דעם אילעם, ווי עס פירט זיך דא, ארייַנגעשטויסן אין די איבערגעפולטע באראקן, בעסוויכעם אין אונדזערן. יענע האבן זיך, ווי אמאל מיר, ווי־ניט־איז איינגעארדנט, ווער אפן דיל, ווער אויף א נארע. לעבן מיר האט זיך צוגעשפארט א גראווער באיארטער מענטש פון א יאר זעכציק. ער האט געארבעט אלס אינזשעניער אויף דער בויונג פון דער מעטרא און געוואלט „אונטערייַסן“ די סטאנציע מאיאקאווסקאיא... מע האט אים צוגעניית א פעקל, אז ער איז מיט א צייט צוריק אריינגעטראטן אין א „שעדיקער־גרופע“, וואס האט ארודעוועט אויף דער בויונג פונעם מעטרא אין מאסקווע.

א הונגעריקער, א דורכגענעצטער אויף דורך און אונטערן רעגן, איז ער געזעסן אויף דער נארע לעבן מיר און, שאקלענדיק ווייטיקלעך מיטן קאפ, דערציילט שטילערהייט וועגן דער ווילדער, לעפישער געשיכטע מיט דער „שעדיקערייַ“ אין דער מעטרא־בויונג...

— אונדז האט נאך אפגעגליקט, — האט דער מענטש געזאגט, — מיר האבן ארייַנגעכאפט בלויז צען יאר... א מאטאנע פון דער „אסא“ — פון דער „באזונדערער בארואטונג“... א סאך מענטשן אין די קאמערן זיינען אונדז מעקאנע געווען און האבן אונדז געטרייסט, אז אזא טערמין קאן מען אפזיצן אויף דער פאראשע... איצט טראגט מען אין מאסקווע ארויס מער שרעקלעכע אורטיילן... מע זאגט, אז יענער, מיט די וואנצעס, איז גערירט פון זינען, ער איז אופגעבראכט אויף דער גאנצער וועלט און איז דארשטיק נאך בלוט. עטלעכע טעג פאר דעם, ווי מע האט מיר איבערגעלייענט מיין קוויטל מיט די צוגעבענטשטע צען יאר, ערעוו דעם עטאפ אהער, האב איך זיך דערווסט, אז מע האט דא ניט לאנג צעשאסן א גרופע יידישע שרייַבער. איך האב ניט פארגעדענקט פינקטלעך אלע פאמיליעס, נאר עטלעכע האבן זיך אין זיקארן פארקריצט, — דער אינזשעניער פון מאסקווער מעטרא האט זיך פארטראכט, דערנאך שטילערהייט צוגעגעבן, ווי ער זאל מיר פארטרויען א גרויסן סוד, — דער קינדער־שרייַבער קוויטקא, עפעס איינער א מארקיש, איציק פעפער... בערגעלסאן... מע האט געזאגט, אז דאס איז גאר א בארימטער שרייַבער, נאר איך האב זיינע ביכער קיינמאל ניט געלייענט...

דערהערט אזעלכע רייד, האב איך דערפילט, ווי עס איז מיר פינצטער געווארן אין די אויגן, דאס הארץ האט גענומען מוירעדיק קלאפן. כ׳האב געמיינט, אז אט־אט וועט עס זיך ארויסרייַסן פון דער ברוסט. ווי עס איז מיר ניט געווען שווער, וועלכע סאקאנעס עס האבן ניט געלויערט איבער מיין קאפ די פאר יאר, וואס איך געפין זיך אין די הענט פון די טאליאנים, האב איך זיך געשטארקט, ניט דערלאזט אין זיך קיין שוואכקייט, ניט געוויינט. און דא האב איך ניט אויסגעהאלטן, זיך צעוויינט מיט בלוטיקע טרערן.

איך האב אין הארצן פארשאלטן יענעם, וועלכן איך האב אזוי געגלייבט. איך האב פארשטאנען, אז אן אים, אן זיין טייוולאנישן באפעל, וואלטן די סאטראפן ניט געוואגט דערהארגענען די בעסטע אונדזערע שרייַבער, דעם געוויסן און די שיינקייט פון מיין פאלק.

איך בין די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפֿן. איך האָב פֿאַר זיך געזען מײַנע גרויסע לערער, װעגװײַזער, פֿרײַנט.

װיפֿל האָב איך איבערגעטראַכט פֿאַר דער נאַכט, װיפֿל קװיטשעס האָט עס בײַ מיר אָפּגענומען!

איך האָב פֿונדעסטװעגן געהאָפֿט, געװאָלט גלייבן, אַז דער מאָסקװער מעטראָ־אינזשעניער, װעלכן איך האָב צום ערשטן מאָל אין לעבן געזען און װעלכער האָט מיך געזען צום ערשטן מאָל, האָט עפּעס פֿאַרפֿלאָנטערט. נו, װער װעט װאַגן אומברענגען אַזאַ װוּנדערלעכע פֿאַלאַנגע שרײַבער, זינגער, מענטשן, ליבלינגען פֿון אַ גאַנץ פֿאָלק?!

נאָר דאָך האָב איך מיט אַ פּרעסטל אויף דער פּלײצע דערפֿילט, דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז אַזאַ פֿאַרברעכן האָט געקענט געשען. „דער גענײַאַלער פֿאָטער", זעט אויס, איז טאַקע אַראָפּ פֿון זינען און אַראָפּגעלאָזט זײַן בלוטיקע האַק אויף די קעפּ פֿון אונדזערע גרויסע מײַסטערס...

צו דער װאַכטע בין איך געגאַן װי אַ פֿריטשמעליעטער, ניט געזען פֿאַר זיך די װעלט. ס'איז ניט געװען, פֿאַר װעמען אויסגיסן דאָס ביטערע האַרץ. איך האָב בעשום־אופֿן ניט געקאָנט זיך צוגעװוינען צום געדאַנק, אַז דער טאַליען האָט אומגעבראַכט, דערהאַרגעט אַזעלכע שרײַבער. די װעלט װעט דאָך אים קײנמאָל ניט מוחל זײַן אָט די שרעקלעכע האַריגע!

די שװאַרצע טויערן האָבן זיך צעעפֿנט, און אונדזער לאַנגע קאָלאָנע האָט זיך מיטן דראָט־קאָרידאָר אױפֿגעלאָזט צו דער שאַכטע, װוּ עס האָבן געהאַרעװעט „די בויער פֿון סאָציאַליזם". פֿינצטער איז מיר געװען אין די אויגן. קענטיק, אַז איך בין ניט געגאַן — דער געדיכטער מענטשן־שטראָם פֿון דער קאָלאָנע האָט מיך װי געטראָגן אין זײַן שװאַרצער ענגשאַפֿט.

# קװאַזימאָדאָ

קװאַזימאָדאָ...

מיט אָט דעם גרויסאַרטיקן צונאָמען האָט מען דאָ באַקרױנט דעם נאַדזיראַטעל לוקאַ סטעפֿאַנאָװיטש. מיט װאָס האָט ער זיך אַזױנס פֿאַרדינט, װײסט אים דער מאַלעכהאַמאָװעס! װען איז דאָס געשען, װײסט אויך קײנער ניט. נאָר דער צונאָמען איז צו אים צוגעװאַקסן געװאָרן, און, זעט אויס, אויף אײביק.

לעכאַטכילע, װען דאָס איז געשען, האָט לוקאַ סטעפֿאַנאָװיטש געפּרוּװט זיך דערװיסן, פֿאַר װאָס האָט מען אים אָנגערופֿן אַזױ, נאָר דערנאָך האָט לוקאַ סטעפֿאַנאָװיטש אױפֿגעמאַכט מיט דער האַנט און אויפֿגעהערט װעגן דעם טראַכטן.

פּאַסירט האָט עס מיט אַ סאַך יאָרן צוריק. מע האָט דאָ אָקאָרשט אױפֿגעשטעלט די דראָט־פֿאַרצױמונגען און געבױט די ערשטע טורעמס. לוקאַ סטעפֿאַנאָװיטש געדענקט גוט, װי מע האָט אַהער צוגעטריבן פֿון דער גאַנצער װעלט קאָנטריקעס, נו, יענע, די אַגענטן פֿונעם אימפּע־ריאַליזם, די סאָנים פֿון פֿאָלק. צװישן זײ האָט זיך אויסגעפֿונען אײנער אַ פֿרײלעכער פֿאַרשװינדל, עפּעס אַ פֿראַנצויז. לוקאַ סטעפֿאַנאָװיטשן איז ער פֿון דער ערשטער מינוט ניט געפֿעלן געװאָרן, און ער האָט אים אַרײַנגעזעצט אין „בור" — אין קאַרצער, װעלכן מע רופֿט דאָ אַזױ געקירצט מיט ראָשעטײװעס, אינדערעמעסן איז עס אַ „באַראַק פֿון פֿאַרשטאַרקטן רעזשים", אַ מין סאָרט קלײנע לאַגער־טורמע, װוּ דער אַרעסטאַנט באַקומט אַ הוילע נאַרע, אַ פּײַקע ברויט פֿון גאַנצע צװײ הונ־דערט גראַם און אַ קװאַרטל קאַלטע װאַסער יעדן מעסלעס...

נו, דעם פֿראַנצויז איז דאָס ניט געפֿעלן געװאָרן, און ער האָט לוקאַ סטעפֿאַנאָװיטשן דעמלט אָנגערופֿן „קװאַזימאָדאָ". דאָס װאָרט איז דעם נאַדזיראַטעל אַפֿילע געפֿעלן געװאָרן. עס האָט דער־נאָך זיך דערפֿרעגט בײַ יענעם, װאָס דאָס װאָרט באַטײַט, האָט יענער געענטפֿערט, אַז דאָס איז אַ נאָמען פֿון אַ העלד אין אײנעם אַ בוך...

דערהערט דאָס װאָרט „העלד", האָט דער נאַדזיראַטעל זיך צעשײַנט. ער האָט שױן פֿון לאַנג געטרוימט װערן אַ העלד, און דאָס האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן. און פּלוצעם געװאָרן אַ העלד!

עמעס, ער װאָלט געקאָנט װערן אַן עמעסער העלד, װען ער װאָלט געװען אויף דער מילכאָמע. נאָר אויפֿן פֿראָנט איז ער ניט געװען. װען ער זאָל געװען אין די ערשטע מילכאָמע־טעג אָנשרײַבן אַ ראַפּאָרט דער נאַטשאַלסטװע, אַז ער בעט, מע זאָל אים שיקן אויפֿן פֿראָנט, װאָלט מען עס גלײַך געטאָן, נאָר ער האָט באַשטימט צװוּאַרטן, אַ קוק טאָן, װיאַזױ זי װעט גײן, די מילכאָמע...

אָבער ווען מע האָט אהער, אין לאַגער, געבראַכט עטלעכע רויטאַרמייער, וואָס זײַנען געווען אין די שלאַכטן, א פּרווו געטאָן, מיט וואָס מע עסט עס, און דערציילט, ווי די דײַטשישע טאַנקען גרײַפן אָן, ווי טשאַטעס מעסערשמיטן פֿליִען אַרום פֿראַנק און פרײַ אין אומבאַשיצטן הימל און באַשיסן אונדזז אומעטום, ווי די באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען באָמבירן אונדזערע פּאָזיציעס, ווי אונדזערע טרעטן אָפּ, האָט לוקאַ סטעפּאַנאָוויטש באַקלערט, אַז מע דאַרף יאָקאָס איבערזיצן די מיל־כאָמע הי.

און ביכדיי עס זאָל אַזוי טאַקע זײַן, מע זאָל אים, כאָלילע, ניט אָוועקשיקן אַפֿן פראָנט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיך סטאַרען אויסנעמען אין די אויגן בא זײַן נאַטשאַלסטווע. און ער האָט זיך געסטאַרעט מיט אַלע קויכעס! אָנגעשטעלט מויל און אויערן. אַפילע זײַנע כאַווײרים, נאַדזיראַטעלעס, ניט געשאַנעוועט. האָט עמעצער פֿון זײַנע באַקאַנטע זיך אַרויסגעכאַפּט מיט א וואָרט — א זאָג געטאָן ניט דאָס, וואָס מע דאַרף, דערציילט אַן אַנעקדאָטל, אָדער א קלאַנג איבערגעכאַזערט, איז ער גלײַך אַוועקגעלאָפן, וווּהין מע דאַרף, און אָפּגעטראָגן, וואָס מע דאַרף. ניט אײנעם האָט ער אַזוי אַוועקגעזעצט...

ואויך איצוויניק, אין לאַגער, האָט ער די „זעקן" געגעבן פאַרזוכן שוואַרצן פעפער. באַמערקט ער עפּעס א קרומע זאַך, אַזוי לויפט ער צום אָפּעראַטיוון באַפּולמעכטיקטן, וואָס איז דאָ, אין לאַגער, געווען דאָס אייבערשטע פון שטייסל. דער אָפּער, דער „קום", ווי די אַרעסטאַנטן האָבן גערופן אָט דעם אָפּעראַטיוון באַפּולמעכטיקטן, איז געווען צופרידן מיט דעם נאַדזיראַטעלס וואַכזאַמקײַט...

און קוואַזימאָדאָ האָט זיך דאָ געפּילט, ווי גאָט אין אָדעס. אַלע האָבן פאַר אים דאָ מוירע געהאַט, געציטערט!

אַזויאַרום, איז ער מיטן לעבן דאָ געווען גאַנץ צופרידן. איין זאַך האָט אים שטאַרק געמאַטערט — דאָס, וואָס ער האָט געהאַט א קליינעם טשין. און שוין אַזויפיל יאָרן האָט מען אים דעם טשין ניט געהעכערט.

דעם צווייטן צענדליק יאָר דינט ער דאָ געטריי, מיט לײַב און לעבן, ערלעך, נאָר פאַרהאַלטן האָט ער זיך אויף איין שטאַפּל — ניט אַהין, ניט אַהער — א סערזשאַנט!..

ער וואָלט שוין געדאַרפט זײַן אַמוויניקסטס א סטאַרשינאַ. ווער נאָך סטאַרעט זיך דאָ, אין דער זאָנע, אַזוי ווי ער?! לאָזט דאָ גאַרנישט ניט דורך! אָט גייט ער, לוקאַ סטעפּאַנאָוויטש, א הויכער, א שטאַרקער, ווי א מויער. דאָס ברייטע מאָנגאָלישע פּאָנעם רויט, ווי א צוויק, אָנגעבלאָזן. די קליינע שטרענגע אויגן לויפן די גאַנצע צײַט אַרום, זיי זאָלן, כאָלילע, גאַרנישט ניט דורכלאָזן. די בלוילעכע, צוגעפּלעטשטע איבערן גאַנצן פּאָנעם, נאָז שמעקט אַלץ אויס. דער גאַנצער אויסזען זײַנער איז א מעסוקן בייזער. ווען איר באַגעגנט אַזאַ פאַרשוין אין וואַלד, צי אין א פינצטער ווינקל, נעמט איר גלײַך אַליין אַראָפּ פון זיך דעם מאַנטל, גיט אים אָפּ דעם זייגער, דעם טײַסטער מיט געלט און אַלץ, וואָס איר פאַרמאָגט, אַבי ער זאָל בא אײַך ניט אָפּנעמען דאָס לעבן...

זײַן אויסזען וואַרפט אָן אויף אײַך א פּאַכעד, און איר דאַנקט גאָט, ווען ער גייט דורך און פאַרטשעפּעט אײַך ניט...

אָט שפּאַנט ער, קוואַזימאָדאָ, איבערן לאַגער און דערזעט, ווי עמעצער פון די „זעקן" שטעלט פיס איבער דעם הילצערנעם טראָטואַר... פאַרלייגט ער זײַנע שווערע הענט אויף דער ברוסט, שפּיזט זיך אײַן מיט זײַנע טײַוולאָנישע אייגעלעך אין יענעם, וואַרט, ביז ער וועט זיך דערנעענטערן, און רופט זיך אָן צו אים:

— זאָג נאָר, פּאַניטש, אַנדערש ביסטו בא דײַן טאַטן ניט געוווינט? דו ווייסט ניט, אַז איבער די ברעטער מעגן גיין די לאַגער־נאַטשאַלניקעס...

— איך בעט אַנטשולדיקן, נאַטשאַלניק...

— בעטסט אַנטשולדיקן? — רופט זיך אָפּ דער סערזשאַנט, — זייער גוט, וואָס דו ביסט אַן איידעלער פאַרשוין. איז אָט אַפן ערשטן מאָל: אָט זעסטו עס שטייט באַם טויער א זאַסטעפּ? זעסט? איז אָט נעמסטו דעם זאַסטעפּ און ביזן „אָטבאָי" זאָלסטו ראַמען דעם שניי... און זאָג א דאַנק... וועל איך דיך נאָכאַמאָל זען אַפן טראָטואַר, וועסטו פאַרפוילט ווערן בא מיר אין „בור". פאַרשטאַנען? וויפּאָלנײַ! טו, וואָס מע באַפוילט דיר!

הײַנט פרעגט איר, פאַרוואָס באַמיִען זיך אַלע אויסמײַדן קוואַזימאָדאָן...

מיר האָט נאָך אָפּגעגליקט.

איך האָב ניט געוווּסט וועגן דער נײַער גזיירע, אַז אַרעסטאַנטן איז שטרענג פאַרווערט גיין מיטן הילצערנעם טראָטואַר. און איך האָב, ווי אַפּצולאָכעס, אָנגעטראָפן אויף דעם פּאַרעך. ער האָט מיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכט מיט זײַנע שטעכיקע אייגעלעך, מיך אויסגעזידלט מיט עטלעכע מיִעסע

ווערטער און א רעגע געטראכט, וואָס פאַר א שטראָף מיר געבן. נאָר איך בין אים פאַרלאָפן דעם וועג:

— גראזשדאנין לייטענאנט, כ'האָב ניט געוווּסט... אנטשולדיקט דאָס ערשטע מאָל.

קוואזימאָדאָס פּאָנעם האָט זיך צעשמייכלט, די אייגעלעך זײַנען נעלעם געוואָרן אין די אַרבי־טעס. איך האָב פאַרשטאַנען, אז מיט דעם, וואָס איך האָב אים אָנגערופן „גראזשדאנין לייטענאנט", האָב איך דערוואַרעמט זײַן נעשאָמע. ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט א צופרידענעם בליק און געזאָגט:

— נו, גוט. זאָל זײַן אזוי. דאָס ערשטע מאָל וועל איך דיך אין קאַרצער ניט אײַנזעצן, נאָר, פאַרגעדענק! זע, זאָלסט זיך צו מיר מער ניט פּאָפּאַדיען. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען, גראזשדאנין לייטענאנט...

ער האָט זיך שוין געלאָזט גיין ווײַטער, און איך האָב פרײַער אָפּגעאָטעמט. נאָר מיטאמאָל האָט ער דערזען אונטער מײַן פּאַכווע א פּאָר ביכלעך, און זיך אָפּגעשטעלט:

— אנו, באַווײַז, וואָס טראָגסטו?

— גענומען בא א כאַווער איבערלייענען...

— אַנטיסאָוועטשינאַ? — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ, — ווייניק, וואָס מע האָט דיך דאָ פאַרשפּאַרט, פאַרנעמסטו זיך ווידער מיט לייענען? וואָס זשע, מע זאָל דיר נאָך אַרײַנהאַקן?..

— ניין, נאַטשאַלניק, — האָב איך א ווונק געטאָן אויף די ביכלעך, — דאָס איז לעוו טאָל־סטאָי... „כאַדזשי מוראַט"... איר האָט אמאָל געלייענט?

ער האָט זיך ארומגעקוקט, ווי מוירע געהאַט, עמעצער זאָל ניט אונטערהערן, און, ווי ער וואָלט מיר איבערגעגעבן א גרויסן סאָד, געזאָגט:

— איך לייען גאָרניט...

— פאַרוואָס?..

— איך לייען קיינמאָל ניט. מע זאָל מיר קיין סראָק ניט געבן... און דיר אייצע אין אויך ווייניקער לייענען... צו גוטס ברענגט עס ניט... אָט יענע, וואָס זיצן בא אונדז, זײַנען געווען קלוי־גיטשקע, מע האָט א סאַך געלייענט, ביז מע האָט זיך דערלייענט...

עפּעס האָב איך אין יענער מינוט בא קוואזימאָדאָן, זעט אויס, ארויסגערופן א ביסל צוטרוי, ער האָט אויסגעטאָן זײַנע גרויסע פוטערנע הענטשקעס, פאַררייכערט און זיך ווידער פּאַרזיכטיק ארומגעקוקט, פאַרגעזעצט:

— פונעם לייענען קומען אלע צאָרעס אויף מענטשן... מערסטנטייל זיצן דאָ בא אונדז אינ־טעליגענטן... די וולאַסט האָט ניט ליב קיין אינטעליגענציע. צו א גרויסער כאָכעם זײַן איז גע־פערלעך. לעבן דאַרף מען איצט זייער פּאָרזיכטיק, זיך ניט מישן אין פּאָליטיק... דאָס איז גע־זינטער... אין ראַסיי האָט מען קיינמאָל ניט ליב געהאַט קיין אינטעליגענציע. דאָס איז א זאַראַזע, קיינמאָל איז זי ניט צופרידן... האָסט דאָס שטיקל ברויט, האָסט א דאַך איבערן קאָפּ, זיץ און האָוקע ניט!..

ער האָט ווידער געוואָרפן א סקעפּטישן בליק אויף מײַנע ביכלעך, געשמאַק אויסגעשפּיגן און זיך געלאָזט גיין ווײַטער.

מײַנע שכיינים האָבן מיר געזאָגט, אז ווען מע באַגעגנט דאָ קוואזימאָדאָן אין, דעריקער, אז ער שטעלט עמעצן פון די אַרעסטאַנטן אָפּ, איז דאָס א שלעכטער סימען, פּונקט ווי א שוואַר־צער קאָטער לויפט דיר איבער דעם וועג...

און ווי אין וואַסער געקוקט!

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט, כ'בין אַרײַן אין באַראַק און זיך גענומען אויסטאָן, עפּשער וועל איך קאָנען א פּאָר שאָ זיך אויסשלאָפן נאָך דער שווערער באַנאַכטיקער וואַכטע, איז געקומען קוואזימאָדאָ און א ווונק געטאָן צו מיר:

— פּאַשלי... אין קאַנצעלאַריע וואַרט מען אויף דיר!.. — האָט ער א בורטשע געטאָן.

— מיט אײַער קאַנצעלאַריע האָב איך ניט קיין געשעפטן, — האָב איך געזאָגט.

— אנו, פּלאַפּל ניט! — האָט ער זיך אויף מיר צעשריגן, — ווערסט זײַן א קלוגער, ווערסטו בא מיר אַרײַנפאַלן אין „בור"... הײַדאַ, גיכער!

— אויב אזוי, לוקאַ סטעפּאַנאָוויטש, — בעט איך, עס זאָלן מיט מיר גיין צוויי מענטשן... צוויי אָדער דרײַ „זעקן"...

— צוליב וואָס? ווערסט אליין אהין דעם וועג ניט געפינען?

— צוליב דעם, קעדיי דער באַראַק זאָל וויסן, וואָס מע וועט דאָרטן מיט מיר ריידן... איינער אליין וועל איך ניט גיין...

קוואזימאָדאָ האָט געשריגן אויף מיר, געדראָט, געזידלט, נאָר איך בין באַשטאַנען אויף מײַנעם.

אין דער באַגלייטונג פון צוויי שכיינים בין איך געקומען אין דער גרויסאַרטיקער קאָנטאָר.

— וואָס איז געשען? צוליב וואָס האָט מען מיך אַהער אַרויסגערופן?

לאָזט זיך אויס, עס איז געקומען פון אוקראַינע אַן אויספאָרשער, וואָס האָט מיך געוואָלט אויספרעגן וועגן אַ באַוווסטן איבערזעצער, וועלכן איך קען גוט.

אַ מיטליאָריקער פאַרשוין אין אַ לאַנגן פעלץ איז געזעסן אין אַן אומגעלומפּערטן גרויסן קאַלטן צימער, מיך אויפמערקזאַם באַטראַכט, באַזונדערס דעם גרויסן נומער אויף מײַן לאַגער־בושלאַט. עפּעס אַ באַקאַנט פּנים, נאָר ווו האָב איך אים געזען? כ'האָב זיך בעשום־אופן ניט געקאָנט דערמאָנען, זעט אויס, פון מײַנע אויספאָרשער פון קיִעוו.

איך האָב זיך דערמאָנט אין זיי, וועלכע האָבן מיך קימאַט אַ יאָר צײַט געמאַטערט, און אָפּ־געפירט דעם בליק פון דעם נפעש, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזאַ לאַנגן וועג, קעדיי מיך עפּעס אויספרעגן.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז קיין לאַנגן געשפּרעך מיט מיר וועט ער ניט פאַרפירן, איך האָב ניט גערן געענטפערט אויף זײַנע ערשטע פראַגן, וואַרטנדיק אויפן איקער, צוליב וואָס האָט ער זיך אַהער געשלעפּט? לעסאָף איז ער צוגעטראָטן צום איניען.

— צי קענט איר דעם מיטגליד פון שרײַבער־פאַריין ראַיצין?

— יאָ, איך בין מיט אים באַקאַנט.

— דערציילט. געניי וועגן זײַן אַנטיסאָוועטישער, נאַציאָנאַליסטישער, שפּיאָנישער טעטי־קײַט...

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם פאַרשוין, וואָס האָט אַקוראַט געשריבן דעם פּראָטאָקאָל.

— דאָס איז געווען אַ גוטער איבערזעצער... ער האָט איבערגעזעצט זייער גוט שאָלעם־אַלייכעמס ווערק...

— וויאַזוי ער האָט איבערגעזעצט שאָלעם־אַלייכעמס ווערק, אינטערעסירט אונדז איצט ניט... איר דערציילט וועגן זײַן אַנטיסאָוועטישער טעטיקײַט... — האָט דער אויספאָרשער געהעכערט דעם טאָן.

— אויב איר וועט מיט מיר אַזוי ריידן, וועט איר ריידן צו דער וואַנט! — האָב איך איבער־געשלאָגן דעם אויספאָרשערס אָנווײַזונגען. — איך ענטפער אויף אײַער פראַגע. און שרײַבט אַזוי ווי איך זאָג. ראַיצין האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרנומען מיט אַנטיסאָוועטישער, שפּיאָנישער טעטיקײַט. ער איז אַ סאָוועטישער מענטש, אַזוילכן האָב איך אים געקענט... אַזוי פאַרשרײַבט. וועט איר פאַר־שרײַבן אַנדערש, וועל איך ניט אונטערכאַסמענען.

די טיר האָט זיך פּלוצעם צעעפנט, און עס איז אַרײַנגעקומען אין צימער דער „אָפּער". אַ קליין מענטשעלע, אַ בייזס, אַן אָנגעדראָלנס, מיט צוויי גרויסע, עטוואָס אויסגעסטאַרטשעטע גרינע אויגן. אויף זײַן לענגלעך טרוקן פּנים האָבן זיך באַוועגט קורץ אונטערגעהאַקטע בלאָנדע וואָנ־צעלעך, אַ סוואָרע צוליב דעם, ער זאָל אויסזען עטוואָס סאָלידער. ער האָט געטראָגן אַ פּאָר שוואַר־צע פוישטן, אַ ווײַסן פעלץ, וואָס האָט אים אײַנגאַנצן געמאַכט פאַר אַ נעבעכל, אַ מאַפּעלע. אָבער ניט געקוקט דערויף, איז ער דאָ געווען די סטראַשידלע פאַר אַלע „זעקן", ליב געהאַט נעמען נע־קאָמע אין זיי און איבער זיי זיך איזדיעקעווען, ווי נאָר ער האָט געקאָנט. ער האָט זיך צוגעזעצט בא דער זײַט, אַראָפּגענומען די אושאַנקע, פאַריכט אויפן קאָפּ די עטלעכע צענדליק שיטערע האָר און אָנגעשפּיצט אויף מיר די אויגן, פאַרשטייענדיק לויט דער נאָז פון מײַן אויספאָרשער, אַז ער איז ניט צופרידן פון מײַנע ענטפערס און פון מײַן אויפירונג.

— זאָגט איר זיך אָפּ דערציילן דער אויספאָרשונג וועגן דער אַנטיסאָוועטישער טעטיקײַט פון אײַער קאָלעגע לויט דער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט? — האָט יענער בייז געקוקט אויף מיר.

— איך זאָג זיך אָפּ ריידן אויף מײַן קאָלעגע ליגן! ער איז אַן ערלעכער מענטש. און דאָס קאָנט איר פאַרשרײַבן. ניט מער...

דאָ האָט זיך אײַליק אַרײַנגעמישט דאָס קליינע מענטשעלע, דער „אָפּער". ער האָט געוואָרנט, איך זאָל ניט פאַרגעסן, ווו איך געפין זיך. און אַז דאָ קאָן מען מיך אויסלערנען... ענטפערן...

— יאָ, דאָס ווייס איך, נאָר קיין רעכילעס אויף מײַנע באַקאַנטע וועל איך סײַוויסײַ ניט צו־טראַכטן. קימאַט אַ יאָר צײַט האָט איר מיך געהאַלטן בא זיך, אין אײַער „קיִעווער אַקאַדעמיע", און איר ווייסט גוט, אַז איך האָב קיינעם ניט באַרעדט און אויף זיך ניט אויסגעטראַכט קיין ווילדע זאַכן...

אויף אַזאַ דערעך איז געגאַן דער געשפּרעך צווישן מיר און דעם געקומענעם אויספאָרשער.

דער „אָפּער" איז געווען אויפגעבראַכט. קענטיק, אַז ער האָט טאַקע ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס אַמפּער איך זיך און וויל ניט אונטערשרײַבן דאָס, וואָס דער „גאַסט" פאָדערט פון מיר? וואָס זשע, איך ווייס דען ניט, אַז פון דעם לאַגער איז נאָך דערווײַל קיינער ניט אַרויס אויף דער

פרײַ? אין יעדער מינוט קאָן מען מיר דאָ פאַרגרעסערן דעם טערמין. און יענער, אױף וועמען איך וועל „געבן גוטע באַוויזן", וועט מיך מער קיינמאָל ניט זען, פונקט ווי איך אים ניט. נאָר אויך אָט דער „אַרגומענט" פון דעם ניזהעריקן פילאָסאָף האָט אױף מיר קיין ווירקונג ניט געהאַט. דאָס מאַפּעלע איז אופגעזאָטן געוואָרן:

— נישקאָשע, איך וועל אײַך העלפן, כאַווער מאַיאָר!

דאָס קליינע מענטשעלע איז אופגעשפּרונגען פונעם אָרט. דאָס טרוקענע פּאָנעם באַם „אָבער" איז געוואָרן רויט, ווי א בוריק. ער איז אַרויסגעלאָפן פון צימער, זיך פאַרהאַלטן אױף א פּאָר מינוט אין קאָרידאָר און זיך אומגעקערט מיט קוואַזימאָדאָן.

יענער איז געבליבן שטיין אױף דער שוועל, ווי א סטורקאַטש, געקוקט אױף מיר א לאַנגע רעגע און א מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— פּאַשלי!

בײַס איך האָב איבערגעטראָטן די שוועל, האָט ער מיך אונטערגעשטויסן מיט דעם עלנבויגן.

דער פּראָסט האָט געשניטן דאָס פּאָנעם. אַן אַכזאָריעסדיקער צאָפּן־ווינט האָט געבושעוועט, געשלײַדערט פון די פיס. ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. איך האָב אופגעהויבן דעם בליק אױף מײַן באַגלייטער. קוואַזימאָדאָ האָט אױף מיר געקוקט ווי ריאַבטשיק אפן טאָטן, געווען אופגערעגט און איז גרייט געווען מיך צערײַסן.

— פּאַשלי, שטעל פיסלעך, שערעץ! גאַד! קוק זיך ניט אַרום. שנעלער!..

איך האָב ניט געקאָנט דערקענען קוואַזימאָדאָן, ניט פאַרשטאַנען, וואָס איז מיט אים הײַנט געוואָרן, פאַרוואָס איז ער אַזוי שטרענג צו מיר?

— קוזמאַ סטעפּאַנאָוויטש, וווהין פירט איר מיך?

— דו ווייסט נעבעך ניט? וויפל מע לערנט דיך ניט, און דו טוסט זיך דײַנס! איך האָב דיר וואָס געזאָגט? אַז מע דאַרף לעבן גוט מיט נאַטשאַלסטווע. מע דאַרף לעבן פּאַרזיכטיק... דער "אָפּער" קאָן פון דיר מאַכן א האַנטשעריקע, אַז ער וויל. ער קאָן אױף דיר אַזוינס אָנשרײַבן, זאָלסט קיינמאָל ניט זען די פרײַ...

ער האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, דער אופגערעגטער נאַדזיראַטעל, פאַררייכערט א ציגאַר און אויך מיר אַרײַנגעשטעקט אין האַנט א ציגאַרל:

— נעם גיכער, פאַררייכער! אין „בור" וועסטו ניט קאָנען רייכערן. זאָלסט קיינעם ניט דערציילן, אַז איך האָב מיט דיר אין וועג גערעדט און געגעבן פאַררייכערן... מע קאָן אויך מיר דערפאַר געבן א סראָק... אײַנזעצן...

אומגלייבלעך, נאָר אַזוי האָט קוואַזימאָדאָ מיך געפירט אין „בור", אין דעם שרעקלעכן אָרט, אין קאַרצער, הייסט עס. דער „אָפּער" האָט דאָך געזאָגט, אַז מע קאָן מיך דאָ צווינגען אַלץ אונטערשרײַבן...

יאָ, וואָס־וואָס, נאָר דאָס קאָן ער! דאָס איז אין זײַן מאַכט. נאָר איך בין שוין א געשראָקענער. אַזאַ צײַט בין איך אין די הענט בא ראָצכים און מײַן געוויסן איז רײַן. וואָס עס זאָל ניט זײַן, נאָר טרײַבן רעכילעס אױף מענטשן, גיין קעגן מײַן געוויסן — קיינמאָל! דאָס וועלן זיי זיך ניט דערשלאָגן!..

קוואַזימאָדאָ האָט מיך אַרײַנגעפירט אין א טויער, וואָס איז געווען געדיכט פאַרצויגן מיט שטעכלדראָטן. א קליינע הילצערנע געבײַדע מיט א פּאָר שמאָלע פענצטערלעך — אַמבראַזורעלעך. בלויז קיין אַוטאָמאַטן האָבן פון דאָרטן ניט אַרויסגעקוקט. עס איז אַרויסגעגאַן אַנטקעגן א קאָנוואָיר אין א לאַנגן קאָזשוך — שאָפּן־פעלץ, אַרויסגעכאַפּט א גרויסן שליסל און אופגעעפנט א שלאָס. א שווערע טיר האָט זיך צעעפנט, און איך האָב דערזען פאַר זיך א צימערל — הוילע ווענט, וואָס זײַנען געווען פאַרצויגן מיט אײַז. אפן קליינעם פענצטערל — אײַז, שניי, א הוילע, פאַרשנייטע נאַרע.

קוואַזימאָדאָ האָט א קוק געטאָן מיט אומעטיקע אויגן אױף דער קליינער, פאַרקאָוועטער אין אײַז און שניי, טורמע־קאַמער. באַפוילן אַראָפּנעמען פון זיך דעם בושלאַט, די וואָליקעס, דאָס טורמע־רעקל, די הויזן, און איך בין געבליבן אין איינעם וועש, עמעס ,די שקאַרפּעטקעס האָט ער געהייסן איבערלאָזן. אין דער רעגע האָב איך אומגעריכט איבערגעכאַפּט א מיטלײַד־געפיל אין זײַן בליק.

יענער, וואָס האָט אופגעעפנט די טיר, האָט מיר אַרײַנגעטראָגן א שטיקל איבערגעפרוירן ברויט, א קווערטל וואַסער און מע האָט פאַרהאַקט די טיר, איבערגעלאָזט מיך הינטערן גרויסן שלאָס. אין די אויערן האָט געגרילצט בא מיר קוואַזימאָדאָס קאָל, ניט אַזוי די ווערטער, ווי דער נוסעך, מיט וועלכן ער האָט א בורטשע געטאָן:

— די אינטעליגענציע... וויפל מע לערנט זיי ניט, און זיי...

געשמאַק אויסגעזידלט האָט זיך דערבײַ קוואַזימאָדאָ, זעט אויס, דער צווייטער נאַדזיראַטעל

זאָל הערן אין זען, אז ער, לוקא סטעפּאַנאָוויטש, איז אומראַכמאָנעסדיק בענעגייע די „סאָנים פון פאָלק".

פינף טעג און פינף נעכט אָט דאָ, אין דעם שוידערלעכן אײַז־קעלטער, האָבן זיך געצויגן, ווי די אייביקייט. עס איז ניט געווען צו פאַרשטיין, ווי־אַזוי האָב איך געקאָנט איבערטראָגן די דאָזיקע עקזעקוציע.

מע האָט מיך געבראַכט אויף א טראַגבעטל, א הונגעריקן, און איבערגעקאָוועטן אין באַראַק. מײַנע שכיינים זײַנען זיך צונויפגעלאָפן און פון אַלע זײַטן געוואָרפן אויף מיר פּופּײַקעס, בושלאַטן, געטראָגן אַקרעפּ, מיך געפּאָיעט.

באַנאַכט האָט זיך אופגעהויבן די היץ. עמעצער האָט מיר געבראַכט טאַבלעטקעס. און די היץ איז א ביסל אָפּגעטראָטן.

אַלפּי נעס בין איך געקומען א ביסל צו־זיך. מײַנע שכיינים, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צײַט באַצויגן צו מיר מיט צוטרוי און אכטונג, האָבן זיך צו מיר פון דעם טאָג אָן באַצויגן נאָך בעסער. מע האָט פאַרשטאַנען, אז אויב מע איז זיך מיט מיר אַזוי מיִעס באַגאַנגען בייס אָן אויספרעג, דערצו נאָך פון א געקומענעם אויספאָרשער, הייסט עס, אז יענער האָט זיך פון מיר גאָרנישט ניט דער־שלאָגן און האָט זיך אומגעקערט מיט גאָרניט.

און איך בין אויסגעוואַקסן אין די אויגן פון די אַרומיקע. הייסט עס, איך האָב אויסגעהאַלטן א שווערן עקזאַמען און בין „אָן עמעסער מוזשיק", אויף וועלכן מע קאָן זיך פאַרלאָזן.

די ידיעה וועגן דעם, אז מע האָט אין די מאָסקווער קאַזעמאַטן פון קגב צעשאָסן אונדזערע גרעסטע שרײַבער, האָט מיך דערשיטערט, ניט געלאָזט רוען. וואָס־וואָס, נאָר אַזוינס האָב איך ניט געקאָנט באַנעמען, אין דעם ניט געקאָנט גלייבן. דאָס האָט זיך ניט געלייגט אויפן זינען. די וועלט האָט נאָך ניט געוווּסט פון אַזא פאַרברעכן! אויסטראַכטן א בילבל אויף די בעסטע זין פון אונדזער פאָלק און דערנאָך זיי פיזיש פאַרניכטן, דאָס האָט געקאָנט טאָן בלויז אָן אויסערגעוויינלעכער מאַר־ניאַק, א טאַליען! איך האָב ניט געקענט צוזוכן קיין געהעריקע שטראָף פאַר דע טאַליען. אויב דאָס איז עמעס, הייסט עס, אז עס איז סאָף וועלט! די גאַנצע צײַט האָבן מיר זיך דורך די נעכט געכאַלעמט איציק פעפער, פּערעץ מאַרקיש, לייב קוויטקאָ, דאָוויד בערגעלסאָן, דאָוויד האָפשטיין, דער ווונדערלעכער אַקטיאָר בינימין זוסקין... אַזעלכע מענטשן, טאַלאַנטן ווערן געבוירן זייער זעלטן. זיי האָבן געשאַפן אַזויפיל גרויסע ווערק. קיין שום טאַליען אין דער וועלט וועט זיך ניט אײַנגעבן אויסמעקן זייערע נעמען פון דער געשיכטע. ווי האָט זיך געקאָנט אופהייבן די האַנט אויף זיי? עס האָט זיך ניט געוואָלט גלייבן, נאָר גאָר אינגיכן זײַנען אַהער געקומען נײַע עטאַפּן און מע האָט מיט פּאַכעד דערציילט וועגן דער שרעקלעכער האַריגע.

וואָס זשע טוט זיך דאָרטן אויף דער פרײַ? וויפל וועט זיך נאָך ציִען אָט די שוידערלעכע גאַז־געוואַיסטווע?

און, קוקנדיק אויף די מענטשן, וואָס האָבן זיך טאָגטעגלעך ארײַנגעגאָסן אין אונדזערע לאַ־גערן, — הונדערטער נײַע אומשולדיקע מענטשן, — האָב איך פאַרשטאַנען, אז קיין סאָף צו דעם גרויזאַמען טעראָר זעט מען נאָך ניט. עס איז געווען א ווייטיק, וואָס אונדזערע גדוילים האָט מען פאַרניכטעט אַזוי אַכזאָריעסדיק. וואָלט מען זיי כאָטש פאַרשיקט אין דעם גענעם, וווּ מיר געפינען זיך, וואָלט אַמאָל עפשער געקאָנט געשען, אז מע זאָל זיי ארויסלאָזן אויף דער פרײַ. מיר האָבן ניט געוווּסט, וואָס וועט מען דאָ מיט אונדז טאָן, צי וועלן מיר זיך אַמאָל דערוואַרטן אויף בעסערע צײַטן, אויף א נעס. אויב מיט אונדז קאָן אַמאָל געשען א נעס, טאָ מיט די דערמאָרדעטע פרײַנט אונדזערע קאָן שוין קיין נעס ניט געשען.

און אָט ערשט ניט לאַנג האָב איך זיך ווידער איבערצײַגט, אז די גזיירע ענדיקט זיך נאָך ניט. עטלעכע טויזנט קילאָמעטער האָט זיך געשלעפּט אַהער, אין עק וועלט, אָן אויספאָרשער פון קיִעוו, קעדיי ארויסרײַסן בא מיר א „באַווײַז" אויף אָן איבערזעצער, וואָס איז גאָט די נעשאָמע שולדיק, וועלכן מע וויל מעלדן אַלס „סוינע פון פאָלק"...

איך בין, זעט אויס, ארײַן אין נאָך איין „שוואַרץ צעטל". דאָס, וואָס איך האָב ניט געהאָלפן די אָרגאַנען „אופדעקן" נאָך איין „סוינע פון פאָלק" און זיך אָפּגעזאָגט באַריידן א מענטשן, וועט מען מיר ניט מויכל זײַן. א סימען איז געווען דאָס, וואָס נאָך דער שאַכטע האָט מען מיך מיט א גאַנצער כאַליאַסטרע „אַקשאָנים" געטריבן רייניקן דעם שניי אויף די וועגן. און קוואַזימאָדאָ איז אַליין אָפּטער געקומען אַהער, געשפּירט, מיר זאָלן בעסער אַרבעטן, ניט רוען, ניט פאַרנעמען זיך מיט סאַבאָטאַזש...

איידער מע האָט מיך פאַרשפּאַרט אין „בור", פלעג דער פאַרשוין מיט דער גראָבער רויטער מאָרדע און צעפלעטשטער נאָז איבערן גאַנצן פּאָנעם, דער יויצער־מעשאָרעס פון די הענקער, וואָס האָט נאָך אַליין ניט געקאָנט זיך דערהדינען צו אָן עלטערן סערזשאַנט אָדער סטאַרשינאַ, ארויסרופן

בא מיר א פארטײַעטן ראכמאָנעס, כ'האָב אפילע עטלעכע מאָל גוטהארציק געשמייכלט צו אים. איצט האָב איך ניט געקאָנט קוקן אַף זײַן פּארצעף. אויסגעווײלט א פּאָר מינוט, ווען איך בין געשטאנען ווײַטלעך פון מײַנע כאווײרים און אָפּגעוואָרפן מיט דער גרויסער פאניער־לאָפּעטע דעם שניי, איז ער צוגעגאַן, מיך פארטשעפּעט מיט דעם עלנבויגן און געזאָגט:

— איך זע, אז דו בייזערסט זיך אַף מיר, וואָס איך האָב דיך אויסגעטאָן נאקעט אין „בור". נאָר אזא איז דער פּאָריאַדאָק, די אָרדענונג. בא מיר איז אזא סלוזשבע. דאָס איז מײַן שטיקל ברויט. דערפאר צאָלט מען מיר געלט און מע גיט מיר אָבמונדיראָווקע...

א טראכט געטאָן, האָט ער צוגעגעבן:

— און דו ביסט אליין שולדיק... געקומען אַן אויספּאָרשער פון ק׳עוו און געפרעגט אַף דײַנעם א באקאנטן. געווען געדארפט זאָגן אַף אים, אז ער איז א קאָנטריק, א סוינע... וואָלט דער „אָפּער" דאָ אַף דיר געקוקט מיט אנדערע אויגן... וואָס האָסטו געזאָגט, אז יענער איז א לײַטישער מענטש?.. און יענער נאטשאלניק, וואָס איז אהער געקומען, איז געווען בייז אַף דיר. ער וועט ניט באקומען נאָך א שטערנדל אַף די פּאָגאָנעס... דאָ דארפסטו טראכטן וועגן זיך, דיר זאָל זײַן גוט און ניט יענעם... ביסט א טעמפּער קאָפּ, זע איך. ווילסט ניט לעבן רו׳יק אפילע דאָ, ווען דו האָסט דײַן צענער׳ל באקומען.

א פּארשאָלטענער קאַנט...

די פּרעסט מיט די זאווערוכעס האָבן זיך שטארקער צעהוליעט, גענומען באווײַזן, אַף וואָס זיי זײַנען פעיק. דאָרטן, אַף דער גרויסער ערד, האָט מען שוין לאַנג באגעגנט דעם פרילינג און פארזייט די פעלדער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן מארט כוידעש. נאָר בא אונדז, פון יענער זײַט דראָט־פארצוימונגען, איז נאָך דער טײַך געווען פארקאָוועט אין אײַז, פארשאָטן מיט שניי.

און מיר האָבן געהאט צו טאָן מיט די שנייען. באטאָג און באנאכט זיי אופגעראמט, און אומעטום זײַנען אופגעקומען שניי־בערג, ווענט פון שניי און עס האָט נאָך אלץ ניט אופגעהערט שיטן און שיטן.

קוואזימאָדאָ האָט ניט געלאָזט רוען. ער האָט ניט געוואָלט וויסן — עס שיט א שניי, עס שיט ניט, נאָר די וועגן דארפן זײַן אָפּגערייניקט. נאטשאלסטווע זאָל זײַן צופרידן, וואָס אַף דער גאנצער טעריטאָריע פונעם לאגער איז אַן אָרדענונג, מע קאָן פרײַ דורכגיין, דורכפאָרן.

און קוואזימאָדאָ איז ארומגעגאַן, ווי א שטאָט־באלעבאָס, איינעם אויסגעזידלט, לעמײַ ארבעט ער פּאַוואָליע, דעם צווייטן צוגעזאָגט, אז ער וועט אים שטרענג באשטראָפן, אויב ער וועט ניט ארבעטן אקוראטער. ווו נאָך האָט ער זיך געפילט אזוי גוט, ווי צווישן די „זעקן", וועלכע האָבן אויסגעפּילט אלע זײַנע באפעלן?!..

א פּעלץ האָט ער געהאט א גוטן, פוישטן, א הוט — ווי עס דארף צו זײַן, האָט ער געחערט די פּרעסט מיט די זאווערוכעס פאר א דרײַער. זיך געיאָוועט אַף איין באצירק, אַפן צווייטן אומדערוואַרט און זײַן הייזעריקער באריטאָן האָט זיך געהערט גאנץ ווײַט.

— כעוורע, פּאָרזיכטיק! קוואזימאָדאָ גייט!..

און דאָס איז געווען ווי אַן אליארם־סיגנאל פאר אלעמען. מע האָט זיך ענערגישער גענומען צו דער ארבעט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער מארט. קוואזימאָדאָ איז עפּעס מיטאמאָל שטילער געוואָרן. ער איז מיטאמאָל געפאלן בא זיך. אופגעהערט זידלען די מענטשן. עפּעס א מין גלײַכגילטיקײַט איז אַף אים אָנגעפאלן. און מיר האָבן אַף אים געקוקט מיט פרעגנדיקע בליקן:

— וואָס איז געשען, נאטשאלניק, איר זײַט ניט קראנק?

קוואזימאָדאָ האָט אוועקגעמאכט מיט דער האנט:

— ווען איך בין קראנק, איז כאפּט עס די כאָליערע, — האָט ער ארויסגעזאָגט מיט א געפאלענער שטים, — ערגער איז דאָס, וואָס אונדזער פּאָטער איז זייער קראנק... מיט אים האלט עס שלעכט, גיט מען איבער...

— וואָס זשע, נאטשאלניק, איר האָט נאָך א פּאָטער? — האָבן מיר פארוווּנדערט געקוקט אַף דעם פארומערטן באיאָרטן נאדזיראטעל.

— מײַן באטקאָ איז שוין פון לאַנג אַף יענער־וועלט... — האָט ער געזאָגט. — דער פּאָטער פון אלע פעלקער איז קראנק, — האָט ער מיט א געפאלענער שטים שטילערהייט, סוידעסדיק ארויסגעבראָכט, — יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש... עס האלט שלעכט... טאָמער וועלן אים די דאָקטוירים ניט אָפּראטעווען, איז ביטער...

דאָס איז געווען פאר אונדז א נײַס. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט. די יעדי׳ע האָט אונדז געבראכט א שטיקל באפרײַדיקונג און אַן אופגערודערטע האָפענונג.

קוואזימאָדאָ, דאכט זיך, האָט שוין כּראַטע געהאט, וואָס ער האָט אונדז אָנגעזאָגט די בסורע. ער האָט ניט געפילט, עמעצער פון אונדז זאָל ארויסזאָגן מיטגעפיל, צאַר, ער האָט מיט קאַס א שפּײַ געטאָן און איז שנעל אוועקגעגאנגען.

אַף מאָרגן האָבן מיר זיך שוין דערוווּסט, אַז עס איז געשטאָרבן דער „גענ.יאַלער פאָטער פון אַלע פעלקער", אַז „מיר זײַנען געבליבן יעסוימים"...

אין די באַראַקן, אין אַלע ווינקעלעך האָבן זיך צונויפגענומען רעדלעך און מע האָט באַהאַנדלט די געשעענישׁ, זיך מעשאַער געווען, וואָס וועט איצטער זײַן, ווער וועט פאַרבײַטן די „וואָנצעס". צי וועט ווערן בעסער אָדער נאָך ערגער.

קוואזימאָדאָ און זײַנע קאָלעגן האָבן זיך ארומגעדרייט אין די באַראַקן, צוגעלייגט אוימעטום אַן אויער, געווען אָנגעדראָלן, בייז, נאָר געשוויגן. אָבער ווי עס זאָל דאָרט ניט זײַן, איז שוין בא קוואזימאָדאָן ניט געווען יענער האָנער, יענער שטעל, ווי מע וואָלט אים פאַרביטן. ער האָט זיך באַמיט ניט פאַרפירן קיין געשפרעך מיט די „זעקן". אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַף זייערע פּנ־עמער זעט מען ניט קיין טרויער...

מע האָט געבראַכט אין באַראַק צו אונדז א שוואַרצן ראַדי.אָ־טעלער, אויפגעהאַנגען אַף א סלופּ פון די נאַרעס און באַפוילן, אַז ווען מע וועט דעם אָרן פונעם „גרעסטן פרײַנט פון אַלע פעלקער" ארײַנטראָגן אין מאַווזאָליי און הודאָקן וועלן טרויעריק זיך צעהודיען, זאָלן די „זעקן" זיך אויפהייבן פון די נאַרעס און שטיין ניט גערירט, אָפּגעבן קאָוועד דעם „געני".

אַלע זײַנען געזעסן אַף די ערטער אין באַראַק, פאַרטאָן אין זייערע דײַגעס, מיט איין אויער זיך אײַנגעהערט אין דעם, וואָס די ראַדי.אָ האָט גערעדט. נאָר גראַדע דאַן, ווען מע האָט געמאָלדן די שטילע מינוט און מע האָט געדאַרפט אויפשטיין, האָבן דאָס אַלע אינגאַנצן „פאַרגעסן". מע איז געזעסן. ווער עס האָט געהריזעט א שטיקל סוכאַר, ווער פאַרנייט דעם בושלאַט, פאַריכט די פּוישטן, געקערט דעם דיל...

קוואזימאָדאָ, וואָס איז גראַדע אין יענער צײַט געווען אין באַראַק, האָט מיט האַס געקוקט אַף די מענטשן, וואָס האָבן ניט אויסגעפילט דעם באַפעל, געווען רויט און גרין, ניט געוווּסט, וואָס ער דאַרף טאָן. און א שפּײַ געגעבן, זיך אויסגעזידלט, ווי א לעצטער בינדיוזשניק אין אָדעס:

— קיין געוויסן בא אײַך נישטאָ... געשטאָרבן אַזא מענטש, און איר?!..

און איז נעלעם געוואָרן.

אַף מאָרגן, ווען די נאַדזיראַטעלעס האָבן אראָפּגענומען דעם שלאָס פון דער טיר און באַפוילן, מיר זאָלן ארויסגיין זיך אויסשטעלן און גיין אַף דער אַרבעט, האָט זיך קיינער ניט גערירט פון אָרט. ניט געלייגט קיין אכט, וואָס די אויפזעער זײַנען ארומגעלאָפן, זיך געזידלט, געדראָט. די שכײַנישע באַראַקן האָבן זיך אויך ניט גערירט פון אָרט. עס האָט זיך אָנגעהויבן א שטילער שטרײַק. ווײַזט אויס, אַז דער נאַטשאַלניק פון לאַגער האָט פאַרשטאַרקט די וואַך בא די טויערן, און פון יענער זײַט דראָט־פאַרצוימונגען זײַנען ארומגעגאַן קאָנוואָירן מיט הינט. פון די שאַכטעס האָבן זיך געטראָגן לאַנגע הודאָקן, נאָר קיינער איז אַהין, אַף דער אַרבעט, ניט געגאַן.

דער שנייַ האָט געשאָטן, און קיינער איז ניט ארויסגעגאַן אים אויפראַמען. דער גאַנצער ארום האָט אויסגעזען, ווי ערעוו א גרויסן שטורעם.

קיינער ווייסט ניט, וויאַזוי זײַנען אַהער דערגאַנגען קלאַנגען וועגן דעם, אַז אין שכײַנישן לאַגער האָט מען אויפגעהויבן א בונט, און א גרויסע גרופּע מענטשן האָט זיך ארויסגעריסן פון די דראָט־פאַרצוימונגען, מיט רויטע פאָנען אין די הענט האָט מען זיך געלאָזט צו דער אײַזנבאַן, קעדיי זיך דערקלײַבן קיין מאָסקווע, דערציילן, ווי מע איזדיעקעוועט זיך דאָ איבער אומשולדיקע מענטשן. מע האָט ארויסגערופן מיליטער. טאַנקען האָבן זיך באַוויזן אין דער אומגעגנט. א שטאַרקער אומרו האָט געהערשט אין דעם פאַרשאָלטענעם קאַנט.

אין א פּאָר טעג ארום האָט מען געלייענט די ווענדונג צו די אַרעסטאַנטן. מע האָט אָפּגע־שאַפן דאָס האַלטן אונדז נאָך דער אַרבעט הינטער די שלעסער, דערלויבט שרײַבן אַהיים בריוו ניט איין מאָל אין א האַלב יאָר, נאָר יעדן כוידעש, דערלויבט קורצע באַגעגענישן מיט די פאַמיליעס. צוגעזאָגט א שטיקל אַמניסטיע...

די דאָזיקע מעלדונג, וואָס איז געגאַן אין נאָמען פונעם הויפּט־טאַליען בערי.אַ, האָט דאָ עטוואָס אָפּגעשוואַכט דעם אויפברויז, און דער אוילעם האָט אָפּגעשטעלט דעם שטרײַק, אָנגעהויבן ארויס־גיין אַף דער שאַכטע.

די נאַטשאַלניקעס האָבן א ביסל אָפּגעלאָזט די ווישקעס. אַלע האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז די לאַגע איז ניט קיין פּראָסטע. דער אוילעם איז אויפגעבראַכט, וואַרט אַף פאַרלײַכטערונגען. אַף ענ־דערונגען.

אַלע האָבן זיך פאַרטײַעט, ארויסגעקוקט, ווי וועט זײַן ווײַטער, ווער וועט קומען צו דער מאַכט, ווער וועט פאַרבײַטן דעם „גענ.יאַלן פאָטער פון אַלע פעלקער". די לאַגערניקעס האָבן געהאָפט, אַז

מע ווײסט זיי באַפרײַען פון דעם געפֿעם. די נאַטשאַלניקעס זײַנען געווען שטאַרק באַומרויִקט — זיי האָבן מוירע געהאַט, מע זאָל ניט ליקווידירן די שטעטלדראַטן און מע זאָל ניט פאַרלירן די הויכע שטעלעס מיט די גרויסע געהאַלטן.

אין די דאָזיקע אומרויִקע טעג האָט מען איבערגעפֿירט אַהער אַ פּאָר צענדליק אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון שפּיטאָל. אַן עלטערער מענטש, אַ לענינגראַדער פּראָפעסאָר, האָט מיך געפֿונען און געזאָגט, אַז ער האָט געבראַכט מיר אַ גרוס פון איינעם זייער אַן אינטערע־סאַנטן מענטשן, אַ ליטעראַטאָר, וואָס ליגט שוין עטלעכע כאַדאָשים אין שפּיטאָל: יעכעזקל דאָברו־שין. אַ האַרציקער מענטש, אַ גלענצנדער ליטעראַטור־קריטיקער, אַ דראַמאַטורג. שוין עלטערע יאָר געפֿינט ער זיך אין לאַגער און מאַטערט זיך פון אַן אַ שיר קרענק. כאַדאָשימווײַז מאַטערט ער זיך דאָרטן.

דער מענטש איז געלעגן בעטל לעבן בעטל מיט דאָברושינען אין שפּיטאָל. און ווען די כאַלאָים האָבן זיך דערוווּסט, אַז דער טיראַן האָט אָפּגעגעבן גאָט זײַן נעשאָמעלע, האָט דאָברושין, ניט מוירע האָבנדיק פֿאַר די אַרומיקע, אַרויסגעבראַכט עטלעכע געציילטע ווערטער:

— לעסאָף זיך דערלעבט דעם טאָג... איצט וועל איך שוין קענען רויִק שטאַרבן...

און פֿאַר מײַנע אויגן איז אין דער מינוט אויפֿגעשטאַנען דער אַלטער גרײַז־גרויער, שטענדיק לעבנסלוסטיקער, פֿרײלעכער און האַרציקער דאָברושין, דער ליבלינג אונדזערער, דער לערער און דערציִער פון עטלעכע דורות יִדישע שרײַבער.

— איצט קאָן איך שוין רויִק שטאַרבן...

אַזעלכע ווערטער האָבן מיר אַלע אין יענע טעג געקאָנט זאָגן!

מיר האָבן אַרויסגעקוקט אויף גוטע בסורעס.

עס האָבן זיך פֿלוצעם געיאָוועט אין אַ שיר „פּילאָסאָפן", וועלכע האָבן גערעדט פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער, פֿאַרגעזאָגט, וויאַזוי אַלץ וועט אַוועקגיין ווײַטער, ווי מיר וועלן פֿאַרלאָזן אָט דעם געפֿעם, ווי מע וועט שטרענג באַשטראָפֿן אונדזערע קאַטן, אונדזערע טאַליאַנים, וויאַזוי מיר וועלן זיך אומקערן אַהיים און וויאַזוי מע וועט אונדז דאָרטן באַגעגענען...

טרוימען... טרוימען... טרוימען...

מיט זיי איז כאַטש געווען אונדז גרינגער איבערצוטראָגן אַלע צאָרעס, רעדיפֿעס, אַנדערש וואָלט מען געקאָנט זיך רירן פון די געדאַנקען

עס האָבן זיך אָבער אַרויסגעוויזן ניט ווייניק פּעסימיסטן, וועלכע האָבן אויף אַלץ אַוועקגעמאַכט מיט די הענט:

— עט... נישטאָ וואָס אַרויסקוקן אויף ניסים... אויב בעריִאַ האָט פֿאַרביטן יענעם מיט די וואָנ־צעס, איז עס דאָס זעלבע, וואָס געווען, אָדער עס קאָן ווערן נאָך ערגער...

סטאַלין און בעריִאַ — דאָס איז אַ פּאָרל פון גאָט. איין האַנט. און אויב יאָסיפֿס אָרט האָט פֿאַרנומען דער צווייטער טיראַן, וועט בײַ אונדז ווערן גאָר פֿריילעך!

אינגיכן איז געמאָלדן געוואָרן אַ שטיקל אַמניסטיע. אַ שטיקל, ווײַל צו די מיליאָנען אומ־שולדיק־פֿאַרמישפּעטע האָט די אַמניסטיע ניט געהאַט קיין שום שײַכעס.

לויט דער „אַמניסטיע" האָט דער נײַער „געני", בעריִאַ, באַפֿרײַט אַלע עכטע באַנדיטן, גאַנאָווים, רויבער, קרימינעלע פֿאַרברעכער. און צווישן דעם גרויסאַרטיקן אוילעם האָבן זיך פֿאַרוואַלגערט אַ ביסל לײַטישע מענטשן, וואָס האָבן באַקומען פֿינף יאָר...

דער קלענסטער טערמין אין אונדזער לאַגער איז געווען 10 יאָר, אָדער, ווי עס האָבן זיך אויסגעדריקט אונדזערע באַלעבאַטים: „פֿינף און צוואַנציק יאָר גיט מען בײַ אונדז פֿאַר עפּעס־וואָס, צען יאָר — פֿאַר גאָרניט!"

אַזוי־אַרום, האָבן זיך באַנוצט מיט דער גרויסאַרטיקער בעריִאַ־אַמניסטיע קרימינעלע, עכטע פֿאַרברעכער.

בײַ אונדז האָט זיך געדאַרפֿט באַפֿרײַען בלויז איינער. דער באַרימטער קינאָסצענאַריסט און שרײַבער קאַפּלער, דער אויטאָר פון די סצענאַריעס „לענין אין 18־טן יאָר", „לענין אין אָקטיאַבער", אַ לאַורעאַט פון פֿאַרשיידענע פּרעמיעס, אַ פֿאַרדינסטפֿולער אַאוו.

אים, קאַפּלערן, האָט מען געגעבן נאָר 5 יאָר. אינגאַנצן, קאָן מען זאָגן, פֿאַר גאָרניט!

זײַן פֿאַרברעכן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געווען באַקאַנט מיט סטאַלינס טאָכטער סוועטלאַנאַ אַלילויעוואַ. מע האָט זיך אַמאָל באַגעגנט. אָט די באַקאַנטשאַפֿט איז ניט געפֿעלן גע־וואָרן „דעם פֿאָטער פון אַלע פֿעלקער", און ער האָט אָנגעקלונגען זײַן בעסטן פֿרײַנט און מיטקעמפֿער, בעריִאַן.

דעם טאַליען האָט מען לאַנג ניט געדאַרפט דערציילן, וואָס סטאַלין פאַרלאַנגט, מע האָט דעם פאַרדינסטפולן מענטשן, דעם דראַמאַטורג און לאַורעאַט געגעבן פינף יאָר און ער איז אַרײַנגעפאַלן צו אונדז אין לאַגער.

און אָט האָט אים אָפּגעגליקט! אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען אים באַפרײַט פונעם לאַגער, נאָר וואָס זשע — מיט איין טנאַי, אַז ער האָט ניט די רעכט צו וווינען אין די גרויסע שטעט, בלויז אַפן הונדערט ערטשן קילאָמעטער!

אַלץ וואָלט געווען שיין און לײַטיש, ווײַ איז אָבער קאַפּלער אַרויס אויף דער פרײַ און צום ערשטן אַרײַנגעגאַן אין דער פּאָטשט־אָפּטיילונג, געגעבן אַ טעלעגראַמע זײַנע גוטע־פרײַנט אין מאָסקווע, אַז ער פאָרט, ניט קיין מאָסקווע, נאָר אויף דער סטאַנציע, וואָס שטייט אַפן הונדערט ערשטן קילאָמעטער, דאָרטן וועט ער מעגן וווינען...

זײַנע פרײַנט האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס הייסט. דורכמאַכן אַ וועג פון עטלעכע טויזנט קילאָמעטער און ניט דערפאָרן אַהיים, קיין מאָסקווע? וואָס הייסט עס?

נאָר אַ גאַנצע קאָמפּאַניע קאַפּלערס פרײַנט אַקטיאָרן, רעזשיסערן, שרײַבער, גוטע־פרײַנט האָבן דעם „סוינע פון פאָלק” באַגעגנט אויף דער ווײַטער סטאַנציע, עס איז געווען אַ הייסע, האַרציקע באַגעגעניש מיט אַ מענטשן, אַ פרײַנט, וואָס מע האָט ניט געזען פינף יאָר. וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ באַגעגעניש, מע זאָל ניט נעמען אַ גלעזל לעכאַיִם? נאָר ווו? דאָס בופעטל אויף דער קליינינקער טויבער סטאַנציע איז שוין געווען פאַרשלאָסן. כאָטש שרײַ גוואַלד!

און דאָ איז עמעצן געקומען אין קאָפּ אַ גוטע אידיי. אָט באַלד גייט אָפּ דער צוג קיין מאָסקווע. אַנדערהאַלבן שאָ פאָרן, און מע וועט זײַן אין שטאָט, אין רעסטאָראַן „מעטראָפּאָל”. דאָרטן וועט מען קאָפּלערן לעקאָוועד זײַן אומקער מעקאַבל־פּאָנעם זײַן, אָפּצייכענען די גרויסע געשעעניש, און גאַנץ פרי וועט מען דעם גאַסט אָפּפירן צוריק...

דאָס איז אַלעמען געפעלן געוואָרן, און מע האָט זיך גלײַך אופגעהויבן אין וואַגאָן.

די נאַכט אין רעסטאָראַן האָט מען פאַרבראַכט גלענצנד. אַ וועלט מיט גוטע ווונטשן, שאַרפזיניקע, פריילעכע טאָסטן. דער גאַסט איז געווען גערירט ביז טרערן. עס לעבן גוטע פרײַנט אויף דער וועלט!

אַזוי האָט מען געפײַערט ביז באַגינען, און גאַנצפרי, איז די פריילעכע קאָמפּאַניע אוועקגעפאָרן אַפן וואָקזאַל באַגלייטן קאַפּלערן. מע האָט זיך שיין אָפּגעזעגנט, צוגעזאָגט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זיך אַראָפּכאַפּן צו אים צוגאַסט, אַ קוק טאָן, וויאַזוי ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט.

און דער צוג איז אָפּגעגאַן פונעם פּעראָן.

אָפּגעפאָרן אַ סטאַנציע, אַ צווייטע, האָט דער באַגײַסטערטער און אויסגעמאַטערטער באַליאָמטעוו דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר פון קופּע, געעפנט און דערזען פאַר זיך צוויי מיליטערלײַט מיט באַקאַנטע בלאָווע פּאַגאָנעס.

— אײַער פּאַספּאָרט?..

יענער האָט אַרויסגענומען דעם פּאַספּאָרט, באַוויזן.

— אײַער וווינאָרט איז, דאַכט זיך, אַפן הונדערט ערשטן קילאָמעטער? ווי זשע האָט איר פאַרבלאָנדזשעט קיין מאָסקווע? וואָס זשע, דער געזעץ איז ניט פאַר אײַך געשריבן? נעמט אײַערע קלומעקעס און קומט מיט אונדז.

מע האָט אים ווידער געבראַכט קיין מאָסקווע, נאָר ניט אין רעסטאָראַן „מעטראָפּאָל”, נאָר אין דער בוטירסקער טורמע...

דערנאָך ווידער אין סטאָליפּין־וואַגאָן: נאָך פינף יאָר שטרענגער לאַגער, פאַר ברעכן דעם פּאַספּאָרט־רעזשים...

און דער באַרימטער קינאָדראַמאַטורג און שרײַבער האָט ווידער אָנגעטאָן אויף זיך אַן אַרעסטאַנטישן בושלאַט און גענומען אויסקויפן זײַן זינד...

איצט לאָמיר זיך אומקערן צו קוואַזימאָדאָן, מיר האָבן דעם פאַרשוין איבערגעלאָזט אינמיטן וועג.

ער האָט קיינמאָל ניט געוויינט. ער האָט געהאַט אַ גאָלדענע שטעלע. אַזויפיל יאָרן האָט ער אָפּגעהיט די אַרעסטאַנטן אין לאַגער, געקליבן פאַרגעניגן, ווען ער האָט אין זיי געקאָנט נעמען נעקאָמע, אַרײַנזעצן אין קאַרצער, צווינגען האָרעווען, זיך אַרויסשלאָגן פון די קויכעס, שרײַען אויף זיי, טופּען מיט די פיס, שלאָגן, מיימעסן. און אַזוי וואָלט ער „געאַרבעט” ביז די גרויע צעפּ.

אָבער ווען זײַן קומיר און ברויטגעבער איז געשטאָרבן, האָט ער דרײַ טעג געוויינט מיט ביטערע טרערן, ער האָט מיט זײַן פיצינקן מויעך פאַרשטאַנען, אַז די געשעפטן אַצינד וועלן אוועקגיין גאָר ניט פויגלדיק.

און ווי אין וואַסער געקוקט!

מיט די „זעקן". האָט מען זיך געדאַרפֿט פֿירן אַ ביסל איידעלער, שרייַען אויף זיי האָט מען ניט געקאָנט, ווייַל נאָר עפּעס־וואָס, האָבן זיי געפּאַדערט, מע זאָל רופֿן דעם פּראָקוראָר, געשריבן אַנקלאַגעס, אַלץ איז אַוועק מיט די פֿיס אַרויף, מיטן קאָפּ אַראָפּ! מע האָט געעפֿנט אין דער זאָנע אַ קלוב און געוויזן קינאָ, געגעבן לייענען ביכלעך און צייַטונגען, ווי אויף אַ קוראָרט...

קוואַזימאָדאָ איז קלאָר ניט צופֿרידן געווען מיט אַזעלכע פּאַריאַדקעס. און ער האָט געגלייבט, אַז מע וועט דאָ ווידער אייַנשטעלן אַ געהעריקע אָרדענונג, ווי אין סטאַלינס צייַטן. פֿריִער האָט מען געוווּסט, וויִאַזוי פֿאַרמאַכן די מייַלער אָט די קאָנטריקעס, די סאָנים פֿון פֿאָלק, און איצט ווייסט מען ניט אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט מע געפֿינט זיך...

עמעס, בעראָש פֿון דער מעלוכע האָט מען אוועקגעשטעלט ניט נאָר דעם כאַווער מאַלענקאָוו, וואָראָשילאָוו, נאָר אויך לאַווּרענטי פּאַוולאָוויטש. ער איז סטאַלינס אַ געטרייַער מענטש, אַ כיטרער, ווי אַ פֿוקס, וועט אַלעמען אַרייַנזעצן אין דער בלאָטע און נעמען די מאַכט אין זייַנע הענט. דערנאָך וועט מען דאָ אוועקשטעלן נאָך אַ שטרענגערע אָרדענונג. לאַווּרענטי וועט זיי אַלעמען באַווייַזן, ווו די ראַקעס האָלטן ווינטער. נאָר דערווייַל איז ביטער...

און דאָ איז געשען אַזוינס, אויף וואָס אונדזער קוואַזימאָדאָ האָט זיך ניט געקאָנט ריכטן.

אָט דאָ איז ער געגאַן לעבן דער בעקערייַ און דערזען אַ גרופּקע „זעקן", וואָס זייַנען געזעסן אויף די זעקלעך מעל און געזידלט אויף וואָס די וועלט שטייט דעם כאַווער סטאַלין.

קוואַזימאָדאָ האָט דאָס ניט געקאָנט פֿאַרלייַדן. ער איז צוגעלאָפֿן, דערלאַנגט איינעם אין די ציין, אַ צווייטן, אַ דריטן און די איבעריקע זייַנען זיך צעלאָפֿן.

דאַכט זיך, גוט געטאָן? נאָר עס לאָזט זיך אויס, אַז די קאָנטריקעס האָבן אַרויסגעפּאָדערט דעם פּראָקוראָר, אָנגעגעבן אַן אַנקלאָגע אויף קוואַזימאָדאָן און מע האָט באַשטימט אים אָפּגעבן פֿאַר אַ קאָרבן. מע האָט אים דעמאָביליזירט און ער איז געבליבן, ווי אָפֿן וואַסער. אַז אַ מענטש איז אויף גאָרנישט ניט פֿעיִק. ווער וועט אים צאָלן געהאַלט? ער האָט פֿאַרלוירן זייַנע פּאַגאָנעס אינאיינעם מיט דער גאָלדענער שטעלע.

ער האָט געוויינט מיט בלוטיקע טרערן פֿאַר דער נאַטשאַלסטווע, געבעטן, מע זאָל אים אומ־קערן אויף זייַן שטעלע, ווו ער אַרבעט דאָס גאַנצע לעבן. אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפֿן. מע האָט קוואַזימאָדאָן געשיקט אַרבעטן צו אונדז אויף דער שאַכטע, קעדיי פֿאַרדינען זיך דאָס שטיקל ברויט.

סטייַטש, האָט ער זיך געבעטן, ווי מע בעט זיך בא גאַזלאָנים, די „זעקן" וועלן זיך אין אים נוקעם זייַן. וויפֿל האָט ער זיך איבער זיי איזדיעקעוועט! דאָס איז דאָך אַ שאַכטע, באַנאַכט וועט אים עמעצער דערלאַנגען מיט דער קייַלע איבערן קאָפּ און אויס קוואַזימאָדאָ...

האָט מען באַשטימט, אַז ער זאָל דערווייַל אַרבעטן בלויז אויף דער ערשטער וואַכטע. אויף דער אויבערפֿלאַך. ער וועט זיך פֿאַרנעמען מיט די וואַגאָנעטקעס, אַן אַרבעט איז דאָס ניט קיין שווערע. ער וועט זיך ספּראַווען.

און וואָס מיינט איר, אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן האָט זיך געיאַוועט אויף דער שאַכטע דער כאָסנ־באָכער — קוואַזימאָדאָ. גאָטעניו, ווו איז אַהינגעקומען זייַן האָנער, זייַן שטעלע! געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. מע האָט אים ניט געקאָנט דערקענען. מיט יעדן האָט ער זיך געגריסט, זיך נידעריק פֿאַרבייגט, גלייַך ער וואָלט בעטן מעכילע פֿאַר די מיִעסע שטיק, וואָס ער פֿלעג אויסאַרבעטן אין לאַגער מיט די אַרעסטאַנטן. ער איז אַרומגעגאַן לעבן דער עסטאַקאַדע, געקייַקלט די וואַגאָנעטקעס צום שאַכטע־קאָרב — צו דער קליעט. ער האָט זיך מיט שרעק אַרומגעקוקט, געציטערט, עס זאָל פֿון אויבן ניט פֿאַלן אויף אים קיין שטיק קויל, קיין הליבע פֿאָראָדע.

יאָ, ער האָט געהאַט פֿאַר וואָס מוירע צו האָבן! אַ סאַך האָבן אויף אים געקוקט מיט קאַס, ניט געקאָנט מויכל זייַן. אַנדערע האָבן אויף אים ראַכמאָנעס געהאַט, און ער האָט זיך געסטאַרעט ווי־ניט־איז אויסקויפֿן זייַנע זינד.

איינציקע כוורע האָבן צונויפֿגעלייגט עטלעכע רובל און געשיקט קוואַזימאָדאָן אָפּן פּאָסיאָלאָק — אָפּן יישעוו, ער זאָל ברענגען אַ פּאָר פֿלעשלעך בראָנפֿן, ווייַל דעם מין האָט מען יאָרנווייַז ניט פֿאַרזוכט. און יענער האָט גערן זיך געלאָזט אין גאַסטראָנאָם, אייַנגעקויפֿט די מאַשקע און אַפֿילע עפּעס אַ פֿאַרבייַסעכץ. אים האָט דאָך קיינער ניט קאָנטראָלירט סייַ באַם אַרייַנקום אויף דער שאַכטע, סייַ באַם אַוועקגיין.

אַרייַן אין דער ראָל, האָט קוואַזימאָדאָ געהעכערט די פּרייַז, באַשטימט צופּאַרדינען, נעמען פֿאַר אַ פֿלעשל, וואָס ער ברענגט אַהער, צוויי מאָל סייַערער.

דער אוילעם פֿלעג אונטערשמייכלען, זייַנע פֿוילע שטיק האָבן געהאַט לאַנגע אויערן, קענטיק, די אַרעסטאַנטן זייַנען ניט ניספּאָעל געוואָרן פֿון די געהעכערטע פּרייַזן.

נאָר עמעצער האָט פֿונדעסטוועגן באַשטימט אין קוואַזימאָדאָן זיך נוקעם זייַן. איינמאָל, ווען ער האָט זיך אומגעקערט מיט די פֿלעשלעך, האָט דער נעקאָמענעמער אָנגעקלונגען אויף דער וואַכ־

טע, געזאָגט דעם נאַטשאַלניק, ער זאָל א קוק טאָן, וואָס קוואַזימאָדאָ טראָגט אונטער דער פּאָלע פאַר די אסירים.

און מע האָט דעם פאַרשײַן פאַרהאַלטן.

קיין פּאַגאַנעס האָט ער שוין ניט געהאַט, אראָפּנעמען פון די אַקסלען איז שוין ניט געווען וואָס, האָט מען אים ארויסגעטריבן פון דער ארבעט, מער ניט דערלויבט זיך באַווײַזן אויף דער שאַכטע.

ווו איז אהינגעקומען אונדזער קוואַזימאָדאָ, ווייסט איין גאָט אין הימל. זעט אויס, ער איז אוועקגעפאָרן אין א צווייטן קאַנט זוכן גליקן. און עפשער האָט מען אים פאַר זײַנע פאַרדינסטן גענומען אויף ארבעט אין א צווייטן לאַגער.

# די ערשטע שוואַלב

כאָטש עס איז געמאָלדן געוואָרן, אז מיר מעגן שיקן אהיים בריוו אָפטער, ווי פריִער, נאָר אינגיכן האָבן מיר זיך איבערצײַגט אין דעם, אז די פּאָטשט האָט „שלעכט געארבעט", די לעגאַלע בריוו דערגייען ניט צום אַדרעסאַט. בלויז די אומלעגאַלע, אײַנגעוויקלטע אין שמאַטעס, מיט א שטיק דראָט צונויפגעבונדענע, פלעגן אויף די וועגנטלעך פון א פּולמאַן־וואַגאָן דערפאָרן אהיים.

די דאָזיקע בריוו פלעגן מערסטנטייל דערגיין צו די אַדרעסאַטן, און מיר זײַנען געווען געריִרט פון דער גוטסקייט און הארציקייט פון אומבאַוווסטע ארבעטער, וועלכע האָבן אין די שווידערלעך שווערע יאָרן אונדז געהאָלפן. באַקומען א גרוס פון די אומשולדיק פאַרוואָרפענע אין די וויסטע לאַגערן, וואָס קאָן זײַן ליבער?!

ניט ווייניק אונדזערע כעוורע האָבן געשריבן אָנקלאָגעס אין היכע מעלוכישע אַנשטאַלטן, דער־ווײַזנדיק די גאַנצע ווילדקייט און לעפּישקייט פון זייערע „באַשולדיקונגען", אָבער די בריוו זײַנען אָפטלעך געקומען אין די זעלבע אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן פאַרפאַסט אָט אָ־די גרויסאַרטיקע „קאָנס־טיטוציאָנעלע אורטיילן". און די ענטפערס זײַנען געווען אָרדינאַרע: „ניטאָ קיין סמאך איבערצוקוקן אײַער איניען".

די „טראַיקעס", די „באַזונדערע באַראַטונגען" זײַנען נאָך לאַנג געזעסן אויף זייערע ערטער און געשטעמפּלט די ענטפערס, פונקט אזוי ווי זיי האָבן געשטעמפּלט די אורטיילן... צען יאָר, פופצן, פינף און צוואַנציק...

יאָ, יענע, וועלכע האָבן יאָרנווײַז „פאַרמישפּעט" צום טויט, פאַרטריבן אין די שווידערלעכע לאַגערן הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, עכטע סאָוועטישע פּאַטריאָטן, האָבן ניט געוואָלט אָפּגעבן זייערע פּאָזיציעס, פאַרגעזעצט זייער טײַוולאָנישע ארבעט.

ווידער האָט זיך געשלאָסן דער קרײַז. ניט געווען קיין האָפענונג.

איך ווייס אליין ניט, וואָס מיך באַגײַסטערט אָפּצושיקן מיט „אונדזער" פּאָטשט א בריוו דעם סקרעטאַר פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד אַלעקסאַנדער פאַדייעוון, מיט וועלכן איך בין גוט גע־ווען באַקאַנט פאַרזענלעך. ווײַזט אויס, איך האָב געוואָלט, ער זאָל געניי וויסן וועגן דער גרויסער פּראָוואָקאַציע, וואָס עס איז פאַבריקירט געוואָרן אין בעריִאַס אַנשטאַלט קעגן דער יידישער ליטע־ראַטור, קעגן אונדזערע שרײַבער. צווייטנס, האָב איך געהאָפט, אז עפשער וועט ער, אלס א דע־פּוטאַט פון אויבער־סאָוועט, קאָנען וועגן אונדז אינפאָרמירן דעם צענטראַל־קאָמיטעט? בעטן, מע זאָל איבערקוקן דעם „איניען"?

איך האָב קימאַט ניט געגלייבט, אז כ'וועל באַקומען ווען־ניט־איז אן ענטפער אויף מײַן בריוו. אזעלכע ווי איך, שרײַבער, מילכאָמע־וועטעראַנען, זײַנען געזעסן אין די לאַגערן ניט איבערצוציילן. נאָר פונדעסטוועגן, פאַרוואָס ניט א פּרווו טאָן? כ'האָב דעמלט ניט געוווסט, אז ערעוו אונדזער ארעסט זײַנען בעריִאַס לײַט געווען בא אונדזער נאַטשאַלניק, דעם סעקרעטאַר פון פאַריין, און „אינפאָר־מירט" אים, אז מיר זײַנען מעסוקענע „סאָנים פון פאָלק" און וואָס אין דער קאָרט. פאַדייעוו האָט געמוזט צושאָקלען מיטן קאָפּ, די „אָרגאַנען" ווייסן, וואָס זיי טוען... סטאַלין גלייבט זיי, ווי זיך אליין...

פאַדייעוו האָט געגעבן זײַן האַסקאָמע...

וועגן דעם האָב איך דעמלט ניט געוווסט און מיט אומגעדולד געוואַרט, ער זאָל זיך אַרײַנ־מישן אין אונדזער איניען...

נאָר סײַווי האָב איך זיך ביז גאָר דערפרייט, ווען מע האָט מיר ארויסגערופן אין קאַנצע־ליאַריע, אין אונדזער שיינער קאָנטאָר, און דער נאַטשאַלניק האָט ארויסגענומען פון טישקעסטל א

גרויסן קאַנווערט מיט פינף סורגוטש־שטעמפּלען און מיט אַן אויפשריפט פון אויבן: „דעפּוטאַט פון אויבער־סאָוועט פון פּסער אַלעקסאַנדער פּאַדייעוו...”

דער נאַטשאַלניק האָט אויף מיר אופגעהויבן זיינע שטאַלענע אויגן, לאַנג מיך באַטראַכט און אַרויסגעבורמעט:

— וואָס פאַר אַן איניאַנים האָט איר מיט דעפּוטאַטן פון אויבער־סאָוועט? פאַרוואָס איז בא אונדז ניט פאַרעגיסטרירט, אַז איר האָט געשיקט אַן אַנקלאַגע? וויאַזוי האָט איר זיך פאַרבונדן מיט א דעפּוטאַט, א שרייבער?..

איך האָב, ווי איך וואָלט ניט וויסן פון עפּעס צו זאָגן, א קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען. גיי דערציייל אים, וויאַזוי איך האָב איבערגעפּעקלט דעם בריוו צו פּאַדייעוון!

ער האָט פאַרזיכטיק אופגעשניטן דעם קאַנווערט, א פּיר געטאָן מיט די אויגן איבערן דע־פּוטאַט־בלאַנק, א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— וואָס זשע, איר זייט באַקאַנט מיט דעם שרייבער אַלעקסאַנדער פּאַדייעוו?

— געוויס... ער איז דאָך מיין נאַטשאַלניק...

— געוועזן אייער נאַטשאַלניק!

— איך וויל גלייבן, אַז ער וועט נאָך זיין מיין נאַטשאַלניק...

ער האָט מיר דערלאַנגט דעם בלאַנק.

„כאַשעווער גריגאָרי איסאַקאָוויטש, — האָב איך איבערגעלייענט, — איך האָב זיך ניט פאַר־געשטעלט, אַז אויך מיט אייך איז זיך אַזוי אַכזאַריעסדיק באַגאַנגען דער גוירל... איך געדענק אייך און גלייב, אַז אינגיכן וועט בענעגייע אייך און א סאַך אַזעלכע, ווי איר, אַנגעווענדעט ווערן די גע־רעכטיקייט. איך האָב פּערזענלעך זיך געווענדעט צום גענעראַל־פּראָקוראָר רודענקאָ מיט א ביטע פאַר־גיכערן דעם איבערקוק פון אייער איניען.

מיט כאַווערישן גרוס — אַלעקסאַנדער פּאַדייעוו”.

דאָס איז געווען די ערשטע שוואַלב, וואָס האָט מיר געבראַכט א ביסל האָפענונג. מיין שטימונג האָט זיך גלייך געענדערט. איך בין געווען אַפן זיבעטן הימל. דאָס איין האָט זיך גערירט!

איך האָב געוואָלט נעמען צו זיך דעם בריוו, נאָר דער נאַטשאַלניק האָט מיך אָפּגעשטעלט:

— ניין, דאָס איז אַן אָפיציעלער בריוו פון א דעפּוטאַט... ער בלייבט בא אונדז... מיר האָבן אייך מיט אים באַקאַנט...

איך האָב שוין ניט געהערט, וואָס דער נאַטשאַלניק האָט צו מיר גערעדט, איך האָב געיילט אויף דער פרישער לופט. דאָס, האָט זיך מיר געדאַכט, איז ניט מער, ווי א גוטער כאַלעם...

יאָ, איצט דאַרף מען זיך אָנעמען מיט מוט, מיט קויכעס און וואַרטן.

איך האָב מיט אומגעדולד אַרויסגעקוקט אויף דעם טאָג, ווען מע וועט מיך אַרויסרופן און זאָגן דאָס לאַנגדערוואַרטע וואָרט: באַפרייונג...

אין עטלעכע טעג אַרום איז דערגאַנגען צו מיר די ידיעה, אַז מע האָט פונעם בישכיינעסדיקן לאַ־גער אָפּגעפירט קיין מאָסקווע שמועל האַלקינען, דערנאָך שמועל גאָרדאָנען, דערנאָך דעם רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „אייניקייט” זשיצן, קעדיי איבערקוקן זייער „איניען”.

יאָ, בעעמעס, דאָס איין האָט זיך גערירט!

אויף דער „גרויסער ערד” האָט געוועלטיקט דער פרילינג, און בא אונדז, אין דער וויסטער טונדרע, האָבן נאָך געבושעוועט די פראָסט און זאַווערוכעס.

דער טייך פון יענער זייט דראָט־פאַרצוימונגען איז נאָך געשלאָפן געשמאַק אין זיין פּעסטן אייז־פּאַנצער און זיך ניט געקליבן אים אויסטאָן.

די קעלטן האָבן אונדז געמוטשעט, און געדאַכט האָט זיך, אַז ניט דער פרילינג, ניט דער זומער, וואָס איז דאָ גרויס, ווי א גענעץ, וועלן דאָס יאָר שוין צו אונדז נישט קומען ביכלאַל.

דאָרטן, וויט־וויט פון אונדזערע לאַגערן, זיינען פאָרגעקומען גרויסע געשעענישן, וואָס האָבן באַוווּנדערט די וועלט. פון פאַרשיידענע לאַגערן זיינען אַהער דערגאַן ידיעס וועגן אופשטאַנדן פון די פאַרמישפּעטע, גרויסע שטרייקן, שיסערייען, טאַנקען־קאַלאָנעס, געהאַרגעטע, פאַרוווּנדעטע...

אויך דאָ האָבן מיר אַרויסגעקוקט, געוואַרט אויף ענדערונגען. נאָר זיי זיינען ניט געקומען.

אַהער זיינען אָנגעקומען פון מאָל צו מאָל נייע גרופּעס אַרעסטאַנטן, פריש־צאַפּלדיקע, נאָרוואָס פון די אויספאָרשונג־טורמעס און איבערשיקונגס־פּונקטן — „פּערעסילקעס”... עמעס, שוין ניט אין אַזאַ פאַרנעם, ווי פריער, נאָר, זעט אויס, די פאַבריקן פון באַקן „איניאַנים” האָבן זיך נאָך ניט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. עס איז געווען שווער צו פאַרשטיין, וואָס עס קומט דאָרטן פאָר אויף דער פרייַ, וואָס פאַר א קריגערייַ אַרום אונדז קומט פאָר דאָרטן, אין מאָסקווע, צי קענען מיר אויף עפּעס גוטס אַרויסקוקן?

דאָס לעבן איז דאָ געגאַן, ווי פריִער. עמעס, ווען מיר פֿלעגן קומען פֿון דער אַרבעט, פֿון דער שאַכטע, האָט מען אונדז שוין ניט געטריבן אין די באַראַקן, ניט פֿאַרשלאָסן, ווי פריִער. מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקײַט אַ ביסל שפּאַצירן איבער דער אומענדלעכער טעריטאָריע פֿונעם לאַגער. די בריוו, וואָס פֿלעגן אָנקומען פֿון דער היים, זײַנען מער אָפּטימיסטיש, ווי פריִער, נאָר קיינער האָט ניט געוווּסט, וואָס עס וואַרט אונדז אָפּ, ווען וועלן זיך ענדיקן אונדזערע צאָרעס? מע זאָגט, אַז די גערעכטיקײַט וועט אָט־אָט זיגן, נאָר ווען?!..

אין איינעם פֿון די מוירעדיק פּראָסטיקע פּרימאָרגנס, ווען מע האָט אונדזער קאָלאָנע געבראַכט פֿון דער שאַכטע אין לאַגער און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ יאָגעניש, אַ לויפֿעניש, אַ הו־הא, ווער אין כאַרטשעווניע עפּעס איבערבײַסן, ווער אין באָד, אין ביבליאָטעקל בײַטן אַ ביכל, ווער אָפּשיקן אַ בריוו, איז געקומען צו לויפֿן דער דזשורנע פֿון דער קאַנצעליאַריע. וואָס איז געשען? מע זוכט מיך דאָרטן. דאָס האַרץ האָט גענומען שטאַרקער קלאַפּן: ווער זוכט מיך אַזוי פֿרי? וואָס איז דאָרטן געשען?

נאָר דער דזשורנע איז נישט אָפּגעשטאַנען, געפּאָדערט, איך זאָל גיכער לויפֿן. מע וואַרט דאָרטן אויף מיר...

און לעסאָף האָט ער אַרויסגעבראַכט: אײַער פֿרוי וואַרט דאָרטן אויף דער וואַכטע.

וואָס? מײַן פֿרוי?..

אויף אַ רגע איז מיר פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן: ווי קומט זי אַהער? וואָס זשע, עס איז מיט איר געשען אַן אומגליק? וויפֿל מאָל האָט מען מיך געסטראַשעט, אַז פֿאַר מײַן אַקשאָנעס וועלן באַגלײַך מיט מיר שטרענג באַשטראָפֿט ווערן אויך מײַן פֿרוי און מײַן זון, כאָטש ער האַלט שוין באַם ענדיקן די שול, נאָר אויך ווײַבער און קינדער פֿון „סאָנים פֿון פֿאָלק“ זעצט מען אײַן, אָדער מע שיקט אַרויס קיין סיביר...

צי דען איז אַזוינס געשען?

דער דזשורנע, דער טײַוול, האָט דערזען, ווי איך בין געוווען דערצאָרנט, און האָט מיר אויס־געגעבן דעם סאָד:

— ציטערט ניט, קיין בייז איז מיט איר ניט געשען... זי האָט זיך דורכגעריסן דורך אַלע צוימען, פּרעסט און זאַווערוכעס און זיך דערשלאָגן אַ טרעפֿונג, אַ באַגעגעניש מיט אײַך, און אָט איז זי געקומען... זי וואַרט אויף אײַך דאָרטן, אויף דער וואַכטע...

עס האָט זיך בײַ אונדז אין באַראַק אויפֿגעהויבן אַ גאַנצע איבערקערעניש. צוזאַמען מיט מיר און מיטן דזשורנע האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו דער וואַכטע אַ גאַנצע כאַליאַסטרע מײַנע פֿרײַנט, כאַווײרים, שכיינים. דאָס איז געווען די ערשטע פֿרוי, וואָס האָט זיך דערשלאָגן אַ באַגעגעניש, אַ טרעפֿונג מיט איר מאַן, דעם אַרעסטאַנט, דעם „סוינע פֿון פֿאָלק“.

דער נאַטשאַלניק פֿון לאַגער, אַ קליין, דאַר, אײַנגעבויגן מענטשל אין אַ קורץ פּעלצל, אין אַ באַראַשקענעם הוט פֿון אַ פּאָלקאָווניק, אין גרויסע אונטעס, האָט מיך באַגעגנט אויף דער שוועל. ער האָט אויף מיר געקוקט, ווי ריאַבטשיק אויפֿן טאַטן. מיטן שטרענגן בליק מיך אָפּגעמאָסטן, צי טראָג איך מיט זיך גאָרניט, צי איז נישטאָ אין מײַנע קעשענעס קיין פּאַפּירן אויף איבערצוגעבן אויף דער פֿרײַ. ער האָט מיר דערקלערט, אַז די טרעפֿונג וועט דויערן ניט מער ווי אַ שאָ. דערבײַ איז מיר פֿאַרבאָטן דערציילן וועגן דעם לאַגער און ווער עס געפֿינט זיך צוזאַמען מיט מיר. איך טאָר ניט טרײַבן קיין רעכילעס אויף די נאַטשאַלניקעס, ניט איבערגעבן, וואָס עס טוט זיך אויף דער שאַכטע, און טאָמער וועל איך זיך דערלויבן אַן איבעריק וואָרט, וועט די טרעפֿונג גלײַך איבערגעריסן ווערן און מיך וועט מען אָפּפֿירן אין „בור“, דאָס הייסט, אין קאַרצער.

ער האָט איבערגעפֿירט דעם בליק אויף מײַנע באַגלייטער, זיך צעבייזערט: וואָס איז אַהער גע־קומען אַזאַ כאַליאַסטרע? וואָס פֿאַר אַ שײַכעס האָט עס צו זיי?..

נאָר קיינער איז זיך ניט פֿאַנאַנדערגעגאַן. מע האָט געוואָלט אַ קוק טאָן אויף אַ לעבעדיקן מענטשן, אויף אַ פֿרוי פֿון אַן אַרעסטאַנט, וועלכע האָט דורכגעמאַכט אַזאַ שוידערלעך־שווערן וועג מיטן צוג, מיט צופעליקע מאַשינען, שליטנס, צופֿוס און איז געקומען אויף אַ טרעפֿונג מיט איר מאַן אײַנגאַנצן אויף איין שאָ.

מײַנע שכיינים האָבן זיך אַרופֿגעדראַפּעט אויפֿן פּלויט, קעדיי זען דעם גאַסט פֿון דער „גרויסער ערד“, נאָר די קליינע פֿענצטערלעך זײַנען געווען פֿאַרצויגן מיט אײַז, וואָס האָט אַלץ מיטאַנאַנדער פֿאַרשטעלט.

און אָט האָט דער נאַדזיראַטעל מיך אַרײַנגעפֿירט אין אַ זײַטיקן הילצערנעם צימער, וווּ עס איז געשטאַנען אַ טישל און צוויי טאַבורעטקעס. אין ווינקל איז געשטאַנען אַ בענקל, אויף וועלכן עס איז געזעסן אַן אָנגעדראָלענער לייטענאַנט, וואָס האָט פֿון מיר ניט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק. די אויגן מײַנע זײַנען געווען פֿאַרצויגן מיט אַ נעפּל, דאָס האַרץ האָט מוירעדיק געקלאַפּט, און איך בין דערשטוינט געוואָרן, ווען עס האָט זיך צעעפֿנט אַ זײַטיקע טיר און עס איז אַרײַנגעקומען מײַן

פרוי. א קוק געטאָן אַף מיר, איז זי אַף א פּאָר רעגעס פאַרכאַלעשט געוואָרן, זיך אַף א קאָל צע־וויינט. איך האָב זי געטרייסט. זי איז צוגעפאַלן צו מײַן ברוסט און געיאָמערט אַלץ שטאַרקער.

איך האָב ניט געוווסט, וויאַזוי זי באַרויִקן, וויאַזוי דערקלערן, אַז מיר האָבן געציילטע מינוטן, א שאָ אײַנגאַנצן...

דאָס ביסל וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אַפן טיש, האָט זי עטוואָס באַרויִקט, און זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער טאַבורעטקע.

זי האָט אויפגעהויבן אירע פאַריאָמערטע אויגן אַף דעם מאַלכאַמאָוועס, וואָס איז געזעסן אין ווינקל און גערייכערט א ציגאַן־פּיסל, ניט אַראָפּגעלאָזט פון אונדז דעם בליק.

איך בין געווען דערשיטערט, גליקלעך, וואָס איך זע זי, און דערצאָרנט, וואָס איך האָב זי געזען אין א לײַכטן מאַנטל. אַפן קאָפּ — א שוואַרצע פאַטשיילע, אין א פּאָר לײַכטע דורכגעפרוירענע שיך.

מײַן גאָט, וויאַזוי האָט זי זיך דערשלעפּט אין אַזעלכע פרעסט אין אַזא אָנטאָן! מע דאַרף דאָך זײַן שטאַרקער פון אײַזן! זי האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז בא אונדז איז נאָך ווינטער און עס פלאַקערן גרויסע פרעסט. אין אַזא אָנטאָן זיך דערקלײַבן צו מיר!..

— מיר איז גאָר ניט געווען קאַלט, — האָט מײַן פרוי דערקלערט, ווען מיר זײַנען עטוואָס געקומען צו־זיך. — איך האָב דעם פראָסט אַפילע ניט באַמערקט. איך בעט דיך, זאָרג זיך ניט פאַר מיר. פאַר די שרעקלעכע יאָרן האָב איך אַלץ איבערגעטראָגן און ווי דו זעסט, האַלט איך זיך. סאַשע האָט געענדיקט די שול... ער לערנט זיך... עס איז געווען, ווי דו פאַרשטייסט, זייער שווער ערגעץ אָנקומען...

זי האָט גערעדט גיך, געקוקט אַפן זייגער, אַף מיר, און די טרערן זײַנען געלאָפן איבער אירע פאַרפרוירענע באַקן.

— נו, דאַנקען גאָט, וואָס איך זע דיך אַזא... האַלט זיך, עס וועט שוין ניט לאַנג דויערן... אינגיכן וועלן מיר דיך באַגעגענען אינדערהיים...

זי האָט מיר באַוויזן דערציילן, אַז זי פאָרט איצט פון מאָסקווע. געווען אומעטום, געשריבן, דערוויזן... סאַראַ טײַערע פרײַנט האָב איך אַף דער פרײַ!

— זיי האָבן געשריבן אין אַלע אינסטאַנצן, דערוויזן, אַז דו ביסט ניט קיין „סוינע", פאַר־קערט... סאַראַ גאָלדענער מענטש איז מאַקסים רילסקי, דער פאָרזיצער פון שרײַבער־פאַריין פון אוקראַיִנע. ער איז א דעפּוטאַט פון אויבער־סאָוועט פון לאַנד. ספּעציעל געפאָרן ערשט ניט לאַנג פון קיִעוו קיין מאָסקווע. ער האָט געקלונגען אין קגב, געבעטן, מע זאָל אים אויפנעמען. ער דאַרף וועגן דיר ריידן. ער האָט אָנגעטראָפן אַף ריומינען. יענער האָט אויסגעהערט רילסקיס באַקאָשע, געזאָגט, אַז ער האָט ניט קיין רעכט אויפנעמען בא זיך אין קאַנצעליאַריע א דעפּוטאַט... דאָ האָט אים דער שרײַבער געזאָגט, אַז אויב ער האָט ניט קיין רעכט אויפנעמען אין דעם געהויבענעם אַנשטאַלט א דעפּוטאַט פון אויבער־סאָוועט, טאָ זאָל ער אים אויפנעמען פּאָשעט, ווי א שרײַבער און יענער האָט אים אויפגענומען. מאַקסים טאַדייעוויטש האָט דערקלערט, אַז ער איז מיט דיר באַ־פרײַנדעט א סאַך יאָרן, ער קען דיך ווי א מענטש, ווי א שרײַבער, ווי א וועטעראַן פון דער פאָטער־לענדישער מילכאָמע, אַז דו ביסט אין גאָרנישט ניט שולדיק...

ריומין, איינער פון בעריִאַס הויפּט־טאַליאָנים, האָט געקוקט אַף דעם שרײַבער, ניט געוווסט, וואָס אים ענטפערן. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער פאַל: א פאָרזיצער פון א שרײַבער־פאַריין זאָל פערזענלעך זיך דערשלאָגן אַן אאַודיִענץ מיט אַזא הויכן נאַטשאַלניק און זאָל ריידן וועגן א באַקאַנטן שרײַבער, וואָס געפינט זיך אין לאַגער.

יענער האָט דערוויזן מאַקסים טאַדייעוויטשן, אַז אין אַזעלכע איניאָנים איז געפערלעך, זײַטיקע מענטשן זאָלן זיך אַרײַנמישן. דאָס איז אויסשליסלעך די קאָמפּעטענץ פון די אָרגאַנען...

נאָר רילסקי האָט זיך ניט פאַרלוירן און אַן אויפגערעגטער געמאָלדן:

— אויב דו קענסט דעם מענטשן און ביסט איבערצײַגט, אַז ער איז קיין שום פאַרברעכן ניט באַגאַנגען, דאַרפסטו זיך פאַר אים שלאָגן...

— ריומין האָט א פרעג געטאָן:

— נו, און דאָס, וואָס איר האָט מיר געזאָגט וועגן פּאָליאַנקערן און זײַן כאַווער טאַלאַלאַיעוו־סקין, קאָנט איר אָנשרײַבן אַף פּאַפּיר? אָבער ניט אַף קיין בלאַנק פון א דעפּוטאַט?..

— געוויס קאָן איך אָנשרײַבן! — האָט רילסקי געענטפערט, געבעטן א זײַטל פּאַפּיר און אָנ־געשריבן די בעסטע כאַראַקטעריסטיק. אָט איז זי!

דאָ האָט זיך צעבייזערט דער לייטענאַנט, וואָס איז געזעסן אין ווינקל, און זיך צעשריגן:

— איך האָב געזאָגט, איר זאָלט קיין שום פּאַפּירלעך ניט איבערגעבן! און מאַכט עס קירצער... די צײַט וועט אָט־אָט אויסגיין. די טרעפונג וועט זיך ענדיקן...

— נאטשאלניק, — האָב איך ניט אויסגעהאַלטן, כ'בין געווען גרייט זיך ווארפן אויף אים, — ווו איז אייער געוויסן? איר זייט א מענטש, צי וואָס? זי האָט זיך געשלעפּט אהער טויזנטער קילאָ־מעטער מיט די שנייען, וויוגעס און איר לאָזט קיין וואָרט ניט אויסריידן!..

— צו מיר האָט איר ניט וואָס זיך ווענדן!.. עס איז דאָ העכערס פון מיר! איך פיל אויס דעם באפעל. און איר האָט ניט קיין רעכט מיך באליידיקן.

עסטער האָט זיך פאנאנדערגעוויינט, קוקנדיק אפן רעצייעך. זי איז צוגעזאָטן געוואָרן צו מיין ברוסט, דורך די טרערן געבעטן, איך זאָל זיך באַרויקן: „די צייט ארבעט אויף אונדז... אינגיכן וועט מען דיך באפרייען. דער אומגליק וועט זיך גיך ענדיקן...״

דער אופגערעגטער פארשוין האָט זיך איפגעהויבן פונעם בענקל, א קוק געטאָן אויף דעם האנט־זייגער און זיך אָנגערופן:

— צייט ענדיקן!.. אייער צייט איז אויסגעגאנגען...

מיר האָבן זיך געזעגנט. עסטער האָט זיך צונויפגענומען מיט אלע קויכעס, זיך געסטאַרעט ניט וויינען, נאָר דאָס האָט זיך איר ניט איינגעגעבן. דער שומער אונדזערער האָט פאר איר געעפנט די טיר.

איך בין א רעגע געשטאַנען מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דער קאס האָט אין מיר געזאָטן. אזא אכזאָריעס! א מענטש האָט זיך אזוי אָנגעמוטשעט, דורכגעמאכט אזא שווערן און וויטן וועג און אָט האָסטו דיר, א טרעפונג, א באגעגעניש!..

מיר האָבן דאָך ניט באוויזן זיך דורכריידן, ארויסזאָגן דאָס, וואָס האָט זיך אָנגעזאמלט פאר עטלעכע יאָר צעשיידונג, עפּעס אויספרעגן, זיך דערוויסן. איך האָב זיך געלאָזט צום ארויסגאנג, נאָר אין צימער איז אריינגעקומען דער לאַגער־נאטשאלניק. ער האָט א ווונק געטאָן אויף דער טאַ־בורעטקע, איך זאָל זיך צוזעצן, ער וויל זיך דורכריידן. איך האָב אופגעהויבן דעם בליק אויף זיין אָנגעכמורעטן שפּיציקן און דארן פארצעף, דערזען זיינע בלייענע אויגן.

גענומען די הענט אין די קעשענעס פון זיין פעלצל, האָט דער נאטשאלניק מיט א געמאכט סארקאסטיש שמייכעלע זיך אָנגערופן:

— נו, אָט... מיר האָבן אייך דערלויבט א באגעגעניש מיט אייער פרוי... איך פארשטיי, אז אזא קורצע באגעגעניש באפרידיקט ניט...

איך האָב זיך אָנגעשטרענגט, געפרווווט טרעפן, פארוואָס האָט ער מיך דאָ פארהאלטן און צוליב וואָס זיינען זיינע רייד? נאָר איך האָב ניט באוויזן דערגיין דערפון דעם סייכל, ער האָט פאָרגעזעצט:

— אין מיינע רעכט איז די מעגלעכקייט אייך געבן נאָך איין טרעפונג מיט אייער פרוי... עפשער אפילע א לענגערע. נאָר... נאָר דאָס איז אָפּהענגיק פולקום פון אייך... דאָס הייסט, פון אייער אופירונג...

— איך פארשטיי ניט, בירגער נאטשאלניק...

— איר פארשטייט גוט... איר זייט אן אלטער לאַגערניק... — האָט ער זיך צוגעזעצט אויף דער טאבורעטקע און מיר אריינגעקוקט אין די אויגן. — איר זייט א שרייבער... די שכיינים אייערע באציִען זיך צו אייך, וויסן מיר, מיט גרויס אכטונג. זיי פארטרויען אייך זייער א סאך... דערציילן אלץ, וואָס מע טראכט...

איך האָב זיך נאָך מער אָנגעשטרענגט: וווּהין ציט דער פארשוין?..

— ווילן מיר, איר זאָלט פון מאָל צו מאָל אונדז איבערגעבן...

איך בין דערשטוינט געבליבן:

— וואָס? איך זאָל אייך איבערגעבן, וואָס מע דערציילט מיר? — האָב איך, נאָך אלץ אן אופ־געדעגטער פון דעם ראנדעוווּ מיט דער פרוי, אים אָנגעקוקט מיט עקל און האס, — פאר אזא פרייז האָפט איר מיר דערלויבן נאָך איין באגעגעניש מיט מיין פרוי? ניין, איר האָט ניט אויף יענעם אָנגע־טראָפן! די, וואָס שמאכטן מיט מיר אין אייער העקדעש, זיינען מיינע ברידער, און איך וועל זיי קיינמאָל ניט אונטערפירן, ניט פאראטן. איך פארקויף זיך ניט! דאָס, וואָס די מענטשן דערציילן מיר, וועט אוועק מיט מיר אין קייווער... מער האָט איר מיר ניט וואָס צו זאָגן? — איך האָב זיך אנט־שיידן אופגעהויבן פון דער טאבורעטקע און זיך געלאָזט צו דעם ארויסגאנג.

— זאָל איך איבערגעבן אייער פרוי, אז איר האָט זיך אָפּגעזאָגט פון נאָך איין באגעגעניש מיט איר?..

— יאָ... זאָגט, אז איך פארקויף זיך ניט!

ער איז אופגעבראכט געוואָרן און זיך צעשריגן:

— איך האָב געמיינט, אז איר זייט א סאָוועטישער מענטש! איך וועל אייך אָנשרייבן אזא כאראקטעריסטיק, ווען מע וועט אָנהייבן איבערקוקן אייער איניען, אז איר וועט פון דעם לאַגער אייביק ניט ארויסקריכן...

— שרײַבט, וואָס איר ווילט!.. דאָס איז אײַער זאַך... — האָב איך געזאָגט און כ׳בין ארויסגעגאַן פונעם עקלדיקן צימער.

אַף מאָרגן באַגינען האָט אָנגעהויבן דרייען א זאַווערוכע, דער פראָסט איז געווען גרויס. דער צאָפּנדיקער ווינט האָט דורכגענומען דאָס לײַב אַף דורך און דורך. אונדזער קאָלאָנע איז שוין געשטאַנען אויסגעצויגן פאַרן שוואַרצן טויער און עס איז געגאַן די נודנע, נימעסע איבערציילונג פון די מענטשן אין די שוואַרצע בושלאַטן. אָט האָט זיך צעעפנט דער טויער, און די קאָלאָנע שוואַרצע בושלאַטן האָט זיך אַרײַנגעצויגן אין דעם שמאָלן קאָרידאָר, וואָס האָט געפירט צו דער שאַכטע.

ניט ווײַט פון די דראָטן האָב איך דערזען עסטערן. זי איז געשטאַנען א פאַרשנייטע, אַן איבערגעפרוירענע אין איר לײַכטן מאַנטל, געזוכט מיך מיט די אויגן און געפאָכעט מיט דער האַנט.

זי האָט מיך דערקענט אין דעם גרויסן האַמוין און עפעס געגומען שרײַען צו מיר, נאָר דער ווינט האָט אָפּגעטריבן אין דער טונדרע אירע ווערטער. איך האָב געזען, ווי איבער אירע באַקן זײַנען געלאָפן טרערן, זי האָט נאָך לאַנג געפאָכעט מיט דער האַנט, און איך האָב געפילט, ווי דאָס האַרץ שטעלט זיך אָפּ, ווי דער קאָפּ דרייט זיך. איך בין געווען אין קאַס אַף איר, לעמײַ זי האָט דורכגעמאַכט אַזאַ שווערן, ווײַטן וועג און זיך דערשלאָגן אַזאַ באַגעגעניש. אירע טרערן האָבן מיך ניט געלאָזט רוען. איך בין געווען צעבראָכן און אײַנצײַטיק גליקלעך, וואָס מיר האָבן זיך דאָך געזען נאָך אַזויפיל יאָרן צעשיידונג.

וואָס וועט זי זאָגן אונדזער קינד, די נאָענטע און פרײַנט.

נאָר מיט וואָס האָב איך איר איצט געקאָנט העלפן? די קאָנוואָירן האָבן זיך מוירעדיק געזידלט, געפאָדערט, מיר זאָלן גיין גיכער, זיך ניט ארומקוקן, מיר זאָלן ניט מיינען, אַז מיר גייען אַף א שפּאַציר...

## יעדער אָנהייב האָט א סאָף

עס זײַנען געקומען נײַע צײַטן. שווער געווען צו פאַרמאַכן בא די מענטשן די מײַלער. אַלעמען, ריכטיקער געזאָגט, א סאַך מענטשן איז שוין קלאָר געוואָרן, וויאַזוי בעריאַס פּאַראַפּיע האָט פאַרבריקירט „פּראָצעסן", פאַרמישפּעט צום טויט, פאַרשפּאַרט אין די לאַגערן־קאַזעמאַטן הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, נאָר די טאַליאַנים זײַנען נאָך געווען אַף זייערע שטעלעס און ניט געוואָלט אָנערקענען זייערע פאַרברעכנס...

מע האָט געצויגן די צײַט.

אפילע דאָרט, ווו די „דיעלעס" זײַנען געווען געניײט מיט ווײַסע נעט און פאַר אַלעמען איז קלאָר געווען, אַז אַלץ איז געפעלשעוועט, ליגנערײַ, מײַסעס פאַבריקירט און מע האָט טויזנטער מענטשן אָן שום נײַע „אויספאָרשונגען" געדאַרפט באַפרײַען, רעאַביליטירן, זײַנען יענע, וועלכע האָבן פאַרקאָכט די שוידערלעכע קאַשע מיט „די סאָנים פון פאָלק", „שפּיאָנישע צענטערס", „אָפּנייגן", „קאָנטררעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס", געשטאַנען פאַראַקשנט, ניט געוואָלט זיך אונטערגעבן, אָנערקענען זייערע שרעקלעכע פאַרברעכנס, זיי האָבן מוירע געהאַט פאַר דעם אורטייל, וואָס דאָס פאָלק וועט זיי ארויסטראָגן...

זיי האָבן זיך אײַנגעקלאַמערט אין די אָנגעוואַרעמטע אַף מענטשלעך בלוט און יעסורים בענקלעך, געוואַרט, ארויסגעקוקט, עפּשער וועט זיך עפעס איבערדרייען אַף צוריק און זיי וועלן קאָנען פאַרזעצן זייערע טײַוולאָנישע מײַסים.

די הויפּטשולדיקע אין די מוירעדיקע פאַרברעכנס קעגן דעם פאָלק, די אָנהענגער פונעם ניפטער געוואָרענעם „געני", „דעם גרויסן פאָטער פון אַלע פעלקער", האָבן זיך געהאַלטן בא דער אידיי — ניט אופדעקן דעם עמעס, ניט ארויסלאָזן פון די לאַגערן די מיליאָנען אומשולדיק פאַרמישפּעטע, זאָלן זיי פאַרבלײַבן אין די טורמעס און לאַגערן אַף שטענדיק. נאָר קיין נײַע מער ניט שיקן אהין... ווי געזאָגט, דאָס איז ניט שיין פאַר דער וועלט...

אָבער ארום האָט זיך געטאָן כוישעך. די מיליאָנען אומשולדיקע האָבן ניט געוואָלט מאַסקים זײַן מיט דער אומגערעכטיקײַט, זיך געריסן אַף דער פרײַ. פון אַלע עקן לאַנד זײַנען דערגאַנגען צו אונדז ידיעס, אַז אין פאַרשיידענע לאַגערן זײַנען געגאַן שלאַכטן מיט די מיליטער־טיילן פון בעריאַס אַנשטאַלטן, וועלכע זײַנען געוואָרפן געוואָרן צו דערשטיקן די שטרײַקן, בונטן, אופשטאַנדן. עס איז געווען א געפאַר, אַז אומעטום זאָלן זיך די אַרעסטאַנטן נעמען פאַרן געווער. מיליאָנען קרויוואים פון די אומשולדיק פאַרמישפּעטע האָבן אופגעהויבן זייער שטים...

# קינסטלער מיכאיל קאַראַסיק



געבוירן געוואָרן אין 1953 אין לענינגראַד. אין 1976 פֿאַרענדיקט דעם קונסט־גראַפֿישן פֿאַקולטעט פֿונעם לענינגראַדער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אף א. גערצענס נאָמען. אַרבעט אין זשאַנרען פֿון ליטאָ־גראַפֿיע, ביכער־גראַפֿיק און פּלאַקאַט. אָנטיילנעמער פֿון אַ ריי רעפּובליקאַנישע, אַלפֿאַרבאַנדישע און צווישנפֿעלקערלעכע אויסשטעלונגען. מ. קאַראַסיקס ווערק ווערן אָפּגעהיט אין דעם רוסישן מוזיי, אין מוזיי פֿון מאָלעריי־קונסט אף א. פּושקינס נאָמען, אין א. אַכמאַטאָוועס מוזיי, אין דער מעלוכע־ביבליאָטעק אף וו. אי. לענינס נאָמען, אין לענינגראַדער עפֿנטלעכער ביבליאָטעק אף מ. סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס נאָמען, אין פֿיל פּריוואַטע קאָלעקציעס בא אונדז אין לאַנד און אין אויסלאַנד. וווינט אין לענינגראַד.

אַן אילוסטראַציע צו ב. פּאַס־טערנאַקס לידער אינעם ראָמאַן „דאָקטער זשיוואַגאָ", קאָליר־ליטאָגראַפֿיע, 1989





אַן אילוסטראַציע צו ב. פּאַס־טערנאַקס לידער אינעם ראָמאַן „דאָקטער זשיוואַגאָ", קאָליר־ליטאָגראַפֿיע, 1989



פונעם אלבאָם „שיר־השירים“, ליטאָגראַפיע, 1987



פונעם אלבאָם „שיר־השירים“, ליטאָגראַפיע, 1987



פונעם אלבאָם „שיר־השירים",
ליטאָגראַפיע, 1987



יונגע מוזיקאנטן, קאָליר־ליטאָ־
גראַפיע, 1987

און עס האָט זיך אָנגעהויבן די צײַט פֿון רעאַביליטירן, אַרויסלאָזן פֿון די לאַגערן און טורמעס די גערוידעפּטע און פֿאַרמוטשעטע קאָרבאָנעס.

אונדזער לאַגער, ווי אַ סאַך אַנדערע, האָט אָנגעהויבן שיטערער ווערן. ווען מע האָט באַפֿרײַט גלײַך אַפֿן אָרט, און וועמען מע האָט געפֿירט אין יענע שטעט, וווּ מע האָט אויף זיי פֿאַבריקירט די "איניאָנים"...

דער לאַגער־נאַטשאַלניק, דאָס קליינע, עקלדיקע מענטשעלע, האָט געהאַלטן וואָרט — ער האָט זיך צום סאָף אָפּגערעכנט מיט מיר. ער האָט אָנגעשריבן, אַז מיך דאַרף מען האַלטן הינטער די דראָטן שטענדיק, איך האָב זיך שלעכט אויפֿגעפֿירט אין לאַגער, זיך אָפּגעזאָגט „העלפֿן די אָרגאַנען קעמפֿן קעגן די „סאָנים פֿון פֿאָלק"...

מיך וועט מען פֿון לאַגער ניט באַפֿרײַען — איך האָב אַזאַ קאָוועד ניט פֿאַרדינט, מע וועט מיך שיקן מיט די עטאַפּן קיין קיִעוו, זאָל מען דאָרטן מיט מיר זיך באַגיין, ווי מע וויל.

עס האָט זיך בײַ אונדז אין דער טונדרע געענדיקט דער קורצער זומער פֿון 1954 יאָר.

דער דעזשורנע איז געקומען צו לויפֿן אין אונדזער באַראַק און מיר געמאָלדן, איך זאָל „מיט די זאַכן" גלײַך קומען אויף דער וואַכטע, אַפֿן עטאַפּ.

איך האָב זיך דערפֿרייט, נאָר גלײַך זיך געכאַפּט — פֿאַרוואָס אַפֿן עטאַפּ, דאָס איז נאָך ניט די באַפֿרײַונג?

— ניין! סאַרא פֿלינקער דו ביסט! — האָט געזאָגט דער נאַטשאַלניק. ער האָט אָנגעשריבן אויף מיר אַזוינס, אַז איך וועל זיך נאָך אומקערן אַהער...

איך האָב געשוויגן. וואָס האָב איך געקאָנט זאָגן דעם זעלבסטצופֿרידענעם, שטענדיק אָנגעדראָלענעם דאַרן מענטשעלע, וואָס האָט געקליבן פֿאַרגעניגן, צוזעענדיק מענטשלעכע יעסורים, ווייטיקן, טרויער.

לעבן דער וואַכטע איז שוין געשטאַנען אַ גרופּע, אַזעלכע ווי איך, מיט די רוקזעקלעך אויף די אַקסלען. דער פֿרימאָרגן איז געווען נאָך ניט קיין קאַלטער, נאָר מיר האָבן זיך שוין פֿאַרפּוצט אין אונדזערע אויסגעריבענע פּופֿײַקעס מיט די גרויסע לאַגער־נומערן אויף די פּלייצעס. קיינער האָט זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, וווּהין מע וועט אונדז טרײַבן, נאָר איינס איז קלאָר געווען — ערגער וועט שוין ניט זײַן.

פֿון יענער זײַט לאַגער־טויער האָבן זיך דערהערט געקאָוועטע טריט און אַ הייזעריק קאָל:

— כאַווער נאַטשאַלניק, דער ווזוואָד אויף קאָנוואָירן די „סאָנים פֿון פֿאָלק" איז געקומען!..

טפֿו אויף דײַן קאָפּ! ווידער „סאָנים פֿון פֿאָלק"! זעט אויס, די דאָזיקע מיִעסע, עקלדיקע קאָמאַנדע וועלן די לײַט קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן. אַזעלכע ענדערונגען קומען פֿאָר נאָך דעם, ווי דער „געניאַלער פֿאָטער פֿון אַלע פֿעלקער" האָט אָפּגעגעבן גאָט די נעשאָמע, און יענע קאָנען זיך נאָך אַלץ ניט צעשיידן מיט זייערע טײַוואָלאָנישע באַגריפֿן!..

ווידער וועט אונדז אויסקומען דורכמאַכן אַ שווערן וועג דער רויטער ווייסט ווּהין. אַפֿשר וועט אונדז אויסקומען איבערלעבן דאָס, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט צוריק מיט עטלעכע יאָר...

נאָר דאַך איז געווען אַ ביסל גרינגער אויף דער נעשאָמע. ערגער, זעט אויס, וועט שוין ניט זײַן!

דער וועג, וועלכן מע האָט געקאָנט דורכמאַכן פֿאַר עטלעכע שאָ מיט אַ לײַנער, אָדער פֿאַר עטלעכע טעג מיטן צוג, האָט זיך פֿאַרצויגן אויף וואָכן. אַפֿילע אויף דער „גרויסער ערד" האָט זיך אָנגעהויבן דער האַרבסט מיט זײַנע קעלטן און רעגנס. עמעס, די ערד האָבן מיר געזען בלויז דורך די גראַטעס פֿון די „סטאָליפּין־וואַגאָנען", פֿון די „שוואַרצע וואָראָנעס", אין וועלכע מע האָט געפֿירט די „פֿאַרברעכער". ניט אַנדערש, קעדיי מיר זאָלן ווידעראַמאָל דערפֿילן דעם טאַם פֿון די „פּערעסילקעס", פֿון די פֿאַרכוישעכטע, וויסטע קאַמערן, זיך באַגעגענען מיט די אַלטע באַקאַנטע — די אָנגעדראָלענע, צעבייזערטע טורעמשטשיקעס.

מיר האָבן שוין פֿאַרגעסן, ווּ מיר געפֿינען זיך, ניט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס ציט זיך דער עטאַפּ אַזוי אומענטשלעך לאַנג און נודנע.

און אָט זײַנען מיר אין מאָסקווע, וועלכע מיר האָבן אויך דערזען דורך די גראַטע־פֿענצטערלעך פֿון די „וואָראָנעס".

שפּעט באַנאַכט האָט מען אונדז געבראַכט אין אַ גרויסן טורמע־הויף אויף דער „רויטער פּרעסניע", אין סאַמע צענטער שטאָט. וועגן אָט דעם היסטאָרישן מאָסקווער ראַיאָן האָב איך אַ סאַך געהערט, דעריקער וועגן די גרויסע שלאַכטן פֿאַר אָקטיאַבער, וועלכע זײַנען דאָ געווען, נאָר כ'האָב זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז דאָ האָט זיך באַקוועם אײַנגעאָרדנט אַ... טורמע. קיינמאָל האָט זיך מיר ניט געכאָלעמט, אַז מע וועט מיך דאָ פֿאַרשפּאַרן הינטער די גראַטעס!

די גרויסע קאַמער איז געווען איבערפֿולט מיט אַרעסטאַנטן. דעריקער „סאָנים פֿון פֿאָלק".

מענטשן ייִנגערע און עלטערע, גאָר גראָווע, אַזעלכע, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין די רעוואָליוציע־שלאַכטן אין פינפטן יאָר און אין זיבעצנטן, יענע, וואָס האָבן פאַרטיידיקט מאָסקווע אין איין־און־פערציקסטן, וועמען מע האָט געבראַכט אהער פון די לאַגערן, קעדיי איבערקוקן זייערע „איניאַנים", און יונגע, אַזעלכע, וועלכע מע גרייט אַפן עטאַפּ, וועמען מע האָט ערשט ניט לאַנג „געמישפּעט".

אָט זיצן אַף די ערשטע נאַרעס פיר יאַפּאַנער מאַרשאַלן אין זייער פולער מיליטערישער אוניפאָרם. דאָס זייַנען געפאַנגענע, וועלכע אונדזערע סאָוועטישע מיליטער־טיילן האָבן פאַרכאַפּט אין מאַנדזשוריע, בייס מיר זייַנען אַרייַנגעטראָטן אין דער מילכאָמע קעגן די יאַפּאַנער אימפּעריאַליסטן.

אָט זיצן זיי שווייַגנדיקע, אייַנגעניורעטע אין זייערע צעקנייטשטע מונדירן מיט אָן אַ שיר אָרדען־סטענגעס אַף די לאַצן פון זייערע פרענטשן. זיי זייַנען שטאַרק ענלעך איינער אַפן צווייטן. מע זיצט, נעבעך, און מע עסט געשמאַק פון די אַליומיני־שיסעלעך בורדא, טרוקענע טיולקעס, פּייַקעס שוואַרץ ברויט.

די ענגשאַפט איז גרויס. אַלע זיצן אין זייערע ווינקעלעך, נאָר אַ סאַך אויגן זייַנען געווענדט אַף די יאַפּאַנער הויכע טשינעס...

מיר האָבן מיט גרויסע צאָרעס ווי־ניט־איז אָפּגעשטופּט דאָס שטיקל נאַכט. דושנע, נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען, עס שלאָפט זיך ניט, זוי געוויינלעך, ווען דו ביסט אומרויִק און ווייסט ניט אַף וואָס פאַר אַ וועלט דו געפינסט זיך, וווּהין מע פירט דיך און וואָס וועט מען דיר דאַרפן זאָגן? וואָס טוט זיך אַף דער פרייַ? פון אַלץ אַרום איז דאָך איצט געווענדט דייַן גורל.

דער מויעך איז איבערגעפּולט מיט אומרויִקע געדאַנקען. איך ליג ניט ווייַט פון די פיר יאַפּאַנישע הויכע טשינעס. אין פּאָנעם שלאָגט די שייַן פון די גרויסע ניט־פאַרלאָשענע לעמפּ. וויפל האַלט דער זייגער? זאָל שוין גיכער ווערן טאָג. עפּשער וועט מען אונדז פירן ווייַטער, ווער ווייסט? דער אוילעם אַף די צווישטאָקיקע נאַרעס שלאָפט אומרויִק. אַ מוירעדיק שטאַרקער כראָפּען טראָגט זיך פון דאָרטן און פונדאַנען. אין ווייַטן ווינקל שרייַט עמעצער פון שלאָף, זידלט עמעצן מיט די לעצטע ווערטער, און עמעצער פון די שכיינים טאָרעט אים, בייזערט זיך, לעמיי ער לאָזט ניט שלאָפן...

עטלעכע־און־פופציק אַרעסטאַנטן שלאָפן, מיר שלאָפט זיך ניט, כאָטש איך פיל אַ מוירעדיקע מידקייַט. אָט הייבן זיך אוף אַף דער אונטערשטער נאַרע אַלע פיר מאַרשאַלן־יאַפּאַנער. זיי גריסן זיך שווייַגנדיק. אָט הייבן זיי זיך אוף און מיט דריבנע טריט גייט מען צו צום טורמע־פענצטערל, וואָס קוקט אַרויס אַף מיזרעך. זיי ציִען זיך אויס, ווי די סטורקאַטשעס, און ווערן אַף אַ פּאָר לאַנגע מינוט ווי פאַרשטיינערט. די פויסטן אָנגעשטרענגט, צונויפגעפּרעסט. זיי שטייען מיט צעעפנטע מייַלער אין דער מיזרעך־זייַט, די גרינגע ליפּן זייערע שעפּטשען עפּעס קוים הערבאַר.

איך פאַרשטיי ניט, וואָס זשע איז דאָס? עפּעס אַ מין פאַרטאָגיקע טפילע? דאָס זייַנען סעקטאַנטן? עס האָט זיך ניט געלייגט אַפן זינען. אין לאַגער וועט איר באַגעגענען אָן אַ שיר סעקטאַנטן־גרופּעס, זיי דאַווענען יעדערער אַף זייַן אויפן, מע לייענט די ביבל, מע זינגט שיר־השירים, דאָוויד־האַמעלעכס קאַפּיטלען טילים, מע האַלט גאַנצע מעגילעס צווישן זיך, נאָר אַזוינס — שטיין דערציטערט, אָנגעשטרענגט און שעפּטשען עפּעס מיט די ליפּן. — דאָס האָב איך נאָך ניט געזען!

אָט איז געוואָרן אַ גערודער אין קאַמער. דער אוילעם שפּריַנגט פון די נאַרעס אַראָפּ, עס הייבט זיך אָן אַ שטופּערייַ, יעדער באַמיט זיך פריִער אָנטאָן, זיך שטעלן אין דער ריי, גיין אַף דער „אַפּראַוקע", אַרומוואַשן זיך אַ ביסל, ווי־ניט־איז, אָפּשווענקען דאָס פּאָנעם, באַקומען דאָס ביסעלע קאַשע מיטן קווערטל אָקרעפּ...

מיר זיצן אַף דער אונטערשטער נאַרע בישכיינעס מיט די פיר יאַפּאַנער. זיי רעדן עפּעס שנעל־שנעל אַף זייער לאָשן, און איך פאַרשטיי קיין וואָרט ניט, פונקט ווי די אַנדערע אַרעסטאַנטן אין קאַמער. נאָר אָט הייבן זיי אָן שמועסן אַף אַ צעבראָכענעם רוסיש מיט אַ שטאַרקן אַקצענט, און מיר צערייִדן זיך מיט זיי. איך נעם זיך אָן מיט מוט און פרעג, פאַרוואָס זייַנען זיי באַגינען, ווען אַלע זייַנען נאָך געשלאָפן, אָנגעשטרענגט געשטאַנען מיטן פּאָנעם צו דער מיזרעך־וואַנט?

איינער פון די געפאַנגענע יאַפּאַנער דערקלערט מיר גערן, אַז יעדן באַגינען, פונקט אין אָט אזא פריִער שאָ, שטייען זיי. די געדאַנקען און הערצער געווענדט צו זייער אימפּעראַטאָר, צום מיקאַדאָ. אַזוי וועט עס זייַן, וויפל זיי וועלן לעבן אַף דער וועלט. דער אימפּעראַטאָר — דאָס איז זייער ליבע, זייער לעבן, זייער טרוים, זייער גאָט. זיי האָבן צו אים בלויז איין טייַנע, לעמיי האָט ער נאָך דעם, ווי די אַטאָם־באָמבע האָט זיך אופגעריסן אין כיראָסימע און נאַגאַסאַקי, און די סאָוועטישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן איר אָנגריף אַף מאַנדזשוריע, האָט דער מיקאַדאָ באַפוילן אוועקלייגן דאָס געווער, פאַרבאָטן זיך מאַכן כאַראַקירי — זיך נעמען דאָס לעבן? ווי האָבן זיי געקאָנט

איבערלעבן אַזאַ שאַנד — באַקומען די מאַפּאָלע?! עמעס, קענ אַזאַ קויעך, האָט געזאָגט דער אימפּעראַטאָר, איז אומזיסט זיך אָקעגנשטעלן, נישטאָ מיט וואָס זיך פאַרטיידיקן...

מיר האָבן ניט באַוויזן ענדיקן דעם געשפּרעך, ווי עס האָט זיך צעטראָגן דאָס קאָל פונעם באַדזיראַטעל, וואָס האָט געעפנט די טיר, געהייסן, אַלע זאָלן פאַרלאָזן די קאַמער און גיין אַף דעם שפּאַציר.

אָ, דאָס איז געווען אַ גליק, ווײַל אין קאַמער איז ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. אונדזער קאָלאָנע האָט זיך אויסגעצויגן אינעם טונקעלן קאָרידאָר.

באַלד וועלן מיר אַרויס אין הויף, דאָרטן איז ניט אַזוי דושנע, ווי דאָ. נאָר מאָדנע! פאַרוואָס פירט מען אונדז אַרוף מיט געדרייטע שמאָלע טרעפּ און ניט אַראָפּ, אין הויף.

לאָזט זיך אויס, אַז דער „הויף" איז דאָ אויפן פלאַטשיקן דאַך פונעם פילשטאָקיקן טורמע־הויז. דאָרטן איז אויסגעבויט אַ הויכער שטיינערנער פּלויט.

פון דעם דאַך־הויף זעען מיר בלויז אַ שטיק מאָסקווער הימל און אַ רויטן שטערן אַף אַ קרעמל־טורעם.

אַהער דערטראָגן זיך קלאַנגען פון אווטאָמאָבילן, אווטאָבוסן, דאָס שלאָגן פון די קרעמל־קוראַנטן. אַרום און אַרום רוישט דאָס לעבן. די גאַסן און די פּלעצער זײַנען איבערפולט מיט טומל, ראַש, געלעכטער, און מיר גייען דאָ אַרום איבערן דאַך און הערן זיך אײַן ווי מאָסקווע רוישט. באַנאַנד מיט מיר גייען די יאַפּאַנישע מאַרשאַלן אין זייערע מונדירן, באַפּוצטע מיט אָרדען־און־מעדאַלן־סטענגעס. איך קוק אַף זיי און דערמאָן זיך, אַז איך האָב אויך געהאַט ניט ווייניק שלאַכט־אָרדענס און מעדאַלן, וועלכע איך האָב באַקומען אויפן פראָנט. נאָר די „היטער פון דער ראַטנמאַכט", בעריאַס מערדער, האָבן זיי בײַ מיר צוגערויבט, בײַס זיי האָבן בײַ מיר געמאַכט די אונטערזוכונג און מיך אַרײַנגעוואָרפן הינטער די גראַטעס, געמאָלדן פאַר „אַ סוינע פון פאָלק"... סאַראַ אַכזאָריעס! סאַראַ ווילדקײַט!

איך, דער זיגער, און די יאַפּאַנער, די באַזיגטע, גייען צוזאַמען איבער דעם שרעקלעכן טורמע־דאַך. מע האָט אונדז דערלויבט אַהער אַרויסגיין אַף אַ צען—פופצן מינוט, אַף אַ שפּאַציר...

אַרום איז מאָסקווע! איך בין פון אַלע צײַטן געווען פאַרליבט אין דער שטאָט! וויפל מאָל האָב איך געשפּאַנט פרײַ איבער אירע גאַסן און פּלעצער! וויפל מאָל בין איך דאָ געווען אַף זיצונגען, פּלענומס, שרײַבער־קאָנגרעסן! וויפל מאָל בין איך דאָ אַרויסגעטראָטן אַף ליטעראַרישע אָוונטן פאַר מײַנע לייענער! וויפל ביכער מײַנע זײַנען דאָ געווען געדרוקט! וויפל האַרציקע פרײַנט האָב איך אין דער שטאָט! און אָט נאַ־דיר — איך בין אַן אַרעסטאַנט, שוין עטלעכע יאָר מאַטער איך זיך, ניט ווייסנדיק, פאַר וועלכע זינד!

איך זע פאַר זיך דעם רויטן שטערן איבערן קרעמל. זעט אויס — איבער די ספּאַסקער טויערן. דעם 24 יוני 1945 בין איך געווען אַף דעם רויטן פּלאַץ, אַף דעם פּאַראַד פון ניצאָכן. צוזאַמען מיט עטלעכע טויזנט אָנטייל־נעמער פונעם פּאַראַד האָב איך מאַרשירט מיט אַ שווערד אין דער האַנט, אין אַ פּאַראַד־מונדיר איבער דעם פּלאַץ. צי האָב איך זיך דעמאָלט געקאָנט פאַרשטעלן, אַז עס וועט אַוועק עטלעכע יאָר, און איך וועל שפּאַצירן אויפן טורמע־דאַך, אָט דאָ באַנאַנד מיט יענעם באַרימטן פּלאַץ? האָט זיך מיר אַמאָל געכאָלעמט, אַז איך וועל זײַן אַזוי דערנידעריקט און צעבראָכן? אומזיסט און אומנישט? נאָר דאָס איז נאָך מיט כּעסעד, צו דערלײַדן, איך לעב! מעגלעך, אַז איך האָב נאָך אַ שטיקל מאַזל, דאָס גליק וועט זיך אומקערן, די גערעכטיקײַט וועט נאָך, מעגלעך, זיגן, און איך וועל אַרויס פון די קאַזעמאַטן, פון די סטאַלינישע לאַפּעס אַף דער פרײַ. אָבער מײַן האַרץ וועט זיך קיינמאָל ניט באַרויִקן, און דאָס בלוט וועט ביז איך וועל לעבן טריפן, ווען איך וועל זיך דערמאָנען אין מײַנע גרויסע פרײַנט, לערער, וועגווײַזער, וווּנדערלעכע קינסטלער, וועלכע זײַנען אַזוי אַכזאָריעסדיק דערמאָרדעט געוואָרן. עס וועלן שוין קיינמאָל ניט זען די פרײַהײַט דאָוויד בערגעלסאָן און איציק פעפער, דאָוויד האָפשטיין און פּערעץ מאַרקיש, שלוימע מיכאָעלס און לייב קוויטקאָ, לאָזאָווסקי און זוסקין, ספּיוואַק און פּערסאָוו, דער ניסטער, כאַצי דאָברושין... און נאָך אַ סאַך, אַ סאַך אומשולדיקע קאָרבאָנעס... דאָס זײַנען יענע, וועמענס גוירל איז מיר באַוווּסט געוואָרן צופעליק הינטער די שטעכלדראָטן, אין לאַגער. און וויפל גויראַלעס זײַנען מיר ניט באַוווּסט? די מאַגייפע איז דורכגעגאַן איבערן גאַנצן לאַנד. עס האָט געטראָפן מיליאָנען אומשולדיקע, עכטע סאָוועטישע פּאַטריאָטן אין אַלע רעפּובליקן און צוזאַמען מיט זיי קימאַט אַלע מײַנע קאָלעגן־שרײַבער אין ביראָבידזשאַן, אוקראַינע, מאָלדאַוויע, ווײַסרוסלאַנד. די מאַגייפע האָט אָפּגעווישט פון דער ערד די יידישע פאַרלאַגן, זשורנאַלן, צײַטונגען, טעאַטערס, אַנסאַמבלען, שולן, ביבליאָטעקן, אינסטיטוטן. מײַן מאַמע־לאָשן האָבן זיי צעטאָפּטשעט מיט זייערע בלוטיקע שטיוועלעס. מע וועט אונדז באַפרײַען, וועלן מיר זיך אומקערן צו אַ מוירעדיקן ניט־געהערטן אין דער וועלט־געשיכטע כורבן פון אונדזער אוראַלטער קולטור!

דער מויעך האָט זיך געשפּאָלטן פון די געדאַנקען, וואָס האָבן מיך איצט באַגלייט אין דעם שפּאַציר אַפן דאַך פון דער טורמע אין צענטער פון אונדזער הויפּט־שטאָט מאָסקווע.

אין די נעכט אַף די צוויי־גאַרנדיקע נאַרעס האָבן זיך מיר געכאָלעמט קאָשמאַרן. די צײַט האָט זיך דאָ געצויגן, ווי די אייביקייט. איך האָב זיך קוים דערוואַרט, דער נאַדזיראַטעל זאָל קומען און דורך דער קאָרמושקע אין דער טיר אַרײַנשרײַען, איך זאָל נעמען מײַנע, מישטיינס־געזאָגט, כפּייצים און פאַרלאָזן די קאַמער. אין אַ „שוואַרצן וואָראָן" האָט מען מיך פאַרשלאָסן און אָפּגעפירט אַף אַ פאַרוואָרפענער סטאַנציע, אין אַ טופּיק, ווו עס האָט געוואַרט אַף מיר אַ „סטאָליפּין־וואַגאָן". דאָס וועט שוין זײַן, מעגלעך, האָב איך געטראַכט, מײַן לעצטע רײַזע פאַרשפאַרטערהייט. נאַר ווער האָט פּינקטלעך געקאָנט וויסן?

אַ גאַנצע נאַכט כין איך געזעסן אין דער ענגער קופּע און דורך אַ שפּאַרונע אינעם גראַטע־פענצטערל פון וואַגאָן זיך אײַנגעקוקט, ווי עס לויפן אַנטקעגן טעלעגראַף־סלופּעס, דראָטן, פאַר לוסטאַנקעס, סטאַנציעס. אין קוימענדל אַפן וואַגאָן־דאַך האָט געפײַפט דער ווינט. עס האָט דעם גאַנצן וועג געפּײַקלט דער רעגן. שוין אַ שטיק צײַט, אַז דער האַרבסט האָט דאָ געוועלטיקט, און דאָס גראַטע־פענצטערל איז געווען פאַריאָמערט און פאַרוויינט.

איך בין געפאָרן, זיך אײַנגעהערט, ווי דער רעגן בושעוועט פון יענער זײַט וואַגאָן, געפילט אַ מוירעדיקע מידקײַט פון די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט אין מויעך, נאַר אײַנדרעמלען ניט געקאָנט. עמעס, ווען איך וויל זיך אויסציִען, זיך צושפּאַרן, איז קיין אָרט ניט געווען.

אינדערפרי האָט מען אין אַ ווײַט ווינקל פונעם קיִעווער וואָקזאַל אָפּגעטשעפּעט אונדזער „סטאָליפּין־וואַגאָן". ניט ווײַט האָט זיך געהערט אַ ווײַבערשער טומל, אַ געוויין. די קאַנוואָירן האָבן צעטריבן דעם אוילעם, וואָס איז דאָ מעסלעסנווײַז געשטאַנען, וואַרטנדיק, עפּשער וועלן קומען נײַע וואַגאָנען מיט אַרעסטאַנטן און די מענטשן וועלן דערזען זייערע אייגענע און נאָענטע.

די ווײַבער מיט קלומעקלעך האָבן זיך באַהאַלטן אין די נאָענטע הייפלעך, נאַר ווען מע האָט אָפּגעטשעפּעט דעם טורמע־וואַגאָן, זײַנען זיי, ווי פון אונטער דער ערד, זיך צונויפגעלאָפן אַהער. די קאַנוואָירן האָבן זיך געבייזערט, געדראָט, זיך מיִעס געזידלט, געטריבן, נאַר דאָס האָט זיי ווייניק־וואָס געהאָלפן.

אַ סאַך פון יענע, וואָס זײַנען אַראָפּגעשפּרונגען פון וואַגאָן און אונטער די אויטאָמאַטן פון די קאַנוואָירן געגאַן צו די „שוואַרצע וואָראָנעס", האָבן צווישן דעם האַמוין דערקענט נאָענטע, פרײַנט, אייגענע און געפּאָכעט צו זיי מיט די הענט.

איך האָב אין דער געדיכטעניש אויך דערזען מײַנע אייגענע און נאָענטע, עסטערן און דעם זון, מײַן אַלטיטשקע אַכציקיאָריקע מאַמע. דאָס האַרץ האָט מוירעדיק געקלאַפּט, אין האַלדז איז געבליבן שטעקן אַ ביטערער קנויל אַף דערשטיקט צו ווערן. איך האָב ניט געוואַרט, אַז איך וועל זיי דאָ דערזען, דערהערן זייער שטים. מײַן גאָט, וויִאַזוי האָבן זיי זיך געקאָנט דערוויסן, אַז איך וועל הײַנט קומען? זעט אויס, ניט איין מעסלעס האָבן זיי דאָ געטשאַטעוועט, געוואַרט אַף מיר און אָט האָט אונדז אָפּגעגליקט. עטלעכע רעגעס האָבן מיר זיך געזען. און אָט האָט מען פאַרהאַקט די טיר פונעם „שוואַרצן וואָראָן". און ער האָט זיך געטראָגן מעשוגענערווײַז, ווי הונדערט רוכעס וואָלטן אים אונטערגעיאָגט, און מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַ די וועגן, אים באַגלייט מיט דערשראָקענע אויגן.

ער איז ווידער אַרײַנגעפאָרן אין די באַקאַנטע שוואַרצע מויערן. און איך האָב ווידער דערקענט מײַן איינצל־קאַמער, ווו איך האָב צוריק מיט עטלעכע יאָר זיך געמאַטערט אַ סאַך כאַדאָשים, קאָלזמאַן די היגע בעריִאַ־סאַטראַפּן האָבן צונויפגעשטויקעוועט די ווילדסטע פּראָוואָקאַציע קעגן אונדז.

טעג און נעכט זײַנען געגאַן, נאַר קיינער האָט מיך אין ערגעץ ניט אַרויסגערופן. עס איז מיר נימעס געוואָרן, און איך האָב געפאָדערט, מע זאָל רופן דעם נאַטשאַלניק פון דער טורמע.

מײַן אַלטער באַקאַנטער איז אַרײַנגעקומען, זיך אײַנגעקוקט אין מיר, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט דערקענען. ער האָט לאַנג באַטראַכט דעם לאַגער־נומער אַף מײַן שוואַרצער פאַרוסיִענער קורטקע. איך האָב אים געמאָלדן אַ פּראָטעסט, געפאָדערט מיר דערקלערן, צוליב וואָס מע האָט מיך אַהער געבראַכט און פאַרוואָס מע האַלט מיך דאָ אַזוי לאַנג?!..

ער האָט געענטפערט, אַז „מע קוקט איבער מײַן איניִען". מע רופט אַרויס די מאַסרים, וועלכע האָבן געשריבן אַף מיר מעסירעס, צונויפגעשטעלט ווילדע „קאָמפּראָמעטיר־מאַטעריאַלן" אַף מיר און מײַנע ווערק. די לײַט דאַרפן זיך אָפּזאָגן פון זייערע מעסירעס. נאַר דאָס וועט לאַנג ניט דויערן. איך דאַרף זיך אָננעמען מיט געדולד, וואַרטן...

איך האָב געטראַכט, וויִאַזוי וועלן מיר קוקן אין די אויגן יענע, וואָס האָבן געהאָלפן די טורעמשטשיקעס צונויפשטויקעווען די ווילדע „דיעלאָ". זיי זײַנען געווען אַף דער פרײַ, און איך האָב זיי גוט געקענט. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, וויִאַזוי זיי ציטערן איצט.

עס איז שוין געווען סאָף אָקטיאַבער. דער קורצער אָנגעכמורעטער טאָג האָט זיך געענדיקט. און אָט האָט זיך אין מײַן קאַמער דערהערט א ליאַזגען פֿונעם שלאָס אויף דער טיר.

דער נאַדזיראַטעל, קוקנדיק אויף מיר מיט פֿאַרווונדערונג און אינטערעס, האָט צום ערשטן מאָל פֿאַר דער גאַנצער צײַט, איידל א זאָג געטאָן, אַז איך זאָל „מיט די זאַכן" גיין מיט אים.

איך האָב זיך אַפֿגיך אָנגעטאָן, גענומען אויף זיך מײַן אָפּגעטראָגענע אַלטע וואַטאָווקע מיטן נומער אויף דער פּלייצע, דאָס רוקזעקל, א געשוירענער, ווי אַלע אַרעסטאַנטן, מיט א בלאַס אָפּגעצויגן פּאָנעם פֿון זיצן אין קאַמער אָן פֿרישער לופֿט, אָן זון, אָן ווינטן, בין איך געגאַן, אײַלנדיק מיט די אַלטבאַקאַנטע קאָרידאָרן, זיך אַרומגעקוקט אויף דער געבײַדע, וווּ עס איז פֿאַבריקירט געוואָרן די שרעקלעכע פּראָוואָקאַציע קעגן אונדזערע שרײַבער, קעגן אונדזער קולטור, קעגן אונדזער פֿאָלק.

דאָס מאָל האָט מען מיך אַרײַנגעפֿירט אין א גערוימען קאַבינעט, א באַלויכטענעם מיט א סאַך לעמפּ. בײַ א לאַנגן טיש, וואָס האָט געגלאַנצט, ווי אין לײַטישע קאַבינעטן, איז געזעסן דער נידעריקער, דיקער נאַטשאַלניק פֿון דער טורמע. באַנאַנד מיט אים נאָך א פּאָר לײַט אין ציווילע קליידער, מיט שוואַרצע שניפּסן.

זיי זײַנען מיט מיר געווען אומגעווײנלעך איידל און קאָרעקט.

מע האָט גערעדט מיט מיר שטיל, געלאַסן, מיט מיטגעפֿיל אַפֿילו. מע האָט מיר געמאָלדן, אַז עס איז פֿאָרגעקומען א מיספֿאַרשטייעניש, אומזיסט איז מען זיך מיט מיר באַגאַן אַזוי פּרעך און אומגעזעצלעך. מע האָט מיר דערלאַנגט א פּאַפּיר און צעפֿירט מיט די הענט, ווי אײנער רעדט, אויב עס איז געווען עפּעס ניט אַזוי, טאָ אַנטשולדיקט אונדז, מיר האָבן ניט געוואָלט... די צײַט האָט אונדז אונטערגעפֿירט... איך בין פֿון הײַנט אָן פֿרײַ. ווען איך וועל קומען אַהיים און זיך עטוואָס אָפּרוען, זאָל איך גיין אין שרײַבער־פֿאַריין און באַקומען דאָרטן מײַן שרײַבער־ביכעלע. אין צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי וועל איך באַקומען מײַן פּאַרטיי־בילעט. אין וואָיענקאָמאַט — מײַנע אָרדענס און מעדאַלן, וועלכע מע האָט בײַס דער אונטערזוכונג צוגענומען און איבערגעשמאָלצן. מיר וועט מען אומקערן נײַע...

נאָך איין זאַך האָבן די איידעלע לײַט מיך געבעטן, ווען איך וועל קומען אַהיים, אין פֿאַריין, צווישן מענטשן, איך זאָל ניט דערציילן, וווּ איך בין געווען, וואָס איך האָב דאָרטן געזען און איבערגעלעבט. איך בין דאָך א סאָלדאַט, א פֿראָנטאָוויק...

קיינעם ניט דערציילן?

איך האָב באַטראַכט די אָנגעפּרעסענע, זעלבסטצופֿרידענע מאַנצבלען און געטראַכט, אַז עס וועט קומען די צײַט, וועל איך אומבאַדינגט אַלץ דערציילן, זאָלן מענטשן וויסן און טאָן אַלץ, אַז אַזוינס זאָל זיך מער קיינמאָל ניט איבערכאַזערן אויף אונדזער ערד!

עס איז שוין געווען טונקל אין דרויסן. איבער דער קאָראָלענקאָ־גאַס האָבן שפּאַצירט פֿאַרליבטע פּאָרלעך, כאָטש דער פֿאַרנאַכט איז געווען אָן אָנגעכמורעטער.

די לאַמטערנס אויף די ראָגן האָבן שוואַך באַלויכטן די גאַסן, דעם פּלאַץ. איך בין געגאַן אין מײַן טורמע־מונדיר, און מענטשן האָבן מיך פֿאַרווונדערט אָנגעקוקט מיט מיטפֿילנדיקע אויגן, אָנשטויסנדיק זיך, פֿונוואַנען איך האָב זיך אומגעקערט...

איך האָב פּאָרזיכטיק אָנגעקלאַפּט אין טיר. און אָט בין איך אינדערהיים, אין די אָרעמס פֿון מײַניקע. די שטוב, וואָס איז געלעגן עטלעכע יאָר אין טיפֿן טרויער, איז אופֿגעוואַכט געוואָרן, פֿאַרפֿולט געוואָרן מיט געוויין און גליקלעכע אויסגעשרייען, געלעכטער, באַגריסונגען מיטן אומקערן זיך פֿון יענער־וועלט.

אין שטוב איז ענג געוואָרן פֿון די גוטע שכיינים, כאַווײרים און פֿרײַנט, וואָס זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿן פֿון אַלע עקן.

די גאַנצע נאַכט איז מען געזעסן, געשטאַנען, און קיינעם האָט זיך ניט געוואָלט פֿאַרלאָזן די שטוב, דעם געוועזענעם "סוינע פֿון פֿאָלק".

אינדערפֿרי האָט מען אָנגעקלונגען אין דער טיר. עס איז געקומען א מיידל פֿונעם שרײַבער־פֿאַריין. זי האָט מיר געבראַכט א קאָנווערט. דאָרטן איז געלעגן א גאַסט־קאַרטל, אַן אײַנלאַדונג: מאָרגן וועט זיך אָנהייבן דער שרײַבער־צוזאַמענפֿאָר, האָט מען מיך געבעטן קומען און אָנטיילנעמען אין זײַן אַרבעט.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך זיך צעלאַכט. ווי האָב איך געקאָנט גיין אויף אַזאַ אַסיפֿע, אַז איך זע נאָך אויס, ווי אַן עכטער אַרעסטאַנט: מיט א געשוירענעם קאָפּ, א בלאַסער, ווי די וואַנט, אין דעם קורצן טורמע־רעקעלע מיטן נומער אויף דער פּלייצע.

מײַנע פֿרײַנט האָבן מיר געײצעט, איך זאָל אומבאַדינגט גיין אויפֿן צוזאַמענפֿאָר. איך בין דאָך

איינער פון די ערשטע, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון יענער־וועלט. און עס וואָלט געווען גוט, איך זאָל קומען אין דער אוניפאָרם, וואָס איז געווען אויף מיר...

עסטער איז געוואָרן אין כּעס. איר איז געווען עקלדיק און פּריקרע, ווייטיקדיק מיך זען אין אַזאַ שווידערלעכער אוניפאָרם.

די שכנים, מײַנע פריינט, האָבן מיר גאַנצפרי געבראַכט אַ געוויינלעך פּידזשאַקל, אַ פּאָר טונקעלע הויזן, אַ העמדל.

איצט האָב איך שוין געהאַט גאָר אַן אַנדער אויסזען. עמעס, דער געשווירענער קאָפּ, די טורמע־בלאַסקייט, וואָס איז געווען אויף מײַן אויסגעצערט פּנים, האָבן מיך אויסגעגעבן מיט אַלע פּאַטרעכעס.

אינדערפרי בין איך אַוועקגעפאָרן אויפן צוזאַמענפאָר. איך האָב פאַרשפּעטיקט. אינעם זאַל פון אויבער־סאָוועט איז שוין געגאַנגען די זיצונג, און אויף דער בינע איז געשטאַנען דער אָרדנטלעכער רעדנער.

איך האָב שטילערהייט געעפנט די טיר, זי זאָל ניט סקריפּען, און כ׳בין אַרײַנגעגאַנגען אין זאַל. אַלע ערטער זײַנען געווען פאַרנומען, און איך האָב זיך אַרומגעקוקט, זוכנדיק אַן אָרט.

ניט אַנדערש, ווי עמעצער האָט מיך גלײַך דערקענט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָ און דאָרט אַ שושקערײַ, מע האָט זיך אומגעקוקט אין מײַן זײַט, באַגריסט מיט די הענט, עס איז געוואָרן טומלדיק. עמעצער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און זיך געלאָזט צו מיר — עפּעס אַ קלייניקייט, אַ מענטש האָט זיך אומגעקערט, קאָן מען זאָגן, פון יענער־וועלט!

אין פּרעזידיום האָט זיך אויך, האָב איך באַמערקט, אָנגעהויבן אַ שושקערײַ. מאַקסים רילסקי האָט געפירט די זיצונג. עמעצער האָט אים אַ שעפּטשע געטאָן עפּעס אויפן אויער. ער האָט פאַריכט די ברילן, זיך בעסער אײַנגעקוקט אין מײַן זײַט. און ווען דער אָרדנטלעכער רעדנער האָט געענדיקט, האָט מאַקסים פאַדייעוויטש געמאָלדן אַן איבעררײַס און זיך געלאָזט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צו מיר.

ווער־ווער, נאָר ער האָט גוט געוווּסט, וואָס הייסט זיך אומקערן פון דער טורמע — ער האָט עס מיט יאָרן צוריק אויסגעפּרוּווט אויף זיך...

אין די קולואַרן איז געווען טומלדיק. עס האָבן מיך אַרומגערינגלט אַן אַ שיעור חברים, פרײַנט, געדריקט די הענט, אַרומגענומען, זיך געקושט, באַגריסט מיטן אומקערן זיך פונעם גענעם. דער קרײַז איז אַלץ געוואַקסן אַרום מיר, געוואָרן אָנגעפּולטער, רוישיקער. עס זײַנען אָבער אויך צוגעקומען מיט אויסגעשטרעקטע הענט אַזעלכע, וועמען איך האָב די האַנט ניט געקאָנט געבן, וועלכע איך האָב פאַראַכטעט — יענע האָבן געהאַפּט, אַז וועגן זייערע מסירעס און פאַלשע איידעס־זאָגן האָב איך ניט געוווּסט, און זיי זײַנען אָפּגעטראָטן פון מיר מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. זיך אַליין האָב איך געבעטן, איך זאָל, אויב עס וועט זיך מיר אײַנגעבן, זיי מוחל זײַן, און דערי־קער, קיינעם ניט דערציילן וועגן זייער מיִעסקײַט און עקל. מע קאָן זיי פאַרשטיין, — זיי האָבן מורא געהאַט, מע זאָל זיך מיט זיי ניט באַגיין אַזוי, ווי מיט מיר, זיי האָבן ראַכמאָנעס געהאַט אויף זיך און אויף זייערע קינדער. פאַר אָט די לײַט האָב איך ניט געקאָנט אָפּזוכן אין יענער מינוט, אין די קולואַרן פונעם צוזאַמענפאָר, קיין גוט וואָרט. פּאַכדאָנים בלײַבן שטענדיק פּאַכדאָנים, קליי־ניקע מענטשעלעך אין עקסטרעמאַלע מאָמענטן ווערן נאָך נעבעכדיקער, קליינלעכער. עס איז ניט אַזוי פּאָשעט טאָמיד, וואָס עס זאָל אויף דער ערד ניט געשען, בלײַבן אַ מענטש!



פערל קאַנטאָר

# אין אזעלכע שולן האָבן זיך געלערנט די קינדער אין אלע יִידישע שטעטלעך...

כ׳זיץ אַף א הויכן פּלויט, עס א קאשניק, שאָקל מיט די פיס און זינג א ליד:

ס׳דרעמלט דאָס שטעטל, די לאַדנס פארמאכט,
צו מיר, מײַן געליבטער, אין רויִקער נאכט.
אוי, נעם די גיטארע, מיט איר ליבסטו מיך,
און שפּיל מיר א טרוי׳ריקע־טרוי׳ריקע ליד...

איך בין אלט פינף יאָר. כ׳בין זייער פארליבט. מײַן „כאָסן" איז מאָשקע סטאריק. אַף זײַן פּלויט זיץ איך און ווארט, ער זאָל מיך אראָפּנעמען. טאקע נאָר ער. מער לאָז איך קיינעם ניט צו. זײַן מאמע, די מומע פייגע, האָט מיר געגעבן דעם פרישן קאשניק. דאָס געפילעכץ איז פון הירזשענער קאשע, געקאָכט אַף מילך. דער קאשניק גלאנצט, א באשמירטער מיט אן איי, און צעגייט אין מויל.

ס׳איז פרײַטיק. אלע זײַנען פארנומען. מע דארף באווײַזן ארײַנכאפּן דעם שאבעס אָן א פארשפּעטיקונג.

די מאמע האָט מיך שוין עטלעכע מאָל גערופן אהיים. דער זיידע איז געקומען פון דער באָד. אפן טיש ליגן א פּאָר פּידפּאַלעקעס, מע דארף אָפּעסן מיטיק, און דער זיידע וועט אוועקגיין אין קליינעם שולכל דאווגען.

די מאמע דארף נאָך אופראמען, מיך מיטן שוועסטערל אויסוואשן און נאָך אָפּטאָן א מייע דרינגענדיקע איניאָנים.

איך בין אײַנגעשפּארט, כ׳ווארט, אז מאָשקע זאָל צוגיין און אראָפּנעמען מיך פונעם פּלויט. ער ווייסט גאָרניט דערפון. אָנגעטאָן אין א שווארצער סאטינענער קאָסאָוואָראָטקע, ארבעט ער אין הויף. א כאווער איז געקומען צו אים, און זיי זײַנען ביידע ערגעץ אוועק. כ׳פארשטיי, אז ס׳וועט אויסקומען אראָפּקריכן אליין. כ׳וועל שוין גאָרניט אויסשפּילן. נאָר ס׳ווילט זיך ניט.

פונעם פּלויט זע איך די שול, די גאנצע געבײַדע מיט די גרויסע פענצטער, מיטן הויכן גאנעק פארן הויפּט־ארײַנגאנג, דעם הויף. מע דארף נאָר איבערגיין דעם וועג, קעדיי זיך אויסגלײַכן מיטן שטאכעטן־פּארקן, וואָס צוימט ארום דעם שול־הויף, דעם סאָד, א פּאָר הילצערנע שטאלן, וועמענס הינטערווענט זײַנען שוין אַף דער גרענעץ מיט ראָכל גינגאָלדס הויפל. אַף יענער זײַט זײַנען קיין שטאכעטן ניטאָ. אויך די פערטע זײַט פונעם קוואדראט איז אָן א פּלויט: דאָרט וואקסן געדיכטע קוסטעס. ווײַטער שפּרייט זיך א גרויסער סאָד. עפּשער דערפאר, וואָס די ביימער זײַנען שוין זייער אלטע, צי ווײַל קיינער פארנעמט זיך ניט מיט זיי (קליינוואַרג ווייסט נאָר ארומלויפן, ברעכן, קלעטערן), זײַנען דאָרט ניטאָ קיין עפּל, קיין בארן, וואָס טויגן צום עסן. אָט בישכיינעס מיט אונדזער שול־סאָד איז דער אַפּטייקער־סאָד, פול מיט די סאמע בעסטע און שענסטע פּיירעס. יעדער עפּל איז די גרייס ווי א קאָפּ. און א טאם האָט ער טאקע, ווי א גאניידן־פּירע. וויפל פּרוכטן מע פלעג דאָרט ניט נעמען (קלײַבן אָדער קויפן), פלעג ווערן נאָך מער.

ווען אלע קינדער פון אונדזער גאס, מײַנע כאווײרים און כאווערטעס, מיט וועלכע כ׳פלעג זיך שפּילן, זײַנען געוואָרן שילער, איז מיר אומעטיק געוואָרן און כ׳בין אויך ארײַן אין שול און זיך אנידערגעזעצט אין דעם קלאס, ווו מײַנע כאווערטעס זײַנען געזעסן. איך האָב געזאָגט דעם לערער ראָזנבלאט, אז כ׳וויל אויך זײַן א שילערן, ווי אלע, ער האָט א קוק געטאָן אַף מיר מיט זײַנע גרויסע, גוטע, ריינע אויגן און געפרעגט, אָדער געזאָגט: „עפּשער וועסטו פריִער א ביסל אונטערוואקסן? דו ביסט דאָך נאָך א קליינע..."

כ׳האָב אים גאָרניט געענטפערט, געבליבן זיצן, ווי ניט מיך מיינט מען.

כ׳האָב געקאָנט אָנשרײַבן מײַן פאַמיליע אויף רוסיש, אפילע רעכענען ביז 100. כוץ דעם, האָב איך אַלע ראָלן, וואָס די מאַמע האָט געשפּילט, געוווּסט אויף אויסווייניק. אַזויאַרום, זײַנען מײַנע קענטעניש געווען ניט קיין קליינע פאַרן ערשטן קלאַס. ס׳איז צוניץ געקומען אויך דאָס, וואָס גרינג בין איך געווען ווי א פעדערל — מע פלעג מיך אַרופזעצן אויף עמעצנס פּלייצע, פונוואַנען ס׳איז געווען לײַכט אַרופקלעטערן אויף א הויכן בוים אין אַפּטייקער־סאָד און אָנרײַסן די שענסטע עפּל פאַר אַלעמען...

די טעג זײַנען גלײַך איבערגעפולט געוואָרן מיט זייער וויכטיקע זאַכן. ס׳פלעג זיך מיר אויסדאַכטן, אַז מיר זײַנען נאָך די לימודים אפילע ניט געגאַנגען אַהיים.

אונדזער לערער איז געווען זייער א גוטער און געטרײַער מענטש. ער פלעג אונדז פאָרלייענען אינטערעסאַנטע געשיכטעס. מיר האָבן געשפּילט אין קלאַס טעאַטער, דערבײַ האָט ער אַליין, דער לערער, אינסצענירט די מײַסעס, און מיר, די שילער, פלעגן אויסשפּילן די ראָלן. כ׳געדענק ביז איצט די הויפּטראָל אין אַלעקסיי טאָלסטאָיס דערציילונג „דאָס גרויסע העלדזועלע". אין קלאַס איז געווען זייער שטיל. די מיידעלעך האָבן געוויינט (איך אויך). ניוניע מיסוריס האָט דערנאָך געזאָגט, אַז כ׳וועל זײַן אן אַרטיסטקע, ווי מײַן מאַמע. אין יענעם אָפּדערנאַכט איז דער לערער ראָזנבלאַט געקומען צו אונדז אין שטוב און דערציילט דער מאַמען, וויאַזוי כ׳האָב געשפּילט, און ווי אַלע מיט אים צוזאַמען האָבן געוויינט. כ׳בין געלעגן אין אַלקערל, נאָך ניט געשלאָפן און געהערט אַלץ. די מאַמע האָט גערעכנט, אַז ס׳איז א צופעליקײַט, מע דאַרף מיך ניט איבעריקס לויבן, די לויב־געזאַנגען זאָלן דערנאָך ניט אַרויס „באָקאָם".

אינדערהיים האָט מען א צײַט אפילע ניט געוווּסט, אַז כ׳לערן זיך אין שול. קיין לימודים האָב איך אין שטוב ניט געגרייט, די שול איז געווען זייער נאָענט. בייס די איבערײַסן פלעג איך אַרײַנשפּרינגען עפּעס איבערכאַפּן. אַזוי איז עס געווען, ביז ראָזנבלאַט האָט ניט אויסגעגעבן דעם סעקרעט. טאַטע־מאַמע האָבן געשמייכלט, ניט געגלייבט, אַז דאָס איז ערנסט. נאָר מיר ווײַזט זיך אויס, אַז פונקט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס וואָס עס איז ניט אָפּגעטראָטן פון מיר א גאַנץ לעבן: כ׳מוז דערווײַזן! אָנשטרענגען אַלע קויכעס, נאָר דערווײַזן... וועמען? וואָס? צוליב וואָס? אַזעלכע פראַגן זײַנען ניט בנימצא. בלויז דער צוועק: דערווײַזן!

קודעמקאָל האָב איך געדאַרפט דערווײַזן, אַז איך קאָן שוין זײַן א שילערן. כ׳האָב טאַקע אײַנגיכן זיך אויסגעלערנט לייענען און שיין איבערדערציילן דאָס אויסגעלייענטע. אין קלאַס בין איך געוואָרן א „רעדלפירערן".

בא אונדז זײַנען געווען צוויי ערשטע קלאַסן. א קלאַס „א" און אונדזערער — „ב". טאַניע ליטוואַן, וואָס האָט זיך געלערנט אין קלאַס „א", האָט געזאָגט, אַז אין זייער קלאַס זײַנען „אַרבעטער" און אונדזערער — בורזשויען". אַזוי האָט זי געזאָגט. אונדז איז עס ניט געפעלן געוואָרן, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א מילכאָמע. מיר פלעגן זיך צונויפזאַמלען אין פאַרוואָרפענע געהיימע ווינקלען פון דער גרויסער שול־געבײַדע. ווו זײַנען מיר ניט אויסגעקראָכן? אויפן גרויסן פוסטן בוידעם, אין קעמערלעך אונטער די טרעפּ, אין קאַלטן, פײַכטן קעלער. מיר האָבן פאַנאַנדערגעאַרבעט די סטראַטעגיע און די טאַקטיק פונעם קאַמף מיט דעם קלאַס „א". צו קיין האַנט־שלאַכטן איז, כאָלילע, ניט דערגאַנגען. מיר פלעגן מאָלן „שלאָג־בלעטלעך", אויסטראַכטן צונעמענישן און אַנדערע שיינע טנועלעך. טאַניע ליטוואַן האָט געהאַט א ציינגעלע אויף שרײַפּעלעך, ווי מע זאָגט. זי האָט שוין דאַן געלייענט א סך און געקאָנט אַרײַנזאָגן. איך האָב פּאַשעט געטייפּערט.

כ׳האָב אויך גענומען א סך לייענען. ראָזנבלאַט האָט געקליבן נאָכעס. ער איז געווען אן איינזאַמער, כ׳פאַרשטיי ניט פאַרוואָס. א הויכער, א שלאַנקער, מיט א ליכטיק פּאָנעם, אויף וועלכן ס׳האָבן געשײַנט גרויסע, שיינע, גוטע אויגן. און אַז ער האָט געשמייכלט, איז ליכטיקער געוואָרן אין קלאַס, ער האָט זיך געסאַוועט מיט די ליד־באַרער באָכערים, צווישן וועלכע ס׳איז געווען אויך מײַן „כאָסן" מאָשקע סטאַריק. נאָר מיט קיין מיידל האָט מען אים קיינמאָל ניט געזען. עפּשער האָט ער זיך געשעמט, וואָס איין האַנט איז בא אים א קירצערע. אויף די ספּאָרט־לימודים פלעג ער מער אונטערזאָגן, וואָס מיר זאָלן טאָן, און ניט ווײַזן. מיר האָבן ניט געלייגט קיין אַכט אויף דעם. סײַווי איז ער געווען דער בעסטער לערער אין דער גאַנצער וועלט.

פלוצעם — דאָס איז געשען אין צווייטן קלאַס — האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מע נעמט אים אַראָפּ פון דער אַרבעט, ווײַל ער האָט ניט קיין אַטעסטאַט צו זײַן א לערער. דאָס איז געווען פאַר אונדז א שרעקלעכער אומגליק. מיר האָבן באַשטימט צוליגן אַלע קויכעס, קעדיי ראַטעווען אונדזער באַליבטן לערער. אין איינעם א פאַרנאַכט זײַנען מיר אַוועק צו דער שטוב, ווו ער האָט געוווינט. מיר האָבן אים שוין א פּאָר טעג ניט געזען, אַרומגעגאַנגען פאַרלוירענע און פאַרוואָרלאָזטע. די באַלעבאָסטע פון דער שטוב האָט אונדז ניט אַרײַנגעלאָזט, געזאָגט, אַז ער איז ניטאָ. נאָר מיר זײַנען לאַנג געשטאַנען שטילערהייט און געוואַרט. סאָפּקאָלסאָף איז ער אַרויסגעגאַן צו אונדז, זייער א בלייכער און ניט קין געגאָלטער. די שטראַלן פונעם זון־פאַרגאַנג האָבן געפּרוּווט זיך אָפּשפּיגלען אין זײַנע גרויסע טרויעריקע אויגן, ווי אין פאַרצויגענע ריטשקעלעך... ער האָט אפילע קיין שמייכל ניט געטאָן, געזאָגט גאַנץ ערנסט, ווי מע רעדט מיט דערוואַקסענע: „מ׳דאַרף ניט, קינדער. גייט אין ערגעץ ניט און טוט גאָרניט. ס׳וועט שוין ניט העלפן". אַז מיר האָבן זיך צעוויינט, האָט ער שטרענג געזאָגט: „הערט אויף!", זיך אויסגעדרייט און אַרײַן אין שטוב.

אויפן אַנדערן טאָג זײַנען מיר אַוועק אין יישעוו־ראַט, דערנאָך אין ראַיקאָם פון דער פּאַר־

טיי, נאָר מ'האָט אונדז גאָרנישט ניט אופגע־
קלערט. געהייסן גיין אַהיים און וואַרטן אויף א
נײַעם לערער.

אין אונדזער קלאַס זײַנען געווען מערער שיי־
לער, איידער ס'פּירט זיך. ביכלאַל זײַנען אַלע
קלאַסן געווען איבערגעפּולט. די גאַנצע געביידע
האָט אויסגעזען, ווי א פּאַלאַץ: גרויסע פענצטער,
ברייטע טירן. פאַר יעדער טיר, אין דרויסן —
הילצערנע גאַנעקעס, ברייטע טרעפּ און קריפּטיקע
פּאַרענטשעס.

דער קלענסטער און באשיידנסטער איז געווען
דער לערער־צימער. דעם דירעקטאָר'ס טיש איז
דאָרט געשטאַנען איבעראַן. צו אים איז געווען צו־
געשטעלט א לאַנגער טיש פאַר אַלע לערער. דער
אריינגאַנג פונדרויסן איז דאָ געווען דורך א
„סוקעלע", וווהין ס'האָבן געפירט פון דער גאַס
צוויי טרעפּלעך. דער פונדאַמענט פון אַט דער
העלפט געביידע איז געווען נידעריקער, איידער
באַם פּאַסאַד. דערפאַר אָבער זײַנען אַלע פענצטער
ארויסגעגאַנגען אין סאָד. זומער איז געווען קיל
אין די קלאַסן. פונעם לערער־צימער האָט געפירט
א שמאָלע טיר גלײַך אין דער וווינונג פון דער
פרוי, וואָס איז געווען אין שול סײַ די וועכטערן,
סײַ די אופראַמערן און ביכלאַל די באַלעבאָסטע
פון דער שול־געביידע. די דריטע טיר — א ווײַסע
און א ברייטע — האָט זיך געעפנט אין א קלאַס,
וועלכן מע האָט געדאַרפט דורכגיין, קעדיי ארויס
אין די לאַנגע און ברייטע קאָרידאָרן, ווו פון
ביידע זײַטן זײַנען געווען קלאַס־טירן.

קינדער פונעם גאַנצן שטעטל האָבן זיך גע־
לערנט אין אונדזער שול. קימאַט אַלע קלאַסן
האָבן געהאַט אן „א" און א „ב", איבערהויפּט די
קלענערע.

דער צימער פון אונדזער קלאַס איז געווען
דער גרעסטער. אין איין העלפט זײַנען געשטאַנען
פּאַרטעס, לעבן זיי — דער טיש פאַרן לערער.
גלײַך הינטער זײַן פּלייצע — דער טאַוול. פון
יענער זײַט טאַוול איז געווען דער פּלאַץ פאַר
ספּאָרט־לימודים. אונדזער כאָר פלעג זיך דאָרט
אויסשטעלן צום זינגען. אויך טעאַטראַלע פאָר־
שטעלונגען זײַנען אופגעפירט געוואָרן אויף יענער
זײַט טאַוול. מיר האָבן זיך געפונען אין סאַמע
ווײַטסטן און שטילסטן ווינקל פון דער געביידע.
קעדיי קומען צו אונדז, האָט מען געדאַרפט דורכ־
גיין א לאַנגן קאָרידאָר, דערנאָך אריין אין צימער,
וואָס איז געווען פול מיט געהיימניספולע קעגנ־
שטאַנדן: סקעלעטן, גלאָבוסן, קאָלערלײַ מאַכשי־
רים, געאָגראַפישע קאַרטעס, אַלטע פּאַרטעס, אויך
ספּאָרט־אינווענטאַר און נאָך פיל אַזעלכע זאַכן.
דאָס אַלץ איז געווען אָפּגעצוימט מיט א מין
גראַטע פון לײַסטלעך. דער דורכגאַנג — א
פרײַער. ערשט ווײַטער איז געווען א מין טאַמ־
בור, פון וועלכן מ'איז אַרײַנגעגאַנגען צו אונדז. אַזוי־
אַרום, זײַנען מיר געווען זיכער אָפּגעטיילט פון
דער רוישנדיקער שול־געמיינדע.

אויב דער לערער האָט פאַרשפּעטיקט, אָדער
איז ניט געקומען, פלעג קיינער וועגן דעם ניט
וויסן. מיר האָבן זיך געייסעקט מיט אונדזערע
איניאַנים, און קיינער האָט קיין אנונג ניט גע־
האַט, צי מיר לערנען, צי מיר שטייען אויף די קעפּ.

אין איינעם א טאָג האָט זיך באַוויזן בא אונדז
אין קלאַס א נײַע לערערין. ווען זי זאָל זײַן אפּילע
א גאָלדענע, וואָלטן מיר סײַווי זי ניט אופגענו־
מען. אָבער געווען איז זי א הויכע, א דאַרע, מיט
אן אויסגעצויגן פּאָנעם און א שפּיצעכיקער נאָז.
די האָר גלײַכע, געשווירענע, פאַרנומען הינטער
די אויערן מיט א קײַלעכיק קעמעלע. די קלייד
איז געווען פון העל־בלויען סאַטין, א לאַנגע, א
גלײַכע, דאָס קעלנערל פאַרבונדן מיט א רויט
קוטאַסל. דערנאָך האָבן מיר אנטפּלעקט, אַז דער
שוך אויף איר לינקער פוס איז א מאָדנער: א הוי־
כער, ווי א ברייטע רער. ווײַזט אויס, אַז דערפאַר
איז די קלייד געווען אַזא לאַנגע, קעדיי א ביסל
פאַרדעקן דעם לינקן פוס. געהונקען האָט זי זייער
לײַכט, קוים צו באַמערקן. גערופן האָט מען זי
לאַנדאַן. כ'מיין, אַז זי איז געווען א קלוגע און
א גוטע לערערין. אלנפאַלס, געדולד און קויעך
אינעם קאַמף מיט אונדזער „באַיקאָט" האָט זי
דערפינדעריש אַרויסגעוויזן. א סאַך צײַט האָט
געדויערט, ביז מיר האָבן זיך אונטערגעגעבן. פאַר־
ליבט אין איר איז קיינער, דוכט זיך, ניט געווען.
נאָר אַפשר האָבן מיר געהאַט. מיר זײַנען געוואָרן
ערנסטער: ווייניקער געשפּרונגען, געזונגען, גע־
לאַכט.

אין דער פּראָגראַם פון אויסערקלאַס־אַרבעט
זײַנען געווען „פרײַלעכע רינג־לימודים", וועלכע
מיר פלעגן דורכפירן בא עמעצן אינדערהיים, בא
א גלאָז טיי. אויף יעדן רינג־לימעד איז בײַגעווען
עמעצער פון די לערער. מיר פלעגן גרייטן א
פּאָליטישע אינפאָרמאַציע, דערנאָך טרינקען טיי
און זינגען לידער.

צום פינפטן קלאַס זײַנען שוין געווען צונויפ־
געפירט איניינעם די „אַרבעטער" מיט די „בור־
זשויען". ס'זײַנען געבליבן ניט קיין סאַך שילער.
אייניקע זײַנען אַריבער זיך לערנען אין דער אָר־
קראַינישער מוסטער־שול, אַנדערע זײַנען אַוועקגע־
פאָרן קיין ביראָבידזשאַן, עטלעכע שילער זײַנען
געבליבן אָפּן צווייטן יאָר אין די זעלבע קלאַסן.
די לערער זײַנען בא אונדז געווען אויסשליס־
לעך קוואַליפיצירטע און געטרײַע, זייערע קענטע־
נישן — טיפע און פילזײַטיקע. דאָס לעבן האָבן
זיי אײַנגאַנצן געווידמעט דער שול.
חינדע באָריסאָווע קאַפּמאַן, די לערערין פון
ביאָלאָגיע, באָטאַניק, זאָאָלאָגיע און כעמיע, פלעג
אָפּט ריידן מיט אונדז „ביכלאַל וועגן דעם לעבן".
אָט דערציילט זי א געשיכטע פון א פרוי, וואָס
האָט דערצויגן א פרעמד קינד. מיט אונדז, מייד־
לעך, שמועסט זי וועגן פרויישקײַט, וויאַזוי זיך
קליידן און זיך פאַרקעמען, וויאַזוי זיך אופירן אין
א געזעלשאַפט.

גראָסמאַן סאָלאָמאָן נאַפטאָליעוויטש האָט גע־
גלייבט, אַז די גרעסטע וויסנשאַפט אין דער וועלט
איז מאַטעמאַטיק, ווײַל זי פורעמט אויס אַלע
לעבנס־נאָרמעס. אָן מאַטעמאַטיק איז דאָס לעבן
קיין לעבן ניט.
ער איז געווען א טאַטע פון פיר קינדער (מיר
פלעגן שפּאַסן, אַז בא אים אין שטוב איז צונויפ־

גענומען גאַנץ פססר: פימע, סימע, סאָפּע און ראָמע). א ווײַב האָט ער געהאַט ניט פון די גרויסע בעריעס. דאָס קעלנערל פונעם ווײַסן העמד פלעג בא אים זײַן פון אן אומבאַשטימטן קאָליר, קנעפּלעך האָבן אָפּט אויסגעפּעלט, דער שניפּס — א קוויטיקער. נאָר ווי שיין און געשמאַק פלעג ער דערקלערן א נײַע טעאָרעמע! מיר האָבן זיך געפרייט מיט אים צוזאַמען: פאַר זײַן זיג, פאַר דער רומפולער טריגאָנאָמעטריע און סטערעאָמעטריע. אין די לעצטע קלאַסן זײַנען פאַר מיר זײַנע קעגנשטאַנדן געוואָרן ווי א לײַדנשאַפטלעכע שפּיל. כ׳פלעג זיצן ביז אין דער טיפער נאַכט און לייזן די שווערסטע אויפגאַבעס. מײַן לערער האָט געטרוימט, אז כ׳וועל ווערן א מאַטעמאַטיקער (כ׳האָב ווירקלעך אָנגעגעבן די דאָקומענטן אפן מאַטעמאַטישן פאַקולטעט אין קיעווער אוניווערסיטעט, וווּהין אויך טאַניע ליטוואַן האָט געוואָלט אָנקומען זיך לערנען, נאָר אפן ליטעראַרישן פאַקולטעט. בא אונדז זײַנען געווען אויסגעצייכנטע אַטעסטאַטן, נאָר מע האָט אונדז ביידן ניט „צוגעלאָזט". דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז אין לעדער־אינסטיטוט, וווּהין איך מיט טאַניען האָבן באַוויזן אָנקומען, האָט מען זיך זייער געבייטיקט אין סטודענטן... דאָרט בין איך ניט בעקויער געווען פאַרדײַען די רוסישע טערמינאָלאָגיע אין דער „הויכער מאַטעמאַטיק", ניט אויסגעהאַלטן און געוואָרפן די לער. אזוי האָט זיך געענדיקט מײַן „מאַטעמאַטישע קאַריערע").

מיך האָט זייער געצויגן צו זיך דער טעאַטער, די פילאָלאָגיע, די ליטעראַטור...

דער לערער פון ליטעראַטור אין די עלטערע קלאַסן איז געווען בא אונדז פײַנערמאַן אַראָן סאָלאָמאָנאָוויטש — א גרויסער קענער און ליבהאָבער פון דער ייִדישער ליטעראַטור. פאַר די שילער — מער א כאַווער, ווי א לערער (עפּשער דערפאַר, וואָס ער איז ניט אַף א סאַך עלטער געווען פון אונדז). געלעבט האָט ער, ווי אַן אַסקעט. מיר זײַנען אַמאָל געקומען אים מעוואַקער־כוילע זײַן, זײַנען מיר דערשטוינט געוואָרן: א פּוסטער צימער, א בעטל מיט א מאַטראַץ, אַף וועלכן ער ליגט, צוגעדעקט מיט צײַטונגען, אזא הילפלאָזער און פאַרשעמטער, אז דאָס האַרץ האָט וויי געטאָן. אינגיכן איז ער געזונט געוואָרן, און דאָס לעבן איז ווידער אַוועק נאָרמאַל. מיט אונדזער יונגן לערער איז געווען פריילעך און לוסטיק. אומעטום פלעג אים באַגלייטן א גאַנצע כאַליאַסטרע. זײַן בלאָנדער קאָפּ האָט אונדז מאַמעש געלויכטן. ער האָט אונדז אַרײַנגעבראַכט אין דעם קישעפדיקן לאַנד ניט נאָר פון דער ייִדישער ליטעראַטור, אויך פון דער וועלט־ליטעראַטור: דזשעק לאָנדאָן, ראָמען ראָלאַן, אַנאַטאָל פראַנס, טעאָדאָר דרײַזער, עפּטאָן סינקלער, טשאַרלז דיקענס...

צווישן פײַנערמאַנס ליבלינגען איז די ערשטע געווען טאַניע ליטוואַן. אָפּטער פון אַלץ געדענק איך זי, ווי זי זיצט אַף דער קאַנאַפּע, אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט דער האַנט, לייענט א ביכל. פון די ייִנגלעך איז דער נאָענטסטער צו פײַנערמאַנען געווען בוזי קאַנטאָר, א גרויסער ערודיט.

אַף דער קעגניבערדיקער זײַט פונעם וועג, נאָר ניט פּונקט אַנטקעגן דער שול, א ביסל אין אַלאַכסן, איז געווען אונדזער קלוב. ער איז באַשטאַנען פון א לאַנגן זאַל, א קאָרידאָר און א פּאָר צימערן. אין קלוב פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אויסשטעלונגען. נאָר מער פון אַלץ געדענקען זיך די אָוונטן „פראַגעס און ענטפערס". אַף דער בינע זײַנען געזעסן די ערודיטן בעראָש מיט פײַנערמאַנען, און פון זאַל האָבן זיך געשאָטן פראַגעס. ס׳פלעג טרעפן ,אז די ערודיטן האָבן ניט געקאָנט ענטפערן. דאַן פלעג פײַנערמאַן צוזאָגן, אז דעם ענטפער וועט מען צוגרייטן צום פאָלגנדיקן אָוונט.

אין זיקאָרן איז פאַרבליבן דאָס פידל־שפּילן אינעם קלוב פון מוסיע זעמליאַק און סוניע קאָלטון. סוניע קאָלטון... א שיין ייִנגעלע מיט א טיפן שראַם איבערן שטערן... בייסן פּאָגראָם האָט מען אים, א זויגקינד, אַראָפּגענומען פון דער ברוסט פון זײַן טויטער מוטער. בייס דער באַנדיט האָט מיט דער שווערד געהאַרגעט די מאַמע, האָט ער פאַרטשעפּעט דאָס שטערנדל באַם קינד. סוניע איז געבליבן א יאָסעם, אים האָט דערצויגן א פּאָרפאָלק, וואָס האָט קיין אייגענע קינדער ניט געהאַט, ביז זײַן פוליעריקײַט האָט ער געטראָגן זייער פאַמיליע. דערנאָך האָבן זיי באַשטימט, אז ער זאָל וויסן, וועמענס קינד ער איז. אין אינסטיטוט, אין דער אַספּיראַנטור און דערנאָך אַלס דאָקטאָר פון געאָלאָגיש־מינעראַלע וויסנשאַפטן איז ער שוין געווען אַלעקסאַנדער כאַרשאַן. דער שטאָלץ און ליבלינג פון זײַנע לאַנדסלײַט... אָט יענע ביטערע אומזיניקײַט, דעם פּאָגראָמשטשיקס שווערע שווערד האָט אים דעריאָגט אין סאַמע זעניט פון דער וויסנשאַפטלעכער טעטיקײַט: אונטער דעם אַלטן, טיפן שראַם איז אויסגעוואַקסן א געשווילעכץ, וועלכע האָט אַוועקגערויבט זײַן שעפעריש־אָנגעפילט לעבן...

די אָוונטן אין קלוב זײַנען געווען אינטערעסאַנט און געצויגן צו זיך, ווי א מאַגנעט. דערפילנדיק זיך שוין אַלס ייִנגלעך און מיידלעך, האָבן מיר געענדערט אונדזער באַציִונג צו די אונטערנעמונגען אינעם קלוב: ווייניקער שטיפערײַ, מער — פאַרמעסטונגען אין כאָכמע. נײַע זײַטלעכע לעבן־נאָרמעס.

אויב פריִער פלעגן מיר האָבן גרויס פאַרגעניגן פון בוזי קעלנערס שטיפערײַ, ווען ער פלעג, אַשטייגער, זיך אוועקשטעלן הינטער הויכערס (אזא פאַמיליע איז געווען בא אונדזערן אַן אַלטיטשקן לערער) פּלייצע, זשומען און בלאָזן אַף זײַן פליך, און הויכער פלעג מאַכן מיט די הענט און ניט געקאָנט אַוועקטרײַבן די „אײַנגעגעסענע פליג", און מיר פלעגן זיך קאַטשען פאַר געלעכטער, איז איצט אזא שטיפערײַ אונדז ניט געווען געפעלן.

ס׳זײַנען נאָך מער פּאָפּולער געוואָרן הינדע באַריסאָוונעס לימודים פון ביאָלאָגיע און זאָאָלאָגיע. מיר, די מיידלעך, פלעגן וועלן דערגיין דעם סאָד, פאַרוואָס בא איר, בא אונדזער הינדע באַ־

ריסאָוונעס, איז אַזאַ שיינע געזיכט־פאַרב, כאָטש זי איז א קראַנקע פרוי. ווען זי דערציילט און רופט אָן אַנאָמאַלע דערשייַנונגען אין מענטשישן אָרגאַניזם, פאַרגעסט זי ניט א זאָג טאָן: „א פאַרשטייערן פון דער קרענק זיצט פאַר אייַך...״ אין לערער־צימער פלעג זי רייכערן לאַנגע, דינע פאַפּיראָסן, א סגולה פון דער אַסטמע, דערבייַ אַזוי שיין האַלטן דעם פאַפּיראָס צווישן די פינגער און זשמורען די אויגן אונטער די פּענסנע, אַז מיר זייַנען מקנא געווען אַפילו אין דער אַסטמע...

אַלץ אָפטער פלעגן מיר באַהאַנדלען די פּראָבלעם וועגן דעם פאַסאָן פון אונדזערע קליידער. אין אָט דעם פּראַט איז ווידער אויפגעקומען די „קאָנפראָנטאַציע״ מיט טאַניע ליטוואַן. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך געהאַט אייַנגאַנצן עטלעכע קליידער, וועלכע די מאַמע אָדער די מומעס פלעגן מיר נייען פון שטיקלעך סכוירע, וואָס זייַנען געבליבן פון זייערע קליידער. די מאַמע פלעג מיט גרויסער שעפערישער אומדערמידלעכקייַט קאָנסטרויִרן פאַר מיר און פאַר מייַן שוועסטערל אונדזער גאַרדעראָב. דער מאַמעס כאַווערטעס און די קרויווים פלעגן זאָגן, אַז יעדעס בונדעלע, וואָס זי נייט אויף, איז א קינסטלעריש ווערק. ס'גלייבט זיך אַפילו ניט, אַז עס איז געמאַכט מיט די אייגענע הענט.

פאַר טאַניען פלעג נייען א שנייַדערקע. אירע עלטערן האָבן געקאָנט באַצאָלן שנייַדער־געלט.

...ווען איך בלייַב אין מייַנע הייַנטיקע שלאָפלאָזע נעכט אַליין מיט יענער צייַט, זע איך זיך אַלע 18 יאָר ביז דער פינצטערער מילכאָמע, זיצנדיק אויפן הויכן פלויט מיטן קאַשניק אין די הענט, שאָקלענדיק זאָרגלאָז מיט די פיס.

ס'געדענקט זיך ניט קיין ווייטיק פון אומגערעכטיקייַט, ס'געדענקען זיך ניט די אָרעמע נידעריקע שטיבעלעך מיטן ערדענעם דיל, אַפילו די הונגעריקע וואָכעדיקע טעג און די זעלטענע זאַטע יאָמטויווים. פאַרקערט: ס'ווייַזט זיך מיר אויס, אַז אין אונדזער ליובאַר איז ניט געווען קיין געראַנגל פון גוטס און שלעכטס, פון בייזע און גוטע מענטשן. אַזאַ געפיל, אַז ס'איז בכלל דאַן ניט געווען קיין בייז, קיין שרעקלעכס.

כאָטש... ווען איך נעם זיך מאַנטירן, ווי מע זאָגט אין קינאָ, די לענטע פון יענע שול־טעג, קום איך צום געדאַנק, וועלכן ס'ווילט זיך אָנרופן מיט די ווערטער, וואָס געהערן דעם לערער פּנעם באַוווסטן קינסטלער מאַטיס: „קוקט אויף בילדער, ווי אויף א לייַדנשאַפטלעך שווייַגעניש...״

נאָך איין קאַדער פון יענע „צונויפגעמאָנטירטע״ קאַדערס.

...אינעם נייַעם יונגן סקווער, וואָס איז געווען פאַרפלאַנצט אינמיטן שטעטל, האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאָזט די קנאָספּן אויף די ביימעלעך. דאָס גרינע גראָז האָט שימערירט, די סטעזשקעלעך זייַנען געווען אַקוראַט אויפגעראַמט, מאַמעש מיט א בעזעם אויסגעקערט. מיר, יונגוואַרג, שפּאַצירן אַרום, זיצן אין קאָמפּאַניעס אויף די בענק.

אין איינעם פון די רעדלעך האָב איך דערזען „אים״, א הויכן, מיט א קאָפּ שוואַרצע געקרייַזלטע האָר, פאַרקעמט מיט א שרונט אויף א זייַט. די אויגן טונקל־גרינע, קימאַט שוואַרצע. די לאַנגע ווייַעס זייַנען געדיכטע און שוואַרצע. ער איז דער אייַנציקער באָכער, וואָס האָט זיך שוין אָפּגענעמעסן געגאָלט. די צערטלעכע, לייַכטע רויטקייַט פון די באַקן איז צוגעשטאַנען צו דער בלייכקייַט פון דער געגאָלטער באָרד. אויף יידיש האָט ער ניט גערעדט, כאָטש פאַרשטאַנען. אונדזערע ייִנגעלעך פלעגן צו אים ריידן יידיש, און ער פלעג ענטפערן אויף רוסיש.

כ'האָב גאָרניט געוווסט וועגן אים, בלויז — ער לערנט זיך אין דער נייַ־ליובאַרער מוסטערשול און וווינט אויפן שליאַך, אַנטקעגן שאָלעם דעם שנייַדער. אַפילו זייַן קול האָב איך, דוכט זיך, קיינמאָל ניט געהערט. מייַנע אויגן האָבן נאָר א פּאָר מאָל באַגעגנט זיך מיט זייַנע און מייַן נעשאָמע האָט זיך אויפגעהויבן אין די בלויע הייכן.

ס'האָט מיך באַהערשט א באַדערפעניש זען אים, קוקן אויף אים. וואָס האָב איך געקאָנט טאָן מיט זיך?

כ'בין א קליינוווּקסיקע, זייער א דאַרע. ווייַסע גלייַכע האָר, ווייַסע ברעמען, ווייַסע וויִעס און זייער רויטע באַקן. צי קאָן א רעספּעקטפולער באָכער לייגן אַכט אויף אַזאַ נעפעש... בלויז א ניט נאָרמאַלער, אַזאַ ווי אוזיִעל גאַלפּערין, וועלכער האָט זיך געטשעפּעט צו מיר, אָנהייבנדיק פונעם פינפטן קלאַס און געענדיקט מיט דעם, וואָס אין איינעם א שיינעם טאָג איז ער אַרומגעלאָפן איבערן שטעטל אין א לאַנגער העמד איבער די טרוסן און געזוכט „זייַן ווייַב״, גערופן מיך אויף א פאַרשיידענעם לאַד, געוויינט, געכליפּעט, געוואָרפן זיך אויף מענטשן, — ביז מע האָט אים אַוועקגעפירט קיין וויניצע, וווּ ס'איז געווען א היילונגס־אַנשטאַלט פאַר פּסיכיש קראַנקע.

קיין געפאַלענע בין איך, כאַלילע, ניט געווען. עפּשער אַפילו פאַרקערט. נאָר ניט אַנטקעגן יענעם באָכער, וועלכער איז געווען שענער און אינטערעסאַנטער פון אַלע באָכערים אין דער וועלט.

ס'האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז איך האָב א שטיק צייַט געלעבט בייַ מייַנע ניי־שטאָטישע זיידע־באָבע. אַינדערפרי, ווען איך בין געגאַנגען פון דער נייַער שטאָט אין דער אַלטער זיך לערנען, פלעג איך אים געוויינלעך באַגעגענען בייַ די סטויפּיקלעך, וואָס זייַנען געשטאַנען לענגאויס דעם אָטשערעט אויפן ראַנד פונעם שליאַך נאָך דער בריק. אַלע טאָג אין דער זעלבער צייַט און אויפן זעלבן אָרט. אַמאָל פלעג מיר אויסקומען א פּאָר מינוט זיך פאַרהאַלטן אויף דער בריק ביז כ'האָב אים דערזען פונדערווייַטן און גענומען שפּאַנען אים אַנטקעגן צו דער אויסגערעכנטער מינוט. אויב איך פלעג בייס דער באַגעגעניש דערפילן, אַז כ'האָב פאַרדינט, ער זאָל אויף מיר א קוק טאָן, בין איך געווען אויפגעלייגט א גאַנצן טאָג. ס'פלעגן טרעפן אויך אַנדערע גליקלעכע מינוטן. ווען עס איז געגאַנגען אין קינאָ אַן אינטערעסאַנטער פילם, פלעג איך קומען פריִער מיט עמעצן פון מייַנע כאַווערטעס און פאַרנעמען אַן איבעריק בענקל. „ער״ פלעג קימאַט שטענדיק

קומען, ווען ס'איז שוין געווען אויסגעלאָשן די שײַן און „צופּעליק" זיך זעצן אַפן פרײַען בענקל לעבן מיר.

מײַן ליבע האָט זיך געצויגן לאַנג — אין נײַנטן און צענטן קלאַס, געענדיקט האָט זי זיך פּלוצעם שוין אין קיִעוו.

ווען כ'בין געוואָרן א סטודענטקע פונעם קיִעווער לערער־אינסטיטוט, האָב איך געוווינט אין צוזאַמענוווינונג אַפן וולאַדימירער בערגל. אין איין צימער מיט מיר האָבן זיך געפונען נאָך צוויי ליובאַרער מיידלעך. איינע — „זײַנע" א געוועזענע מיטשילערן. „ער" פלעג צו אונדז אָפט קומען צוגאַסט, ס'האָט זיך אָנגעהויבן א סעדרע שפּאַצירן צום דניעפּער.

בייס מיר פלעגן באַנאַנד מיט „אים" שטיין באַם פּאַרקנדל, וואָס האָט אָפּגעצוימט דעם אָפּריס, ווו ס'שטייט דער דענקמאָל וולאַדימיר מאָנאָמאַכן, פלעגן מיר ריידן וועגן די שיינע פּייזאַזשן, וועגן די אויסטערלישע בילדער אַפן צווייטן ברעג. כ'בין געווען איבערצײַגט, אַז עס זײַנען „אים" אינטערעסאַנט מײַנע רייד, מײַנע בילדערישע שילדערונגען. אַמאָל פלעג „ער" האַלטן זײַן האַנט אַף מײַנע אַקסלען. זעלטן פלעג „ער" אויך עפּעס „שיינס" זאָגן. נאָר מערסטנס פלעג „ער" שווײַגן אין טיף טעמען. איינמאָל האָב איך זיך געגעבן א דריי אויס צו „אים", קעדיי אויסדריקן מײַן באַגײַסטערונג מיט עפּעס און דערזען זײַן פּנים: פאַרוואָלקנטע אויגן, דאָס מויל — האַלב אָפן, די אונטערשטע ליפּ אַראָפּגעהאַנגען און אונטער דער נאָז בלישטשעט א טראָפּן... אין אָט דעם אויגנבליק האָב איך פאַרלוירן מײַן לאַנגדויערנדיקע ליבע. כ'בין אַנטלאָפן און שוין מער קיינמאָל ניט שפּאַצירט מיט „אים". ערשט אין 45 יאָר אַרום, אַף דער טראַדיציאָנעלער באַגעגעניש מיט די לאַנדסלײַט, האָב איך „אים" דערזען — א שיינעם מאַנצבל (אַפילע שוין אין אָט די יאָרן), נאָר „ער" איז איצט פונדעסטוועגן זייער ענלעך אַף יענעם, וואָס איז געשטאַנען פּעסט לעבן מיר אַף דעם וולאַדימירער בערגל...

די לעצטע צוויי פון אונדזערע שול־יאָרן געדענקען זיך ניט אַזוי מיט קאָנקרעטע פּאַסירונגען, ווי דורך געפילן, דורך שפּירונגען.

אַפילע צו די לערער האָבן מיר אָנגעהויבן זיך באַציִען אַנדערש: אַפן פּאָדערפלאַן איז אַרויסגעטראָטן זייער פּאַשעטע מענטשלעכקײַט.

נאָכן אַרויסלאָז פון אונדזער קלאַס איז די ליובאַרער ייִדישע מיטלשול געוואָרן אַן אוקראַיִנישע. ווייניק לערער פון די, וואָס האָבן אונדז געלערנט, זײַנען געבליבן ווײַטער אַרבעטן.

...אַך, ווי ווייניק ליובאַרער זײַנען געבליבן לעבן נאָכן קריג! די כורווע פון אונדזער גרויסער שול איז ענלעך אַף א קעלער אָן א שטוב. די שטיקלעך צעשעדיקטע ציגל־ווענט, אַף וועלכע ס'ליגט אַזוי נידעריק דאָס, וואָס האָט זיך פאַרהיט פונעם גרויסאַרטיקן בלעכענעם דאַך, האָבן קיין אָנדײַט ניט אַפן געבײַ מיט די גרויסע טיר־און־פענצטער.

אַז פון די ליובאַרער גאַסן, געסלעך, שטיבער איז גאָרניט געבליבן, האָב איך געוווּסט. אַפילע די אייגענע אויגן ניט געגלייבט.

פונעם אַרויסלאָז פון אונדזער קלאַס האָבן נאָר זיבן לעבנגעבליבענע געפונען איינער דעם אַנדערן. פון די מילכאָמע־שלאַכטן זײַנען געקומען בלויז דרײַ: טאַניע ליטוואַן, דאָדיק סעגאַל, אַראָן טערעביזש. איצט איז שוין אויך טאַניע אַוועק אין דער אײביקייט.

דרײַסיק יאָר האָב איך ניט געקאָנט פועלן בא זיך צו קומען קיין ליובאַר, טרעפן זיך מיט די געבליבענע. ניט נאָר דערפאַר, ווײַל אַלע יאָרן האָב איך זיך געפונען אין די כוישעכן פון יענער אומענדלעכער טראַגעדיע. כ'האָב געוווּסט, אַז די, מיט וועמען כ'האָרף זיך טרעפן, וואַרטן פון מיר א וואָרט פון טרייסט, אָבער דאָס וואָלט איוועד געווען אַף יענעם אויסגאַנגלאָזן ווייטיק. ס'איז דאָך אומעגלעך באַזיגן דעם זיכּאָרן...

אין 1971 האָב איך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן זיך מיט מײַנע לאַנדסלײַט. זיי זײַנען געקומען פון אַלע עקן לאַנד.

...ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער נעשאָמע־כעזשבן: — אַלץ איז פאַרניכטעט? יאָ. אָבער ס'איז פאַראַן דער הימל איבער ליובאַר. די לופט, דער טײַך סלוטש (א געענדערטער, נאָר דער זעלבער). די סקאַלעס פון דער נײַער שטאָט. די כורווע פון דער שול...

ס'איז געקומען צו פאָרן דער לעצטער דירעקטאָר פון אונדזער ייִדישער מיטלשול וולאַדימיר נאַומאָוויטש וואָלאָשין.

פונקט אַזאַ, ווי דאַן, ווען די שול־געבײַדע איז געווען א גרויסע, נאָר א גרויער און דער טראָט איז א ביסעלע שווערער. נאָכן פּראַנט האָט ער זיך באַזעצט אין בערדיטשעוו, וואָס איז מיט ליובאַר, ווי א שטוב מיט אַן אַלקער. אַלע יאָרן געאַרבעט אַלס א שול־דירעקטאָר. געטראָפן זיך מיט אונדז, גלײַך ווי נעכטן זיך צעשיידט. דאָס ייִדיש־ריידן, די מאַנירן, די שטילע סאַמעטשטים, די צוגעלאָזנקײַט — אַלץ איז בא אים געבליבן פאַר אונדז. ס'איז א גרויסע פרייד צו קוקן אַף אים, א פרייד צו וויסן, אַז ער איז דאָ — אונדזער דירעקטאָר, דער לערער פון געשיכטע און געאָגראַפיע, אונדזער עלטערער פרײַנט און כאַווער. וואָס פאַר א קרעפטיקער פאָדעם איז עס פון יענעם לעבנס־געוועב! און אָט דער פאָדעם איז ניט דער איינציקער.

איינמאָל האָב איך מיט מײַן מאַן באַגעגנט אַף א מאָסקווער גאַס דעם לערער פון ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך אין 10־טן קלאַס — באָריס מענדלעוויטש דובינסקין. אין יענעם ווײַטן 1939 איז ער געווען בא אונדז אויך פאַרוואַלטער פונעם לערנטייל. מיר זײַנען לאַנג געשטאַנען מיט אים לעבן א מאָנומענט־וויטרינע, ווו ס'זײַנען געווען אויסגעשטעלט זייער שיינע, רעטענישפולע שפּילכלעך, ווי אײדעס, אַז מיר זײַנען אויך אַמאָל געווען קינדער. מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן זײַנע מילכאָמע־וועגן, וועלכע ער איז דורכגעגאַנגען צוזאַמען מיט זײַן געטרײַער פרוי. זיי ביידע האָבן נאָך באַוויזן קומען אַף א באַגע־

געניש מיט די ליובארער. ער, שוין א קראנקער, א געעלטערטער, האט צוזאמען מיטן ווייַב אויסגעזוכט א פאר יידישע לידער, דערציילט שארפזיניקע געשיכטעס. זיי זייַנען געווען גליקלעך, וואס מיר, די ליובארער טוישווים, לעבן ווי א גרויסע מישפאכע, ווי די נאָענטסטע קרויווים.

קיינער האט ניט געוווסט, אז מיר זעען באַריס מענדעלעוויטשן דאס לעצטע מאָל...

צו די פעדעם, וואָס פארבינדן אונדז, קאָן מען אָפטראָגן אויך די בריוו, וועלכע מיר שרייַבן איינער די אנדערע. די לאנגע שמועסן בייס די באגעגענישן, דעם יאָמער, וועלכער ווערט ניט שטילער אין דעם ליובארער פעשטשאנער וועלדל, וו ס'געפינט זיך דער גרויסער קייווער...

איצט קומען שוין אויסגעוואקסענע קינדער און אייניקלעך. מיר פאָטאָגראפירן זיך אלע אינאיינעם, אפט לעם אן איבערגעבליבענער ציגלוואנט. מע קאָן מיינען, אז ס'איז עפעס א נאָמענלאָזע כורווע, אָבער מיר ווייסן, אז דאָס איז דער שטעטלשער קויסעל מאאראָווי, די וואנט פון אונדזער גרויסער שולגעבייַדע, וועלכע קיין שום מערדער זייַנען ניט אימשטאנד אומצוברענגען. די כורווע פונעם בינין איז קעגנגעשטעלט דעם ניט־לעבן.

איך בין ניט אראָפגעפאלן פון יענעם הויכן פלויט. מיך האָבן אונטערגעכאפט די געטרייַע הענט פון אלע געבליבענע, די לערער און שילער, אלט און יונג.

בא מאָשקע סטאריק מיט זייַן ווייַב ענצי דאָרפמאן זייַנען מיר האָיאָר געווען צוגאסט. מאָשקע טראָגט שוין לאנג ניט קיין קאָסאָוואָראָטקע... ער גייט פאמעלעך, די טריט זייַנען קלייגע און אָפטע, ער פארנעמט זיך מיט געזעלשאפטלעכע איניאָנים. א קאָמיוגישע אָרגאניזאציע פון איינער פון די קיִעווער שולן האָט אים אויסגעוויילט פאר א נאסטאווניק. ס'איז זייער אינטערעסאנט צו שמועסן מיט זיי ביידן. אף זייערע פענעמער לויכט נאָך אלץ דער ליובארער כיין. איך קוק אף מייַן „כאָסן" און ווייס גאנץ זיכער, אז כ'האָב אים פונקט אזוי ליב, ווי אין יענעם פרייַטיק, ווען כ'בין געזעסן אפן פלויט און געוואַרט, ער זאָל מיך אראָפנעמען...

---

יידישע קולטור־נייַס

# „אלעף" אין דאָנעצק

ניט ווייניק שווערקייַטן האָט געדארפט בייַקומען דער ערשטער אין דאָנבאס יידישער קולטור־אופקלערערישער צענטער „אלעף", קעדיי צוציִען צו זיך די אייַנוווינער פונעם שאכטיאָרישן קאנט. פאר עטלעכע כאדאָשים פון זייַן טעטיקייַט האָט דער צענטער דורכגעפירט אין דאָנעצק א ריי אָוונטן, אויך לעקציעס, דיספוטן. ווי א גוטמוטיקן שמייכל, דערצו א גאנץ פראקטישן אין שטייגער־לעבן, האָט מען אופגענומען זייַן „שאדכאָנעס־דינסט", וועלכע רופט זיך „אָדאָם זוכט כאווען". די אָרטיקע פרעסע האָט זיך ווארעם אָפגערופן וועגן די ליטערארישע אָוונטן, וואָס „אלעף" האָט אָרגאניזירט אין דער געגנטלעכער ביבליאָטעק.

לעסאָף, ווען ס'איז קלאָר געוואָרן, אז די ארבעט פונעם נייַעם צענטער איז ניט צוועקמעסיק באגרענעצן מיט דער שטאָט דאָנעצק, ווייַל די געזעלשאפטלעכקייַט פון מאריופאָל, מאקייעווקע, ארטיאָמאָווסק און אנדערע דאָנבאסער שטעט וויל זיך אויך באטייליקן אין דער יידישער קולטור־טעטיקייַט, איז אופגעשטאנען די פראגע וועגן רעאָרגאניזירן דעם צענטער אין א געגנטלעכער געזעלשאפטלעכער אינסטיטוציע. אזויארום, אָנהייבנדיק פון יון כוידעש, נאָך אן אָרגאניזאציאָנעלער פארזאמלונג פון אן ערעך פינף הונדערט פאָרשטייער פון דער אָרטיקער געזעלשאפטלעכקייַט, עקזיסטירט „אלעף" אלס געגנט לעכע קערפערשאפט.

דער פאָרזיצער פונעם צענטער דאָוויד פאָלאָנסקי האָט אונדז דערציילט, אז אין באשטאנד פון „אלעף" זייַנען טעטיק עטלעכע סעקציעס: א היסטאָרישע, פילאָסאָפיש־רעליגיעזע, טעאטראלע און קלוב־סעקציע. מע אָרגאניזירט איצט אויך א פארייניקונג פון וועטעראנען, א יוגנט־ און ספאָרט־סעקציעס. זייער א וויכטיקע ארבעט פירט דורך די גרופע „מעמאָריאל", וועלכע זאמלט צונויף יעדיעס וועגן די 280 טויזנט יידישע קדושים, אומגעבראכטע פון די פאשיסטן אין דאָנבאס (בלויז אינעם שורף פון דער שאכטע 4־4 „ביס" זייַנען דערמאָרדעט געוואָרן 75 טויזנט יידן).

צווישן די שווערקייַטן אין דער ווייַטערדיקער טעטיקייַט פונעם יידישן קולטור־צענטער דארף מען קוידעמקאָל אָנרופן די אָפוועזנהייַט פון אן אייגענעם לאָקאל (דערווייַל ארבעט מען אינעם „הויז פון פרייַנטשאפט און שאָלעם") און דעם מאנגל אין קוואליפיצירטע לערער פון דער יידישער שפראך, שוין אָפגערעדט פון דעם, אז ס'איז נאָך זייער שווער צו קריגן נייטיקע לערנביכער און מעטאָדישע מאַטעריאלן.

ב. קופיסאָק,
ל. רימעראָוו

# ליטעראַרישע געדענק־דאַטעס

## שיפרע כאָלאָדענקאָ

(1974 — 1909)

## מאָטיע דעכטיאר

(1939 — 1909)

## שיפרע כאָלאָדענקאָ

### פון ניט־פאַרעפנטלעכטע העפטן



### איך

איך מיט מײַן קלוימערשט זעלבשטענדיקן „איך" —
איך בין נאָר אן אָפּשײַן, איך בין נאָר א ליכט
פון טויזנטער דוירעס, פאַרגאנגען אין שײַן,
פון טויזנטער דוירעס, וואָס וועלן נאָך זײַן.
און אָט צווישן נעכטן און מאָרגן איך שטיי,
איך האָב מײַנע אייגענע פרייד און מײַן וויי,
נאָר אויך פון די דוירעס די ווײַטע איך נאַש,
וואָס זײַנען פון לאַנג שוין פאַרוואַנדלט אין אַש,
און ס'נערט זיך מײַן נאַכט מיט דער זעלטענער שײַן
פון דוירעס פון יענע, וואָס וועלן ערשט זײַן.
איך מיט מײַן קלוימערשט זעלבשטענדיקן „איך" —
מיר ווילט זיך, אז לענגער זאָל ברענען מײַן ליכט,
און גלייבן מיר גלייבט זיך: א פרייד מיך דערוואַרט,
נאָר, צום באַדויערן, סקריפּעט דאָס האַרץ...

• • •

ס'איז שווער צו דערציילן לאַקאָניש,
ווי קאָמיש כ'בין אָפּט זיך אליין,
ווען אָנקוקן כ'וויל די לעוואָנע
און כ'אײַל זיך באַצײַטנס אהיים —

אהין, אין דעם קליינינקן סעדל,
ניט מער ווי א גענעץ די גרייס, —
מיר דוכט, אז דאָרט דרייט זיך דאָס רעדל,
וואָס שטויסט די לעוואָנע פאָרויס...

* * *

אַף מײַן נידעריקער סטעליע קריכט עפּעס א זאַך
מיט א רוקנדל א ראַבינקס און מיט פּיסעלעך א סאַך.
זאָג מיר, מײַן טײַערס, א קונץ טוסטו אוף
צי שטענדיק דו לויפסט מיט די פּיסלעך אַרוף?
און ווער איז דײַן טאַטע — פון וואָס פאַר א גראַד?
איך גלייב, אַז דו שטאַמסט פון אַן אידעלן צאַד.

* * *

„טעמפּ, ווי א דעמב",
„געזונט ,ווי א דעמב", —
זאָגט מען אמאָל,
ווען מע רעדט פון א מענטש.

אָ, מײַן דעמב איז געזונט,
נאָר מײַן דעמב איז ניט טעמפּ,
טיף אין דעם גרונט
מיט די וואָרצלען פאַרקלעמט.

* * *

איך ווייס: ס'קאָן געשען אין דער וועלט
א קריג, א מאַגייפע, א מאַבל,
נאָר כ'קוק אפן דעמב, וועלכער וועלקט —
און ס'גלייבט זיך ניט ,אַז איך וועל שטאַרבן.

דערזען האָב איך אים אומגעריכט
אין שפּעטן ,אין האַרבסטיקן וועטער,

און כ'קאָן עס ניט פאַרשטעלן זיך,
אַז ער וועט פאַרלירן די בלעטער.

מיט אים איז פאַרפולט מײַן געמיט,
איך קאָן זיך מיט אים ניט צעשיידן,
ווײַל ביידע מיר האָבן פאַרהיט
די מעכטיקע ערדישע פריידן.

* * *

רו זיך אָפּ, מײַן בדודעקע, א ווײַלע,
זעץ זיך צו א ביסל בא מײַן שוועל,
גלייב מיר, אַז ס'איז גאָר א גרויסע מײַלע —
האָבן דאָ האַנאָע פון דער וועלט.

און באַנאַנד מיט דיר איך וועל זיך זעצן
און דיר שענקען אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג,
צוליב דיר א בוים איך וועל פאַרזעצן,
צוליב דיר כ'וועל בענטשן אָט דעם טאָג.

## אין וואַגאָן

אין וואַגאָן איך גיי אַרײַן,
כ'דאַרף ניט אויסריידן קיין וואָרט,
מענטשן אכט, צי עפּשער נײַן
טרעטן גלײַך מיר אָפּ דאָס אָרט.
ס'דוכט זיך זיי, אַז איך בין קראַנק,
ס'דוכט זיך זיי, אַז איך בין אַלט...

פאַרן אָרט איך זאָג א דאַנק,
נאָר מיר ווילט זיך שרײַען גוואַלד:
כ'האָב נאָך מײַנע פיס און הענט,
און געפאַרבט זײַנען די האָר —
נו, ווי האָבן זיי דערקענט,
אַז כ'בין אַלט אַזויפיל יאָר?

* * *

איך ווייס, אַז איך שטאַם ניט פון הימל,
איך רײַס זיך דערפאַר ניט אַרויף,
נאָר אויב ס'איז ניטאָ קיין נעשאָמע,
איך דאַרף אױף קאַפּאַרעס מײַן גוף.

איך דאַרף אױף קאַפּאַרעס מײַן קערפּער,
וואָס שטענדיק ער עסט בײַ מיר קעסט,
אויב ער ניט אימשטאַנד איז אַפּילע
צו דינען מײַן גײַסט פאַר אַ נעסט.

* * *

ברודער מײַנער, כ'בין געווען דיך באַשעד,
אַז געוואָלט דו האָסט מיר אָנטאָן שלעכטס,
מײַן באַוווּסטזײַן איז געווען פאַרבאַשעכטס,
אױפן האַרצן איז געווען מיר שלעכטס.

ברודער מײַנער, דו ביסט דאָך ניט שולדיק,
וואָס געווען פאַרסאַמט איז מײַן פאַרשטאַנד,
כ'בין געווען צערײַצט און אומגעדולדיק...
ברודער מײַנער, גיב אַפּסנײַ דײַן האַנט!

* * *

די יאָרן, די יאָרן —
פון זינט כ'בין געבאָרן
זיי גייען, זיי שלאָגן,
זיי יאָגן און יאָגן...
ווי זאָל איך זיי צוימען,
ווי זאָל איך זיי האַלטן?

דאָס גאָלד פון פאַרטאָגן
אין האַרץ כ'האָב געהאַלטן,
דאָס גאָלד פון פאַרטאָגן,
דעם טוי פון קאַיאָרן...
זיי לױפן, זיי יאָגן
און ווערן פאַרלאָרן...

* * *

דער רויפע דער גרעסטער — די צײַט —
זי קאָן ניט פאַרהיילן מײַן וויי,
זי טראָגט מיך און טראָגט אין דער צײַט,
און כ'הער ניט אַליין מײַן געשריי.

און שטענדיק געדענק איך אין דיר,
ווי פריער, איך קוש דײַנע טריט,
און שטענדיק דו גייסט מיט מיר מיט
אין אַלץ, וואָס כ'געפין און פאַרליר...

## קאָסמאָס

איר ווייסט, ווער מיר זײַנען?
מיר זײַנען דאָך מענטשן,
און פליִען מיר קענען,
און שעלטן און בענטשן,
און סעדער מיר פלאַנצן
אױף אונדזערע בייטן,
און האַרגענען קענען מיר
איינער דעם צווייטן.

מיר האָבן געווער
און מיר האָבן פיל געטער,
מיר לייענען טאָגטעגלעך
פאַרשיידענע בלעטער,
מיר גרייטן כאַיאָלעס
פון שפּאַרבערס און ראָבן...
איצט ווייסטו שוין, קאָסמאָס,
אַ קויעך מיר האָבן!..

# מײַן ברודער מאָטל



אין פּאָלעסיע פליסט א קליין טײַכל פּטיטש. עס פאַלט אַרײַן אין פּריפּיאַט — דעם בײַטײַך פון דניעפּער. פיר קילאָמעטער פון דעם אָרט, וווּ דאָס קליינע טײַכעלע באַגעגנט זיך מיטן פּריפּיאַט, ליגט א קליינער יישעוו מיט דער באַן־סטאַנציע פּטיטש. אין דעם דאָזיקן פּרעכטיקן ווינקעלע פון ווײַסרוסלאַנד איז זומער 1909 געבוירן געוואָרן מײַן ברודער מאָטע, דאָס פערטע קינד אין אונדזער מישפּאָכע. דער טאַטע האָט געוואָלט אויסלערנען מאָטלען עפּעס א מעלאָכע, נאָר פון דעם האָט זיך גאָרנישט ניט באַקומען. דערפאַר אָבער, ווי נאָר דאָס ייִנגל האָט זיך אויסגעלערנט שרײַבן, האָבן זיך באַוויזן זײַנע סאַטירישע לידלעך — קופּלעטן וועגן קאָנקרעטע אײַנוווינער פונעם שטעטל. איינס פון מאָטעס ערשטע סאַטירישע ווערק האָט געהייסן „דער מלינאָקער יאַריד". ניט ווײַט פון אונדזער שטעטל איז געווען א דאָרף מלינאָק, וווּ אַלע זומער פלעג פאָרקומען א יאַריד. אַהער איז מען זיך צונויפגעפאָרן פון דעם גאַנצן אַרום. ייִדן פונעם שטעטל און פּויערים פון דעם דאָרף האָבן געבראַכט צו פאַרקויפן זייערע אויסאַרבעטונגען. איינעם פון די יאַרידן האָט באַשריבן מאָטע. באַשריבן גלענצנד, מיט א פרייִלעכן פאָלקס־הומאָר. כאָטש ער האָט פאַרביטן אַלע נעמען, האָט יעדער פּערסאָנאַזש דערקענט זיך אַליין און געלאַכט פונעם פולן האַרצן.

אין 1929 איז מאָטע אַוועקגעפאָרן קיין מינסק. ער האָט געאַרבעט אַלס מויערער אויף דער בויונג פונעם מינסקער אוניווערסיטעט און איינצײַטיק באַזוכט אין אָוונט דעם אַרבפאַק.

אין 1934 קומט ער אָן אין ווײַסרוסישן אוניווערסיטעט אויף דער אָפּטיילונג פון ייִדישער ליטעראַטור. אין 1938 האָט ער פאַרענדיקט די לערן און איז אַוועק דינען אין דער רויטער אַרמיי.

ווינטער 1936. אונדזער פאָטער איז קראַנק געוואָרן אויף א לונגען־אָנצינדונג. קיין פּעניצילין איז נאָך דאַן ניט געווען. די קרענק איז געגאַנגען זייער שווער. ווען די לאַגע האָט אויסגעזען קימאַט האָפענונגסלאָז, האָט דער דאָקטער געהייסן צונויפרופן אַלע קינדער. דער ערשטער איז פון מינסק געקומען מאָטע, אָבער ווי נאָר ער האָט אַריבערגעטראָטן די היימישע שוועל, איז דעם טאַטן געוואָרן גרינגער, און אינגיכן האָט דער כוילע זיך אינגאַנצן פאַריכט. דאָס איז געווען אן עכטער וווּנדער — א נעס. נאָר אַזעלכע ניסים האָבן באַגלייט מאָטען א גאַנץ לעבן — זײַן לעבן, וואָס איז געווען אַזוי קורץ! מאָטע האָט אין זיך פאַרמאָגט קויעך פון גוטהאַרציקייט און אָפּטימיזם, און וווּ ער זאָל זיך ניט באַווײַזן, פלעג דאָרט ווערן ליכטיק און פריידיק. ווען ער האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט אַהיים אויף קאַניקולן, איז דאָס געווען א יאָמטעוו פאַר אונדזער שטעטל און פאַר די נאָענטע דערפער. אַלע האָבן אים ליב געהאַט, אַלעמען האָט געצויגן צו אים. קינדער, באַזונדערס ייִנגלעך, פלעגן טשאַטעווען בא דער קאַליטקע אויף זייער פרייִלעכן עלטערן כאַווער. ער באַווײַזט זיך אויף דער גאַס און ווערט גלײַך אַרומגערינגלט פון א כאַפּטע קינדער, גרעסערע און קלענערע, און די טאַטעס מיט די מאַמעס קלײַבן פון דעם נאַכעס.

אין די אָוונטן פלעג מען זיך צונויפנעמען בא אונדז אין שטוב אָדער אין סאָד און אײַנאָרדענען א קאָנצערט פון ייִדישע פאָלקסלידער. א שטים האָט מאָטל געהאַט א סאַמעט־חייכע, א באַצויבערנדיקע. דאָרט, וווּ מאָטל איז געווען, האָבן געקלונגען לידער, ס'האָבן זיך געהערט גלײַכווערטלעך און א געלעכטער.

בעשאַס די קאַניקולן, ווען מיר פלעגן מיט מאָטען אַרומבלאָנקען אין די נאָענטע דערפער, האָבן די פּויערים אים דערקענט, אײַנגעלאַדן אים צו זיך אין שטוב, דערלאַנגט קיבעד, און ער האָט געשמועסט מיט זיי וועגן בירגערקריג, וועגן פּאַרטיזאַנישע שלאַכטן. דאָס אַלץ האָט אים באַגײַסטערט, און די זומערדיקע קאַניקולן זײַנען געווען די פּרוכטבאַרסטע צײַט פון זײַן שאַפונג.

געשריבן האָט ער געוויינלעך אין סאָד, וווּ ער האָט געהאַט זײַנע א בודקע, און מיר פלעגן זײַן די ערשטע צוהערער פון די דערציילונגען, אין וועלכע ער האָט באַשריבן די פאַרבאָרגענע שיינקייט פון אונדזערע ערטער. זײַן ערשטע זאַמלונג דערציילונגען איז אַרויס אין 1934 אונטערן נאָמען „אויף רישטעוואַניעס", די צווייטע אין 1938 — זי האָט געהייסן „טרײַע וועכטער", די

דריטע („אונדזער ערד") איז דערשינען אין 1939 און די פערטע („ברידער") אין 1940.

איינציקע דערציילונגען זײַנען געווען איבערגעזעצט אין ווײַסרוסיש, און אין 1967 איז אין מאָסקווע אַרויסגעלאָזט געוואָרן א ביכל אין רוסיש.

אין נאָיאַבער 1939, דינענדיק אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי, איז מאַטע דעכטיאַר אַפן וועג צום פינלענדישן פראָנט פאַרשלאָפט געוואָרן און איז געשטאָרבן אין מיליטערישן האָספּיטאַל אין שליסעלבורג. די ידיעה וועגן מאַטעס טויט האָט צוגעשיקט א סאָלדאַט פון זײַן דאַטע קיין מינסק אין שרײַבער־פאַריין פון ווײַסרוסלאַנד.

ס'איז שוין אַוועק 45 יאָר, זינט עס איז געשטאָרבן מײַן ברודער, נאָר מיר דערמאָנען אים א לעבעדיקן, א שמייכלענדיקן, אַזאַ, וואָס פלעג אַרויסרופן בא מענטשן פרייד און גוטהאַרציקייט.

דזשעמאַ דעכטיאַר

# א לעבעדיקער קוואַל

אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן האָבן צווישן אַנדערע ווערק פון אָנפאַנגער זיך באַוויזן אַפ די שפּאַלטן פון דער צײַטונג „אָקטיאַבער" און אין זשורנאַל „שטערן" די ערשטע דערציילונגען פון מאַטע דעכטיאַר, וועלכער האָט געאַרבעט אַלס מולער אַף די בויונגען פונעם ערשטן פינפיאָר.

זײַנע דערציילונגען האָבן זיך אויסגעטיילט צווישן אַנדערע מיט דעם, וואָס אין זיי איז ניט נאָר אָפּגעשפּיגלט געוואָרן דער ענטוזיאַזם פון די בויער, נאָר זיי האָבן באַוויזן אייגנאַרטיקע לעבעדיקע געשטאַלטן מיט אייגנטימלעכע בלויז פאַר זיי כאַראַקטער־שטריכן. ס'איז אויך געשילדערט געוואָרן, וויאַזוי אונטער דער ווירקונג פון פאָרגעשריטענע אַרבעטער ווערן די קוסטאַרן און די דעקלאַסירטע אָרעמקײַט אַרײַנגעצויגן אין דער סאָציאַליסטישער בויונג.

די געשטאַלטן, וואָס דער אויטאָר האָט געשילדערט, האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די לייענער. ס'האָט זיך געפילט, אַז אין דער ליטעראַטור איז געקומען אן עכטער שרײַבער מיט זײַן אייגענעם נוסח צו שילדערן געשעענישן און געשטאַלטן, מיט וועלכע ער האָט פעסט פאַרבונדן זײַן גורל.

אין יענער צײַט האָבן אין דער ליטעראַטור פּרעוואַלירט די טענדענצן פון ראַפּפּ. די אויטאָרן, וואָס האָבן געשאַפן ווערק אַף אינדוסטריעלע טעמעס, זײַנען פאַרעכנט געווען אַלס פּראָלעטאַרישע שרײַבער, און די, וואָס האָבן געשילדערט דאָס דאָרפישע לעבן, האָבן געהייסן קאָלווירטישע שרײַבער, און אַלע איבעריקע זײַנען געווען פאַרעכנט אַלס מיטלויפער. מאַטע דעכטיאַר האָט פעסט געטראָגן דעם טיטל פון א פּראָלעטאַרישן שרײַבער. און ווי זשע? אליין א בויער און שרײַבט וועגן בויער. און דער ערשטער בוך זײַנער, וועלכער איז אַרויס פון דרוק אין 1934, האָט געהייסן „אַף רישטעוואַניעס".

ס'געדענקט זיך: ווען ער האָט היינטעריקן פאַרענדיקט דעם אַרבפאַק, האָט פאַר אים זיך געשטעלט די פראַגע, צי זאָל ער פאַרזעצן די בילדונג. ס'האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן אים געראַטן:

— גענוג זיך געלערנט. ווערסט זיך אָפּרײַסן פון דײַן טעמאַטיק, און דאַן וועט דיר אויסקומען, ווי אַנדערע אָנפאַנגער, אויסזויגן סוזשעטן פון די פינגער...

נאָר די מער דערפאַרענע שרײַבער האָבן אים געעצעט פאַרזעצן זיך לערנען.

— דו ווערסט ניט נאָר באַרײַכערן זיך מיט וויסנשאַפט, — האָבן זיי אים געזאָגט, — אין פּראָצעס פון לערנען אַנטוויקלט זיך דאָס אַנאַליטישע דענקען, ווערסט זיך אויסלערנען פילזײַטיק אויפנעמען די ווירקלעכקײַט. איז עס דען ניט וויכטיק פאַר א שרײַבער?

און ער איז אָנגעקומען אַפן ליטעראַרישן פאַקולטעט פון דעם מינסקער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. אייבצײַטיק האָט ער פאַרגעזעצט שרײַבן דערציילונגען וועגן די בויער. אין זײַן שאַפונג האָט זיך אַנטדעקט א נײַער שטראָם, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך נאָוועלעס, דערציילונגען און לעגענדעס וועגן פּאָלעסיע, וווּ דער יונגער שרײַבער איז געבוירן געוואָרן, פאַרבראַכט די בעסטע יאָרן פון לעבן — די קינדהייט און די יוגנט.

אָט די ווערק זײַנען דורכגעדרונגען מיט טיפן ליריזם. ס'פילט זיך, אַז די עצעם מאַניר פון שילדערן איז געוואָרן א מער דערהויבענע און עמאָציאָנעלע, איידער אין די פריערדיקע ווערק. דעכטיאַרס פּאָלעסיער געשטאַלטן זײַנען ראָמאַנטיש דערהויבן, און צײַטנווײַז זעען זיי אויס לעגענדאַריש. דאָך זײַנען זיי רעאַלע מענטשן, ס'פילט זיך, אַז דער אויטאָר האָט זיי גוט געקענט און איז אַליין געווען אַזאַ, ווי זיי. דאָס זײַנען דער צימבאַליסט אַניסקע אין דער דערציילונג „צימבאַלעס", דער אַלטער שוימער בענציע און זײַנע („טרײַע וועכטער"), דער פורמאַן וועלוול

(„די גרויסע נעסיע"), ארטיאָמקע („אונטערן דעמב") און אנדערע.

מײַסטעריש און פּילפּארביק ווערט אין די דאָזיקע דערציילונגען געשילדערט די נאַטור. עס־טערוויַיז דוכט זיך, אז דאָס זײַנען לידער אין פּראָזע.

ניט נאָר אין מאָטע דעכטיארס ווערק, נאָר אויך אין זײַן טאָגטעגלעכן לעבן האָט זיך געפּילט אַן אָרגאַנישע פאַרבונדנקייַט מיט פּאָלעסיע. פאַר־ברענגענדיק אין א קאָמפּאַניע, פלעגט ער גע־ווייַנלעך מער הערן, איידער ריידן. נאָר ווען עס פלעגט זיך אָנהייבן א געשפּרעך וועגן פּאָלעסיע, האָט ער שאָענוויַיז געקאָנט ארויסזאָגן זײַנע גע־פילן צו דעם קאַנט, דערציילן וועגן זײַנע וועל־דער און לאָנקעס. ס'האָט זיך געפילט, אז דאָס איז פאַר אים אַן אומויסשעפּלעכע טעמע.

און טאַקע, נאָכן פאַרענדיקן דעם אינסטיטוט, ווען ער איז איבערגעגאַנגען אף זשורנאַליסטישער ארבעט אין רעדאַקציע פון דער צײַטונג „אַקטיאַר־בער", זײַנען די מערהײַט ווערק זײַנע, וועלכע ער פלעג שרײַבן אין די פרײַע פון דער ארבעט שאָען, געווען געווידמעט פּאָלעסיע. אין יענער צײַט זײַנען ארויס די ביכער פונעם יונגן שרײַ־בער „טרײַע וועכטער", „אונדזער ערד", „ברי־דער".

אין 1939 איז מאָטע דעכטיאר אוועק דינען אין דער רויטער ארמיי. ער האָט אָנטיילגענומען אינעם באפרײַונגס־מארש קיין מײַרעור־ווײַסרוס־לאַנד. דערנאָך איז ער צוזאמען מיט זײַן טייל איבערגעוואָרפן געוואָרן צו דער פינלענדישער גרענעץ.

דעם 9 נאָיאבער 1939 האָט זיך טראַגיש איבערגעריסן זײַן יונג לעבן. ער האָט אָפּגעלעבט אינגאנצן דרײַסיק יאָר.

אין די אויגן פון די, וואָס האָבן אים גע־קענט, איז ער אייביק יונג, שיין, ענערגיש, טע־טיק, לוסטיק. אזא האָט אים אויך פאַרגעדענקט דער אוטאָר פון די דאָזיקע שורעס.

איצט, אין פיל יאָרן ארום, ווילט זיך נאָכאמאָל איבערלייענען זײַנע ווערק, קעדיי דערפילן, ווי־אַזוי זיי ווערן איצט אופגענומען, צי זיי ריירן און רעגן אזוי ווי פריִער, אָדער צי זיי האָבן, כאָלילע, מיט דער צײַט פאַרלוירן זייער קראַפט און באַ־דײַטונג?

און אָט ליגט פאַר מײַנע אויגן איינער פון זײַנע ביכער. וועלכן ס'האָט זיך אײַנגעגעבן קריגן — „אונדזער ערד".

יעטווידע דערציילונג, ווען דו הייבסט נאָר אָן צו לייענען, ציט צו, ווי א מאגנעט, און קאָנסט זיך ניט אָפּרײַסן פון איר, ביז די האנדלונג ענ־דיקט זיך ניט. זעסט פאר זיך די טיפּישע מענטשן פון יענער צײַט; לעבסט און אָטעמסט מיט זייע־רע פריידן און ליידן, און ווי פריִער רעגן דיך די געשעענישן, וואָס ווערן אין בוך געשילדערט.

הייסט עס, מיטן פולן לעבן אָטעמען די ווערק פון דעם יונגן אוטאָר, וועלכער איז שוין מער פון פערציק יאָר ניטאָ צווישן אונדז. און אויב פאַר אזויפיל יאָרן האָבן זיי ניט פאַרלוירן זייער קראַפט און זיי רעגן, צויבערן, פרייען און רופן, — הייסט עס, אז זיי וועלן ניט פאַרעלטערט ווערן אויך אין דער צוקונפט, און מע קאָן זיכער זאָגן, אז פאר זײַן קורץ נאָר פילטעטיק לעבן האָט דער טאַלאנטפולער פּראָזאִיקער מאָטע דעכטיאר ארײַנגעטראָגן א וויכטיקן צושטײַער אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

הירש רעלעס



# וועגן דעם פּערזאָנען־קולט און זײַנע פֿאָלגן

פֿאַרטראָג פֿון דעם ערשטן סעקרעטאַר פֿון צק קפּסס
כאַוו. כרושטשאָוו נ. ס. דעם XX צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמוניסטישער
פּאַרטיי פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד

25 פֿעברואַר 1956 יאָר

* * *

סטאַלינס אַליין־הערשאַפֿט האָט גורעם געווען שווערע פֿאָלגן אין גאַנג פֿון דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מלחמה.

איבער נעמען אַ סאַך אונדזערע ראָמאַנען, קינאָפֿילמען און היסטאָרישע „פֿאָרש־אַרבעטן", ווערט אין זיי אַבסאָלוט ניט־וואָרהאַפֿטיק געשילדערט די פֿראַגע וועגן סטאַלינס ראָליע אין דער פֿאָטערלענדישער מלחמה. געוויינלעך ווערט געמאָלט אַזאַ מין סכעמע. סטאַלין האָט אַלץ מיטאַנאַנדער פֿאָרויסגעזען. די סאָוועטישע אַרמיי האָט שיר ניט לויט די סטראַטעגישע פּלענער, וועלכע סטאַלין האָט געהאַט פֿאַרפֿריִער אָנגעצייכנט, דורכגעפֿירט אַ טאַקטיק פֿון אַזויגערופֿענער „אַקטיווער פֿאַרטיידיקונג" ד.ה. די טאַקטיק, וועלכע האָט, ווי באַוווּסט, צוגעלאָזט די דײַטשן ביז צו מאָסקווע און סטאַלינגראַד. אָנווענדנדיק אַזאַ טאַקטיק, איז די סאָוועטישע אַרמיי בלויז, הייסט עס, אַדאַנק סטאַלינס געניִ אַריבערגעגאַנגען אין אָנגריף און צעשמעטערט דעם סוינע. דער אַלוועלטלעך־היסטאָרישער ניצחון, וועלכן עס האָבן אָפּגעהאַלטן די באַוואָפֿנטע קרעפֿטן פֿונעם סאָוועטנלאַנד, אונדזער העלדיש פֿאָלק, ווערט אין די ראָמאַנען, קינאָפֿילמען און פֿאָרש־אַרבעטן, פֿון אַזאַ מין צוגעשריבן פֿולשטענדיק סטאַלינס מיליטעריש געניִ.

מע דאַרף אויפֿמערקזאַם זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן אין אָט דער פֿראַגע, ווײַל דאָס האָט ניט בלויז קיין קאָלאָסאַלן, ניט בלויז קיין היסטאָרישן, נאָר קודם־כּל אַ פּאָליטישן, דערציִערישן, פּראַקטישן באַדײַט.

ווי זעען אויס די פֿאַקטן אין אָט דער פֿראַגע?

ביז דער מלחמה האָט אין אונדזער פּרעסע און אין דער גאַנצער דערציִונגס־אַרבעט צוגעמיינסטן געהערשט אַ באַרימערישער טאָן: אויב דער סוינע וועט אָנפֿאַלן אויף דער הייליקער סאָוועטישער ערד, וועלן מיר אויפֿן קלאַפּ פֿונעם סוינע ענטפֿערן מיט אַ דרײַפֿאַכן קלאַפּ, די מלחמה וועלן מיר פֿירן אויף דער טעריטאָריע פֿונעם קעגנער און מיר וועלן זי געווינען מיט ווייניק בלוט. אָבער די דאָזיקע דעקלאַראַטיווע דערקלערונגען זײַנען ווײַט ניט אין אַלץ באַפֿעסטיקט געוואָרן מיט פּראַקטישע מעשׂים, כּדי ווירקלעך באַוואָרענען די ניט־צוטריטלעכקייט פֿון אונדזערע גרענעצן.

אין גאַנג פֿון דער מלחמה און נאָך איר האָט סטאַלין אַרויסגערוקט אַזאַ טעזיס, אַז די טראַגעדיע, וועלכע אונדזער פֿאָלק האָט איבערגעלעבט אין דעם אָנפֿאַנג־פּעריאָד פֿון דער מלחמה, איז קלומערשט אַ רעזולטאַט פֿון דער אומגעריכטקייט פֿונעם דײַטשישן אָנפֿאַל אויפֿן סאָוועטנ־

---

סאָף. אָנהייב זע נומ. 8.

פאַרבאַנד. אָבער, כאַווירים, דאָס אַנטשפּרעכט דאָך לאַכלוטן ניט דער ווירקלעכקייט. ווי נאָר היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דײַטשלאַנד, האָט ער באַלד טאַקע געשטעלט פאַר זיך די אויפגאַבע צו צעשמעטערן דעם קאָמוניזם. וועגן דעם האָבן די פאַשיסטן גערעדט אָפן, ניט אויסבאַהאַלטנדיק זייערע פּלענער. קעדיי צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע אַגרעסיווע פּלענער, זײַנען געשלאָסן געוואָרן פאַרשיידנאַרטיקע פּאַקטן, בלאָקן, אַקסן, ווי די פאַרנאַנטע אַקס בערלין—רוים—טאָקיאָ. פילצאָליקע פאַקטן פונעם ביזמילכאָמעדיקן פּעריאָד האָבן בולעט באַוויזן, אַז היטלער ווענדט אָן אַלע זײַנע באַמיִונגען אויף אָנצוהייבן אַ מילכאָמע קעגן דער סאָוועטישער מעלוכע און אַז ער האָט קאָנצענטרירט גרויסע מיליטערישע פאַרייניקונגען, דערונטער אויך טאַנקען־פאַרייניקונגען, נאָענט צו די סאָוועטישע גרענעצן.

פון די איצט פאַרעפנטלעכטע דאָקומענטן איז צו זען, אַז נאָך דעם 3 אַפּרעל 1941 יאָר האָט טשערטשיל דורך דעם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע קריפּס פּערזענלעך געוואָרנט סטאַלינען, אַז דאָס דײַטשישע מיליטער האָט אָנגעהויבן זיך איבערדיסלאָצירן, גרייטנדיק אַן אָנפאַל אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז טשערטשיל האָט דאָס געטאָן קלאָר ניט אויס גוטע געפילן צום סאָוועטישן פאָלק. ער האָט דאָ פאַרפאָלגט זײַנע אייגענע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן — אָנהעצן דײַטשלאַנד און פּסטר אויף אַ בלוטיקער מילכאָמע איינס קעגן אנדערן און פאַרשטאַרקן די פּאָזיציעס פון דער בריטישער אימפּעריע. פונדעסטוועגן האָט טשערטשיל אָנגעוויזן אין זײַן וואַרנונג־שריפט, אַז ער בעט „וואָרענען סטאַלינען, אום צו ווענדן זײַן אויפמערקזאַמקייט אויף דער געפאַר, וואָס דראָט אים". טשערטשיל האָט צודרינגלעך דאָס זעלבע באַטאָנט אויך אין די טעלעגראַמעס פון 18 אַפּרעל און אין די שפּעטערדיקע טעג. סטאַלין האָט אָבער אויף אָט די וואָרענונגען ניט געלייגט קיין אכט. נאָך מער, סטאַלין האָט געגעבן אָנווײַזונגען ניט געטרויען אַזאַ מין אינפאָרמאַציע, קעדיי, הייסט עס, ניט פּראָוואָצירן, עס זאָלן זיך אָנהייבן קריגס־אָפּעראַציעס.

מע דאַרף זאָגן, אַז ענלעכע אינפאָרמאַציע וועגן דער זיך אָנרוקנדיקער געפאַר, דאָס דײַטשישע מיליטער זאָל זיך אַרײַנרײַסן אויף דער טעריטאָריע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, איז געגאַנגען אויך פון אונדזערע אַרמייִשע און דיפּלאָמאַטישע קוועלן, נאָר איבער דעם, וואָס בײַ דער אָנפירונג האָט זיך געשאַפן אַ פאָרויסגענומענע באַציִונג צו אַזאַ מין אינפאָרמאַציע, איז זי אַלעמאָל פאָרזיכטיק דערגעשיקט געוואָרן מיט פאַרזאָרג און אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט באַוואָרענישן.

אַזוי, צום בײַשפּיל, האָט דער מיליטערישער יאַם־אַטאַשע אין בערלין קאַפּיטאַן פון 1־טן ראַנג וואָראָנצאָוו אין אַ ראַפּאָרט פון בערלין דעם 6 מײַ 1941 יאָר געגעבן צו וויסן: „דער סאָוועטישער אונטערטאַן באָזער... האָט מיטגעטיילט דעם געהילף פון אונדזער יאַם־אַטאַשע, אַז לויט די ווערטער פון איינעם אַ דײַטשישן אָפיצער פון היטלערס סטאַווקע, גרייטן די דײַטשן צום 14 מײַ אַן אָנפאַל אויף פּסטר דורך פינלאַנד, בײַסאַלטיק און לעטלאַנד. גלײַכצײַטיק זײַנען אָנגעמערקט מעכטיקע אָנפאַלן פון דער אַוויאַציע אויף מאָסקווע און לענינגראַד און אַרויסצוואַרפן פאַראַשוטדעסאַנטן אין די בײַגרענעץ־צענטערס..."

אין זײַן ראַפּאָרט פון 22 מײַ 1941 יאָר האָט דער געהילף פונעם מיליטער־אַטאַשע אין בערלין כלאָפּאָוו מיטגעטיילט אַז „...דער אָנגריף פונעם דײַטשישן מיליטער איז באַשטימט קלוימערשט אויפן 15.VI, אָבער ס'איז מעגלעך, ער זאָל זיך אָנהייבן אַפילע די ערשטע טעג יוני..."

אין אַ טעלעגראַם פון אונדזער אַמבאַסאַדע אין לאָנדאָן פונעם 18 יוני 1941 יאָר איז מיטגעטיילט געוואָרן: „וואָס שײַעך דעם לויפנדיקן מאָמענט, איז קריפּס פעסט איבערצײַגט, אַז אַ מיליטערישער צוזאַמענשטויס פון דײַטשלאַנד און פּסטר איז אומפאַרמײַדלעך, — און דערבײַ ניט שפּעטער ווי אינדערמיט יוני. לויט, ווי עס זאָגט קריפּס, האָבן די דײַטשן הײַנטצוטאָג קאָנצענטרירט אויף די סאָוועטישע גרענעצן (אײַנגעשלאָסן די לופט־קרעפטן און די באַהילפיקע קרעפטן פון די מיליטער־טיילן) 147 דיוויזיעס...". ניט געקוקט אויף אָט די אַלע אויסערגעוויינלעך וויכטיקע סיגנאַלן, זײַנען ניט אָנגענומען געוואָרן קיין גענוגנדיקע מיטלען, קעדיי גוט צוגרייטן דאָס לאַנד צו פאַרטיידיקן זיך און אויסצושליסן דעם מאָמענט פון אומגעריכטיקייט פונעם אָנפאַל.

צי האָבן מיר געהאַט צײַט און מעגלעכקייטן פאַר אַזאַ צוגרייטונג? יאָ, סײַ צײַט, סײַ מעגלעכקייטן זײַנען געווען. אונדזער אינדוסטריע האָט זיך געפונען אויף אַזאַ אַנטוויקלונגס־ניוואָ, ווען די איז געווען אימשטאַנד פולשטענדיק צו באַזאָרגן די סאָוועטישע אַרמיי מיט אַלדאָס נייטיקע. דאָס ווערט באַשטעטיקט כאָטשבי דערמיט, וואָס ווען מיר האָבן בײַס דער מילכאָמע פאַרלוירן קימאַט אַ העלפט פון אונדזער גאַנצער אינדוסטריע איבער דעם, וואָס דער סוינע האָט פאַרנומען אוקראַיִנע, צאָפן־קאַווקאַז, די מײַרעוו־ראַיאָנען פון לאַנד, וויכטיקע אינדוסטריע־ און טוווע־ראַיאָנען, האָט דאָס סאָוועטישע פאָלק געקענט אָרגאַניזירן די פּראָדוקציע פון קריגס־מאַטעריאַלן אין די מיזרעך־ראַיאָנען פון לאַנד, לאָזן דאָרט אין גאַנג די אויסשטאַטונג, וועלכע איז אַרויסגעפירט געוואָרן פון די מײַרעווודיקע אינדוסטריעלע ראַיאָנען, און באַזאָרגן אונדזערע באַוואָפנטע קרעפטן מיט אַלץ, וואָס איז נייטיק, אויף צו צעשמעטערן דעם סוינע.

ווען אונדזער אינדוסטריע וואָל געווען זײַן צו דער צײַט און ווי ס'געהער צו זײַן מאָבילידירט אױף צו באַוואָרענען די אַרמיי מיט באַוואָפֿענונג און דער נייטיקער אַמוניציע, וואָלטן מיר געליטן אָן ערך ווייניקער קאָרבאָנעס און אין אָט דער שווערער מילכאָמע. ס'איז אָבער אַזאַ מאָביליזאַציע רעכטצײַטיק ניט דורכגעפֿירט געוואָרן. און פֿון די ערשטע טעג פֿון דער מילכאָמע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונדזער אַרמיי איז שלעכט באַוואָפֿנט, אַז מיר האָבן ניט פֿאַרמאָגט קיין גענוגנדיקע צאָל אַרטילעריע, טאַנקען און עראָפּלאַנען אױף אָפּצושטויסן דעם סוינע.

די סאָוועטישע וויסנשאַפֿט און טעכניק האָבן פֿאַר דער מילכאָמע געגעבן אויסגעצייכנטע מוסטערן פֿון טאַנקען און אַרטילעריע. אָבער די מאַסנווע פּראָדוקציע פֿון דעם אַלעמען איז ניט געווען אָרגאַניזירט, און מיר האָבן אָנגעהויבן איבערבאַוואָפֿנען די אַרמיי איינגנטלעך סאַמע ערעוו דער מילכאָמע. מאַכמעס דעם, וואָס מיר האָבן אינעם מאָמענט, ווען דער סוינע איז אָנגעפֿאַלן אױף דער סאָוועטישער ערד, ניט געהאַט אין דער גענוגנדיקער צאָל ניט קיין אַלטע טעכניק, וועלכע מיר האָבן אַראָפּגענומען פֿון דער באַוואָפֿענונג, ניט קיין נײַע טעכניק, וועלכע מיר האָבן זיך געקליבן ערשט אַרײַנברענגען. זייער שלעכט האָט געהאַלטן מיט זעניט־אַרטילעריע. ס'איז ניט געווען אָרגאַניזירט די אויסאַרבעטונג פֿון פֿאַנצערברעכנדיקע האַרמאַטקוילן אױף צו קעמפֿן קעגן טאַנקען. אַ סאַך באַפֿעסטיקטע ראַיאָנען האָבן צום מאָמענט פֿונעם אָנפֿאַל זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן הילפֿלאָז, ווײַל די אַלטע באַוואָפֿענונג האָט מען בא זיי אַראָפּגענומען, און די נײַע נאָך ניט אַרײַנגעבראַכט.

און עס האַנדלט זיך, צום באַדויערן, ניט בלויז וועגן טאַנקען, אַרטילעריע און עראָפּלאַנען. צום מאָמענט פֿון דער מילכאָמע האָבן מיר ניט געהאַט אַפֿילע קיין גענוגנדיקע צאָל ביקסן אױף צו באַוואָפֿענען די מענטשן, וועלכע ווערן גערופֿן אין דער אָפּערירנדיקער אַרמיי. [...]

אַזוי האָט עס געהאַלטן מיט באַוואָפֿנונג.

מע קאָן ניט אין דעם צוזאַמענהאַנג ניט דערמאָנען, צום בײַשפּיל, אויך אַזאַ פֿאַקט. ניט לאַנג פֿאַר דעם אָנפֿאַל פֿון די היטלערישע אַרמייען אױפֿן סאָוועטנפֿאַרבאַנד האָט קירפּאָנאָס, זײַענדיק דער קאָמאַנדירער פֿון קיִעווער באַזונדערן מיליטער־קרײַז (ער איז שפּעטער אומגעקומען אױפֿן פֿראָנט), אָנגעשריבן סטאַלינען, אַז די דײַטשישע אַרמייען זײַנען צוגעגאַנגען צום בוג, גרייטן העפֿטיק צו אַלץ צו אַן אָנגריף און די נאָענטסטע צײַט וועלן זיי, ווײַזט אויס, אָנהייבן דעם אָנגריף. נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט, האָט קירפּאָנאָס פֿאָרגעשלאָגן שאַפֿן אַ זיכערע שוץ־ליניע, אַרויספֿירן פֿון די גרענעץ־ראַיאָנען אַ 300 טויזנט באַפֿעלקערונג און שאַפֿן דאָרט עטלעכע מעכטיקע באַפֿעסטיקטע זאָנעס: אויסגראָבן קעגנטאַנקען־גראָבנס, שאַפֿן באַהעלטענישן פֿאַר די שלאַכט־לײַט און אַזוי ווײַטער.

אױף די דאָזיקע פֿאָרשלאָגן איז פֿון מאָסקווע געגעבן געוואָרן אַזאַ ענטפֿער, אַז דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע, אַז קיין שום צוגרייטונגס־אַרבעטן אױף דער גרענעץ דאַרף מען ניט מאַכן, אַז מע דאַרף ניט געבן די דײַטשן קיין געלעגנהײַט אָנהייבן קעגן אונדז קריגס־אָפּעראַציעס. און אונדזערע גרענעצן זײַנען ווי עס באַדאַרף צו זײַן ניט געווען צוגעגרייט אַרויסצוווײַזן אַ שאַרפֿן ווידערשטאַנד דעם סוינע.

ווען דאָס פֿאַשיסטישע כאַיל האָט שוין אַרײַנגעריסן זיך אױף דער סאָוועטישער ערד און אָנגעהויבן די קריגס־אָפּעראַציעס, איז פֿון מאָסקווע אָנגעקומען אַ באַפֿעל — אױף קיין שיסערײַ ניט ענטפֿערן. פֿאַרוואָס? טאַקע דערפֿאַר, וואָס סטאַלין האָט טראָץ די באַשײַמפּערלעכע פֿאַקטן געהאַלטן, אַז דאָס איז נאָך ניט קיין מילכאָמע, נאָר אַ פּראָוואָקאַציע פֿון באַזונדערע אומדיסציפּלינירטע טיילן פֿון דער דײַטשישער אַרמיי, און אויב מיר וועלן די דײַטשן ענטפֿערן, וועט דאָס זײַן אַ געלעגנהײַט אױף אָנצוהייבן אַ מילכאָמע.

ס'איז באַוווּסט אויך אַזאַ פֿאַקט. סאַמע ערעוו דעם אָנפֿאַל פֿון די היטלערישע אַרמייען אױף דער טעריטאָריע פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד איז איינער אַ דײַטש איבערגעלאָפֿן די גרענעץ און מיטגעטיילט, אַז דאָס דײַטשישע מיליטער האָט באַקומען אַ באַפֿעל — דעם 22 יון 3 אַזייגער באַנאַכט אָנהייבן אַן אָנגריף קעגן דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד. וועגן דעם האָט מען טייקעף מיטגעטיילט סטאַלינען, נאָר אויך אױף דעם סיגנאַל איז קיין אַכט ניט געווענדט געוואָרן.

ווי איר זעט, ס'איז איגנאָרירט געוואָרן אַלץ: סײַ די וואָרענונגען פֿון באַזונדערע מיליטער־אָנפֿירער, סײַ די באַווײַזן פֿון איבערלויפֿערס און סײַ אַפֿילע די אָפֿענע אָפּעראַציעס פֿונעם סוינע. וואָס זשע איז דאָס פֿאַר אַ פֿאַרויסזעערישקײַט פֿון דעם אָנפֿירער פֿון דער פּאַרטיי און דעם לאַנד אין אַזאַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן מאָמענט פֿון דער געשיכטע?

און צו וואָס האָט געבראַכט אַזאַ זאָרגלאָזיקײַט, אַזאַ איגנאָרירן באַשײַמפּערלעכע פֿאַקטן? עס האָט געבראַכט דערצו, אַז אין די ערשטע שעה און טעג האָט דער קעגנער פֿאַרניכטעט אין אונדזערע בײַגרענעץ־ראַיאָנען אַ גוואַלדיקע צאָל אַוויאַציע, אַרטילעריע און אַנדערע קריגס־טעכניק, אומגעבראַכט אַ גרויסע צאָל אונדזערע מיליטער־קאַדרן, דעזאָרגאַניזירט דאָס אָנפֿירן מיטן מיליטער, און מיר זײַנען ניט געווען בכוח פֿאַרשטעלן אים דעם וועג אין דער טיף פֿון לאַנד.

נאָר שווערע פאָלגן פאַרן לאַנד, באַזונדערס אין אָנפאַנג־פעריאָד פון דער מילכאָמע האָט געהאַט דער אומשטאַנד, וואָס אין מעשעך פון די יאָרן 1937 — 1941 זײַנען מאַכמעס סטאַלינס כשאַדימדיקײַט, לויט רעכילעסדיקע באַשולדיקונגען אויסגעראָטן געוואָרן פילצאָליקע קאַדרען אַרמייִשע קאָמאַנדירן און פאָליט־טוער. אין מעשעך פון אָט די יאָרן זײַנען רעפרעסירט געוואָרן עטלעכע שיכטן קאָמאַנדירן־קאַדרען, אָנגעהויבן בוכשטעבלעך פון א ראָטע און א באַטאַליאָן און ביז די העכסטע אַרמיי־צענטערס, דערונטער זײַנען קימאַט פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן יענע קאָמאַנדירן־קאַדרען, וועלכע האָבן באַקומען וועלכע־ניט־איז דערפאַרונג פון מילכאָמע־פירן אין שפּאַניע און אפן ווײַטן מיזרעך.

די פאָליטיק פון ברייטע רעפרעסיעס קעגן די אַרמייִשע קאַדרען האָט געהאַט נאָך יענע שווערע פאָלגן, וואָס זי האָט אַרונטערגעריסן דעם יעסאָד פון דער מיליטערישער דיסציפּלין, ווײַל אין מעשעך פון עטלעכע יאָר האָט מען די קאָמאַנדירן פון אַלע ראַנגען און אַפילע די סאָלדאַטן אין די פּאַרטיי־ און קאָמיונ־קעמערלעך צוגעוווינט דערצו, זיי זאָלן „דעמאַסקירן" זייערע עלטערע קאָמאַנדירן, ווי פײַנט, וועלכע האָבן זיך פאַרמאַסקירט. (א באַוועגונג אין זאַל). נאַטירלעך, אַז דאָס האָט נעגאַטיוו זיך אָפּגערופן אין דעם ערשטן פעריאָד פון דער מילכאָמע אויף דעם צושטאַנד פון דער מיליטערישער דיסציפּלין.

און ביז דער מילכאָמע האָבן מיר דאָך געהאַט אויסגעצייכנטע מיליטערישע קאַדרען, גרענעצלאָז טרײַע דער פּאַרטיי און דעם היימלאַנד. גענוג צו זאָגן, אַז יענע פון זיי, ווער ס'איז געבליבן, איך האָב אין זינען אַזעלכע סאָווייִרים, ווי ראָקאָסאָווסקי (און ער איז דאָך געזעסן), גאָרבאַטאָוו, מערעצקאָוו (ער געפינט זיך אפן צוזאַמענפאָר), פּאָדלאַס (און דאָס איז א גלענצנדיקער קאָמאַנדיר, ער איז אומגעקומען אפן פראָנט) און א סאַך, א סאַך אַנדערע, האָבן פון די ערשטע טעג פון דער מילכאָמע, ניט געקוקט אויף די שווערע מאַטערנישן, וואָס זיי זײַנען אויסגעשטאַנען אין די טורמעס, אַרויסגעוויזן זיך אַלס עכטע פּאַטריאָטן און מעסירעסנעפעשדיק זיך געשלאָגן צום רום פונעם היימלאַנד, אָבער א סאַך אַזעלכע קאָמאַנדירן זײַנען דאָך אומגעקומען אין לאַגערן און טורמעס, און די אַרמיי האָט זיי ניט געזען.

דאָס אַלץ צוזאַמען גענומען האָט טאַקע גורעם געווען די לאַגע, וועלכע האָט זיך געשאַפן אין אונדזער לאַנד אָנהייב מילכאָמע און וועלכע האָט געדראָט מיט דער גרעסטער סאַקאָנע פאַרן גורל פון אונדזער היימלאַנד.

ס'וואָלט געווען נישט ריכטיק ניט צו זאָגן וועגן דעם, אַז נאָך די ערשטע שווערע דורכפאַלן און מאַפּאָלעס אויף די פראָנטן האָט סטאַלין געהאַלטן, אַז ס'איז שוין געקומען דער סאָף. אין איינעם פון די שמועסן אין יענע טעג האָט ער געזאָגט:

דאָס, וואָס לענין האָט געשאַפן, דאָס אַלץ האָבן מיר אויף אייביק פאַרלוירן.

נאָכדעם האָט ער א לאַנגע צײַט פּאַקטיש ניט אָנגעפירט מיט די קריגס־אָפּעראַציעס און בכלל ניט צוגעטראָטן צו דער אַרבעט און זיך אומגעקערט צו דער אָנפירונג ערשט דאַן, ווען צו אים זײַנען געקומען אייניקע מיטגלידער פון פּאָליטביוראָ און געזאָגט, אַז מע דאַרף ניט אָפּלייגנדיק אָנעמען אַזעלכע און אַזעלכע מיטלען אויף צו פאַריכטן די סיטואַציע אפן פראָנט.

אַזוי־אַרום, איז די שרעקלעכע געפאַר, וואָס איז געהאַנגען אויף אונדזער היימלאַנד אינעם ערשטן פעריאָד פון דער מילכאָמע, געווען אין א גרויסער מאָס א רעזולטאַט פון די פעלערהאַפטע מעטאָדן פון אָנפירן מיטן לאַנד און מיט דער פּאַרטיי מיצאַד סטאַלינען גופע.

עס האַנדלט זיך אָבער ניט בלויז וועגן דעם מאָמענט אַליין, ווען די מילכאָמע איז אויסגעבראָכן, ער האָט ערנסט דעזאָרגאַניזירט אונדזער אַרמיי און אונדז פאַרשאַפט שווערע פאַרלוסטן. שוין נאָכן אָנהייב פון דער מילכאָמע האָט די נערוועזקײַט און היסטערישקײַט, וועלכע סטאַלין האָט אַרויסגעוויזן, ווען ער פלעגט זיך אַרײַנמישן אינעם גאַנג פון די קריגס־אָפּעראַציעס, אָנגעטאָן ערנסטן שאָדן אונדזער אַרמיי.

סטאַלין איז געווען זייער ווײַט פון פאַרשטיין די רעאַלע סיטואַציע, וועלכע האָט זיך געשאַפן אויף די פראָנטן. און דאָס איז נאַטירלעך, ווײַל פאַר דער גאַנצער פאָטערלענדישער מילכאָמע איז ער ניט געווען אַז אויף קיין איין באַצירק פון פראָנט, אַז אין קיין איינער פון די באַפרײַטע שטעט, אויב ניט רעכענען דעם בליץ־אַרויספאָר אויף מאָזשײַסקער שאָסיי בא א סטאַבילן צושטאַנד אפן פראָנט, וועגן וואָס ס'זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן אַזויפיל ליטעראַרישע ווערק מיט פאַרשיידענערליי אויסטראַכטענישן און אַזויפיל פאַרביקע לײַוונטן. צוזאַמען דערמיט האָט סטאַלין דירעקט זיך אַרײַנגעמישט אין גאַנג פון די אָפּעראַציעס און אָפּגעגעבן באַפעלן, וועלכע האָבן ניט זעלטן נישט דיסקאָנטירט די רעאַלע סיטואַציע אפן געגעבענעם פראָנט־באַצירק און האָבן ניט געקאָנט נישט ברענגען צו קאָלאָסאַלע פאַרלוסטן פון מענטשלעכע לעבנס.

איך וועל זיך דערלויבן ברענגען אין אָט דעם צוזאַמענהאַנג איין כאַראַקטעריסטישן פאַקט, וועלכער ווײַזט, וויאַזוי סטאַלין האָט אָנגעפירט מיט די פראָנטן. דאָ אפן צוזאַמענפאָר געפינט זיך

דער מאַרשאַל באַגראַמיאַן, וועלכער איז זײַנערצײַט געווען דער שעף פֿונעם אָפּעראַטיוון אָפּטייל פֿונעם שטאַב פֿון דאָרעם־מײַרעווידיקן פֿראָנט און וועלכער קאָן באַשטעטיקן דאָס, וואָס איך וועל אײַך באַלד דערציילן.

ווען אין 1942 יאָר זײַנען אינעם ראַיאָן פֿון כאַרקאָוו אַנטשטאַנען אויסערלעך שווערע באַדינגונגען פֿאַר אונדזער מיליטער, האָבן מיר אָנגענומען אַ ריכטיקן באַשלוס וועגן אָפּשטעלן די אָפּעראַציעס אויף אַרומרינגלען כאַרקאָוו, ווײַל אין די רעאַלע אומשטאַנדן פֿון יענער צײַט האָט דאָס פֿאַרזעצן אויסצופֿילן אַזאַ מין אָפּעראַציע געדראָט אונדזער מיליטער מיט פֿאַטאַלע פֿאָלגן.

מיר האָבן ראַפּאָרטירט וועגן דעם סטאַלינען, דערקלערנדיק, אַז די סיטואַציע פֿאָדערט צו ענדערן דעם פּלאַן פֿון די אָפּעראַציעס, קעדיי ניט צולאָזן דעם סוינע, ער זאָל פֿאַרניכטן גרויסע גרופּירונגען פֿון אונדזער מיליטער.

טראָץ דעם געזונטן פֿאַרשטאַנד האָט סטאַלין אָפּגעוואָרפֿן אונדזער פֿאָרשלאָג און האָט באַפֿוילן פֿאָרזעצן אויסצופֿילן די אָפּעראַציע אויף אַרומרינגלען כאַרקאָוו, כאָטש צו יענער צײַט איז אויף אונדזערע פֿילצאָליקע מיליטערישע גרופּירונגען שוין געהאַנגען אַ גאַנץ רעאַלע געפֿאַר פֿון אַרומגערינגלט און פֿאַרניכטעט ווערן.

איך קלינג וואַסילעווסקין און בעט זיך בײַ אים:

— נעמט, זאָג איך, אַ מאַפּע, אַלעקסאַנדער מיכײַלאָוויטש (כ' וואַסילעווסקי איז דאָ פֿאַראַן), ווײַזט דעם כאַווער סטאַלין, וואָס פֿאַר אַ לאַגע האָט זיך געשאַפֿן. און זאָגן דאַרף מען, אַז סטאַלין פֿלעגט פּלאַנירן די אָפּעראַציעס אויף אַ גלאָבוס. (אַן אופֿלעבונג אין זאַל). יאָ, כאַווײרים, ער נעמט אַ גלאָבוס און ווײַזט אויף אים די פֿראָנט־ליניע. איז אָט זאָג איך דעם כ' וואַסילעווסקי, ווײַזט אויף דער מאַפּע די סיטואַציע, מע טאָר דאָך ניט אין די דאָזיקע באַדינגונגען פֿאָרזעצן די פֿריִער אָנגעמערקטע אָפּעראַציע. לעטויוועס דער זאַך דאַרף מען ענדערן דעם פֿריִערדיקן באַשלוס.

וואַסילעווסקי האָט מיר דערויף געענטפֿערט, אַז ער וועט מער ניט גיין ראַפּאָרטירן סטאַלינען, ווײַל יענער וויל ניט הערן קיין שום זײַנע אַרגומענטן וועגן דער דאָזיקער אָפּעראַציע.

נאָך דעם געשפּרעך מיט וואַסילעווסקין האָב איך אָנגעקלונגען סטאַלינען אויף דער דאַטשע. אָבער סטאַלין איז צום טעלעפֿאָן ניט צוגעגאַנגען, און גענומען דאָס טרײַבל האָט מאַלענקאָוו. איך זאָג דעם כאַוו. מאַלענקאָוו, אַז איך קלינג פֿונעם פֿראָנט און וויל פּערזענלעך איבעררײדן מיטן כאַוו. סטאַלין. סטאַלין גיט איבער דורך מאַלענקאָוון, אַז איך זאָל רעדן מיט מאַלענקאָוון. איך דערקלער אַ צווייט מאָל, אַז איך וויל פּערזענלעך מיטיילן סטאַלינען וועגן דער שווערער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפֿן בײַ אונדז אויפֿן פֿראָנט. אָבער סטאַלין האָט ניט געהאַלטן פֿאַר נייטיק נעמען דאָס טרײַבל, און האָט נאָכאַמאָל באַשטעטיקט, אַז איך זאָל רעדן מיט אים דורך מאַלענקאָוון, כאָטש ביזן טעלעפֿאָן איז געווען עטלעכע טריט צוצוגיין.

„אויסגעהערט" אויף אַזאַ אויפֿן אונדזער באַקאָשע, האָט סטאַלין געזאָגט:

— לאָזן אַלץ, ווי געווען.

וואָס זשע האָט זיך דערפֿון באַקומען? און באַקומען האָט זיך דאָס סאַמע ערגסטע פֿון דעם, וואָס מיר האָבן זיך פֿאָרגעשטעלט. די דײַטשן איז געלונגען אַרומרינגלען אונדזערע מיליטערישע גרופּירונגען, און אַלס רעזולטאַט דערפֿון האָבן מיר פֿאַרלוירן הונדערטער טויזנטער פֿון אונדזער מיליטער. אָט האָט איר אײַך סטאַלינס מיליטערישן „געני". אָט וואָס ער האָט אונדז געקאָסט (אַ באַוועגונג אין זאַל). [...]

נאָכן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר וועלן מיר, זעט אויס, דאַרפֿן רעווידירן די אָפּשאַצונג פֿון אַ סאַך מיליטערישע אָפּעראַציעס און זיי געבן אַ ריכטיקע דערקלערונג.

אַ סאַך בלוט האָט אונדז געקאָסט אויך די טאַקטיק, אויף וועלכער ס'איז באַשטאַנען סטאַלין, ניט וויסנדיק דעם כאַראַקטער פֿון פֿירן קריגס־אָפּעראַציעס, נאָך דעם, ווי עס איז געלונגען אָפּצושטעלן דעם קעגנער און אַריבערגיין אין אָנגריף.

מיליטערלײַט ווייסן, אַז שוין פֿון סאָף 1941 יאָר האָט סטאַלין, אַנשטאָט פֿירן גרויסע מאַנעוור־אָפּעראַציעס, אַרומכאַפּנדיק דעם סוינע פֿון די פֿלאַנגען, פֿאַרגייענדיק אים הינטן־אַרום, געפֿאָדערט אומאויפֿהערלעכע פֿראָנט־אַטאַקעס, קעדיי אײַנצונעמען דאָרף נאָך דאָרף, און מיר האָבן איבער דעם געהאַט קאָלאָסאַלע פֿאַרלוסטן ביז אונדזער גענעראַליטעט, וואָס אויף זײַנע פּלייצעס איז געלעגן די גאַנצע לאַסט פֿון פֿירן די מילכאָמע, האָט זיך אײַנגעגעבן צו ענדערן די זאַכלאַגע אין אַריבערגיין צום פֿירן עלאַסטישע מאַנעוור־אָפּעראַציעס, וואָס דאָס האָט באַלד ערנסט געענדערט די לאַגע אויף די פֿראָנטן לעטויוועס אונדז.

איז דערײַבער נאָך מער שענדלעך און אומווירדיק יענער פֿאַקט, וואָס נאָך אונדזער גרויסן ניצאָכן איבערן סוינע, אַ ניצאָכן, וואָס איז אונדז אָנגעקומען פֿאַר זייער אַ שווערער פּרײַז, האָט סטאַלין אָנגעהויבן גראָמירן אַ סאַך פֿון יענע פֿאָלקן־פֿירער, וועלכע האָבן אַרײַנגעטראָגן זייער גרויסן צושטײַער אין דעם זיג איבערן סוינע, מאַכמעס סטאַלין האָט אויסגעשלאָסן יעטווידע מעג־

לעכקײַט, אז די פֿאַרדינסטן, װעלכע זײַנען דערװאָרבן געװאָרן אױף די פֿראָנטן, זאָלן צוגעשריבן װערן װעמען עס זאָל ניט זײַן, כּוץ אים אַלײן.

סטאַלין האָט אַרױסגעװיזן גרױס אינטערעס צו דער אָפּשאַצונג פֿונעם כאַװ. זשוקאָװ, אַלס אַ פֿאַלקן־פֿירער בײַס דער מילכאָמע. ער האָט ניט אײן מאָל געפֿרעגט מײַן מײנונג װעגן זשוקאָװן, און איך האָב אים געזאָגט:

— זשוקאָװן קען איך פֿון לאַנג, ער איז אַ גוטער גענעראַל, אַ גוטער קאָמאַנדירער.

נאָך דער מילכאָמע האָט סטאַלין גענומען דערצײלן װעגן זשוקאָװן קאַלערלײ באָבע־מײַסעס. [...]

אין דעם צוזאַמענהאַנג האָט סטאַלין גופֿע זײער פֿלײַסיק פּאָפּולאַריזירט זיך אַלײן, װי אַ גרױסן פֿאַלקן־פֿירער, מיט אַלע מיטלען האָט ער אײַנגעװאָרצלט אין באַװוסטזײַן פֿון מענטשן די װערסיע, אַז אַלע ניצחונס, װעלכע ס'האָט אָפּגעהאַלטן דאָס סאָװעטישע פֿאָלק בײַס דער גרױסער פּאַטעראַלענדישער מילכאָמע, זײַנען אַ רעזולטאַט פֿון סטאַלינס געװאַגטקײַט, העלדנמוט, געני, און פֿון קײנעם ניט מער. אַזױװי קוזמאַ קריוטשקאָװ — ער האָט מיטאַמאָל אױפֿגעהױבן אױפֿן שפּיז 7 מענטשן. (אַן אױפֿלעבונג אין זאַל).

אינדערעמעסן, נעמט אונדזערע היסטאָרישע און מיליטערישע קינאָפֿילמען אָדער אײניקע ליטעראַרישע װערק, װאָס ס'איבלט צו לײענען זײ. זײ זײַנען דאָך אַלע באַשטימט אױף צו פּראָפּאַגאַנדירן גראָד די דאָזיקע װערסיע פֿון רימען סטאַלינען אַלס געניאַלן פֿאַלקן־פֿירער. [...]

ניט סטאַלין, נאָר די פּאַרטײ אינגאַנצן גענומען, די סאָװעטישע רעגירונג, אונדזער העלדישע אַרמײ, אירע טאַלאַנטפֿולע פֿאַלקן־פֿירערס און די העלדנמוטיקע שלאַכטלײַט, דאָס גאַנצע סאָװעטישע פֿאָלק — אָט װער ס'האָט געזיכערט דעם ניצאָכן אין דער גרױסער פּאַטעראַלענדישער מילכאָמע. (שטורמישע, דױערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

די מיטגלידער פֿונעם צק פֿון דער פּאַרטײ, אונדזערע װירטשאַפֿטלער, די טוער פֿון דער סאָװעטישער קולטור, די אָנפֿירערס פֿון די אָרטיקע פּאַרטײיִשע און סאָװעטישע אָרגאַניזאַציעס, די אינזשענירן און טעכניקער — יעדערער האָט זיך געפֿונען אױף זײַן פּאָסטן און מעסירעסנעפֿעשדיק אָפּגעגעבן זײַנע קױכעס און קענטענישן, כּדי צו זיכערן דעם זיג איבערן סױנע.

אױסשליסלעכן העראָיִזם האָט באַװיזן אונדזער הינטערלאַנד — דער רומפֿולער אַרבעטער־קלאַס, אונדזער קאָלװירטיש פּױערטום, די סאָװעטישע אינטעליגענץ, װעלכע האָבן אונטער דער אָנפֿירונג פֿון די פּאַרטײ־אָרגאַניזאַציעס, בײַקומענדיק די אומגעהײַערע שװעריקײַטן און לײדן פֿון קריגס־צײַט, אָפּגעגעבן אַלע זײערע קױכעס, כּדי פּאַרטײדיקן דאָס הײמלאַנד.

דעם גרעסטן העלדנטאַט זײַנען באַגאַנגען בײַס דער מילכאָמע אונדזערע סאָװעטישע פֿרױען, אױף װעמעס פּלײצעס ס'איז געלעגן די קאָלאָסאַלע לאַסט פֿון פּראָדוציר־אַרבעט אױף די פֿאַבריקן און אין די קאָלװירטן, אױף פֿאַרשײדענע באַצירקן פֿון דער װירטשאַפֿט און קולטור, אַ סאַך פֿרױען האָבן דירעקט זיך באַטײליקט אױף די פֿראָנטן פֿון דער גרױסער פּאַטעראַלענדישער מילכאָמע, אונדזערע מוטיקע יוגנטלעכע, װעלכע האָבן אױף אַלע באַצירקן פֿון פֿראָנט און הינטערלאַנד בײַגעטראָגן זײער אומאָפּשאַצלעכן צושטײַער אין דער פּאַרטײדיקונג פֿון סאָװעטישן פּאַטערלאַנד, אין דער צעשמעטערונג פֿונעם סױנע.

אומשטערבלעך זײַנען די פֿאַרדינסטן פֿון די סאָװעטישע שלאַכטלײַט, פֿון אונדזערע מיליטערישע קאָמאַנדירן און פּאָליט־טוער פֿון אַלע ראַנגען, װעלכע האָבן, אָנװערנדיק שױן אין די ערשטע כאָדאָשים פֿון דער מילכאָמע אַ באַדײַטנדיקן טײל פֿון דער אַרמײ, זיך ניט פֿאַרלאָרן, נאָר געקאָנט זיך איבערבױען אױף דער שטעל, שאַפֿן און פֿאַרהאַרטעװען אין גאַנג פֿון דער מילכאָמע אַ מעכטיקע און העלדישע אַרמײ און ניט בלױז אָפּשלאָגן דעם אָנדראַנג פֿונעם שטאַרקן און היטעראַלסטיקן סױנע, נאָר אױך צעשמעטערן אים.

דער גרעסטער העלדנטאַט אין דער גרױסער פּאַטעראַלענדישער מילכאָמע, װעלכן ס'האָט באַװיזן דאָס סאָװעטישע פֿאָלק, װאָס האָט געראַטעװעט הונדערטער מיליאָנען מענטשן אױף מיזרעך און מײַרעװ פֿון דער געפֿאַר פֿון פֿאַשיסטישער פֿאַרקנעכטונג, װעלכע איז איבער זײ געהאַנגען, װעט לעבן אין דעם זיקאָרן פֿון דער דאַנקבאַרער מענטשהײַט יאָרהונדערטער און יאָרטױזנטער. (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן).

די הױפּט־ראָליע און דער הױפּט־פֿאַרדינסט אינעם זיגרײַכן פֿאַרענדיקן די מילכאָמע געהער אונדזער קאָמוניסטישער פּאַרטײ, די באַװאָפֿנטע קרעפֿטן פֿונעם סאָװעטנפֿאַרבאַנד, מיליאָנען און מיליאָנען סאָװעטישע מענטשן, װעלכע די פּאַרטײ האָט דערצױגן. (שטורמישע, דױערדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

* * *

כאווירים! לאָמיר זיך ווענדן צו אייניקע אונדזערע פאקטן. דעם סאָוועטנפארבאנד רעכנט מען מיט רעכט פאר א מוסטער פון א פילנאַציאָנאַלער מעלוכע, ווײַל בא אונדז זײַנען אין דער ווירקלעכקײַט געזיכערט די גלײַכבארעכטיקונג און די פרײַנטשאפט פון אלע פעלקער, וועלכע וווינען אין אונדזער גרויסן היימלאנד.

זײַנען דעריבער נאָך מער הימלשרײַענדיק די מײַסים־טאטוים, וואָס זייער איניציאַטאָר איז געווען סטאלין און וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אן אקט פון גראָב איבערטרעטן די לעניניסטישע פרינציפּן פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער סאָוועטישער מעלוכע. עס גייט א רייד וועגן דעם מאסעוון ארויסזעצן פון זייערע היים־ערטער גאנצע פעלקער, דערונטער אלע קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן אָן וועלכע־ניט־איז אויסנאמען. דערבײַ איז אזא מין ארויסזעצן קלאָל ניט נייטיק געווען פון מיליטערישע טײַמים.

אזוי, איז שוין סאָף 1943 יאָר, ווען אויף די פראָנטן פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע האָט זיך באוויזן א סטאבילער איבערבראָך אינעם גאנג פון קריג לטויוועס דעם סאָוועטנפארבאנד, אָנגענומען און פארווירקלעכט געוואָרן א באשלוס וועגן ארויסזעצן פון דער טעריטאָריע, וועלכע זיי פארנעמען, אלע קאראטשײַעווער. אין דעם זעלבן פעריאָד, סאָף דעקאבער 1943 יאָר, האָט פּונקט אזא גוירל געהאט די גאנצע באפעלקערונג פון דער קאלמיקישער אויטאָנאָמער רעפּובליק. מארט 1944 יאָר זײַנען ארויסגעזעצט געוואָרן פון זייערע היים־ערטער אלע טשעטשענער און אינגושן, און די טשעטשען־אינגושער רעפּובליק איז ליקווידירט געוואָרן. אפּריל 1944 יאָר זײַנען פון דער טעריטאָריע פון דער קאבארדין־באלקארישער אויטאָנאָמער רעפּובליק ארויסגעזעצט געוואָרן אין דערווײַטערטע ערטער אלע באלקארער, און אליין די רעפּובליק האָט באקומען א נײַעם נאָמען קאבארדינישע אויטאָנאָמע רעפּובליק. די אוקראַיִנער האָבן אויסגעמיטן אָט דעם גוירל, דערפאר ווײַל זיי זײַנען זייער א סאך און ס'איז ניט געווען וווּהין זיי ארויסשיקן. אניט וואָלט ער זיי אויך ארויסגעזעצט. (א געלעכטער, אן אופלעבונג אין זאל).

אין דעם באוווּסטזײַן ניט בלויז פון א מארקסיסט א לעניניסט, נאָר אויך פון יעדער מענטשן, וועלכער פארמאָגט א קלאָרן פארשטאנד, פּאַטויפּעט זיך ניט אזא זאך — ווי קאָן מען עס ארויפלייגן די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר פײַנטלעכע טאטן, וועלכע ס'באגייען באזונדערע פּערזאָנען אָדער גרופּעס אויף גאנצע פעלקער, אײַנגעשלאָסן פרויען, קינדער, זקיינים, קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן, און זיי מאסנווײַז רעפּרעסירן, צווינגען זי לײַדן און מאטערן זיך.

נאָך דעם, ווי די מילכאָמע האָט זיך פארענדיקט, האָט דאָס סאָוועטישע פאָלק מיט שטאָלץ אָפּגעמערקט די רומפולע ניצכוינעס, וואָס זײַנען אָפּגעהאלטן געוואָרן מיטן פרײַז פון גרויסע קאָרבאָנעס און אומגעהײַערע אָנשטרענגונגען. דאָס לאנד האָט איבערגעלעבט א פּאָליטישן אופשטײַג. די פּארטיי איז ארויס פון דער מילכאָמע נאָך מער צוזאמענגעשלאָסן, אין פלאַם פון דער מילכאָמע האָבן זיך פארהארטעוועט די פּארטיי־קאַדרען. אין די דאָזיקע באדינגונגען האָט בא קיינעם ניט געקאָנט אופקומען אפילע קיין געדאנק וועגן דער מעגלעכקײַט פון וועלכער־ניט־איז פארשווערונג אין דער פּארטיי.

און אָט אין דעם דאָזיקן פעריאָד קומט פלוצעם אויף דער אזויגערופענער „לענינגראדער איניען". ווי עס איז איצט שוין דערוויזן, איז דער דאָזיקער איניען געווען פאלסיפיצירט. ס'זײַנען אָן שולד אומגעקומען די כּכ' וואָזנעסענסקי, קוזנעצאָוו, ראָדיאָנאָוו, פּאָפּקאָוו און אנדערע.

ס'איז באוווּסט, אז וואָזנעסענסקי און קוזנעצאָוו זײַנען געווען אָנגעזעענע און פעיִקע טוער. ווײַנערצײַט זײַנען זיי געווען נאָענט צו סטאלינען. ס'איז גענוג צו זאָגן, אז סטאלין האָט ארויסגערוקט וואָזנעסענסקין אלס פארטרעטער פונעם פאָרזיצער פון מיניסטאָרן־ראט, קוזנעצאָוו איז אויסגעוויילט געוואָרן אלס סעקרעטאר פון צענטראל־קאָמיטעט. שוין דאָס אליין, וואָס סטאלין האָט באופטראָגט קוזנעצאָוון אכטונג געבן איבער די אָרגאנען פון מעלוכע־זיכערהײַט. רעדט וועגן דעם, וואָס פאר א צוטרוי ער האָט געהאט.

ווי תשע איז געשען, וואָס די דאָזיקע מענטשן זײַנען דערקלערט געוואָרן אלס סאָנים פונעם פאָלק און פארניכטעט געוואָרן?

די פאקטן באווײַזן, אז אויך דער „לענינגראדער איניען" איז א רעזולטאט פונעם ווילקיר, וועלכן סטאלין האָט דערלאָזט בענעגייע די פּארטיי־קאַדרען.

ווען אינעם צענטראל־קאָמיטעט פון דער פּארטיי, אין פּאָליטביוראָ פון צק וואָלט געווען זײַן א נאָרמאלע אטמאָספער, בא וועלכער אזעלכע פראגן וואָלטן באהאנדלט געוואָרן, ווי דאָס דארף זײַן אין דער פּארטיי, און ס'וואָלטן באטראכט געוואָרן אלע פאקטן, וואָלט אזא איניען ניט אופגעקומען, ווי עס וואָלטן ניט אופגעקומען אויך אנדערע ענלעכע איניאָנים.

מע דאַרף זאָגן, אַז אינעם נאָכמילכאָמעדיקן פּעריאָד איז די לאַגע געוואָרן נאָך קאָמפּליצירטער. סטאַלין איז געוואָרן נאָך מער קאַפּריז, נערוועיש, גראָב. באַזונדערס איז אויסגעוואַקסן זײַן כשאַדימדיקײַט. ביז אַן אומגלייבלעכער גרייס איז געשטיגן זײַן פּאַרפאָלגמאַניע, פֿיל טויער זײַנען אין זײַנע אויגן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין פֿײַנט. נאָך דער מילכאָמע האָט סטאַלין זיך נאָך מער אָפּגעזונדערט פֿונעם קאָלעקטיוו, געטאָן אַלץ אויסשליסלעך אינדיווידועל, ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינעם און מיט גאָרניט.

סטאַלינס אויסערגעוויינלעכע כשאַדימדיקײַט האָט פֿיפֿיק אויסגענוצט דער געמיינער פּראָוואָקאַטאָר, דער נידערטרעכטיקער סוינע בעריאַ, וועלכער האָט אומגעבראַכט טויזנטער קאָמוניסטן, ערלעכע סאָוועטישע מענטשן. דאָס וואָס ס'זײַנען אַרויסגערוקט געוואָרן וואָזנעסענסקי און קוזנעצאָוו, האָט בעריען געשראָקן. ווי עס איז איצט פֿעסטגעשטעלט, האָט דאָס טאַקע בעריאַ „אונטערגעוואָרפֿן" סטאַלינען די מאַטעריאַלן, וועלכע ער און זײַנע אונטערהעלפֿערס האָבן אויסגעמאַלאַכעט אין דער פֿאָרם פֿון אַנאָנימע בריוו, אין דער פֿאָרם פֿון פֿאַרשיידענע קלאַנגען און שמועסן.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט קאָנטראָלירט דעם אַזויגערופֿענעם „לענינגראַדער איניען". די אומשולדיק געליטענע מענטשן זײַנען איצט רעאַביליטירט, ס'איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן דער גוטער נאָמען פֿון דער רומפֿולער לענינגראַדער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. די פֿאַלסיפֿיקאַטאָרס פֿון דעם דאָזיקן איניען — אַבאַקומאָוו און אַנדערע — זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן דעם געריכט, מע האָט זיי געמישפּעט אין לענינגראַד און זיי האָבן באַקומען לויט די פֿאַרדינסטן.

עס קומט אויף אַ פֿראַגע, פֿאַרוואָס זשע האָבן מיר אַצינד געקאָנט פֿאַנאַנדערקלײַבן זיך מיט דעם דאָזיקן איניען און דאָס ניט געטאָן פֿריִער, ווען סטאַלין האָט געלעבט, כּדי ניט דערלאָזן דעם טויט פֿון אומשולדיקע מענטשן? דערפֿאַר, ווײַל סטאַלין אַליין האָט געגעבן די ריכטונג דעם „לענינגראַדער איניען" און די מערהײַט מיטגלידער פֿון יענעם פּעריאָד האָט ניט געוווּסט וועגן אַלע אומשטאַנדן פֿונעם איניען, און, פֿאַרשטענדלעך, ניט געקאָנט זיך אַרײַנמישן.

ווי נאָר סטאַלין האָט באַקומען פֿון בעריען און אַבאַקומאָוון אייניקע מאַטעריאַלן, האָט ער, ניט פֿאַנאַנדערקלײַבנדיק זיך לויטן טאָך אין אָט די פֿאַלסיפֿיקאַציעס, געגעבן אַן אָנווײַזונג אויספֿאָרשן וואָזנעסענסקיס און קוזנעצאָווס „איניען". און דערמיט אַליין איז געווען שוין פֿאָרויסבאַשטימט זייער גורל.

באַלערנדיק אין דער הינזיכט איז אויך דער איניען וועגן דער מינגרעלישער נאַציאָנאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט קלומרשט עקזיסטירט אין גרוזיע. וועגן דער פֿראַגע זײַנען, ווי באַוווּסט, אָנגענומען געוואָרן אין נאָיאַבער 1951 יאָר און אין מאַרט 1952 יאָר באַשלוסן פֿון צקפּסס. די דאָזיקע באַשלוסן זײַנען אָנגענומען געוואָרן אָן אַ באַהאַנדלונג אין פּאָליטביוראָ, סטאַלין האָט אַליין דיקטירט די דאָזיקע באַשלוסן. אין זיי זײַנען אַרויסגערוקט געוואָרן שווערע באַשולדיקונגען קעגן פֿיל ערלעכע קאָמוניסטן. אויפֿן סמך פֿון פֿאַלשע מאַטעריאַלן האָט מען באַהויפּטעט, אַז אין גרוזיע עקזיסטירט קלומרשט אַ נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטעלט פֿאָר זיך אַ ציל ליקווידירן די סאָוועטנמאַכט אין דער דאָזיקער רעפּובליק מיט דער הילף פֿון אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס. [...]

ווי עס האָט זיך אינדערעמעסן אַרויסגעוויזן, איז אין גרוזיע קיין שום נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע ניט געווען, טויזנטער אין גאָרנישט ניט שולדיקע סאָוועטישע מענטשן זײַנען געוואָרן קאָרבאָנעס פֿון ווילקיר און אומגעזעצלעכקײַט. און דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אונטער דער „געניאַלער" אָנפֿירונג פֿון סטאַלינען — „דעם גרויסן זון פֿון גרוזינישן פֿאָלק", ווי די גרוזינער האָבן ליב געהאַט רופֿן זייער לאַנדסמאַן. (אַ באַוועגונג אין זאַל).

סטאַלינס ווילקיר האָט זיך געלאָזט פֿילן ניט בלויז באַם לייזן פֿראַגן פֿונעם אינערלעכן לעבן אין לאַנד, נאָר אויך אין געביט פֿון די צווישנפֿעלקערלעכע באַציִונגען פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

אויפֿן יולי־פּלענום פֿון צק, זײַנען גענוי באַהאַנדלט געוואָרן די סיבעס, וועלכע האָבן אַרויסגערופֿן דעם קאָנפֿליקט מיט יוגאָסלאַוויע. דערבײַ איז אָפּגעמערקט געוואָרן סטאַלינס גאָר ניט־פֿײַנע ראָליע. אין דעם „יוגאָסלאַווישן איניען" זײַנען דאָך ניט געווען אַזעלכע פֿראַגן, וואָס מע וואָלט ניט געקאָנט לייזן בײַ אַ כאַווערישער פּאַרטיייִשער באַהאַנדלונג. ס'איז ניט געווען קיין ערנסטער סמך, דער דאָזיקער איניען זאָל אויפֿקומען, ס'איז פֿולשטענדיק מעגלעך געווען ניט צו דערלאָזן קיין אײַנרײַס מיט דעם דאָזיקן לאַנד. דאָס באַטײַט קלאָל ניט, אַז די יוגאָסלאַווישע אָנפֿירערס האָבן ניט געהאַט קיין פֿעלערן אָדער כעסרוינעס. אָבער די דאָזיקע פֿעלערן און כעסרוינעס האָט סטאַלין שרעקלעך איבערגעטריבן, און דאָס האָט געבראַכט צום צערײַסן די באַציִונגען מיט אַ לאַנד, וואָס איז פֿרײַנטלעך צו אונדז. [...]

איצט האָבן מיר אויפֿמערקזאַם זיך פֿאַנאַנדערגעקלײַבן אין דער פֿראַגע מיט יוגאָסלאַוויע און געפֿונען אַ ריכטיקע לייזונג, וועלכע עס באַוויליקן די פֿעלקער סײַ פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, סײַ פֿון יוגאָסלאַוויע, סײַ אויך אַלע אַרבעטנדיקע אין די לענדער פֿון דער פֿאָלקס־דעמאָקראַטיע, די

גאַנצע פּראָגרעסיווע מענטשהייט. די ליקווידאַציע פון די אומגעראַמאַלע באַציִונגען מיט יוגאָסלאַוויע איז פאַרווירקלעכט אין די אינטערעסן פונעם גאַנצן לאַגער פון סאָציאַליזם, אין די אינטערעסן פון פאַרפעסטיקן דעם שלום אויף דער גאַנצער וועלט.

מע דאַרף אויך דערמאָנען וועגן „איניען פון די דאָקטוירים שעדיקער". (א באַוועגונג אין זאַל). איינגענטלעך קיין שום איניען איז ניט געווען, כוץ א מעלדונג פון דער דאָקטערין טימאַשוק, וועלכע האָט אונטער עמעצנס ווירקונג אָדער לויט אַן אָנווייַזונג (זי איז דאָך געווען א געהיימער מיטאַרבעטער פון די אָרגאַנען פון מעלוכע־זיכערהייט), אָנגעשריבן סטאַלינען א בריוו, אין וועלכן זי האָט געמאָלדן, אַז די דאָקטוירים ווענדן אָן קלוימערשט ניט קיין ריכטיקע היילונגס־מעטאָדן.

ס'איז גענוג געווען אַזאַ מין בריוו צו סטאַלינען, ווי ער האָט באַלד געמאַכט אויספירן, אַז אינעם סאָוועטנפאַרבאַנד זייַנען דאָ דאָקטוירים שעדיקער, און ער האָט געגעבן אַן אָנווייַזונג אַרעסטירן א גרופּע באַדייַטנדיקע ספּעציאַליסטן פון דער סאָוועטישער מעדיצין. ער אַליין האָט געגעבן אָנווייַזונגען, וויאַזוי צו פירן די אויספאָרשונג, וויאַזוי פירן די פאַרהערן פון די אַרעסטירטע. ער האָט געזאָגט: אויפן אַקאַדעמיקער ווינאָגראַדאָוו אָנטאָן קייטן, אַזעלכן און אַזעלכן שלאָגן. דאָ איז פאַראַן דער דעלעגאַט פונעם צוואַמענפאָר, דער געוועזענער מיניסטער פון מעלוכע־זיכערהייט כ' איגנאַטיעוו. סטאַלין האָט אים אָפן דערקלערט:

— אויב איר וועט זיך ניט דערשלאָגן, אַז די דאָקטוירים זאָלן זיך מודה זייַן, וועט מען אייַך אַראָפּנעמען דעם קאָפּ. (א רויש פון אָפּגעבראַכטקייַט אין זאַל).

סטאַלין אַליין פלעגט אַרויסרופן דעם אויספאָרשער, אים אינסטרוקטירן, אָנווייַזן די מעטאָדן פון דער אויספאָרשונג, און די מעטאָדן זייַנען געווען איין־און־אייניציקע — שלאָגן, שלאָגן און שלאָגן.

אין א צייַט אַרום נאָכן אַרעסט פון די דאָקטוירים האָבן מיר, מיטגלידער פון פּאָליטביוראָ, באַקומען די פּראָטאָקאָלן מיט די אָנערקענונגען פון די דאָקטוירים. נאָכן צעשיקן די דאָזיקע פּראָטאָקאָלן האָט סטאַלין אונדז געזאָגט:

— איר זענט בלינדע קעצלעך. וואָס זשע וועט זייַן אָן מיר — דאָס לאַנד וועט אומקומען, ווייַל איר קענט ניט דערקענען די סאָנים.

די זאַך איז געווען אַזוי אויסגעשטעלט, אַז קיינער האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייַט קאָנטראָלירן די פאַקטן, אויפן סמך פון וועלכע עס ווערט געפירט די אויספאָרשונג, עס איז ניט געווען קיין מעגלעכקייַט קאָנטראָלירן די פאַקטן דורך א קאָנטאַקט מיט די מענטשן, וועלכע האָבן געגעבן די דאָזיקע אָנערקענונגען.

אָבער מיר האָבן געפילט, אַז דער איניען מיטן אַרעסט פון די דאָקטוירים איז ניט קיין ערלעכער איניען. א סאַך פון די דאָזיקע מענטשן האָבן מיר פריִער געקענט, זיי האָבן אונדז געהיילט. און ווען מיר האָבן נאָך סטאַלינס טויט א קוק געטאָן, וויאַזוי דער דאָזיקער „איניען" איז געשאַפן געוואָרן, האָבן מיר דערזען, אַז ער איז פונעם אָנהייב ביזן סוף א פאַלשער.

דעם דאָזיקן שענדלעכן „איניען" האָט געשאַפן סטאַלין, אָבער ער האָט ניט באַוויזן אים דערפירן ביזן סוף (ווי ער האָט עס פאַרשטאַנען), און דעריבער זייַנען די דאָקטוירים געבליבן לעבן. איצט זייַנען זיי אַלע רעאַביליטירט, אַרבעטן אַלע אויף די זעלבע פּאָסטנס, וואָס פריִער, היילן אָנפירנדיקע טוער, אייַנגעשלאָסן אויך מיטגלידער פון דער רעגירונג. מיר געטרויען זיי פולשטענדיק, און זיי פילן געוויסנהאַפטיק אויס, פונקט ווי פריִער, זייער אַמטלעכן כויוו.

אינעם אָרגאַניזירן פאַרשיידענע שמוציקע און שענדלעכע איניאַנים האָט א נידערטרעכטיקע ראָליע געשפּילט דער פאַרביסענער סוינע פון אונדזער פּאַרטיי, דער אַגענט פון דער אויסלענדישער אויסשפּירונג בעריאַ, וועלכער האָט זיך אייַנגעקריפּט אין צוטרוי צו סטאַלינען. וויאַזוי האָט דער דאָזיקער פּראָוואָקאַטאָר געקאָנט זיך דערשלאָגן אַזאַ אָרט אין דער פּאַרטיי און אין דער מעלוכע, אַז ער איז געוואָרן דער ערשטער פאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער פון מיניסטאָרן־ראַט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און א מיטגליד פון פּאָליטביוראָ פון צק? איצט איז פעסטגעשטעלט, אַז דער דאָזיקער אויסוואָרף האָט זיך אויפגעהויבן אויפן מעלוכע־לייטער, איבערטרעטנדיק איבער א מענגע מייסים אויף יעדער טרעפּל.

צי זייַנען געווען סיגנאַלן וועגן דעם, אַז בעריאַ איז א מענטש א פייַנטלעכער צו דער פּאַרטיי? יאָ, געווען. נאָך אין 1937 יאָר האָט דער געוועזענער געוועזענער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר געזונט־פאַרהיטונג קאַמינסקי אויף א פּלענום פון צק געזאָגט, אַז בעריאַ האָט געאַרבעט אין דער מוסאַוואַטיסטישער אויסשפּירונג. דער פּלענום פון צק האָט ניט באַוויזן זיך פאַרענדיקן, ווי קאַמינסקין האָט מען אַרעסטירט און דערנאָך דערשאָסן. צי האָט סטאַלין דורכקאָנטראָלירט קאַמינסקיס דערקלערונג? ניין, ווייַל סטאַלין האָט געגלייבט בעריאַן, און דאָס איז פאַר אים געווען גענוג. און אויב סטאַלין האָט געגלייבט, האָט שוין קיינער ניט געקאָנט זאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס ווידערשפּרעכט זייַן מיינונג; ווער עס וואָלט געפּרוּווט דערווידערן, דער וואָלט געהאַט דעם זעלבן גורל, וואָס קאַמינסקי [...]

בעריִא האָט אויך אכזאָריעסדיק זיך צערעכנט מיט דעם כאַווער אָרדזשאָניקידזעס מישפּאָכע. פאַרוואָס? ווײַל אָרדזשאָניקידזע האָט געשטערט בעריִען צו פאַרווירקלעכן זײַנע בייזע פּלענער. בעריִא האָט פאַר זיך געמאַכט ריין דעם וועג, פּאַטער זוערנדיק פון אַלע מענטשן, וועלכע וואָלטן אים געקאָנט שטערן. אָרדזשאָניקידזע איז שטענדיק געווען קעגן בעריִען, וועגן וואָס ער האָט סטאַלינען געזאָגט. אָנשטאָט דעם, ער זאָל זיך פאַנאַנדערקלײַבן און אָנעמען די נייטיקע מיטלען, האָט סטאַלין דערלאָזט, מע זאָל פאַרניכטן אָרדזשאָניקידזעס ברודער, און אַליין אָרדזשאָניקידזען דערפירט ביז צו אַזאַ מין צושטאַנד, אַז ער איז געצוווּנגען געווען זיך דערשיסן. (א רויש פון אופגעבראכטקייט אין זאל). אָט וואָס בעריִא האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט דעמאַסקירט בעריִען איינגיכן נאָך סטאַלינס טויט. אין רעזולטאַט פון א געניַיער געריכט־פאַרהאַנדלונג זײַנען פעסטגעשטעלט געוואָרן בעריִעס שוידערלעכע רעציכעס, און ער איז דערשאָסן געוואָרן.

פרעגט זיך, פאַרוואָס זשע איז בעריִא, וועלכער האָט אומגעבראַכט צענדליקער טויזנטער פּאַרטייִשע און סאָוועטישע טוער, ניט דעמאַסקירט געוואָרן בעשאַס סטאַלין האָט געלעבט? ער איז פריִער ניט דעמאַסקירט געוואָרן דערפאַר, ווײַל ער האָט קונציק אויסגענוצט סטאַלינס שוואַכקײַטן, צעצינדנדיק אין אים דאָס געפיל פון פאַרדעכטיקײַט, האָווירנדיק סטאַלינען אין אַלץ, ער האָט אַלץ געטאָן זײַענדיק פון אים געשטיצט.

* * *

כאַווײרים!

דער פּערזאָנען־קולט האָט אָנגענומען אַזאַ גוואַלדיקן פאַרנעם איבערהויפּט דערפאַר, וואָס סטאַלין אַליין האָט מיט קאָלערליי מיטלען סטימולירט און געשטיצט די פאַרהערלעכונג פון זײַן פּערזאָן. וועגן דעם זאָגן אײדעס פילצאָליקע פאַקטן. איינע פון די אַמערסטן כאַראַקטעריסטישע אַנטפּלעקונגען בא סטאַלינען פון רימען זיך אַליין און פון ניט פאַרמאָגן קיין עלעמענטאַרע באַשיידנקײַט איז געווען די אויסגאַבע פון זײַן „קורצער ביִאָגראַפיע”, וועלכע איז דערשינען אין 1948 יאָר.

דאָס בוך איז אַן אויסדרוק פון דער סאַמע אומגעצוימטער כניפע, א מוסטער פון פאַרגעטערן א מענטשן, פון פאַרוואַנדלען אים אין א כאָכעם, וואָס איז פרײַ פון פעלערן, אין דעם סאַמע „גרעסטן פירער” און „אומיבערשטײַגלעכן פאָלקן־פירער פון אַלע צײַטן און פעלקער”. ס'איז שוין ניט געווען קיין אַנדערע ווערטער אַף נאָך מער צו לויבן און רימען סטאַלינס ראָליע.

ס'איז ניטאָ קיין נויטווענדיקײַט צו ציטירן די איבלדיק־כניפעדיקע כאַראַקטעריסטיקעס, וועלכע זײַנען אָנגעהויפּנט אין דעם בוך איינע אַף דער אַנדערער. מע דאַרף בלויז באַטאָנען, אַז זיי אַלע האָט באַוויליקט און אָפּרעדאַגירט פּערזענלעך סטאַלין, און אייניקע פון זיי האָט ער מיט דער אייגענער האַנט אַרײַנגעשריבן אינעם מאַקעט פונעם בוך.

וואָס זשע האָט סטאַלין געהאַלטן פאַר נייטיק אַרײַנצושרײַבן אין אָט דעם בוך? עפּשער האָט ער געשטרעבט אָפּשוואַכן דעם שטראָם פון כניפע בא די צונויפשטעלער פון זײַן „קורצער ביִאָגראַפיע”? ניין, ער האָט פאַרשטאַרקט גראָד יענע ערטער, ווו ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז מע האָט ניט גענוג געריימט זײַנע פאַרדינסטן.

אָט זײַנען אייניקע כאַראַקטעריסטיקעס פון סטאַלינס טעטיקײַט, וועלכע זײַנען אַרײַנגעשריבן מיט דער האַנט פון סטאַלינען אַליין:

„אין אָט דעם קאַמף קעגן די סקעפּטיקער און קאַפּיטוליאַנטן, קעגן די טראָצקיסטן און זינאָוויעווצעס, קעגן די בוכאַרינס און קאַמענעווס האָט ענדגילטיק זיך אויסגעבילדעט נאָכדעם, ווי לענין איז אַרויס פון די רייען, יענער אָנפירנדיקער קערן פון אונדזער פּאַרטיי..., וועלכער האָט באַשיצט לענינס גרויסע פאָן, באַהעפט די פּאַרטיי אַרום לענינס געבאָטן און אַרויסגעפירט דאָס סאָוועטישע פאָלק אַפן ברייטן וועג פון אינדוסטריִאַליזירן דאָס לאַנד און קאָלעקטיוויזירן די לאַנדווירטשאַפט. דער אָנפירער פון דעם דאָזיקן קערן און די פירנדיקע קראַפט פון דער פּאַרטיי און פון דער מעלוכע איז געווען דער כאַוו. סטאַלין”.

און דאָס שרײַבט אַליין סטאַלין! ווײַטער דערגאַנצט ער:

„אויספילנדיק מײַסטערהאַפט די אויפגאַבן פון דעם פירער פון דער פּאַרטיי און פונעם פאָלק, האָט סטאַלין אָבער ניט דערלאָזט אין זײַן טעטיקײַט קיין שפּור פון זעלבסט־שעצונג, גאַדלעס, זעלבסט־באַוווּנדערונג”.

ווו און ווען האָט וועלכער־ניט־איז טוער געקאָנט אַזוי רימען זיך אַליין? פּאַסט עס דען פאַר א טוער פון מאַרקסיסטיש־לענינישן טיפּ? ניין, גראָד קעגן דעם זײַנען אַזוי אַנטשיידן אַרויסגע־

טראָטן מארקס און ענגעלס. גראָד דאָס האָט שטענדיק אזוי שארף פארורטײלט וולאדימיר איליטש לענין.

אין דעם מאקעט פונעם בוך איז געווען אזא מין פראזע: „סטאלין דאָס איז לענין הײַנט".

די דאָזיקע פראזע האָט אים אויסגעדאכט צו זײַן אבסאָליוט ניט גענוג, און סטאלין מיט זײַן אייגענער האנט מאכט זי איבער אָף אזא אופן:

„סטאלין איז א ווירדיקער פאָרזעצער פון לענינס זאך, אָדער, ווי מע זאָגט בא אונדז אין דער פארטיי, סטאלין דאָס איז לענין הײַנט". אָט ווי ס'איז שטארק געזאָגט, אָבער ניט דאָס פאָלק האָט עס געזאָגט, נאָר סטאלין אליין.

מע קאָן ברענגען א שלאל אזעלכע כאראקטעריסטיקעס, וועלכע לויבן און רימען זיך אליין, וואָס סטאלין האָט אייגנהאנטיק ארײַנגעטראָגן אינעם מאקעט פונעם בוך. באזונדערס פלײַסיק האָט ער ניט געקארגט קיין לויבגעזאנגען אין זײַן אייגענעם אדרעס מיקויעך זײַן מיליטערישן געני, זײַנע פאָלקן־פירערישע טאלאנטן.

איך וועל זיך דערלויבן צו ברענגען נאָך איין צושריפט, וואָס סטאלין האָט געמאכט וועגן זײַן, סטאלינישן, מיליטערישן געני:

„דער כאָוער סטאלין, — שרײַבט ער, — האָט אנטוויקלט ווײַטער די פאָרגעשריטענע סאָוועטישע מיליטער־קונסט. דער כאָוער סטאלין האָט פאנאנדערגעארבעט דעם טעזיס וועגן די באַשטענדיק פונקציאָנירנדיקע פאקטאָרס, וואָס לייזן דעם גוירל פון א מילכאָמע, וועגן דער אקטיווער פארטיידיקונג און די געזעצן פון קאָנטער־אָנגריף און אָנגריף, וועגן דער קאָאָרדינירטער אָפּערירונג פון פארשיידענע מינים מיליטער און שלאכט־טעכניק אין די הײַנטיקע מילכאָמע־באדינגונגען, וועגן דער ארטילעריע אלס סאמע מעכטיקער מין פון מיליטער. אָף פארשיידענע עטאפּן פון דער מילכאָמע האָט דער סטאלינישער געני געפונען ריכטיקע לייזונגען, וועלכע האָבן פולשטענדיק דיסקאָנטירט די באזונדערקײַטן פון דער סיטואציע". (א באוועגונג אין זאל).

ווײַטער שרײַבט אליין טאקע סטאלין:

„די סטאלינישע מיליטער־קונסט האָט זיך אנטפּלעקט סײַ אין דער פארטיידיקונג, סײַ אויך אין אָנגריף. מיט געניאַלער שארפזיכטיקײַט האָט דער כאָוער סטאלין זיך אָנגעשטויסן וועגן די פּלענער פונעם סוינע און זיי צעקלאפּט. אין די שלאכטן, אין וועלכע דער כאָוער סטאלין האָט אָנגעפירט מיטן סאָוועטישן מיליטער, זײַנען פארקערפּערט גלענצנדיקע מוסטערן פון מיליטערישער אָפּעראטיווער קונסט".

אזוי איז סטאלין געריימט געוואָרן ווי א פאָלקן־פירער. אָבער ווער האָט עס אים געריימט? טאקע סטאלין אליין, נאָר וועלכער טרעט שוין ארויס ניט אין דער ראָל פון א פאָלקן־פירער, נאָר אין דער ראָל פון אן אוטאָר — א רעדאקטאָר, איינעם פון די הויפּט־צונויפשטעלער פון זײַן לויב־ביאָגראפיע.

אזעלכע זײַנען, כאווײרים, די פאקטן. מע דארף אָפן זאָגן, אז דאָס זײַנען שענדלעכע פאקטן.

און נאָך איין פאקט פון דער זעלבער „קורצער ביאָגראפיע" סטאלינס. ס'איז באוווּסט, אז אָף שאפן דעם „קורצן קורס פון דער געשיכטע פון דער אלפארבאנדישער קאָמוניסטישער פארטיי (באָלשעוויקעס)" האָט געארבעט א קאָמיסיע פונעם צענטראל־קאָמיטעט פון דער פארטיי.

דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס איז, אגעוו, אויך שטארק דורכגעזאַפּט מיטן פערזאָנען־קולט, האָט צונויפגעשטעלט א געוויסער אוטאָרן־קאָלעקטיוו. און דער דאָזיקער אומשטאנד איז אָפּגעשפּיגלט אינעם מאקעט פון סטאלינס „קורצער ביאָגראפיע" אין פאָלגנדיקער פאָרמולירונג:

„א קאָמיסיע פונעם צענטראל־קאָמיטעט פון אלקפּ(ב) אונטער דער אָנפירונג פונעם כאָוער סטאלין, בא זײַן פערזענלעכן אקטיווסטן אָנטייל, שאפט דעם „קורצן קורס פון דער געשיכטע פון דער אלפארבאנדישער קאָמוניסטישער פארטיי (באָלשעוויקעס)".

אָבער די דאָזיקע פאָרמולירונג האָט שוין ניט געקאָנט באפרידיקן סטאלינען, און אין דער דערשינענער „קורצער ביאָגראפיע" איז אָט דאָס אָרט פארביטן געוואָרן מיט פאָלגנדיקער האנאָכע:

„אין 1938 יאָר איז דערשינען דאָס בוך „די געשיכטע פון אלקפּ(ב). קורצער קורס", וועלכן ס'האָט אָנגעשריבן דער כאָוער סטאלין און ס'האָט באוויליקט א קאָמיסיע פון צק אלקפּ(ב)". וואָס זשע ווערסטו דאָ נאָך מער זאָגן! (אן אופלעבונג אין זאל).

ווי איר זעט, איז פאָרגעקומען א ווונדערלעכע פארוואנדלונג פון א ווערק, וואָס ס'האָט געשאפן א קאָלעקטיוו, אין א בוך, וועלכן ס'האָט אָנגעשריבן סטאלין. ס'איז איבעריק צו ריידן וועגן דעם, וויאזוי און פארוואָס איז פאָרגעקומען אזא פארוואנדלונג.

עס קומט אוף א געזעצלעכע פראגע: אויב סטאלין איז דער אוטאָר פון דעם דאָזיקן בוך, איז צוליב וואָס האָט ער באדארפט אזוי רימען אין טאָג ארײַן סטאלינס פערזענלעכקײַט און, אין טאָך, מאכן דעם גאנצן נאָכאָקטיאבערישן פעריאָד פון אונדזער רומפולער קאָמוניסטישער פארטיי בלויז פאר א פאָן פון די אופטוונגען פונעם „סטאלינישן געני"?

האָבן דען אין דעם דאָזיקן בוך געפונען א ווירדיקע אָפשפּיגלונג די באַמיִונגען פון דער פּאַרטיי אויף סאָציאַליסטיש איבערגעשטאַלטיקן דאָס לאַנד, אויף אויפבויען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, אינדוסטריאַליזירן און קאָלעקטיוויזירן דאָס לאַנד און אויף אנדערע מאָסמיטלען, וואָס ס׳האָט פאַרווירקלעכט די פּאַרטיי, וועלכע גייט פעסט מיטן וועג, וועלכן ס׳האָט אָנגעצייכנט לענין? דאָרטן ווערט דעריקער גערעדט וועגן סטאַלינען, זיינע אַרויסטרעטונגען, זיינע פּאָרטראַען. אַלץ, אַז וועלכן־ס׳ניט־איז אויסנאַם, איז פאַרבונדן מיט זיין נאָמען.

און ווען אַליין סטאַלין מעלדעט, אַז דאָס האָט ער טאַקע אָנגעשריבן דעם „קורצן קורס געשיכטע פון דער אַלקפּ(ב)", קאָן דאָס ניט נישט אַרויסרופן לעכאָלאָפּאַכעס שטוינונג און פאַרלעגנהייט. קאָן דען א מאַרקסיסט א לענינעץ אַזוי שרייבן וועגן זיך אַליין, אויפהייבנדיק ביז אין הימל אַריין דעם קולט פון זיין פּערזענלעכקייט?

אָדער לאָמיר נעמען די פראַגע וועגן די סטאַלין־פּרעמיעס. (א באַוועגונג אין זאַל). אַפילע די קייסאָרים האָבן ניט איינגעשטעלט אַזעלכע פּרעמיעס, וועלכע זיי זאָלן געווען אָנרופן מיט זייער נאָמען.

סטאַלין אַליין האָט דערקלערט פאַרן בעסטן יענעם טעקסט פון דעם מעלוכע־הימן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, אין וועלכן ס׳איז קיין וואָרט ניטאָ וועגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָבער דערפאַר איז דאָ פאָלגנדיקער בייספּיללאָזער לויב־געזאַנג:

„אונדז האָט אויפגעצויגן סטאַלין —<br>
אויף טריי זיין דעם פאָלק,<br>
אויף אַרבעט און העלדנטאַטן<br>
ער האָט אונדז באַגייסטערט".

אין אָט די שורעס פונעם הימן איז די גאַנצע ריזיקע דערציִערישע, אָנפירנדיקע און באַגייסטערנדיקע טעטיקייט פון דער לענינישער פּאַרטיי צוגעשריבן איין סטאַלינען. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, א דייטלעכע אָפּווייכונג פון מאַרקסיזם־לעניניזם, א דייטלעכע אַראָפּזעצונג און פאַרמינערונג פון דער ראָליע פון דער פּאַרטיי. איך צו קענטעניש דאַרף מען זאָגן, אַז דער פּרעזידיום פון צק האָט שוין אָנגענומען א באַשלוס וועגן שאַפן א נייעם טעקסט פונעם הימן, וועלכער זאָל אָפּשפּיגלען די ראָליע פונעם פאָלק, די ראָליע פון דער פּאַרטיי. (שטורמישע דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

און צי דען איז אָן סטאַלינס וויסן זיין נאָמען צוגעייגט געוואָרן פיל גרעסטע אונטערנעמונגען און שטעט, צי דען זיינען אָן זיין וויסן איבערן גאַנצן לאַנד אוועקגעשטעלט געוואָרן סטאַלינס מאָנומענטן — אָט די דאָזיקע „דענקמעלער באַם לעבן"? דאָס איז דאָך א פאַקט, אַז אַליין סטאַלין האָט דעם 2 יולי 1951 יאָר אונטערגעשריבן א באַשטימונג פונעם מיניסטאָרן־ראַט פון פססר, אין וועלכער ס׳איז פאָרויסגעזען געווען אויפצובויען אויפן וואָלגע־דאָנער קאַנאַל סטאַלינס א מאָנומענטאַלע סקולפּטור, און דעם 4 סענטיאַבער פון דעם זעלבן יאָר האָט ער אַרויסגעגעבן א פאַראָרדענונג וועגן אָפּלאָזן פאַר דער בויונג פון דעם דאָזיקן מאָנומענט 33 טאָן קופּער. ווער ס׳איז געווען לעבן סטאַלינגראַד, דער האָט געזען, וואָס פאַר א סטאַטוע הייבט זיך דאָרטן, דערביי אין אַזא מין, אָרט, וווהין ס׳קומען ווייניק מענטשן. און אויף אויפבויען זי איז אויסגעגעבן געוואָרן א סאַך מיטלען, און דאָס איז אין דער צייט, ווען אונדזערע מענטשן אין די דאָזיקע ראַיאָנען האָבן נאָך דער מילכאָמע נאָך געוווינט אין ערדשטיבלעך. מישפּעט אַליין, צי האָט סטאַלין ריכטיק געשריבן אין זיין ביאָגראַפיע, אַז ער האָט „ניט דערלאָזט אין זיין טעטיקייט קיין שפּור פון זעלבסט־שעצונג, גאַדלעס, זעלבסט־באַוווּנדערונג"?

צוזאַמען דערמיט האָט סטאַלין אַרויסגעוויזן אומאַכטונג צו לענינס אָנדענק. ניט צופעליק איז דער סאָוועטן־פּאַלאַץ אַלס א דענקמאָל וולאַדימיר איליטשן, וואָס א באַשלוס וועגן אויסבויען אים איז אָנגענומען געוואָרן מיט העכער 30 יאָר צוריק, איז אויסגעבויט ניט געוואָרן, און די פראַגע וועגן אים אויפבויען איז קעסיידער אָפּגעלייגט געוואָרן און אויסגעמעקט געוואָרן פון זיקאָרן. מע דאַרף פאַריכטן די דאָזיקע לאַגע און א דענקמאָל וולאַדימיר איליטש לענינען אויפבויען. (שטורמישע, דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

מע קאָן ניט נישט דערמאָנען אויך וועגן באַשלוס פון דער סאָוועטישער רעגירונג פאַרן 14 אויגוסט 1928 יאָר „וועגן גרינדן וו. אי. לענינס פּרעמיעס פאַר וויסנשאַפטלעכע ווערק". די דאָזיקע באַשטימונג איז פּובליקירט געוואָרן אין דער פּרעסע, אָבער ביז איצט זיינען קיין לענינישע פּרעמיעס ניטאָ. דאָס דאַרף מען אויך פאַריכטן. שטורמישע, דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

פאַר סטאַלינס לעבן, מאַכמעס די באַקאַנטע מעטאָדן, וועגן וועלכע איך האָב שוין גערעדט, ברענגענדיק פאַקטן, וויאַזוי ס׳איז געשריבן געוואָרן כאָטשבי די „קורצע ביאָגראַפיע פון סטאַלינען",

פלעגן אלע געשעענישן באַליכטן ווערן אַזוי, ווי גלײַך לענין האָט געשפּילט אַ צווייטראַנגיקע ראָליע, אפילע ווען ס'איז געמאַכט געוואָרן די סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. אין אַ סאַך קינאָפילמען, אין ווערק פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור ווערט לענינס געשטאַלט באַליכטן ניט ריכטיק, ווערט אומדערלאָזבאַר פאַרמינערט.

סטאַלין האָט ליב געהאַט צו קוקן דעם פילם „דאָס אומפאַרגעסלעכע 1919־טע יאָר", וווּ ער איז געשילדערט, פאָרנדיק אויף אַ טרעפּל פון אַ פאַנצערצוג און שיר ניט מיט דער שווערד דערשטעכט ער די סאָנים. זאָל קלימענט יעפרעמאָוויטש, אונדזער טײַערער פרײַנד, זיך אָנעמען מיט מוט און אָנשרײַבן דעם עמעס וועגן סטאַלינען, ער ווייסט דאָך, וויאַזוי סטאַלין האָט מילכאָמע געהאַלטן. דעם כאַוו. וואָראָשילאָוו איז, פאַרשטייט זיך, שווער אָנצוהייבן די דאָזיקע זאַך, אָבער ס'וואָלט גוט געווען, ווען ער טוט עס. דאָס וועלן אַלע באַווילן — סײַ דאָס פאָלק, סײַ די פאַרטיי. און די אייניקלעך וועלן דאַנקען דערפאַר. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

באַם באַלײַכטן די געשעענישן, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און דעם בירגערקריג, ווערט אין אַ רײ פאַלן די זאַך געשילדערט אַזוי, אַז די הויפּטראָליע אומעטום געהערט קלוימערשט סטאַלינען, אַז אומעטום און איבעראַל זאָגט ער אונטער לענינען, וויאַזוי און וואָס דאַרף מען טאָן. אָבער דאָס איז דאָך אַ בילבל אויף לענינען. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

איך וועל מיסטאָמע ניט זינדיקן קעגן עמעס, אויב איך וועל זאָגן, אַז 99 פּראָצענט פון די בײַוועזנדיקע דאָ האָבן ווייניק־וואָס געוווּסט און געהערט וועגן סטאַלינען ביז דעם 1924 יאָר. און לענינען האָבן אַלע אין לאַנד געקענט; די גאַנצע פאַרטיי האָט אים געקענט, דאָס גאַנצע פאָלק האָט געקענט, פון קליין ביז גרויס. (שטורמישע, דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

דאָס אַלץ דאַרף מען אַנטשיידן איבערקוקן, עס זאָלן געפינען זייער ריכטיקע אָפּשפּיגלונג אין דער געשיכטע, אין דער ליטעראַטור, אין די קונסט־ווערק וו. אַ. לענינס ראָליע, די גרויסע אויפטוען פון אונדזער קאָמוניסטישער פאַרטיי און פונעם סאָוועטישן פאָלק — אַ פאָלק אַ שעפער, אַ פאָלק — אַ בויער. (אַפּלאָדיסמענטן).

• • •

כאַווײרים! דער פערזאָנען־קולט האָט מיטגעווירקט, עס זאָלן פאַרשפּרייט ווערן אין דער פאַרטיי־בויונג און אין דער ווירטשאַפט־אַרבעט פעלערהאַפטע מעטאָדן, ער האָט גורעם געווען דאָס גראָבע אויסווער זײַן אויף דער אינערלעך־פאַרטייִשער און סאָוועטישער דעמאָקראַטיע, דאָס הוילע אַדמיניסטרירן, די פאַרשיידענע מינים פאַרקריפּלונגען, דאָס פאַרווישן די כעסרוינעס, דאָס צופּוצן די ווירקלעכקײַט. בײַ אונדז האָבן זיך פאַרשפּרייט ניט ווייניק אונטערלעקערס, האַלעלויע־שרײַערס, אויגן־פאַרבלענדערס.

מע קאָן אויך ניט נישט זען, אַז איבער די פילצאָליקע אַרעסטן פון די פאַרטייִשע, סאָוועטישע און ווירטשאַפטלעכע טוער האָבן אַ סאַך אונדזערע קאַדרען אָנגעהויבן אַרבעטן ניט־זיכער, אומקוקנדיק זיך, אָנגעהויבן מוירע האָבן פאַר דאָס נײַע, היטן זיך פאַרן אייגענעם שאָטן, אָנגעהויבן אַרויסווײַזן ווייניקער איניציאַטיוו אין דער אַרבעט.

נעמט, אַשטייגער, די באַשלוסן פון די פאַרטייִשע און סאָוועטישע אָרגאַנען. מע האָט זיי גענומען צונויפשטעלן לויט אַ שאַבלאָן, אָפט ניט נעמענדיק אין אַכט די קאָנקרעטע סיטואַציע. די זאַך איז דערגאַנגען דערצו, אַז די אַרויסטרעטונגען פון פאַרטייִשע און אַנדערע טוער אפילע אויף גאָר ניט קיין גרויסע זיצונגען מיקויעך באַליביקע פראַגן זוערן געהאַלטן לויט שפּאַרגאַלקעס. דאָס אַלץ האָט גורעם געווען די געפאַר פון פאַרקאַזיאָנעווען די פאַרטייִשע און סאָוועטישע אַרבעט, פון ביוראָקראַטיזירן דעם אַפּאַראַט.

סטאַלינס אָפּגעריסנקײַט פונעם לעבן, זײַן ניט־וויסן די ווירקלעכע זאַכלאַגע אויף די ערטער קאָן מען אָנשוילעך ווײַזן אויפן בײַשפּיל פונעם אָנפירן מיט דער לאַנדווירטשאַפט.

אַלע, וועד ס'האָט זיך כאָטש עטוואָס אינטערעסירט מיט דער לאַגע אין לאַנד, האָבן געזען דעם שווערן צושטאַנד פון דער לאַנדווירטשאַפט, און סטאַלין האָט עס ניט באַמערקט. צי האָבן מיר וועגן דעם געזאָגט סטאַלינען? יאָ, געזאָגט, נאָר ער האָט אונדז ניט געשטיצט. פאַרוואָס זשע האָט זיך אַזוי באַקומען? דערפאַר, ווײַל סטאַלין פלעגט אין ערגעץ ניט אַרויספאָרן, מיט די אַרבעטער און פויערים זיך ניט באַגעגענען און ער האָט ניט געוווּסט די ווירקלעכע לאַגע אויף די ערטער.

ער האָט דאָס לאַנד און די לאַנדווירטשאַפט שטודירט בלויז לויט קינאָפילמען. און די קינאָפילמען האָט מען פאַרשענערט, די זאַכלאַגע אין דער לאַנדווירטשאַפט לאַקירט. דאָס קאָלווירטישע לעבן איז אין אַ סאַך קינאָפילמען געשילדערט געוואָרן אַזוי, אַז די טישן האָבן זיך געשפּאָלטן פון

דער שפּעפּ אינדיקעס און גענדז. וויַיזט אויס, אַז סטאַלין האָט געמיינט, אַז דאָס אין אינדערעמעסן טאַקע אַזוי. [...]

סטאַלין האָט זיך אָפּגעזונדערט פֿונעם פֿאָלק, ער איז אין ערגעץ נישט אַרויסגעפֿאָרן. און אַזוי האָט עס געדויערט צענדליקער יאָרן. זיַין לעצטע נסיעה אין אַ דאָרף איז געווען אין יאַנוואַר 1928 יאָר, ווען ער איז געפֿאָרן קיין סיביר צוליב פּראָגן פֿון ברויט־פֿאַרגרייטונגען. פֿונוואַנען זשע האָט ער געקאָנט וויסן די לאַגע אין דאָרף? [...]

* * *

כאַוויירים!

ווען מיר טרעטן איצט שאַרף אַרויס קעגן דעם פּערזאָנען־קולט, וועלכער איז בַא סטאַלינס לעבן ברייט פֿאַרשפּרייט געוואָרן, און מיר ריידן וועגן אַ סאַך נעגאַטיווע דערשיַינונגען, וועלכע עס האָט גורם געווען דער דאָזיקער קולט, וועלכער איז פֿרעמד דעם גיַיסט פֿון מאַרקסיזם־לעניניזם, קאָן בַא באַזונדערע מענטשן אויפֿקומען אַ פֿראַגע: ווי אַזוי זשע פֿאַרשטייט מען עס, סטאַלין איז דאָך געשטאַנען בעראָש פֿון דער פּאַרטיי און פֿונעם לאַנד 30 יאָר, פֿאַר זיַינע ציַיטן זיַינען דערגרייכט געוואָרן גרויסע זיגן, קאָן מען דען עס לייקענען? איך האַלט, אַז אַזוי שטעלן די פֿראַגע קאָנען בלויז מענטשן פֿאַרבלענדטע און האָפֿענונגסלאָז פֿאַרהיפּנאָטיזירטע מיטן פּערזאָנען־קולט [...]

דער אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבעט פֿון דער פּאַרטיי, אירע פּילצאָליקע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, דער מעסירעסנעפֿעשדיקער אַרבעט פֿון אונדזער גרויס פֿאָלק האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען פֿאַר אונדזערע היסטאָרישע זיגן. די דאָזיקע זיגן זיַינען אַ רעזולטאַט פֿון אַ קאָלאָסאַלער לויט איר שוווּנג טעטיקיַיט פֿונעם פֿאָלק און פֿון דער פּאַרטיי אינגאַנצן גענומען, זיי זיַינען לאַכלוטן ניט קיין פּרוכט בלויז פֿון איין סטאַלינס אָנפֿירונג, ווי דאָס האָט מען געפּרוּווט פֿאָרשטעלן אינעם פּעריאָד, ווען דער פּערזאָנען־קולט האָט געבליט.

אויב צוגיין מאַרקסיסטיש, לעניניש צום טאָך פֿון דער דאָזיקער פֿראַגע, דאַרף מען מיט דער גאַנצער אָפֿנקיַיט דערקלערן, אַז די פּראַקטיק פֿון דער אָנפֿירונג, וועלכע האָט זיך געשאַפֿן די לעצטע יאָרן פֿון סטאַלינס לעבן, איז געוואָרן אַן ערנסטער טאָרמאָז אָפֿן אַנטוויקלונגס־וועג פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט. [...]

קלאָר, אַז אַזאַ אַטמאָספֿער האָט אַ באַליביקן פֿון די מיטגלידער פֿון דער פּאָליטביוראָ געשטעלט אין אַן אויסערסט שווערער לאַגע. אויב דערצו נאָך נעמען אין אַכט, אַז די לעצטע יאָרן פֿלעגן די פּלענומס פֿון צק פֿון דער פּאַרטיי פּאַקטיש ניט צונויפֿגערופֿן ווערן און די זיצונגען פֿון דער פּאָליטביוראָ פֿלעגן דורכגעפֿירט ווערן פֿון צופֿאַל צו צופֿאַל, וועט ווערן פֿאַרשטענדלעך, ווי שווער ס'איז געווען, אַז עמעצער פֿון דער פּאָליטביוראָ זאָל זיך אַרויסזאָגן קעגן דעם אָדער יענעם ניט־גערעכטיקן אָדער ניט־ריכטיקן מאָסמיטל, קעגן באַשיַימפּערלעכע פֿעלערן און כעסרוינעס אין דער פּראַקטיק פֿון דער אָנפֿירונג. [...]

כאַוויירים! לענין האָט ניט איין מאָל באַטאָנט, אַז באַשיידנקייט איז אַן אָרגאַנישע אייגנשאַפֿט פֿון אַן עמעסן באָלשעוויק. און לענין גופֿע איז געווען אַ לעבעדיקע פֿאַרקערפּערונג פֿון דער גרעסטער באַשיידנקיַיט. מע קאָן ניט זאָגן, אַז אין דער הינזיכט פֿאָלגן מיר נאָך אין אַלץ לענינס ביַישפּיל. ס'איז גענוג צו זאָגן כאָטשבי, אַז פּילצאָליקע שטעט, פֿאַבריקן און זאַוואָדן, קאָלווירטן און ראַטווירטן סאָוועטישע, קולטורעלע אַנשטאַלטן האָט מען בַא אונדז צעגעבן מיט די רעכט, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, פֿון פּריוואַט־אייגנטום נעמען פֿון די אָדער יענע מעלוכישע און פּאַרטייִישע טוער, וועלכע זיַינען נאָך געזונט און שטאַרק. אין דעם איניען פֿון צוּוייגענען נעמען פֿאַרשיידענע שטעט, ראַיאָנען, אונטערנעמונגען, קאָלווירטן זיַינען אַ סאַך פֿון אונדז מיטבאַטייליקטע. דאָס דאַרף מען אויסבעסערן. (אַפּלאָדיסמענטן).

אָבער טאָן דאַרף מען עס מיט סייכל, ניט געיַילט. דער צענטראַל־קאָמיטעט וועט באַהאַנדלען די דאָזיקע זאַך און זיך גוט פֿאַנאַנדערקלײַבן, קעדיי ניט צו דערלאָזן דאָ קיין פֿעלערן און איבערבייגן. איך געדענק, ווי אויף אוקראַיִנע האָט מען זיך דערוווּסט וועגן קאָסיאָרס אַרעסט. די קיִעווער ראַדיאָסטאַנציע פֿלעגט געוויינלעך אָנהייבן די ראַדיאָ־אַודיציעס אַזוי: „עס רעדט די ראַדיאָסטאַנציע אויף קאָסיאָרס נאָמען”. איינעם אַ טאָג האָבן די ראַדיאָ־אַודיציעס זיך אָנגעהויבן און קאָסיאָרס נאָמען איז ניט דערמאָנט געוואָרן. און אַלע האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז מיט קאָסיאָרן איז עפּעס געשען, אַז ער איז, וויַיזט אויס, אַרעסטירט.

אַזוי אַז אויב מיר וועלן אומעטום אָנהייבן אַראָפּנעמען די שילדן און געבן ניַיע נעמען, וועלן מענטשן קאָנען מיינען, אַז מיט יענע כאַוויירים, וואָס זייערע נעמען טראָגן די אונטערנעמונגען, קאָלווירטן אָדער שטעט, האָט עפּעס געטראָפֿן, אַז, געוויס, זיַינען זיי אויך אַרעסטירט. (אַן אופֿלעבונג אין זאַל). (...)

* * *

כאַווערים! מיר דאַרפֿן אַנטשיידן, איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל אַנטקרוינען דעם פּערזאָנען־קולט, מאַכן די געהעריקע אויספֿירן סײַ אין געביט פֿון דער אידייִש־טעאָרעטישער, סײַ אין געביט פֿון דער פּראַקטישער אַרבעט.

צוליב דעם איז נייטיק:

ערשטנס, אויף אַ באָלשעוויסטישן אופֿן פֿאַרורטיילן און אויסוואָרצלען דעם פּערזאָנען־קולט אַלס אַזאַ, וואָס איז פֿרעמד דעם גײַסט פֿון מאַרקסיזם־לעניניזם און ער איז אומצונויפֿפּאַסלעך מיט די פּרינציפּן פֿון דער פּאַרטיי־אָנפֿירונג און די נאָרמעס פֿונעם פּאַרטיי־לעבן. פֿירן אַן אומבאַרעכטאָנעסדיקן קאַמף קעגן אַלע און אַלערליי פּרוּוון אופֿצולעבן אים אין דער אָדער יענער פֿאָרם.

אופֿשטעלן און קאָנסעקווערט דורכפֿירן אין אונדזער גאַנצער אידעאָלאָגישער אַרבעט די וויכטיקסטע האַנאַכעס פֿון דער לערע פֿונעם מאַרקסיזם־לעניניזם וועגן דעם פֿאָלק אַלס דעם שעפֿער פֿון דער געשיכטע דעם שעפֿער פֿון אַלע מאַטעריעלע און גײַסטיקע רײַכטימער פֿון דער מענטשהײַט וועגן דער אַנטשיידנדיקער ראָליע פֿון אַ מאַרקסיסטישער פּאַרטיי אין דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פֿאַר איבערגעשטאַלטיקן די געזעלשאַפֿט, פֿאַרן זיג פֿונעם קאָמוניזם.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט שטייט אונדז פֿאָר דורכצופֿירן אַ גרויסע אַרבעט, קעדיי פֿון די פּאָזיציעס פֿון מאַרקסיזם־לעניניזם קריטיש באַטראַכטן און פֿאַריכטן די ברייט פֿאַרשפּרייט געוואָרענע, פֿאַרבונדענע מיטן פּערזאָנען־קולט, פֿעלערהאַפֿטע אָנשוייונגען אין געביט פֿון דער היסטאָרישער, עקאָנאָמישער און אַנדערע וויסנשאַפֿטן, ווי אויך אין געביט פֿון ליטעראַטור און קונסט. ביפֿראַט איז נייטיק די נאָענטסטע צײַט דורכפֿירן אַן אַרבעט אויף צו שאַפֿן אַ פֿולווערטיקן, אַ צונויפֿגעשטעלטן מיט וויסנשאַפֿטלעכער אָביעקטיווקײַט מאַרקסיסטישן לערנבוך איבער דער געשיכטע פֿון אונדזער פּאַרטיי, לערנביכער איבער דער געשיכטע פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט, ביכער איבער דער געשיכטע פֿונעם בירגערקריג און פֿון דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע.

צווייטנס, קאָנסעקווענט און אײַנגעשפּאַרט פֿאָרזעצן די אַרבעט, וועלכע עס פֿירט דורך די לעצטע צײַט דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי, אויף אַמשטרענגסטן אָפּצוהיטן אין אַלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, פֿון אויבן ביז אונטן, די לענינישע פּרינציפּן פֿון פּאַרטייִשער אָנפֿירונג און קוידעמקאָל דעם העכסטן פּרינציפּ — די קאָלעקטיווקײַט פֿון דער אָנפֿירונג אויף אָפּצוהיטן די נאָרמעס פֿונעם פּאַרטיי־לעבן, וועלכע זײַנען פֿאַרפֿעסטיקט מיטן סטאַטוט פֿון אונדזער פּאַרטיי, אויף פֿאַנאַנדערצוּוויקלען די קריטיק און זעלבסטקריטיק.

דריטנס, פֿולשטענדיק ווידערופֿשטעלן די לענינישע פּרינציפּן פֿונעם סאָוועטישן סאָציאַליסטישן דעמאָקראַטיזם, וועלכע זײַנען אויסגעדריקט אין דער קאָנסטיטוציע פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, פֿירן אַ קאַמף קעגן דעם ווילקיר פֿון די פּערזאָנען, וועלכע מיסברויכן מיט דער מאַכט. מע דאַרף ביזן סאָף פֿאַריכטן די פֿאַרקריפֿלונגען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער געזעצלעכקײַט, וועלכע האָבן זיך באַ אונדז אָנגעזאַמלט פֿאַר אַ לאַנגן פּעריאָד מאַכמעס די נעגאַטיווע פֿאָלגן פֿון דעם פּערזאָנען־קולט.

כאַווערים!

דער XX צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד האָט מיט אַ נײַער קראַפֿט דעמאָנסטרירט די אומצעשטערבאַרע אײַנהײַטלעכקײַט פֿון אונדזער פּאַרטיי, איר צוזאַמענגעשלאָסנקײַט אַרום איר צענטראַל־קאָמיטעט, איר אַנטשלאָסנקײַט אויסצופֿילן די גרויסע אויפֿגאַבן פֿון קאָמוניסטישער בויונג. (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן). און דער פֿאַקט, וואָס מיר שטעלן איצט אין דער גאַנצער ברייט פּרינציפּיעלע פֿראַגן וועגן גוווער זײַן דעם פֿרעמדן פֿאַרן מאַרקסיזם־לעניניזם פּערזאָנען־קולט און וועגן ליקווידירן די שווערע פֿאָלגן, וועלכע ער האָט פֿאַרשאַפֿט, רעדט וועגן דער גרויסער מאָראַלישער און פּאָליטישער קראַפֿט פֿון אונדזער פּאַרטיי. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

מיר האָבן די פֿולע זיכערקײַט, אַז אונדזער פּאַרטיי, אַ באַוואָפֿנטע מיט די היסטאָרישע באַשלוסן פֿון איר XX צוזאַמענפֿאָר, וועט פֿירן דאָס סאָוועטישע פֿאָלק אויפֿן לענינישן וועג צו נײַע דערפֿאָלגן, צו נײַע זיגן. (שטורמישע, דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

זאָל לעבן די זיגרײַכע פֿאָן פֿון אונדזער פּאַרטיי — דער לעניניזם! (שטורמישע, דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן, וועלכע גייען איבער אין אַן אָוואַציע. אַלע שטייען אויף).

●

לייב ווילסקער

# די מעדזשיבאָזשער מאַציייווע

אַט די טעמע איז אנטשטאַנען גאַנץ צופעליק און אומגעריכט. דער קיִעווער אײַנוווינער דמיטרי וואסיליעוויטש מאַלאַקאָוו האָט זיך געווענדט צו דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" מיט אַן אָנפֿראַגע: „אין מעדזשיבאָזשער קאַנטקענטעניש־מוזיי ווערט אָפּגעהיט א פראַגמענט פון א מאַציייווע פונעם היגן יִדישן בעסוילעם. שיקנדיק א פאָטאָסטאַט פון דער דאָזיקער מאַציייווע, בעט איך, איר זאָלט מיר דערקלערן סײַ דעם סימבאָלישן באַטײַט פון די צוויי הירשן, סײַ די איבערזעצונג פונעם טעקסט פון די צושריפטן ארום זיי, ווי אויך דאַטירן דעם דענקמאָל, אויב עס איז מעגלעך". די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט מיך באַאופטראָגט געבן אן ענטפער ד. מאַלאַקאָוון אויף זײַן בריוו.

די פאַרשונג האָט זיך ארויסגעוויזן פיל שווערער, איידער עס האָט זיך געקאָנט דוכטן. ס'האָבן ניט אויסשעפלעך ארויסגעהאָלפן די פאַרשיידענע ענציקלאָפּעדיעס, האַנטביכער צו עטלעכע העברעישע און אראַמעיִשע דענקמעלער, ווערטערביכער, י. צינבערגס „די געשיכטע פון דער ליטעראַטור בא יִדן" און פיל אנדערע ביכער. מעדזשיבאָזש, ווי באַוווּסט, האָט פאַרמאָגט ספעציפישע מאָמענטן אין זײַן געשיכטע. דאָס שטעטל איז געווען בעמעשעך פון פיל יאָרן באַזעצט הויפּטזאַכלעך מיט יִדן, און אין 18־טן יה. איז עס געוואָרן דאָס וויגעלע פון דער כסידישער באַוועגונג.

מעדזשיבאָזש געפינט זיך דאָרט, ווו עס פאַלט ארײַן דער טײַך בוזשאָק אין דאָרעמדיקן בוג. דער 7־טער באַנד פון א פוילישער ענציקלאָפּעדיע פון 1874 טיילט מיט, אז מעדזשיבאָזש איז געווען פון דרײַ זײַטן ארומגערינגלט מיט בלאָטעס. לויט די סטאַטיסטישע אָנגאַבן פון דער „יעווריייסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיִא" (אויסגאַבע פון בראָקהויז־עפראָן) האָט די מעדזשיבאָזשער יִדישע קעהילע אין יאָר 1765 געציילט 2039 נעפאשעס, אין 1847 האָט די „מעדזשיבאָזשער יִדישע געזעלשאַפט" («Меджибожское еврейское общество») געציילט 1719 נעפאשעס, און לויט דער פאָלקסציילונג פונעם יאָר 1897 האָט דאָרט די צאָל יִדישע אײַנוווינער באַטראָפן 6040 פון דער אַלגעמיינער 8164. וועגן דעם כורבן פונעם יִדישן יִישעוו אין מעדזשיבאָזש בײַס דער פאַשיסטישער אָקופּאַציע דערציילן די „נאָטיצן וועגן מעדזשיבאָזשער געטאָ" פון מוישע איינהאָרן, פובליקירטע אין „סאָוועטיש היימלאַנד" (1981, נומער 4).

עס האָט זיך אָבער געפאָדערט ארײַנצוקוקן אין דער מעדזשיבאָזשער געשיכטע אינעם צײַטאָפּשניט 1740 — 1810, וואָס עס זאָל קאָנען דירעקט אָדער אומדירעקט האָבן א שײַכעס צו דער מאַציייווע. און ס'האָט זיך אנטפּלעקט א פילפאַרביקע פאַנאָראַם. קודעמקאָל איז אופגעלעבט געוואָרן דאָס בילד פון יִסראָעל בען עליִעזער — דעם זעלבן, וועלכער איז ארײַן אין דער ליטעראַטור בא יִדן מיטן צונאָמען „בעל שם טוב" (באַלשעמטאָוו, א מאַן מיט א גוטן נאָמען) און איז אפילע נאָך מער באַוווּסט געוואָרן מיט די אבּרעוויִאַטורן פונעם צונאָמען — „בעש'ט". וועגן אים האָט דער אָנגעזעענער היסטאָריקער ש. דובנאָוו געשריבן אין זײַן „געשיכטע פונעם כאַסידיזם: „דורך א נעפּל קוקט צו אונדז ארויס דאָס היסטאָרישע געשטאַלט פון דעם גרינדער פונעם כאַסידיזם, דורך א נעפּל פון וווּנדער־מײַסעס, וואָס די פאָלקס־לעגענדע האָט מיט זיי באַקרוינט דעם קאָפּ פון איר באַליבטן העלד. א געדיכטער שלייער, אויסגעוועבט אין דער פאַנטאַזיע פון די מענטשן פון זייער דאָר און פון די שפּעטערדיקע דוירעס, פאַרשטעלט פאַר אונדזערע אויגן דאָס עמעסע געשטאַלט פונעם בעש'ט אזוי, אז צײַטנווײַז דוכט זיך אונדז, אז ער האָט גאָר קיינמאָל ניט עקזיסטירט ווי א לעבעדיקער מענטש, אז דאָס איז נאָר אן אויסגעטראַכטער נאָמען, וועלכן מע האָט צוגעבונדן צו דער רעליגיִעזער באַוועגונג, וואָס האָט אופגעטרייסלט די יִדישע וועלט" (י. צינבערג, די

---

פון דער שפּעטערישער יערושע.

געשיכטע פון דער ליטעראַטור בא ייִדן, 7־ער באַנד, 2־ער בוך, 1936, ז. 38 — 39).

עמעס, אין דער פּאַנאָראַם, וועלכע איז אַנטשטאַנען פאַר די אויגן זײַנען ניט גענוג קלאָר די עטאַפּן פון די ייִנגערע און מיטעלערע יאָרן, דה. פון פאַר דעם מעדזשיבאָזשער פּעריאָד פון ייִסראָעל בען עליִעזער. מיר זעען אים ניט:

א) ווען ער פלעג גאַנצע טעג פאַרברענגען אײַנזאַם אין די קאַרפּאַטן־בערג;

ב) ווען ער איז געווען א באַהעלפער בא א דאַרדעקע־מעלאַמעד און געפירט פאַר די הענט אָדער אַריבערגעטראָגן אויף די פּלייצעס קליינע קינדערלעך אין כיידער אַרײַן צי אין בעסמעדרעש, זינגענדיק דערבײַ מיט א פײַנער שטים ניגונים און זמירעס;

ג) ווען ער האָט זיך געפונען שוין אין א נײַער ראָל אַלס אונטער־שאַמעס פון א קלויז;

ד) ווען ער איז געוואָרן א דאָרף־מעלאַמעד בא ייִדישע מישפּאָכעס ניט ווײַט פון בראָד;

ה) ווען שוין אַלס אַלמען האָט ער כאַסענע געהאַט מיט כאַנען, דער שוועסטער פון עם ראָוו און לאַמדן רעב גערשן;

ו) ווען מע האָט פאַר אים אָפּגעדונגען א שענק, וועלכע האָט אויך געדינט פאַר אַן אַכסאַניע פאַר דורכפאָרער;

ז) ווען ער האָט אַליין געעפנט א כיידער אין דער שטאָט טלוסט און איז צו יענער צײַט, ווי עס טיילן מיט גוט באַהאַוונטע קוואַלן, געווען אַנגעטאָן אין א מין ביליקן גראָבן שטאָף און די פּיס־פינגער פלעגן אַרויסשטעקן דורך די לעכער פון די שיך, ווײַל ער איז געווען אַן אָרעמאַן;

ח) עס פעלן אַפילע די ערשטע יאָרן, ווען ער פלעג אַרומפאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך, באַווײַזנדיק זײַנע מאָפּסים אין היילן קראַנקע.

די דערמאָנטע פּאַנאָראַם איז פולקום א מעדזשיבאָזשער. זי הייבט זיך ערשט אָן, ווען ייִסראָעל בען עליִעזער איז שוין באַרימט מיטן צונאָמען באַלשעמטאָוו — בעש״ט, ער איז שוין אַריבערגעפאָרן אַרום דעם יאָר 1740 פון טלוסט קיין מעדזשיבאָזש און איז דאָרט פאַרבליבן ביזן סאָף פון זײַן לעבן. כאַראַקטעריסטיש פאַרן דאָזיקן פּעריאָד איז געווען דאָס פאָלגנדע:

א) מענטשן פלעגן אײַנציקווײַז אָדער מאַסנווײַז זיך ציִען צו אים קיין מעדזשיבאָזש מיט באַקאָשעס אַרויסצוטרײַבן „דיבוקים”, פאַרטרײַבן פון די הײַזער ניט־גוטע און מאַזיקים;

ב) מע פלעגט זיך ווענדן צו אים אויך שריפטלעך, געפרעגט אייצעס און געבעטן קאַמייעס;

ג) קעדיי צו ענטפערן אויף אַלע באַקאָשעס, אַדרעסירטע צו אים, האָט דער בעש״ט גענומען זיך צו הילף פריִער איין שרײַבער, דערנאָך — אַפילע צוויי;

ד) ער פלעג ליב האָבן אַרומגיין איבער גאַסן און מערק מיט א שטעקן אין דער האַנט און מיטן ליולקע־ציבעק אין מויל און דערציילן מײַסעס און מעשאָלים, געשאָטן מיט ווערטלעך און



מעמרעס. אין זיי פלעג ער שילדערן קיניגן און פרינצן, גרויסע מויערן, טורעמס און טויערן, שאַצקאַמערן און אומבאַגרענעצטע אוצרעס. יעדער מאָשל האָט געהאַט זײַן נימשל. קעדיי זיך פאָרשטעלן די צוציִונגס־קראַפט פון זײַנע מעשאָלים און אויף וויפל זיי האָבן געקאָנט באַווירקן די צוהערער, קוידעמקאָל די דאָרפסלײַט און זייערע ווײַבער, לאָמיר זיך א ווײַלע פאָרשטעלן, וויאַזוי דער בעש׳ט מיט זײַן זינגעוודיקער שטים דערציילט דעם מאָשל וועגן א טויבן:

עס איז אמאָל א מוזיקאַנט געשטאַנען אויף דער גאַס, געהאַלטן אין דער האַנט א מוזיקאַלישן אינסטרומענט און געשפּילט פאַר זיך א ניגן. דאָס שפּילן איז אָבער געווען אַזוי זיס און מיט אַזעלכע זעלטענע האַרמאָנישע קלאַנגען, אַז מענטשן האָבן זיך ביסלעכווײַז אָפּגעשטעלט און, פאַרקישעפטע פון די פּרעכטיקע מעלאָדיעס, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך לאָזן אין א טאַנץ צום טאַקט פונעם שפּילן, זייערע קערפּערס האָבן זיך באַוועגט אין איינקלאַנג מיט די טענער. און וואָס שטורמישער מע האָט געטאַנצט, אַלץ מער איז געוואַקסן דער ענטוזיאַזם פונעם עולם. טרעפט זיך אָבער, אַז דאָרט איז פאַרבײַגעגאַנגען א טויבער, איז ער דערשטוינט געוואָרן א פאַרכידעשטער: עס שטייט דאָ איינער, באַוועגט מיט דער האַנט, און אַלע אַרום אים טאַנצן אַנציקטע. פאַרשטייט ער ניט, פונוואַנען נעמט זיך די סימכע. ווען ער וואָלט פאַרשטאַנען, אַז דאָס יובלען און טאַנצן פונעם עולם נעמט זיך פון דער וווּנדערבאַרער מעלאָדיע, וואָלט ער אויך פון זיי ניט אָפּגעשטאַנען און געטאַנצט אין דער באַגלייטונג פון דער מוזיק...

דער בעש׳ט איז געשטאָרבן אין 1760. צו זײַן קייווער פלעגן אוילעריגל זײַן כסידים און מיספּאַלעל זײַן.[1]

אין דער זעלבער פּאַנאָראַם לאָזן זיך מערקן אויך אַנדערע פּערזענלעכקײַטן, וועלכע האָבן א שײַכעס צו דעם בעש׳טס דינאַסטיע: האָדל (געב. 1725) — זײַן באַסיעכידע, וועגן וועלכער עס איז געשאַפן א מענגע לעגענדעס; אירע ביידע זין, א צווילינג, אַרום 1750: דער טעאָרעטיקער פונעם כאַסידיזם מוישע־כאַיִם־עפראַיִם פון סודילקאָוו און זײַן פּראַקטיקער באָרעך פון מעדזשיבאָזש, ווי אויך האָדלס טאָכטער פייגע, וועלכע האָט אין מעדזשיבאָזש אין 1772 געבוירן א זון. דער לעצטער האָט געשפּילט אין דער געשיכטע פונעם כאַסידיזם א וויכטיקע ראָל. זײַן נאָמען איז — נאַכמען בראַסלאַווער.

אַזוויוי מיר האָבן צו טאָן אויסשליסלעך מיט מעדזשיבאָזש, וועלן מיר זיך באַנוגענען מיט באָרעכן (געשט. 1810). ער האָט געהאַט גוואַלדיקע האַכנאָסעס פון זײַנע כסידים — די אַזויגערופענע „פּידיוינעס" — געלט אָדער סטאַם מאַטאָנעס, וועלכע די כסידים פלעגן שענקען זייער רעבן[1]. זײַן הויף אין מעדזשיבאָזש האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פּראַכט און איז, ווי היסטאָריקער באַמערקן, ניט אָפּגעשטאַנען פון די הויפן פון די פּוילישע מאַגנאַטן.

א ביז גאָר אינטערעסאַנטע איז נאָך איין פיגור — דער באַדכן פון באָרעכס הויף — הערשעלע אָסטראָפּאָליער. זײַן נאָמען האָט דערמאָנט שאָלעם־אַלייכעם אינעם אופרוף צו זאַמלען פאַר דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק „יידישע וויצן, מעשאָלים און מײַסעס". דעם אופרוף האָט ער פאַרעפנטלעכט אינעם „קאָל מעוואַסער": „די יידישע לעגענדע האָט באַשאַפן איר מאַרשאַלעק, ווערטלזאָגער, קאַטאָוועסטרײַבער אין יעדן קאַנט אונטער אַן אַנדער נאָמען: שמערל סניטקאָווער, יאָסל מאַרשאַלעק, ר׳ הערשעלע אָסטראָפּאָליער, ר׳ שלוימע ליודמירער און נאָך אַנדערע. וואָס איז דאָס געווען פאַר א מינים פאַרשוינען, איז שווער צו זאָגן. נאָר די מײַסעס, וואָס מע דערציילט וועגן זיי, זײַנען אָפּטמאָל טיף און שאַרף און אײַנגעטונקען אין דעם געפערלעכן סאַם פון סאַטירע".

א. האָלדעסן האָבן מיר צו פאַרדאַנקען פאַרן בוך „מײַסעס, וויצן און שפּיצלעך פון הערשל אָסטראָפּאָליער", וואָס איז צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין קיִעוו אין 1941 און איבערגעדרוקט געוואָרן אין וואַרשע אין 1960. באַלערעוודיק איז זײַן פאָרוואָרט „דער יידישער פאָלקס־העלד הערשל אָסטראָפּאָליער", וווּ ער האָט, צווישן אַנדערס, געשריבן: „אין מעדזשיבאָזש ווײַזן אַלטע אַן דאָס אָרט פון זײַן קייווער. און כאָטש די אויסיִעס אויף דער שטיינערנער מאַציייווע זײַנען שטאַרק אָפּגעריבן און עס איז זייער שווער זיך פאַנאַנדערקלײַבן אין זיי, גלייבן מיר אין דער ריכטיקײַט פון אָט דער באַהויפּטונג. מיר גלייבן אויך, אַז דאָס, וואָס מע גיט איבער הערשלען אין ביאָגראַפישן הינזיכט, איז נאָענט צום עמעס, ווײַל סאָפּקאָלסאָף איז די מינדלעכע טראַדיציע שוין גאָרנישט אַזאַ אַלטע, זי גייט ניט פאַרלוירן אין די ווײַטע דוירעס. די זיידעס פון די איצטיקע לײַט אין מעדזשיבאָזש האָבן אַליין געקאָנט קענען הערשלען". עס איז קיין סאָפּעק ניט, אַז א. האָלדעס איז גערעכט, ווען ער שרײַבט: „הערשל אָסטראָפּאָליער, ווידער, איז דער צומערסטן פאָלקסט־מלעכער, און דערמיט איז צו דערקלערן די אומגעהײַערע, קימאַט ווי אַלפאָלקישע, פאַרשפּרייטונג פון זײַנע מײַסעס".

קעדײַ צו באַמערקן, אַז דער מעדזשיבאָזשער באַדכן און זײַנע מײַסעס זײַנען ניט איין מאָל אויסגענוצט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג דורך באַגאַבטע אַרטיסטן (לעמאָשל, מיכאָעלס). אין דעם פּראַט איז אויך באַלערעוודיק דער אַרטיקל פון

[1] קעגן דעם כאַסידיזם ביכלאַל און דעם מינהעג פון פּידיוינעס ביפּראַט איז אַרויסגעטראָטן י.־ל. גאָרדאָן (1830 — 1892). אין איינער פון זײַנע לידער שרײַבט ער: „צדיקים... בפדיונות ימלאו כיסם" — „די צאַדיקים... פילן אָן זייער טאַש מיט פּידיוינעס".

[1] דאָס יאָר 1770 אַלס דאַטע, ווען עס איז געשטאָרבן דער בעש׳ט, וועלכע איז אָנגעוויזן אין דער „יעווריייסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיִאַ", באַנד 10, שפּאַלט 740, איז ניט קיין ריכטיקע. די פאָטאָגראַפיע פונעם בעש׳טס קייווער האָט פּובליקירט ס. מ. גינצבורג אין זײַן אַרטיקל „די אַנטשטייונג פונעם כאַסידיזם" — אינעם בוך: „די געשיכטע פונעם יידישן פאָלק" (אין רוסיש), באַנד 11, מאָסקווע, 1914, זײַט 504.

מ. מארגאַלין „הערשעלע אָסטראָפּאָליער אױף דער בינע פונעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל" (סאָוועטיש היימלאַנד", 1979, נומער 1).

לאָמיר איצט איבערגיין אומיטלבאַר צו דער מאַצייווע.

שורע 1. צוויי אויסיִעס תק פון רעכטס פונעם קאָפּ פון דעם רעכטן הירשעלע, און צוויי אויסיִעס סח פון לינקס פונעם קאָפּ פון דעם לינקן הירשעלע. אַלע פיר אויסיִעס צוזאַמען זײַנען באַצייכנט מיט קײַלעכדיקע צוגאָב־סימאָנים. דאָס מאַכט צוזאַמען תקסח, וואָס לויטן ציפערישן באַטײַט פון די אויסיִעס באַטרעפט עס (ת = 400 + ק = 100 + ס = 60 + ח = 8) 568 לויט דער געקירצטער דאַטע באַם אָנגעבן די קאַלענדאַר־יאָרן (אָן די טויזנטער פון דער ערע פונעם „וועלט־באַשאַף"), וואָס שטימט מיט דעם 1807/8 יאָר.

צווישן די פיס פון די הירשעלעך — נאָך צוויי אויסיִעס פון רעכטס — פּ, פון לינקס — נ. יעדע פון זיי איז באַצייכנט מיט א שטריכעלע, וואָס איז ענלעך אױף א קאָמע. דאָס זײַנען אַברעוויִאַטורן פון צוויי ווערטער: ווען דער ניפטער איז פון א מענערשן געשלעכט: „פּה נקבר" — דאָ איז באַגראָבן, אָדער „פּה נטמן" — דאָ איז אויסבאַהאַלטן; און — פון א ווײַבערשן געשלעכט, אַנטשפּרעכיק דער העברעיִשער גראַמאַטיק: „פּה נקברה", „פּה נקברת", אָדער „פּה נטמנה", „פּה נטמנת".

דערהאַלטן זײַנען בלויז נאָך צוויי שורעס: די דריטע און פערטע, דערצו נאָך דעפעקטיוו סײַ פון דער אָנגענומענער גראַמאַטישער הינזיכט, סײַ פון דער טעכנישער: „אשה החשוב" — דער לעצטער אָס בלויז טײלווײַז, שורע 3; „והייקרה הר" — און א טייל פון נאָך אן אָס, וואָס איך ווייס ניט גענוי, וועלכן דאָ פאַרלייגן; שורע 4. לאָמיר שטעלן אין א זײַט די אומפּינקטלעכקײַטן. דער זין ענטפערן אױף אַזעלכע פראַגעס, ווי, לעמאָשל, וואָס האָט געקאָנט האָבן אין זינען דער באַשטעלער פון דער מאַצייווע, ווען ער האָט געפאָדערט פונעם שטיינהאַקער אויסהאַקן אױף די דערמאָנטע רעליעפן, וואָס פאַר א סימבאָליק האָט ער געהאַט אין זיי אויסן צו אויסדריקן? וועלכע ליטעראַרישע מעקוירים האָבן געקאָנט אונטערזאָגן אן אײַנוווינער פון דער כסידישער מעטראָפּאָליע מעדזשיבאָזש אין ערשטן צענדליק פונעם 19־טן יה. אַזעלכס אויסצוקריצן אױף דער מאַצייווע?

מיר האָבן, ווײַזט אויס, קיין אַנדער ברייִרע ניט, ווי א בלעטער צו טאָן אונדזערע קלאַסישע מעקוירים און מיט זיי א ייִשעוו־האַדאַאַס האָבן. עס קאָן זײַן, אַז זיי וועלן אַנטדעקן דעם סאָד, וואָס האָבן געזאָלט די דערמאָנטע רעליעפן אױף דער מאַצייווע מיט זיך פאַרשטעלן.

1. עפּשער א סימבאָל פון א באַלכײַ, וועלכער מוז שטענדיק דײַגענען פאַר זײַן לעבן, ווײַל מע יאָגט זיך נאָך אים נאָך. בײַשפּילן: „...אַזוי ווי א הירש א געיאָגטער" (יעשײַע, 13, 14); „זײַ זיך מאַצל, ווי א הירש אויס דער האַנט" (מישלע, 5,6). אין געגעבענעם פאַל וואָלט דאָס בילד פון די הירשעלעך אױף דער געפאַרשטער מאַצייווע געדאַרפט סימבאָליזירן, אַז די פאַרשטאָרבענע פרוי האָט ווי א געיאָגטער הירש געמוזט שטענדיק דײַגענען פאַר איר לעבן און ווײַלשטאַנד.

עס שטעלט זיך אָבער א פראַגע: און ווער פון די פאַרשטאָרבענע האָט ניט דורכגעמאַכט א לעבן מיט גרויסע איבערלעבענישן?

2. עפּשער גאָר א סימבאָל פון א באַלכײַ, וואָס איז זייער פלינק און לויפט שנעל. דער צווייטער בוך שמועל, 2, 18 טיילט מיט: „און אַסאָאייל איז געווען פלינק אױף זײַנע פיס, אַזוי ווי איינער פון די הירשן אין פעלד". מיט דעם האָט זיך אויך באַנוצט דער טאַנע יעהודע בען טיימאַ (2־טע העלפט פונעם 2־טן יה. — ערשטע העלפט פונעם 3־טן יה.), ווען ער האָט געלערנט: „זײַ א דרייסטער, ווי א טיגער, א לײַכטער, ווי אן אָדלער, א לויפנדער, ווי א הירש, און א גיבער, ווי א לייב, קעדיי צו אויספילן דעם ווילן פון דײַן פאָטער אין הימל" (מישנע, טראַקטאַט „אבות", 5, 20). אָט דער אויסדרוק איז ברייט אויסגענוצט געוואָרן אין דער פאָלקסטימלעכער קונסט בא ייִדן. עס זײַנען געווען אַזויגערופענע „פאָרויכעסן" און „קאָפּוירעסן", טײַטלעך, בסאָמים־קעסטלעך, מענטעלעך פאַר סייפער־טוירעס און א מעטאַלענער אָדער הילצערנער בלאַט, אױף וועלכן ס'זײַנען אויסגעקריצט אָדער אויסגעשניצט געווען פיגורן פון א טיגער, אן אָדלער, א הירש און א לייב. אױפן בלאַט איז געבראַכט געוואָרן אין העברעיִש די איבנגעבראַכטע ציטאַטע. אַזא בלאַט האָט געהייסן „מיזרעך", ווײַל מע פלעגט אים באַפעסטיקן אױפן אָמעד, וועלכער איז געשטאַנען אין מיטן פון דער מיזרעך־וואַנט אין שול. מיט אַזעלכע „מיזרעכס" האָט מען זיך געקאָנט אויך אָנטרעפן אין פּריוואַטע הײַזער. עס זײַנען געווען אַפילע „ספּעציִאַליסטן", וועלכע פלעגן שאַפן די „מיזרעכס". וועגן אַזעלכן דערמאָנט כ.נ. ביאַליק אין איינער פון זײַנע לידער („מי יודע" — ווער ווייסט).

אויב אַרויסגיין פון אַזא האַנאָכע, וואָלטן די הירשעלעך געדאַרפט סימבאָליזירן, אַז די געשטאָרבענע פרוי איז געווען א גרויסע צאַדייקעס און האָט זיך געײַלט, ווי א לויפנדער הירש, מעקײַעם צו זײַן די מיצוועס.

3. און עפּשער א סימבאָל פון א זייער שיינעם און יונגן באַלכײַ. לעמאָשל, "מײַן געליבטער איז געגליכן צו א הירש אָדער צו א הירשעלע א יונגן" (שיר־האשירים", 2, 9). „צבי" אַלס א באַצייכענונג פאַר א שיינעם יונגאַטלעכן און „צביה" — פאַר א שיין יונג מיידל טרעפן זיך אויך זייער אָפט אין דער מיטלאַלטערלעכער דיכטונג. לאָמיר זיך באַנוגענען מיט די פאָלגנדע בײַשפּילן.

שמועל האַנאָגיד (993—1056) האָט געהאַט געשריבן:

לבבוני עיני צבי לי שרת
לב אדוניו יצוד בלא מכמרת

(געווען א הירש — א דינער מיר געפעלן מיט זײַנע אויגן,

ער האָט דאָס האַרץ פון זײַן הערשער אָן א נעץ אַרײַנגעצויגן. —
דאָ און װײַטער איבערז. א. מאַרגאַלין).

די ליד איז פאַרעפנטלעכט אין דער אויסגאבע פון ד. יארדען (1911 — 1986): „דיואן שמואל הנגיד", 1966, ז. 288. די ליד איז פאַרגעשטעלט אין דער גינצבורג־זאמלונג, וועלכע געפינט זיך אין דער לעניך־ביבליאָטעק אין מאָסקווע אונטערן נומער 1333, ב. 81, לינקע זײַט.

פון דער זעלבער אויסגאבע, ז. 290:

קח מצביה דמי ענב...
בעלת שפתית כחוט שני

(נעם צו פון דער אינד איר בלוט־רויטן וויַן... אירע ליפן גלײַכן א שנור פורפור־פיַין).

פון יעהודע האַלייוויס א ליבע־ליד:

צבית חן שביתיני בצביך
ופרך העבדתני בשביך

(אינד פיַינע, מיט דיַין שיינקייַט האָסטו מיך געפאנגען.
דיר געפאנגענערהייַט צו דינען שווער איז צוגעגאנגען).

די ליד איז פאַרגעשטעלט אין די קסאוויאדן פון דער גינצבורג־זאמלונג, נומער 612, ב. 11, לינקע זײַט; נומער 1331, ב. 26, לינקע זײַט — 27, ווי אויך אין דער צווייטער פירקאָוויטשעס זאמלונג, וואָס געפינט זיך אין דער לענינגראדער עפנטלעכער ביבליאָטעק, נומער 1־44, ב. 21, לינקע זײַט. ליד נומ. 173; קסאוויאד נומ. 178, ב. 13, לינקע זײַט; קסאריאד נומ. 1־202, בל. 6, לינקע זײַט. פאַרעפנטלעכט אין כ. בראָדיס אויסגאבע פון יעהודע האַלייוויס דיוואן, באנד 2, ז. 19.

פון אימאנועל דעם רוימערס מאקאמען[1]־בוך:

צביה תאוה היתה לעיני
פגשתיה תמול ותט לפני

(געזען האָב איך א אינד, פול גלוסט אָן א שיר, ערשט נעכטן באגעגנט — פאַרשוווּנדן פון מיר).

די ליד איז פאַרעפנטלעכט אין דער אויסגאבע פון ד. יארדען „מחברות עמנואל הרומי" (די מאַקאמען פון אימאנועל הארוימי), 1957, באנד 1, ז. 129.

4. און עפשער ליגט דער שליסל צום ענטפער אף אונדזער פראגע אינעם טשיקאַווען אויספיר, צו וועלכן עס איז געקומען ד. האַבערמאַן אינעם דערמאָנטן ארטיקל: „די באַלעכאָים־בילדער סימבאַליזירן אויך די גייַסטיקע אייגנשאפטן פונעם מענטשן. א הירש אָדער א אינד באטייַטן גוטס. א אינד איז א סימבאָל אויך פון ליבע, פון געליטענער אומשולד". דער אווטאָר שטיצט ניט זײַן טעזיס מיט קיין ליטעראַרישע מעקוירים.

אין די אַלע פאַרגעלייגטע ביז איצט סימבאָלן איז פאַראַן זייער א שוואכער מאָמענט. עס לייגט זיך בעשום־אויפן ניט אפן סייכל, פאַרוואָס איז געבראַכט אף דער מעדזשיבאָזשער מאַצייווע א בילד פון צוויי הירשעלעך, ווען אין יעדן פאַל פון די פאַרגעלייגטע סימבאָלן איז גענוג איינער פון זיי.

די אויסגעקריצטע גראָד צוויי הירשעלעך אף דער מאַצייווע איז אומעגלעך זיך פאָרשטעלן בלויז אלס רעזולטאט פון דער פאנטאזיע פון א שטיינהאַקער, א קינסטלער, אָדער סטאם אלס א פוסטן קאַפריז פונעם באַשטעלער. ביידע הירשעלעך שטעלן מיט זיך פאָר בעלי־סאַפעק א סימבאָל. עס איז נאָר נייטיק צו געפינען אזא מאָקער, וועלכער זאָל ארויסרופן בא א מעדזשיבאָזשער ייִד פון יענער צייַט א באַגער צו שאפן אזעלכע רעליעפן אף דער מאַצייווע.

אזא מאָקער, ווי עס שטעלט זיך אונדז פאָר, קאָן מען אײַנזען אין אייניקע פסוקים פונעם „שיר־השירים". ווי באוווּסט, שטעלט דער בוך מיט זיך פאָר א זאמלונג פון ליבע־לידער מיט כאָסן־קאַלע־פאַרווײַלונגען און העסגלײַכן. אין דער ייִדישער טראדיציע אָבער איז „שיר־השירים" פון קאדמוינים אָן אָנגענומען אלס א טיף רעליגיעזע אַלעגאָריע.

די מישנע לערנט: „שכל הכתובים קדש ושיר השירים קדש קדשים" (מאסעכטע „ידים" — הענט, קאַפיטל 3), וואָס באטייַט, אז אַלע ביכער, וועלכע זײַנען אריַין אין דער דריטער אָפטיילונג פונעם טאנאַך, וואָס ווערט אָנגערופן „כתובים" (אנטהאלט די ביכער „טילים", „איִעוו", די אזויגערופענע „פינף מעגילעס", אין באשטאנד פון וועלכע עס רעכנט זיך אויך „שיר־השירים", „דאניִעל" און אנדערע) זײַנען הייליקע, אָבער „שיר־השירים" איז די „הייליקסטע הייליקייַט". די דאָזיקע ווערטער געהערן איינעם פון די גרעסטע אווטאָריטעטן פון דער מישנע — ראבי אקיווען, וועלכער האָט פאַרוועֹרט, אז ייִדן זאָלן לייענען אפיקאָרסישע ספאָרים, ניט אײַנגעשלאָסענע אינעם טאנאַך, דעם זעלבן אקיווען, וועלכער איז, ווי אייניקע געלערנטע האַלטן, געווען ניט בלויז דער מיטצייַטלער פון באר־קאָכבען, נאָר אויך דער אופמונטערער צו זײַן אופשטאנד קעגן די רוימער אין די יאָרן 132—135.

אין „זויהאַר" ווערט דערציילט, אז שלוימע האמעלעך האָט אינעם „שיר־השירים" איבערגעשריבן די שירע, וועלכע עס זאָגן די מאַלאָכים אין די נעכט. ניט צופעליק דערפאר לייענען ייִדן יאָר־יערלעך לויטן אײַנגעשטעלטן סיידער „שיר־השירים" אום פייסעך, אנדערע באַנוגענען זיך ניט דערמיט און לייענען דעם בוך יעדן פרײַטיק צונאכטס.

אָט וואָס עס ווערט געזאָגט אין „שיר־השירים", 4, 5 און 7, 4: „שני שדיך כשני עפרים תאומי (אין 7, 4: תאמי) צביה הרועים בשושנים", וואָס באטייַט: „דײַנע צוויי בריסט זײַנען ענלעך צו צוויי הירשעלעך, צווילינג פון א אינד, וואָס פאַשען זיך צווישן די ליליעס". אזא באטײַט שטימט אָבער ניט מיט דער טראדיציע בא ייִדן.

לויטן מעדרעש צו „שיר־השירים" אנטהאלטן די אויבנדערמאָנטע פסוקים א רעמעז וועגן דרײַ

[1] מאקאמא — אן אראבישער טערמין, וועלכער באטייַט אין דער פאָעטיק א ווערק, געשריבן אין געגראַמטער פראָזע אין וועלכן עס בײַטן זיך נאָכאנאנד לידער. דער עקוויוואלענט פון מאקאמא אין העברעיִש איז — מחברת.

פערסאנאזשן פונעם כומעש: יויכעוועד און אירע ביידע זין מוישע און אהאראן: „צביה" (א אינד) קלוימערשט באטייט דא יויכעוועד, און „שני עפרים תאומי צביה" (צוויי הירשעלעך, צווילינג פון א אינד) באטייטן: מוישע און אהאראן.

די גרעסטע מעפארשים (קאמענטאטארן) פונעם טאנאך, ראשי (1040—1105) פון פראנקרייך און איבן־עזרא (1090—1164) פון שפאניע אונטערשטרייכן אין זייערע פיירושים, אז „שיר־השירים" איז די הייליקסטע ליד פון אלע 1005 לידער, וועלכע ס'האט פארפאסט שלוימע האמעלעך און וועגן וועלכע עס טיילט מיט דער ערשטער בוך מלאכים, 5, 12. ביידע קאמענטאטארן זיינען אייניק מיט זייערע פארגייער, אז „שיר־האשירים" שטעלט מיט זיך טאקע פאר א טיף רעליגיעזע אלעגאריע, ווו מע דארף גאנץ גוט באקלערן, וואס עס באטייט דער אדער יענער זאץ, וואס פאר א רעמעז איז אויסבאהאלטן אין דעם אדער יענעם אויסדרוק. שוין אין די ערשטע שורעס פון זיין קאמענטאר טרעט ארויס אווראהאם איבן־עזרא מיט אזא מין באווייז, וואס מיר פראזירן אים איבער אין יידיש: „עס איז דאך אומעגלעך, אז מענטשן זאלן וועגן זייערע טייווע־געפילן ריידן אין שטאט פראנק און פריי פאר די אויגן פון מענטשן. דער בוך „שיר־האשירים" שטעלט מיט זיך פאר ניט אנדערש ווי א מאשל: עס איז אמאל א קליין מיידעלע, וואס האט נאך קיין ווייבערשע בריסט ניט געהאט, געווען א וועכטערן פון א וויינגארטן. זי האט באמערקט א דורכגייענדיקן פאסטעך, און עס האבן זיך פאנאנדערגעשפילט טייווע־געפילן אין הארצן פון יעדן פון זיי".

אט וועגן וועלכע הויכע איניאנים עס לייגן פאר ביידע קאמענטאטארן צו פארשטיין דעם רעמעז, וועלכער אנטהאלט זיך אין די „שני עפרים תאומי צביה". ראשי האלט, אז דא קאן מען האבן אין זינען אדער מוישען און זיין ברודער אהאראן (אגעוו, ראשי שטיצט זיך ניט אפן אקארשט גערעכטן מעדרעש), אדער די ביידע שטיינערנע טאוולען, אף וועלכע גאט אליין האט אייסגעקריצט פון ביידע זייטן די צען געבאטן (די אויסגערופענע „אסערעס האדיבערעס"). וואס שייער דעם פשאט פון „כשני עפרים תאומי צביה" — ווי צוויי הירשעלעך, צווילינג פון א אינד, — האלט ראשי פאר נייטיק צו באמערקן, אז א אינד געבירט געוויינלעך א צווילינג; אזויארום זיינען ביידע גלייכווערטיקע („דרך צביה להיות יולדת תאומים כך שניהם שיום שקולים זה כזה"). אווראהאם איבן־עזרא, פון זיין זייט, לייגט פאר איינזען דעם זין פון „שני עפרים תאומי צביה" אין די אויסגערופענע „טוירע שעביכסאוו" און די „טוירע שעבאלפע" (געמיינט: די מישנע, טאלמוד און די גאנצע ליטעראטור, וועלכע האט זיך פון זיי צעצוויייגט).

ארויסגייענדיק פון דער האנאכע, אז דער וועלכער האט אופגעשטעלט די מאצייווע אין מעדזשיבאזש, איז געווען באהאוונט אינעם טעקסט פון „שיר־האשירים" און אין די קאמענטארן צו אים, וואלט מען זיך ניט געדארפט וווּנדערן, ווען אינעם אפגעבראכענעם און אויספעלנדיקן טעקסט פון דער מאצייווע זאל זיין אנגערופן, לאמיר זאגן, האדל, דעם בעש'טס באסיעכידע — ליידער, איז אונדז אין ערגעץ ניט געלונגען צו געפינען א יעדיע, ווען זי איז געשטארבן. זי האט געבוירן א צווילינג, די צוויי כסידישע „צאדיקים" מוישע־כאים־עפראים (געשט. 1803), דער פארפאסער פונעם ביכער „דגל מחנה אפרים" (די פאן פון עפראימס לאגער), וואס אנטהאלט ביאגראפישע אנגאבן וועגן בעש'ט, און בארעך מעדזשיבאזשער. וועגן אים און זיין פרעכטיקן הויף האבן מיר העכער געשריבן. קעדיי צו באמערקן, אז ער האט געבאלעבאטעוועט קעיאד האמעלעך אין מעדזשיבאזש נאך א פאר יאר נאך דעם, ווי מע האט דא געשטעלט די מאצייווע.

צולעצט איז קעדיי צוגעבן, אז בלויז א דעטאלע פארשונג וואלט געקאנט לייזן די פראגע, צי די מעדזשיבאזשער מאצייווע שטעלט מיט זיך פאר א מין כסידישן פראטאטיפ פון אלע אנדערע מאצייוועס, ווו עס זיינען פאראן רעליעפן פון צוויי הירשעלעך. אלנפאלס, די מאצייוועס מיט רעליעפן פון צוויי הירשעלעך זיינען ניט דערמאנט אין די ווערק, וועלכע אנטהאלטן באשרייבונגען פון יידישע מאצייוועס אין קרים, לויט דער אויסגאבע פון ד. כוואלסאן[1], אין פראגער „אלטן יידישן בעסוילעם"[2], אין די יידישע בעסוילעמס פון אונגארן לויט דער אויסגאבע פון א. שייבערס בוך וועגן די יידישע אופשריפטן פונעם 3־טן יה. ביזן יאר 1686[3]. אין האבערמאנס קאלעקציע מיט פאטאגראפיעס פון די יידישע מאצייוועס אין ווייסרוסלאנד, מיירעוו־אוקראינע (בוקאווינע, גאליציע, טראנסקארפאטיע) און מאלדאוויע, וועלכע איז מיר פערזענלעך באוווסט און איז דאטירט מיטן 17־טן — 20־טן יה., זיינען יא פאראן אייניקע מאצייוועס מיט רעליעפן פון צוויי הירשן, נאר אפילע די עלטסטע פון זיי זיינען מיט עטלעכע צענדליק יאר יינגער פון דער מעדזשיבאזשער מאצייווע.

עס איז קיין כאפעק ניט, אז אפן מעדזשיבאזשער בעסאלמען זיינען פארבארגן אומבאוווסטע בלעטער פון דער יידישער געשיכטע.

לענינגראד, דעם 31 דעקאבער 1986

[1] Хвольсон Д. А.: Восемнадцать еврейских надгробных надписей из Крыма. Санкт-Петербург, 1866.

[2] Государственный еврейский музей в Праге. Прага, 1967.

[3] Alexander Scheiber: Jewish inscriptions in Hungary. From the 3rd Century to 1686. Budapest—Leiden, 1983.



# צו אונדזער מעמאָריאַל

# דאָס לעבן און שאַפונג פון די יידישע סאָוועטישע שריפטשטעלער-קאַרבאַנעס פונעם סטאַלין-טעראָר

## יעבעזקל דאָברושין

(1954 — 1883)



ײַן וועג אין דער ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן אין 1912, ווען אין ווילנע איז דערשינען זײַן ערשט ביכל לידער און איינאַקטערס. שפּע־טער האָט ער אַרויסגעלאָזט א סאַך אַנדערע ביכער, נאָר אין אַלע זשאַנרען האָט זיך געפילט א דיכטערישע נעשאָ־מע, אפילע אין די ליטעראַטור־קריטישע אַרבעטן.

יעכעזקל דאָכרושין האָט געהאַט א שאַרפן געפיל פאַר דער צײַט. ווען אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן, לעמאָשל, די איבערוואַנדערונג פון יידישע האַרעפּאַשנע מאַסן אַף ערד, האָט ער דאָס געדאַרפט זען מיט די אייגענע אויגן. אין סאָף פון די צוואַנציקער יאָרן פלעג ער אַלע יאָר באַ־זוכן די נײַע יישוווים, געפינענדיק דאָרט גע־שטאַלטן פאַר זײַנע ווערק. אזוי איז געבוירן גע־וואָרן די פּיעסע „אַרום א בײַדל" און דער ציקל פאַרצייכענונגען „ערד־לעבן". די איבערוואַנדערער פונעם יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן זײַנען געווען אזוי פאַרליבט אין אים, אַז זיי האָבן אָנגערופן איינעם פון זייערע יישוווים מיט זײַן נאָמען — דאָברו־שינאָ. אין קרים, אין די יידישע נאַציאָנאַלע ראַיאָ־נען פלעג מען די אופגעקומענע דערפער אָנרופן מיט נעמען פון אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן פיל אופגעטאָן אין געביט פון יידישער ערד־אײַנאָרדענונג. נאָך דער מילכאָמע



זײַנען די דאָזיקע נעמען פאַרביטן געוואָרן מיט אַנדערע, אָבער דאָברושינאָ איז אַלפּי נעס פאַר־בליבן ביז הײַנטיקן טאָג אַף דער מאַפּע פון דער קרימער געגנט.

א גרויסן צושטײַער האָט י. דאָברושין אַרײַנ־געטראָגן אין דער אַנטוויקלונג פון דער סאָוועט־טישער יידישער דראַמאַטורגיע און טעאַטער־וועזן. כוץ פיל אינסצענירונגען פון ווערק פון די יידי־שע קלאַסיקער, וועלכע עס האָבן געשטעלט אַלע יידישע טעאַטערס בא אונדז אין לאַנד און אין אויס־לאַנד, האָט ער אָנגעשריבן א היפּשע צאָל אָרי־גינעלע דראַמאַטישע ווערק. אין פאַרשידענע יאָרן

האָט דער מאָסקווער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער און אַנדערע טעאַטראַלע קאָלעקטיוון אויפגעפירט זײַנע פיעסעס „אפן 62־טן", „בריגאַדיר טעלעפײַ", „דער געריכט גייט", אײַנאַקטערס פאַר קינדער (אין 1931 האָט דער צענטראַפאַרלאַג אַרויסגעלאָזט זײַן זאַמלונג „קינדער־טעאַטער").

ער איז אָבער געווען ניט בלויז א דראַמאַטורג — אים געהערט א גרויסע צאָל טעאָרעטישע אַרבעטן אין געביט פון דראַמאַטורגיע און טעאַטער־קונסט. אין 1939 דערשײַנט אין מאָסקווער פאַרלאַג „דער עמעס" זײַן בוך „בינימין זוסקין", געווידמעט דעם גרויסן ייִדישן אַקטיאָר, אין 1940 — „מיכאָעלס דער אַקטיאָר", אין 1932 — זײַן זאַמלונג ליטעראַריש־קינסטלערישע אַרטיקלען, אין וועלכער א היפש אָרט פאַרנעמט די אָפּהאַנדלונג „שאָלעם־אַלייכעמס דראַמאַטורגיע". פאַר דער קאַפיטאַלער זאַמלונג „ייִדן אין פסטר" (אַרויסגעגעבן אין פאַרלאַג „דער עמעס" אין 1935) האָט ער אָנגעשריבן אַן אַרבעט „ייִדישע טעאַטער־קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד". אין 1948, ניט לאַנג פאַרן אַרעסט, האָט ער אַרויסגעגעבן זײַן לעצטן בוך — „די דראַמאַטורגיע פון די קלאַסיקער (גאָלדפאַדן, מענדעלע מויכער־ספאָרים, שאָלעם־אַלייכעם, י.־ל. פערעץ)".

יעכעזקל דאָברושין האָט, ווי ס'איז אָנגענומען צו זאָגן, געטאָגט און גענעכטיקט אין מאָסקווער גאָסעט. צו זײַנע מיינונגען און אייצעס האָבן זיך צוגעהערט די רעזשיסערן און ער איז געווען איינער פון די באַליבטע לערער אין דער ייִדישער טעאַטראַלער סטודיע. פאַר קיינעם איז ניט געווען קיין כידעש, וואָס אין 1939, ווען די מעלוכע האָט באַלוינט פינף ייִדישע שרײַבער פאַר זייער לאַנגיאָריקער ליטעראַרישער טעטיקײַט, איז צווישן זיי געווען אויך דאָברושין, וועלכן מע האָט באַערט מיטן אָרדן „ערן־צייכן" „פאַר אויסגעצייכנטע פאַרדינסטן אינעם אַנטוויקלען די סאָוועטישע טעאַטראַלע קונסט".

אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור האָט דאָברושין זיך קוינע שעם געווען מיט זײַנע ליטעראַריש־קריטישע און פאָרשערישע אַרבעטן. אין אָט דעם געביט האָט ער, אַפאָנעם, ניט געהאַט צו זיך קיין גלײַכן, כאָטש די ייִדישע ליטעראַטור־קריטיק איז געווען רײַך מיט גרויסע שעפערישע פערזענלעכקײַטן. אָנגעהויבן האָט ער מיט צוויי ביכלעך — „אַלעקסאַנדער בלאָק" און „געדאַנקענגאַנג", וועלכע זײַנען דערשינען אין די יאָרן 1921 — 1922 אין קיִעוו. פון דעמלט אָן איז קיין איין וויכטיקע ליטעראַטור־דערשײַנונג זיך ניט באַגאַנגען אָן זײַן אָפּשאַצונג. כאַריק און פעפער, קושניראָוו און כאַנע לעווין, כאַשטשעוואַצקי און ראַסין, אָליעווסקי און דאַניעל, עליע גאָרדאָן און נאָטע לוריע, קוויטקאָ און מאַרקיש, פינינבערג און האַלקין, אַקסעלראָד און טײַף — אַלע אָנגעזעענע שרײַבער פון די צוואַנציקער — פערציקער יאָרן האָבן געפונען אַן אָפּשפיגלונג אין דאָברושינס אַרטיקלען. זײַן לעצטע גרויסע אַרבעט — „דאָוויד בערגעלסאָן" — האָט אַרויסגעגעבן אין א באַזונדערן בוך דער „עמעס"־פאַרלאַג אין 1947.

וואָגיק איז געווען דאָברושינס בײַטראָג אינעם אַרויסגעבן די ווערק פון די ייִדישע קלאַסיקער. ווען דער „עמעס־פאַרלאַג" האָט אין די יאָרן 1935 — 1938 פירגענומען די אויסגאַבע פון שאָלעם־אַלייכעמס געזאַמלטע ווערק אין 15 בענדער האָט דאָברושין אָנגעשריבן די אַרײַנפירארטיקלען צום ערשטן, צווייטן, דריטן, נײַנטן, פערצנטן און פופצנטן בענדער. שאָלעם־אַלייכעמס שאַפונג האָט ער אָנגעהויבן צו פאָרשן נאָך פאַר דער רעוואָליוציע. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען וועגן דעם גרויסן שרײַבער שוין אין די ערשטע צוויי זאַמלביכער, געווידמעט שאָלעם־אַלייכעמס צווייטן און דריטן יאָרצײַט, וועלכע זײַנען דערשינען אין פעטראָגראַד און אין קיִעוו אין 1918 און 1919. צענדליקער אַרטיקלען וועגן שאָלעם־אַלייכעמען האָט ער אין משך פון עטלעכע יאָרצענדליקער פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע זאַמלונגען, זשורנאַלן, וויסנשאַפטלעכע צײַטשריפטן און צײַטונגען.

י. דאָברושין איז געווען באַוווסט אויך אַלס אומדערמידלעכער פאָרשער פונעם ייִדישן פאָלקלאָר. אין דעם מאָסקווער אַלמאַנאַך „סאָוועטיש" האָט ער אָפּגעדרוקט פאָרשונגען וועגן דער ייִדישער וויגליד, וועגן דעם קלאַסישן און סאָוועטישן פאָלקלאָר פון די ייִדישע מאַסן. די דאָזיקע אַרבעטן האָבן ביז הײַנט ניט פאַרלוירן זייער דערקענטעניש־ווערט. מע דאַרף נאָך צוגעבן, אַז קימאַט אַלע זאַמלונגען פון ייִדישע פאָלקסלידער און פאָלקסמײַסעס, וועלכע זײַנען דערשינען בא אונדז אין לאַנד אין פאַרשיידענע פאַרלאַגן, זײַנען באַגלייט מיט דאָברושינס אַרטיקלען.

יעכעזקל דאָברושין איז געווען א מיטגליד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פונעם אַלמאַנאַך „סאָוועטיש", פון דער צײַטונג „אייניקײַט", דורך זײַנע הענט זײַנען דורכגעגאַנגען הונדערטער כסאַווייאָדן פון עלטערע שרײַבער און אָנפאַנגער, און צו יעדערן פון זיי האָט ער זיך באַצויגן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקײַט. דער פראָפעסאָר דאָברושין האָט געלייענט לעקציעס וועגן ליטעראַטור און פאָלקלאָר אין מאָסקווער, קיִעווער, אָדעסער הויכשולן, און ביז הײַנטצוטאָג דערמאָנען אים מיט ליבשאַפט און קאָוועד א סאַך זײַנע געוועזענע סטודענטן.

מע האָט אים אַרעסטירט אין אָנהייב 1949. אין א לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אין צאָפן פון קאָמי, איז ער אויסגעגאַנגען, א דערשלאָגענער און אויסגעשעפטער, אין 1954. מעקאַבער געוואָרן איז ער אין א פעלד הינטער דער שטאָט אַבעז.



# אוורָאָם-אײַזיק דאַמעסעק

(1937 — 1893)

ין וואַרשע, ווו ער האָט געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן, האָט מען אים געוווּסט אַלס לערער אין די ייִדישע שולן. פון צײַט צו צײַט פלעגן זיך אין דער וואָכנצײַטונג „ליטעראַרישע בלעטער" באַווײַזן זײַנע אַרטיקלען וועגן פראַגן פון אונטעריכטן ייִדישע ליטעראַטור אין שול. אין איינעם אַזאַ אַרטיקל, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּעדאַגאָגישער קאָנפערענץ אין וואַרשע (זי איז פאָרגעקומען אין סאָף דעקאַבער 1926); באַמערקט ער, אַז ניט דער זיידע פון דער ייִדישער ליטעראַטור מענדעלע מויכער־ספֿרים און ניט דאָס אייניקל פונעם זיידן, שאָלעם־אַליכעם, „האָבן אין זייערע בעסטע כאַלוימעס זיך נישט פאָרגעשטעלט אַזאַ גיכע אָנווענדונג פון זייער ליטעראַריש שאַפן צווישן טויזנטער קינדער פון דער ייִדישער פאָלקסמאַסע".

טאַקע אין דאָזיקן אַרטיקל איז פאַראַן אַן אָנדײַט, אַז ער, אוורָאָם־אײַזיק דאַמעסעק, אַ געבוירענער אין פּינסק, האָט זיך אַ שטיקל צײַט געלערנט אין דער אָדעסער סאָלמעטוירע, מיט וועלכער עס האָט פאַרוואַלטעט מענדעלע מוי־כער־ספֿרים.

אין זעלבן יאָר 1926 פאַרלאָזט דאַמעסעק וואַרשע און פאָרט אַריבער קיין מינסק, ווו ער זעצט פאָר זײַן אַרבעט אַלס לערער. אינגיכן אָבער אַנטפּלעקט זיך בא אים דער טאַלאַנט פון אַ ליטעראַטור־קריטיקער, און ער שליסט זיך אַקטיוו אײַן אין דער בוווּנג פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, דרוקנדיק אַרטיקלען וועגן שרײַבער און ביכער אינעם מינסקער ליטעראַרישן זשורנאַל „שטערן". אין אַ צײַט אַרום ווערט ער אַ מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון דעם זשורנאַל.

דאָוויד בערגעלסאָן און לייב קוויטקאָ, מוישע קולבאַק און זעליק אַקסעלראָד און פיל אַנדערע סאָוועטישע און ניט בלויז סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער באַקומען אין זײַנע אָפּהאַנדלונגען אַ טיפן פּראָפעסיאָנעלן אַנאַליז. אינטערעסאַנט זײַנען דאַמעסעקס באָבאַכטונגען איבער ד. בערגעלסאָנס שפּראַך (ס'איז געווען אין 1929, נאָך איידער דער שרײַבער האָט אַרויסגעגעבן אַזעלכע שעדעווערס, ווי „באַם דניעפּער" און „בירָאָביד־זשאַנער"): „אין בערגעלסאָנס פאַרמילכאָמעדיקן שאַפן איז לעגאַמרע ניטאָ די אָנגענומענע צעטיילונג פון דער שפּראַך אויף אַ מעגושעמדיקער, אַריסטאָקראַטישער און פאָלקס־שפּראַך. אין דער הינזיכט איז ער שוין פון לאַנג געווען דער שפּראַך־רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט געגעבן אין זײַן שאַפן „גלײַכבאַרעכטיקונג" פאַר אַלע ווערטער אין דער שפּראַך. ער האָט ניט געזוכט פאַר דער „פאַרגרעבטער שטאָט" עפּעס אַ באַזונדערע מעגושעמדיקע לעקסיק, און פאַרן יאָרדישן ייִכעס — אַ ספּעציפישע אויסגעיידלטע שפּראַך. גרונטעוודיק זיך אין דער טיף פון וואָרט, האָט בערגעלסאָן שטענדיק אַרויסגעבראַכט נײַע פאַרבאָרגענע ניואַנסן".

אין דער מיט פון די דרײַסיקער יאָרן מערקט זיך אין א. דאַמעסעקס קריטישער טעטיקייט אַ קער צו וווּלגאַרן סאָציאָלאָגיזם. ס'איז געווען אַ צײַט פון זוכן „סאָנים פון פאָלק", און א. דאַמעסעק ווערט פאַרכאַפּט פון די דאָזיקע זוכונגען. ס'באַפאַלט אים אַ שרעק, אַז מע קאָן אים פאָרוואַרפן, דאָס לעבן „אויף יענער זײַט", און ער פּרוּווט זיך ראַטעווען מיט שלאָגן זיך אַלכעט.

זײַן קריטישער קאַנטשיק שלאָגט אויף רעכטס און אויף לינקס. לעמאָשל — מע האָט „פאַרזען די שעדלעכקײַט אין די ווערק פון אַבטשוקן, שאַיעוויטשן, יודעלסאָנען..." וואָס הייסט מע רעדט נאָר וועגן „פעלערן" אין אַבטשוקס „הערשל שאַמײַ" — ס'איז דאָך אַ טראָצקיסטיש־נאַציאָנאַליסטיש ווערק...

ס'איז געגאַנגען דאָס פינף־און־דרײַסיקסטע יאָר. די וואַקכאַנאַליע אַרום פראַגן פון ליטעראַטור האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. דערנאָך האָט זיך אָנגערוקט דאָס זיבן־און־דרײַסיקסטע יאָר. א. דאַמעסעק איז פולקום געווען דעזאָריענטירט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַסן־רעפּרעסיעס קעגן די אָנגעזעענסטע שעפער פון דער ליטעראַטור. און אין איינער אַ נאַכט האָט מען אויך אים אַרעסטירט...

דעם מעמאָריאַל־אָפּטייל פירט כאַים ביידער






פּראָפ. נ. מ. ניקאָלסקי

# דאָס אוראַלטע פאָלק ייִסראָעל

## 12. די טוירע און דאָס לעבן

„די טוירע פון גאָט איז פולקום, זי דערפרישט דעם נעפעש. די איידעס פון גאָט איז עמעס, מאכט קלוג דעם נאַר. די געבאָטן פון גאָט זײַנען ריכטיקע, דערפרייען דאָס האַרץ. די באַפעלן פון גאָט זײַנען קלאָר, באַלײַכטן די אויגן. די ייִרא פאר יאהווע איז ריין און אייביק, גאָטס מישפּאָטים זײַנען עמעס, זײַנען שטענדיק גערעכט; זיי זײַנען געלוסטיקער פאר גאָלד און פאר גינגאָלד, זיי זײַנען זיסער פארן זיסטן האָניק". מיט אזעלכע ווערטער ווערט געלויבט גאָטס טוירע אין דעם נײַנצנטן קאַפּיטל פון טהילים, וועלכער איז פאַרפאַסט געוואָרן לעקאָוועד יאהווע און זײַן טוירע. דער דאָזיקער מיזמער באַגײַסטערט די ייִדן צו ליבן און שטרענג אָפּצוהיטן די טוירע. און אין מײַשעס טוירע ווערט דערציילט די וואונדערלעכע מײַסע וועגן דעם, ווי אזוי מע האָט באַקומען די טוירע און, לייענענדיק דעם סייפער האַטוירע, האָבן זיך די ייִדן געדאַרפט איבערצײַגן, אז די טוירע איז געגעבן פון גאָט און איז גאַנץ עמעס.

די טוירע האָט זיך אָנגעהויבן, דערציילט דער סייפער האַטוירע, אינײַנעם מיטן אָנהייב פון דער וועלט; ווען ס'האָט אָנגעהויבן עקזיסטירן די וועלט האָט אָנגעהויבן עקזיסטירן די טוירע. גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, דעם הימל און די ערד; אין אָנהייב איז געווען נאָר א טויהו וואָוויהו, א וואַסער־אָפּגרונט, ביסלעכווײַז אין אין דעם טויהו וואָוויהו אַרײַנגעטראָגן געוואָרן א סיידער: די וואַסערן פון הימל זײַנען אָפּגעטיילט געוואָרן פון די וואַסערן פון דער ערד, דער הימל־פעסט האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער ערד־יאַבאָשע, דערנאָך איז באַשאַפן געוואָרן טכילעס אלץ, וואָס אויפן הימל. די זון, דאָס ליכט פונעם טאָג, די לעוואָנע, דאָס ליכט פון דער נאַכט, און די שטערן; דערנאָך איז די יאַבאָשע און דאָס וואַסער באַלעבט געוואָרן מיט באַלעכאַיִם און געוויקסן, זיי האָט גאָט געבענטשט און געהייסן זיך פרוכפּערן און פאַרמערן זיך. דער לעצטער אַקט פון שאַפונג איז געווען דאָס באַשאַפן פון די מענטשן: גאָט האָט באַשאַפן גלײַכצײַטיק דעם מאַן און די פרוי, האָט זיי געבענטשט און געזאָגט: „פרוכפּערט זיך, פאַרמערט זיך, באַפעלקערט די ערד און געוועלטיקט איבער איר". דאָס אלץ איז באַשאַפן געוואָרן אין זעקס טעג; אפן זיבעטן טאָג האָט גאָט

פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 1 — 8, 1989.



א זעלטענע כאנעקע־מענוירע

באטראכט אלץ, וואָס ער האָט באַשאפן, און האָט געפונען, אז אלץ איז גוט; גאָט האָט גערוט פון זײַן אַרבעט. „און גאָט האָט געבענטשט דעם זיבעטן טאָג און האָט אים געהייליקט, ווײַל אין דעם טאָג האָט ער גערוט פון זײַן גאנצער אַרבעט". דעם דאָזיקן בײַשפּיל און באפעל פון גאָט דארפן אָפּהיטן אויך די מענטשן; אזויווי גאָט האָט אפן זיבעטן טאָג אופגעהערט צו ארבעטן, אזוי דארפן אויך די מענטשן רוען דעם זיבעטן טאָג. דער געזעץ וועגן שאבעס, אָט דער וויכטיקסטער געזעץ פון נאָך די גאָלעס־צײַטן, איז אָף אזא אויפן, ווי ס'דערציילט דער נײַער סייפער האטוירע, אײַנגעשטעלט געוואָרן אײַנצײַטיק מיט דער וועלט־באשאפונג. פריִער, פארן גאָלעס, האָט מען אויך געפײַערט דעם שאבעסדיקן טאָג, נאָר דאן האָט מען אים געהאלטן פאר א יאָמטעוו לעקאָוועד דער לעוואָנע, יעדן כוידעש פלעגט מען פײַערן דעם מוילעד, און אויך יעדע פאזע פון דער לעוואָנע פלעגט פארצייכנט ווערן מיט א יאָמטעוו; דעם ערשטן שאבעס פון יעדן כוידעש איז געווען א יאָמטעוו פונעם מוילעד און דערנאָך פלעגט מען יעדע זיבן טעג פײַערן נאָך דרײַ שאבאָסים. אָט די דאָזיקע שאבאָסים זײַנען געווען, ווי אלע יאָמטויווים אין יענע צײַטן, טעג פון סימכע און פריילעכקײַט; ס'פארשטייט זיך, אז די אלטעגלעכע ארבעט פלעגט ניט געטאָן ווערן אין די טעג. די קויהאנים האָבן איצט נאָכן גאָלעס אינגאנצן געענדערט דעם כאראקטער פון דעם שאבעסדיקן יאָמטעוו. אינגאנצן אָפּשאפן אָט דעם פאָלקס־יאָמטעוו האָבן זיי ניט געקענט; די בני־יעהודע זײַנען צו אים צוגעוווינט געווען און אויך אין באָוול האָבן זיי זיך פון אים ניט אָפּגעווויינט, ווײַל אויך בא די באָוולים איז געווען א מינהעג צו פײַערן שאבעס. דעריבער האָבן די קויהאנים געזען אָף אן אנדער אויפן צו דערקלערן, פארוואָס דארף מען פײַערן דעם שאבעסדיקן טאָג. ניט לעקאָוועד דער לעוואָנע מיט אירע פאזעס זײַנען אײַנגעשטעלט די שאבאָסים, נאָר דאָס האָט גאָט אליין אײַנגעשטעלט דעם שאבעס־רו, ווײַל ער אליין האָט אין זעקס טעג באשאפן די וועלט און האָט גערוט דעם זיבעטן טאָג. און קעדיי דער נײַער שאבעס זאָל שוין לאכלוטן ניט זײַן ענלעך צו דעם פריִערדיקן שאבעס, האָט דער געזעץ פון די קויהאנים אײַנגעפירט אזעלכע מינהאָגים, וועלכע האָבן געמאכט דעם שאבעס ניט פאר א טאָג פון טײַנעג, נאָר פאר א טאָג, אין וועלכן ס'דארפן אויסגעפירט ווערן א סאך שווערע מיצוועס. שאבעס טאָר מען גאָרנישט ניט פארקויפן און קויפן, מע טאָר גאָרנישט ניט קאָכן און בראָטן, מע טאָר אפילע קיין פײַער ניט אָנצינדן, מע טאָר קיין אלטעגלעכע ארבעט ניט טאָן, אלץ מוז מען צוגרייטן ערעוו שאבעס, און אויב מע האָט עפּעס פארגעסן און געטאָן עס אום שאבעס, באגייט מען א שווערע זינד און מע מוז ברענגען א קאָרבן און צאָלן קנאס.

דאָס צווייטע מאָל האָט גאָט געגעבן זײַן געזעץ נויעכן נאָכן מאבל. דאָס מאָל האָט גאָט פײַערלעך דערקלערט, אז ער וועט מער ניט פארניכטן דעם מענטשלעכן דאָר און אלע באשעפענישן דורך א מאבל, און ווי א מויפעס פון אָט דעם צוזאָג האָט ער אוועקגעשטעלט דעם רעגנבויגן. דערפאר דארפן די מענטשן און די כײַעס אָפּהיטן דעם געבאָט „לוי טירצאך". מע טאָר ניט הארגענען קיין מענטשן און מע טאָר ניט עסן קיין בלוט, ווײַל אין דעם בלוט געפינט זיך די נעשאָמע פון דעם מענטשן און פון דעם באלכײַ. דאָס איז שוין אויך אן אוראלטער געזעץ; און אויך דאָס באטראכטן דאָס בלוט, ווי א רעזידענץ פון דער נעשאָמע, איז שוין זייער אלט; אזא מיינונג האָבן אלע אוראלטע פעלקער און זי האלט זיך זייער לאנג אײַן, נאָר אויך וועגן דעם געזעץ, ווי וועגן דעם געזעץ פון שאבעס, האָט מען איצט געזאָגט, אז ער איז אײַנגעשטעלט געוואָרן צײַט די וועלט איז באשאפן געוואָרן, צײַט ס'איז געווען דער מאבל.

די דאָזיקע צוויי געזעצן, וועגן שאבעס און וועגן בלוט, האָט גאָט געגעבן פאר אלע מענטשן, ניט נאָר פאר די ייִדן, נאָר צײַט גאָט האָט געשלאָסן דעם דריטן בונד, מיט אווראָמען, ווען ער האָט אויסגעווײלט דאָס פאָלק ייִסראָעל פאר זײַן פאָלק, האָבן די ייִדן געמוזט באזונדער הייליק אָפּהיטן די דאָזיקע געזעצן, וועגן דעם דריטן געזעץ ווערט אין סייפער האטוירע אזוי דערציילט:

גאָט האָט זיך באַוויזן אווראַמען און האָט אים געזאָגט, אז ער וועט אים מאַכן פאַר א שטאַמפאָטער פון פיל פעלקער, און אז ער שליסט אַן אייביקן בונד מיט אווראַמען און זײַנע אָפּשטאַמער. יאַהווע וועט זײַן זייער גאָט און זיי — זײַן פאָלק, יאַהווע וועט זיי אָפּגעבן אויף אייביק דאָס לאַנד קנאַאַן, און זיי, ווי א צייכן פון דעם געשלאָסענעם בונד, דאַרפן מאַלע זײַן אָפּן אַכטן טאָג אַלע זייערע זכאָרים. ניט קיין געמאַלעטער טאָר ניט געהערן צו גאָטס פאָלק, דער מינהעג פון מילע איז אויך אַן אוראַלטער, ער איז אַמאָליקע יאָרן געווען אָנגענומען ניט נאָר בא די בניי־יִסראָעל, נאָר אויך בא די בניי־אֶדאָם, די מיצרים און אייניקע אַנדערע שוואַטים, נאָר מיט דער צײַט האָט דער מינהעג אָנגעהויבן פאַרשווינדן צו ווערן, און אין פינפטן יאָרהונדערט איז ער פאַרבליבן מער ניט ווי בא די ייִדן. מוישעס סייפער האַטוירע פאַרהייליקט דעם דאָזיקן מינהעג און פאַרזאָגט אים הייליק אָפּצוהיטן — דאָס איז א צייכן פון בונד צווישן גאָט און זײַן אויסדערוויילט פאָלק; ניט שעמען דאַרף מען זיך מיט דעם מינהעג, נאָר אָפּגעבן אים קאָוועד — ווײַל דאָס האָט גאָט אַליין אים אײַנגעשטעלט נאָך אין גרויען אַלטערטום.

די דאָזיקע דרײַ געזעצן אָדער בונדן זײַנען געווען מער ניט ווי פאַרבאַרײטונגס־געזעצן. זיי האָט גאָט געגעבן, ווען זײַן פאָלק איז נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, ווען ס׳האָבן געלעבט מער ניט ווי זײַנע שטאַמפאָטערס. נאָר אָט, דערציילט דער סייפער האַטוירע, האָבן די האַוואָכעס פון גאָט אָנגעהויבן ביסלעכווײַז מעקויעם צו ווערן. נאָך לאַנגע מאַטערנישן, נאָך דער קנעכטשאַפט אין מיצראַיִם, קערן זיך די בניי־יִסראָעל אום אין דאָס צוגעזאָגטע לאַנד אונטער דער אָנפירונג פון גאָט אַליין. און דאָ פאַרן אַרײַנגיין אין לאַנד קנאַאַן, באַם באַרג סינײַ, גיט גאָט דורך מוישען אויספירלעכע געזעצן, לויט וועלכע די ייִדן דאַרפן אײַנאָרדענען זייער לעבן אין קנאַאַן. דאָס איז דער פערטער בונד, דער הויפּט־בונד; ער איז געשלאָסן געוואָרן מיטן גאַנצן פאָלק יִסראָעל, און אויב דאָס פאָלק וועט אים אָפּהיטן, וועט עס אייביק אײַנהאַלטן דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, אויב ניט — וועט עס פון אים פאַרטריבן ווערן.

אין אָנהייב פון דעם פערטן געזעץ ווערן איבערגעכאַזערט די אַסערעס האַדיברעס און דער סייפער האַבריס; נאָר דערנאָך גייען אויספירלעכע קויהאַנישע געזעצן. די קויהאַנים האָט זיך געוואָלט דערווײַזן, אז די אָרדענונגען פון בייס־האַמיקדעש, און פון דער אַווידע, פון פאַרוואַלטונג און מישפּעט, וועלכע מע האָט אײַנגעפירט אין די צײַטן, ווען מע האָט דורכגעפירט אין לעבן דעם סייפער האַטוירע פון מוישען, זײַנען אויך אײַנגעשטעלט געוואָרן פון גאָט אַליין. און אין סייפער האַטוירע ווערט דערציילט, אז גאָט האָט געהייסן מוישען מאַכן צײַטווײַליק א באַוועגלעכן טעמפּל, א געצעלט (א מישקן, ווי ס׳ע הייסט אין כומעש); דער מישקן האָט געזאָלט זײַן דאָס אײַנציקע אָרט, ווו מ׳זאָל דינען גאָט, ביז ס׳וועט ניט אויסגעבויט ווערן א שטענדיקער בייס־האַמיקדעש. אויף צו בויען דעם מישקן האָט מוישע געמוזט זאַמלען צווישן פאָלק פרײַוויליקע מאַטאָנעס: גאָלד, זילבער, קופּער, טײַער וואָלנס, וואָלענע געוואַנטן פון די בעסטע מינים, פעלן, קאָסטבאַרע מינים האָלץ, טײַערע שטיינער, אייל און שמעקנדיקע שטאָפן. די פרומע בניי־יִסראָעל האָבן גלײַך געבראַכט גאָלד אויף העכער נײַן און צוואַנציק טאַלאַנטן, דאָס הייסט קימאַט אויף צוויי מיליאָן רובל, און זילבער — הונדערט טאַלאַנטן, דאָס הייסט קימאַט אויף א מיליאָן רובל, און אָן א צאָל אַלערליי אַנדערע מאַטעריאַלן! נאָר איין זאַך האָבן די קויהאַנים, די פאַרפאַסער פון סייפער האַטוירע, ניט גענומען אין אַכט: וויאַזוי האָט געקאָנט אין מידבער אַזאַ אָרעם פאָלק, וואָס איז נאָך דאָ ניט לאַנג געווען פאַרקנעכטעט אין מיצראַיִם, צונויפקלײַבן אַזויפיל גאָלד און זילבער, אין דער צײַט, ווען די בניי־יעהודע, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון גאָלעס־באָוול, רײַכע מענטשן, האָבן צונויפגעקליבן סאַכאַקל א האַלבן מיליאָן! אז מוישע האָט צונויפגעקליבן דעם גאַנצן מאַטעריאַל, האָט ער געטאָן אַלץ אַזוי, ווי גאָט האָט אים געהייסן. קוידעמקאָל האָט מען געמאַכט דעם אָרן פון דעם טײַערסטן אַקאַציען־האָלץ און מע האָט אים באַדעקט מיט ריינעם גאָלד; איבערן אָרן האָט מען געמאַכט צוויי קרוווים פון ריינעם גאָלד; די רינגען באַם אָרן און דעם גאַנצן גאַרניטור צו אים זײַנען אויך געמאַכט געווען פון ריינעם גאָלד. דעם טיש פאַרן לעכעם האַפּאָנעם איז אויך באַדעקט געווען מיט ריינעם גאָלד; אַלע קיילים צום טיש זײַנען אויך געמאַכט געווען פון ריינעם גאָלד; פון ריינעם גאָלד איז אויך געמאַכט געווען די מענוירע מיט זיבן לאָמפּן, דער מיזבייעך צו רויכערן איז געמאַכט געווען פון האָלץ, נאָר אויך באַדעקט מיט ריינעם גאָלד, דער מישקן גופע איז געמאַכט געווען פון הילצערנע ברעטער פון אַקאַציען־האָלץ; די ברעטער זײַנען געווען מיט שפּונטן אויף די עקן און די אײַנשניטן פאַר די צאָפּנס זײַנען געווען פון זילבער; פון אויבן זײַנען די ברעטער אויך באַדעקט געווען מיט ריינעם גאָלד. דער הילצערנער מישקן איז באַדעקט געווען מיט א הימל־בלויען פאָרהאַנג פון וואָלנס און פעל; די העקלעך און די שלייפן פון פאָרהאַנג זײַנען אויך געווען פון גאָלד, דעם קופּער האָט מען אויסגענוצט צו מאַכן שטאַנגען, אויף וועלכע מע פלעגט איבערטראָגן דעם מישקן; די שטאַנגען זײַנען געווען הילצערנע, באַדעקט מיט קופּער. אינעווייניק איז דער מאַשקן געווען אײַנגעאָרדנט אַזוי: דער צווייטער בייס־האַמיק־

דעש; פאר דעם מישקן האָט מען געדארפט מאכן א היױף פארן פאָלק און א מיזבייעך פאר די אוילעס, און דער מישקן האָט זיך געדארפט טיילן אױף קאדיש און קאדיש קדוישים.

דער מישקן האָט געדארפט מיט זיך פאָרשטעלן א בייס־האמיקדעש, וועלכן מ'זאָל קענען איבערטראָגן; וועמ זשע זאָל דינען באם מישקן? פאר א קויהען גאָדל האָט גאָט אויסדערוויילט מוישעס ברודער, ארענען, און פאר קויהאנים זיינע זין; אויסער זיי האָט קיינער ניט געטאָרט אָפּריכטן די אַוווידע און די קעהונע האָט געדארפט איבערגיין בעירושע. ווי א הייסאָפּע צום דאָזיקן געזעץ איז שפּעטער אפילע צוזאמענגעשטעלט געוואָרן א ייכעס־בריוו, וועלכער האָט אויפגעוויזן, אז צאַדעק שטאמט דירעקט פון ארענען. איבערצוטראָגן דעם מישקן, העלפן די קויהאנים און אָפּהיטן די אָרדענונג האָט יאהווע באשטימט דעם גאנצן שייוועט לעווי; דער דאָזיקער שייוועט איז אינדערעמעסן קימאט אינגאנצן פארניכטעט געוואָרן באם אײַנעמען קנאאן; ס'זײַנען פארבליבן נאָר איינצלנע לעווים, וועלכע האָבן זיך צעשפּרייט צווישן די איבעריקע שוואָטים. ס'איז אויך ניט געווען קיין נאכלע, וועלכע זאָל געהערן דעם דאָזיקן שייוועט, און דערייבער ווערט דערציילט, אז גאָט האָט באשטימט ניט צו געבן דעם שייוועט לעווי קיין באזונדער נאכלע, נאָר די לעווים האָבן געדארפט לעבן אױף מאסער, וועלכן דאָס גאנצע פאָלק יִיסראָעל האָט געדארפט צאָלן לעטויווועס די לעווים. פאר ארענען און זײַנע זין האָט גאָט געהייסן מאכן באזונדערע קויהאנישע קליידער פון גאָלד, זײַדנס און פורפור. ארנס בגאָדים האָבן געזאָלט זײַן באפּוצט מיט טײַערע שטיינער — רובין, טאָפּאז, כמאראגד, גארפונקל, סאפירשטיין, אקאטשטיין, דיאמאנט, אָפּאל, אמעטיסט, כריזאָליט, אָניקס־שטיין, און יאספּיס — צוועלף מינים שטיינער לויט דער צאָל פון די יידישע שוואָטים; אױף יעדן שטיין האָט געדארפט זײַן אויסגעקריצט דער נאָמען פון איינעם פון די שוואָטים, און קעדיי צו הייליקן ארענען מיט זײַנע זין פאר קויהאנים, איז געווען אָנגעוויזן א ספּעציעלע צערעמאָניע; דאָס ברענגען קאָרבאָנעס און די איבעריקע צערעמאָניעס האָבן געדארפט דויערן גאנצע זיבן טעג, און מיט די זעלבע צערעמאָניעס האָט מען געדארפט שטענדיק הייליקן די אָפּשטאמער און די יאָרשים פון ארענען אױף צו דינען יאהווע. דער קויהען גאָדל און די קויהאנים האָבן געזאָלט ניט נאָר אָפּריכטן די אַוווידע: זיי האָבן געזאָלט זײַן די איינציקע שאָפטים און הארן פון פאָלק.



פראגמענטן פונעם פאפירוס „נעשא“ — דעם סאמע אוראלטן קסאוויאד מיט א העברעישן טעקסט

אָט אזוי איז אין מוישעס טוירע באשריבן געווען, וויאזוי אין מידבער איז געגרינדעט געוואָרן די הייליקע קאָנסטיטוציע, וועלכע האָט געזאָלט פארבלײַבן אױף אייביק. די צאָרע איז געווען נאָר אין דעם, וואָס אין די ספאָרים „שמועל“ און „מעלאָכים“, וועלכע זײַנען שוין דאן געווען און אין וועלכע ס'ווערט דערציילט די געשיכטע פונעם פאָלק יִיסראָעל ביזן גאָלעס, איז גאָרניט געזאָגט געוואָרן וועגן דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע, ווײַל די מעכאברים פון אָט די ספאָרים האָבן פון איר קיינמאָל ניט געהערט. אינגיכן נאָך עזראָס טויט האָט מען געפונען אזא אויסוועג פון דער דאָזיקער צאָרע: מע האָט פארפאסט דרײַ נײַע ספאָרים, אין וועלכע ס'ווערט קעסיידער דערציילט די געשיכטע פון מאלכוס־יעהודע פון דאָווידס צײַטן אָן. די געשיכטע, וויאזוי מ'האָט זיך אומגעקערט פון גאָלעס און די געשיכטע פון עזראָס און נעכעמיעס רעפאָרמען — דאָס זײַנען די ספאָרים דיוורייי־האיאָמים", „עזרא“ און „נעכעמיע“. אין „דיוורייי־האיאָמים“ גיט מען צו דורכויס, ווו ס'איז נייטיק, די מײַסע וועגן מישקן און דעם קויהען גאָדל, און די גאנצע געשיכטע פון מאלכוס־יעהודע ווערט פאָרגעשטעלט אױף אזא אויפן, ווי די הייליקע קאָנסטיטוציע וואָלט געווען און געגילט פון שטענדיק אָן און די פרומע קיניגן זײַנען שטענדיק געווען אונטערטעניקע דינער פון די קויהאנים. אין די זעלבע ספאָרים איז אויך ארײַנגעשטעלט דער ייכעס־בריוו פון צאָדעקן, וועלכער מאכט אים פאר אן אָפּשטאמער פון ארענען. דער מעכאבער פון „דיוורייי־האיאָמים“ האָט אליין אָנגעשריבן מער ניט ווי די נייטיקע הויסאָפעס, דאָס איבעריקע האָט ער בוכשטעבלעך איבערגעשריבן פון

„מעלאָכים"; אויב ס'זאָלטן זיך ניט אָפּגעהיט ביז אונדזערע צײַטן די ספאָרים „שמועל" און „מעלאָכים", וואָלטן מיר טאַקע ניט געוווּסט די עמעסע געשיכטע פון ייִסראָעל.

מוישעס טוירע האָט אײַנגאַנצן געענדערט אַלע פריִערדיקע מינהאָגים בענעגייע צו די קאָרבאָנעס און די יאָמטויווים. מיר ווייסן, אַז אין די אוראַלטע צײַטן האָט יעדער מענטש געמעגט ברענגען א קאָרבן אין א יאָמטעוו, אָדער ווען ער האָט פּאָשעט געהאַט א סיבע צו ברענגען א קאָרבן: ווען מ'האָט געמוזט באַוויליקן גאָט, וואָס איז אין קאָס געוואָרן, אָדער דאַנקען אים פאַר זײַן כעסעד, אָדער בעטן אים, ס'זאָל זיך אײַנגעבן דער פאַרטראַכטער איניען. אין א יאָמטעוו פלעגט מען מוזן ברענגען פאַר א קאָרבן די ביקורים פון די פּרוכטן, וועלכע ווערן צײַטיק צו דעם דאָזיקן יאָמטעוו. די קאָרבאָנעס זײַנען דאַן געווען ענג צוזאַמענגעבונדן מיט דעם גאַנצן פאָלקס־לעבן, מיט זײַנע נויטן און באַדערפעניִשן. דער געזעץ פון די קויהאָנים הייסט ברענגען קאָרבאָנעס גאָר אַף אַן אַנדער אויפן. די ביקורים פון די פּרוכטן און די ביקורים פון די בעהיימעס גייען שוין ניט פאַר א קאָרבן יאַהווע; דאָס דאַרף מען פּאָשעט אָפּגעבן די קויהאָנים. דער געזעץ שטעלט אײַן צווייערליי קאָרבאָנעס: געוויינלעכע און יאָמטעוודיקע. סײַ די, סײַ יענע מעגן איצט ברענגען נאָר די קויהאָנים און נאָר אין בייס־האַמיקדעש, און די קויהאָנים דאַרף מען צאָלן פאַרן ברענגען די קאָרבאָנעס. די געוויינלעכע קאָרבאָנעס — דאָס זײַנען אַלץ אַזעלכע, פון וועלכע מ'האָט גאָר ניט געוווּסט אין די אַמאָליקע יאָרן. דער וויכטיקסטער קאָרבן — דאָס איז דער אַלטעגלעכער קאָרבן פון צווייאָריקע שעפּסלעך, איינעם אינדערפרי, דעם צווייטן אָפּדערנאַכט, דער דאָזיקער קאָרבן הייסט דער קאָרבן־טאָמיד. מיסטאָמע איז דער מינהעג צו ברענגען דעם קאָרבן־טאָמיד געווען אויך אין שלוימעס בייס־האַמיקדעש, נאָר איצטער האָט דער דאָזיקער קאָרבן באַקומען גאָר אַן אַנדער באַטײַט: מע האָט געזאָגט, אַז אויב מע הערט אויף צו ברענגען דעם קאָרבן־טאָמיד, שטעלט זיך אָפּ די גאַנצע אַוווידע; דער קאָרבן־טאָמיד האָט, הייסט עס, געהאַט דעם זעלבן באַטײַט, ווי ס'האָט בא די קריסטן די ליטורגיע. געוויינלעכע קאָרבאָנעס זײַנען געווען אויך יענע, וועלכע מע פלעגט ברענגען צוליב א זינד אָדער א שולד. אויב א ייִד האָט איזוער געווען אַף א וואָסער־ניט־איז געזעץ אָדער האָט געטאָן עפּעס א פאַרברעכן, פלעגט ער גלײַך מוזן קומען צו די קויהאָנים און ברענגען דעם אײַנגעשטעלטן קאָרבן. די צאָל פון אַזעלכע קאָרבאָנעס איז געווען זייער גרויס, ווײַל צוליב יעדער קליינינקײַט פלעגט מען מוזן ברענגען א קאָרבן. אין א גרויסער צאָל זײַנען אויך אײַנגעשטעלט געוואָרן די יאָמטעוודיקע קאָרבאָנעס. אין דער וואָך פון פּייסעך און שווּעס פלעגט מען מוזן ברענגען איסער דער אויף־לאָס־האַטאָמיד, יעדן טאָג פאַר א קאָרבן צוויי רינדער, איין שאָפּבאָק, זיבן שעפּעלעך און איין ציגנבאָק. און אין די וואָכן פון סוקעס יעדן טאָג צוויי שאָפּבעק, פערצן שעפּעלעך, איין ציגנבאָק און פון 13 ביז 7 רינדער; דאָס זײַנען אַלץ געווען כיִיוו־קאָרבאָנעס פאַר די יאָמטעוודיקע טעג. אָט די אַלע קאָרבאָנעס זײַנען געווען א שווערע לאַסט פאַר דער אײַדע. נאָר דאָס פאָלק פלעגט זיי געהעריק אָפּהיטן, ווײַל די קויהאָנים פלעגן זיי שטענדיק דערמאָנען, אַז ייִסראָעל איז שטאַרק זינדיק פאַר יאַהווע. און אַז מע מוז א סאַך קאָרבאָנעס ברענגען, קעדיי גאָט זאָל מעכאַפּער זײַן די זינד.

אַפילע די יאָמטויווים זײַנען אין נײַעם געזעץ פון טעג פון סימכע און פריילעכקײַט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טעג פון טשוּווע און איסלייזונג פון די זינד. אין די אוראַלטע צײַטן פלעגן די יאָמטויווים בא די ייִדן, אַזוי ווי איצטער בא די קריסטן, זײַן טעג פון סימכע, ס'פלעגן אײַנגעאָרדנט ווערן גרויסע קאָרבאָנעס, מאָלצײַטן, אַף וועלכע ס'פלעגט פאַרבאָרגענערהייט צוזאַמען מיט די מענטשן זיך מעסאַמייעך זײַן אויך גאָט. איצטער האָט זיך געביטן דער כאַראַקטער פון די יאָמטויווים, זייער צאָל איז גרעסער געוואָרן, און זיי זײַנען געוואָרן אומעטיקע און איינאָרטיקע. די דרײַ אַלטע יאָמטויווים זײַנען פאַרבליבן אויך אַף ווײַטער און פלעגן געפײַערט ווערן אין דער זעלבער צײַט, ווי אַמאָל, נאָר די קויהאָנים האָבן שוין גאָר אַן אַנדער פּיירעש געמאַכט אַף זיי. פּייסעך דאַרף מען פײַערן ווי א זייכער פון יעציִאַס־מיצראַיִם, שווּעס — ווי א זייכער פון מאַטאַן טוירע אַפן באַרג סינײַ, סוקעס — ווי א זייכער וועגן דעם פערציקיאָריקן וואַנדערן איבערן מידבער, נאָר דער הויפּט־יאָמטעוו איז איצט געוואָרן א נײַער יאָמטעוו, דער יאָם־האַקיפּורים, ער ווערט געפײַערט דעם צענטן טאָג פון זיבעטן כוידעש, דאָס איז דער הייליקסטער טאָג אין יאָר; אַלע ייִדן מוזן דעם טאָג פאַסטן, און דער קויהען גאָדל דאַרף אָפּריכטן די אַוווידע — א צערעמאָניע אַף צו מעכאַפּער זײַן די זינד פונעם גאַנצן פאָלק. דער קויהען גאָדל דאַרף ברענגען פאַר א קאָרבן צוויי ציגנבעק: איין ציגנבאָק ברענגט ער פאַר א קאָרבן פאַר די זינד פונעם פאָלק, גייט אַרײַן (דאָס איינציקע מאָל אין יאָר) אין קוידעש־קאָדאָשים, באַשפּריצט מיטן בלוט פון קאָרבן דעם אָרן און דעם מיזבייעך, און דערנאָך לייגט ער אַרויף זײַנע הענט אַפן קאָפּ פון דעם צווייטן ציגנבאָק און שיקט דעם ציגנבאָק אין מידבער צו עזאָזל, דאָ איז אויך איבערגעמאַכט און איבערגעאַנדערשט דער אוראַלטער מינהעג פון ברענגען א קאָרבן די שיידים פון מידבער; די קויהאָנים האָבן פון אים געמאַכט א גרויסן טאָג פון זינד־פאַרגעבונג, כויץ דעם טאָנעס פון יאָם־האַקיפּורים, האָט דער געזעץ

איינגעשטעלט נאך אייניקע טאנייסים. די יידן האבן געמוזט שטענדיק ברענגען קארבאנעס, פאסטן און טפילע טאן. פריער פלעגן זיי זיך מעסאמייער זיין און הוליען פאר יאהווע, איצטער האבן זיי געמוזט וויינען און פייניקן זיך. „אייערע אוועס האבן געזינדיקט פאר גאט", פלעגן זאגן די קויהאנים.

אט די אלע דינים האבן מער פאר אלעמען געבראכט נוצן די קויהאנים, כוץ מאסער, א דריטל שייקעל פון יעדער קאפ, די באכערים און די בכוירים, האבן צו זיי געהערט אויך אלע קארבאנעס, וואס מע האט געבראכט פאר א זינד און א שולד, דער גרעסטער טייל פונעם ברויט, וויין און אייל, וואס מע פלעגט ברענגען, די פעל, שיינקל און די ברוסט פון יעדן קארבן. אט דאס אלץ פלעגט זיי געבן א גאנץ שיינע פארנאסע און זיי האבן געלעבט אן דייגעס. דעריבער האבן זיי אכטונג געגעבן, אז מע זאל שטרענג אפהיטן די אלע געזעצן און פלעגן מאוטיק זיין סכאר און ווילטיק פאר די, וואס וועלן היטן די געזעצן. אין „דיוורייהאיאמים" ווערט דערציילט, ווי גליקלעך זיינען געווען די קיניגן, וואס האבן געהיט די געזעצן; אין די מיזמארים פון „טהילים", וועלכע זיינען פארפאסט געווארן, קעדיי זיי צו זינגען אין בייס־האמיקדעש, ווערט געזאגט: „וויל איז צו יעדערן, וואס האט מוירע פאר גאט און גייט אין זיינע וועגן; דו וועסט געניסן די פרוכט פון דיין ארבעט, דיר וועט זיין וויל, און דיין ארבעט וועט שטענדיק האבן א פועלע, דיין פרוי וועט זיין ווי א פרוכפעריקע צווייג פון א וויינשטאק. אין דיין הויז, דיינע זין — ווי יונגע אייל־בערט־ביימער ארום דיין טיש. געבענטשט איז דער מענטש, וואס האט מוירע פאר גאט, זאל דיך בענטשן דער גאט פון ציאן און זאל ער דיך היטן די גאנצע טעג פון דיין לעבן אין דעם גליקלעכן ירושאלאים; דו זאלסט דערלעבן צו זען דיינע אייניקלעך!" און אין אן אנדער מיזמער ווערט געזאגט: „יאהווע פארהיט די פרומע, וועט זיי געבן יארשענען די ערד און וועט אף אייביק פארהיטן זייערע נאכלעס; אין שווערע צייטן וועלן זיי ניט פארשעמט ווערן, אין א הונגער־צייט וועלן זיי זאט זיין. און די רעשאים וועלן אומקומען, ווי דאס גראז פון די לאנקעס, וועלן פארשווינדן ווערן, ווי א רויך". „איך בין געווען יונג און בין אלט געווארן, און איך האב ניט געזען, אז א צאדיק זאל פארלאזן ווערן, און זיינע קינדער זאלן זוכן ברויט, איך האב געזען איינעם א ראשע, אן אקשן און א שטאלצן, ווי א צעדערבוים פון לעוואנאן. איך בין פארבייגעגאנגען פארביי אים, א קוק געטאן — און ער איז שוין ניטא. ער איז פארשווונדן געווארן, און ס'איז אים ניט צו געפינען".
די קויהאנים האבן איינגערעדט, אז די פרומע יידן דארפן אף קיין איין רעגע ניט פארגעסן וועגן דעם כויוו, וואס ליגט אף זיי, און וועגן די מיצוועס, וועלכע זיי דארפן אפהיטן, און ווי א זיכארן פון דעם האבן זיי געהייסן טראגן טפילן: שיידלעך פון פארמעט, אין וועלכע ס'געפינען זיך פסוקים פון דער שוין אונדז באקאנטער טפילע „שמא". די טפילן דארף מען מיט רעצועס צובינדן צום שטערן און צו דער לינקער האנט, די זעלבע פסוקים דארף מען אויך צושלאגן צו די מעזוזעס פון די טירן און די טויערן, דריי מאל אין טאג דארף יעדער ייד זאגן די דאזיקע טפילע און צוגעבן נאך א לויב צו יאהווע. מע האט געזאגט, אז די מעזוזעס באשיצן פון אומגליק און ברענגען פיל רייכקייט און קינדער, און גאר די פרומע יידן, וועלכע האבן שטרענג אפגעהיט דעם געזעץ, זיינען געווען טיף איבערצייגט, אז ס'וועט טאקע קומען א צייט, ווען אלע פעלקער וועלן זיך אנכאפן פאר דעם עק קלייד פון א יידן און וועלן זיך בעטן בא זיי געבן א קיילעך אין דער מעלוכע פון מאשיעכן.

די געזעצן זיינען געווען ריין צערעמאניאלע, זיי זיינען קלאל ניט גלייך געווען צו דעם געזעץ, וועגן וועלכן ס'האבן גערעדט די נעוויים פארן גאלעס. דער ייד האט איצט געמעגט זיין שלעכט און אומבעראכמאנעסדיק, ער האט געמעגט זיין א זינדיקער און א פארברעכער: אפרייניקן זיך פון זינד איז געווען ניט שווער: דערצו איז גענוג ברענגען נאר דעם געהעריקן קארבן. די גאנצע קראפט ליגט ראק אין דער צערעמאניע; ס'איז נישט נייטיק ניט קיין כעסעד, ניט קיין ליבע. נאר שווער איז געווען פאר די ארעמע לייט שטרענג אפצוהיטן דעם געזעץ, וויל צופיל האט מען לויט אים געמוזט אפגעבן די קויהאנים. די רייכע מענטשן האבן זיך געקאנט דערלויבן איוועער צו זיין אף דעם געזעץ, באצאלנדיק דערפאר מיט קארבאנעס; די רייכע מענטשן האבן געקאנט אפילע גארניט היטן דעם געזעץ, און אדאנק זייער מאכט פלעגן זיי דאך שטענדיק בלייבן אומבאשטראפט. פארן ארעמען מענטשן איז דאס אלץ שווער געווען, ביפראט שווער איז געווען אפצוהיטן אלע דינים וועגן שאבעס, וועגן ריינע און אומריינע שפייזן און וועגן אפזונדערן זיך פון די אנדערשגלויביקע; איז מען נאר אויוועער אף איינעם פון די דאזיקע געבאטן, מוז מען גלייך ברענגען א קארבן, אויב ניט — איז שלעכט, מע וועט פארטרייבן פון דער איידע און מע וועט נאך באשטראפן: די קויהאנים האבן דאך א גרויסע מאכט, און זיי העלפט דאך דער קיניג אליין מיט זיינע פארוואלטערס. און אפט פלעגט זיך טרעפן, אז דער ארעמאן פלעגט מאקריוו זיין דאס לעצטע, וואס ער פארמאגט מיט דער האפענונג, אז ער וועט באלוינט ווערן — וועט ווערן רייך און לעבן אין ווילטיק — און אויסלאזן פלעגט זיך עס דערמיט, וואס ער איז אינגאנצן בעדאלעס גע־

וואָרן. פיל האָבן אָנגעהויבן צו באַקלאָגן זיך אויף די קויהאַנים און אויסדריקן זייער אומצופרידנקייט מיט זיי, אַנדערע פלעגן האַלטן, אַז די קויהאַנים זײַנען דאָ ניט שולדיק, זיי טוען זיך זייער זאַך, נאָר יאַהווע וויל עפּעס ניט מאַקעם זײַן זײַנע האַפּטאַכעס. ס'האָבן זיך וועגן דעם אָנגעהויבן אַלערליי בקירעס און שמועסן; אַ לעבעדיקן אָנטייל אין דערינען האָבן גענומען די מער געבילדעטע און געלערנטע מענטשן, און גראָדע אין דער צײַט, האָט זיך באַוויזן, ווי אַן ענטפער אויף די אַלע טײַנעס און אָפּפרעגענישן, אַ מערקווירדיקער סייפער, איינער פון די בעסטע ספאָרים פון דער ביבל — איעוו, אין וועלכן ס'ווערט דערציילט די געשיכטע פון איעווס ליידן, זײַנע טײַנעס און די טרייסטרעדעס, וועלכע ס'האָבן געהאַלטן פאַר אים זײַנע פרײַנט.

ס'איז געווען אַ מאַן, — דערציילט דער דאָזיקער סייפער, — מיטן נאָמען איעוו, געווען איז ער אַ גערעכטיקער, אומשולדיקער און גאָטספאָרכטיקער מאַן, וועלכער האָט שטרענג אָפּגעהיט אַלע געזעצן און האָט זיך אָפּגעקערט פון יעדער זינד. ער איז געווען רײַך: ער האָט געהאַט זיבן טויזנט שעפּסן, דרײַ טויזנט קעמלען, פינף הונדערט פאָר רינדער, פינף הונדערט אייזלען און פיל קנעכט; ער האָט געהאַט זיבן זין און דרײַ טעכטער: און ער איז געווען גרעסער פון אַלע מיזרעך-קינדער. און אָט אויף דעם מענטשן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אַלערליי צאָרעס און ניסיוינעס, וועלכע גאָט האָט אָנגעשיקט אויף אים דורך דעם סאָטן. דער דאָזיקער סאָטן, איינער פון גאָטס קינדער, פלעגט זיך מיסוואָקייעך זײַן מיט יאַהווע מיקויעך איעוון, ער פלעגט זאָגן, אַז איעוו איז ניט אומזיסט אַזוי גאָטספאָרכטיק, יאַהווע האָט אים דאָך באַשיצט מיט זײַן האַנט, האָט געבענטשט אים און די אַרבעט זײַנע; נאָר זאָל יאַהווע בא אים אַלץ אָפּנעמען — צי וועט איעוו אויך דאַן ליבן יאַהווען? יאַהווע האָט דערלויבט דעם סאָטן אויספּרוּוון איעוון: אָפּנעמען בא אים אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט, נאָר אים אַליין ניט אָנרירן. און אָט האָבן זיך מיטאַמאָל אויף איעוון אַ שאָט געטאָן אומגליקן איינער נאָך דעם אַנדערן: די סאָנים האָבן אַוועקגעטריבן זײַן פי און אויסגעהאַרגעט זײַנע יונגען, פון אַ שטורעמווינט איז אײַנגעפאַלן דאָס הויז, אין וועלכן ס'האָבן זיך מעסאַמייעך געווען איעווס זין, און זיי אַלע זײַנען דערהאַרגעט געוואָרן אונטער די כורוועס. נאָר איעוו האָט ניט פאַרלוירן דעם מוט: ער האָט צעריסן זײַנע קליידער, געפליקט זײַן קאָפּ און האָט געזאָגט: „נאַקעט בין איך אַרויס פון מײַן מוטערס לײַב און נאַקעט וועל איך זיך אַהין צוריקקערן; גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט צוגענומען, געבענטשט זאָל זײַן דער נאָמען פון גאָט“. דער סאָטן מיט די איבעריקע קינדער פון גאָט זײַנען ווידער געקומען צו גאָט, און ס'האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער וויקועך. יאַהווע האָט געזאָגט צום סאָטן: „דו האָסט אומזיסט אָנגערעדט אויף איעוון, דו האָסט מיך אָנגעהעצט קעגן אים צו פאַרדאַרבן אים“. נאָר דער סאָטן האָט געענטפערט: „אַלץ, וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט, וועט ער אַוועקגעבן פאַר זײַן לעבן; דו שטרעק נאָר אויס דײַן האַנט און ריר אָן זײַן פלייש און זײַן ביין, וועט ער געוויס דאַן לעסטערן דיר אין פּאָנעם אַרײַן“. יאַהווע האָט דערלויבט אויך דעם ניסאָיען, ער האָט נאָר פאַרבאָטן בא אים אַוועקצונעמען דעם נעפעש (דאָס הייסט, דאָס לעבן). דער סאָטן האָט געפּלאָגט איעוון מיט אַ קרעץ פון די פיס ביזן קאָפּ. איעוו האָט געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט און זעצן זיך אין פעלד אויף אַ קופּע אַש; און מיט אַ שערבל זיך געקראַצט די קרעץ. זײַן פרוי איז געקומען צו אים און האָט געזאָגט: „האַלטסט זיך נאָך אַלץ אָן דײַן פרומקײַט? אַליין זיצסטו אין מיסט, צווישן ווערעם, ניט האָבנדיק קיין דאַך איבערן קאָפּ; דײַנע זין און דײַנע טעכטער, די פרוכט פון מײַן לײַב, זײַנען אומגעקומען פון דער ערד, און איך מוז וואַנדערן און דינען, איבערגיין פון איין הויז אין דעם צווייטן, פון איין שטעלע אויף דער צווייטער אין שווערער אַרבעט און קראַנקהײַטן, לעסטער גאָט און שטאַרב“. גלײַך נאָך דער פרוי זײַנען געקומען אים באַזוכן דרײַ זײַנע פרײַנט אַליפאַז, בילדאַד און צויפאַר; פונדערווײַטנס האָבן זיי געקוקט אויף אים און ניט דערקענט; אַז זיי האָבן דערזען, אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכער לאַגע ער געפינט זיך, האָבן זיי געוויינט, צעריסן זייערע קליידער און באַשאָטן מיט אַש זייערע קעפּ; זיבן טעג און זיבן נעכט זײַנען זיי געזעסן נעבן אים, ניט ריידנדיק קיין איין וואָרט, ווײַל זיי האָבן געזען זײַן שרעקלעכע פּײַן און ניט געפונען קיין ווערטער אים צו טרייסטן, לעסאָף האָט איעוו אופגעעפנט זײַן מויל און האָט אָנגעהויבן אַ שמועס מיט זײַנע פרײַנט, אָט דער דאָזיקער שמועס — דאָס איז דער הויפּט-טייל פון סייפער איעוו. איעוו דיסקוטירט מיט זײַנע פרײַנט וועגן יאַהווע, וועלכער האָט אַזוי אומגערעכטיק אים באַליידיקט. די פרײַנט ענטפערן אים; אין זײַנע רעדעס גיט איעוו איבער די אומצופרידנקײַט און די פּראָטעסטן, וועלכע פלעגן אַרויסגעזאָגט ווערן אין הונדערט יאָר אַרום נאָך עזראָס טויט קעגן די קויהאַנים און קעגן דער טוירע, זײַנע פרײַנט פאַרטיידיקן די טוירע. צום שלוס קומט יאַהווע אַליין און פאַרענטפערט איעווס פראַגן.

איעוו באַקלאָגט זיך פאַר זײַנע פרײַנט אויף זײַן ביטערן גוירל, וועלכן ער האָט קלאָר ניט פאַרדינט. ס'איז געווען אַ צײַט, זאָגט ער, ווען דער גנאָד פון גאָט איז געווען אויף מײַן געצעלט, ווען מײַנע טריט האָבן זיך געבאָדן אין מילך, און דער שטיין האָט געגאָסן פאַר מיר טײַכן מיט בוימל; ווען איך פלעג זיך באַווײַזן אויף דעם פּלאַץ, פלעגן די יונגעלײַט, דערזעענדיק מיך, זיך

באַהאַלטן, און אַלטע לײַט פלעגן זיך אופהייבן און בלײַבן שטיין, פירשטן פלעגן אַנשווייגן ווערן; איך בין דאַן געווען אויגן פאַר דעם בלינדן און פיס פאַר דעם הינקעדיקן, אַ פאָטער בין איך געווען פאַר די אָרעמעלײַט, די אַוולעס פלעג איך אופמערקזאַם אויספאָרשן, דעם אומגערעכטן פלעג איך ברעכן די באַקציינער. דעמלט האָט איִעוו געהאָפט, אַז אין זײַן אייגענער נעסט וועט ער פאַרענדיקן זײַנע טעג, וועלכע וועלן זײַן ווי זאַמד אָן אַ צאָל, און זײַנע קינדער וועלן זײַן געבענטשט און גליקלעך. און איצטער, זאָגט איִעוו, בין איך געוואָרן אַ שפּאָט פאַר אַלע אויסוווּרפן פון דער ערד, מע האָט מיך פאַרטריבן פון דער שטאָט, און אַלעמען עקלט פון מיר; און אַליין בין איך שוואַרץ געוואָרן, נאָר ניט פון זון, מײַנע געדערים ברענען אין מיר און מײַנע ביינער שמערצן, און די אַדערן לאָזן מיך ניט רוען; מײַן אָטעם איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, די טעג גייען אויס און ווי אַ קיווער שטייט פאַר מיר. און נאָכמאַכנדיק ירמיאָהון, האָט איִעוו פאַרשאָלטן דעם טאָג פון זײַן געבורט. „אונטערגיין זאָל דער טאָג, אין וועלכן איך בין געבוירן געוואָרן, און די נאַכט, אין וועלכער ס'איז געזאָגט געוואָרן: אַ מענטש איז געשאַפן געוואָרן! פינצטערניש זאָל זײַן יענער טאָג, באַדעקן זאָל אים דער שאָטן פון טויט, אַ וואָלקן זאָל רוען אױף אים, און זאָל מען זיך שרעקן פאַר אים, ווי פאַר אַ גלײַיִקער היץ". איִעווס פרײַנט, ערלעכע און פרומע ייִדן, ענטפערן אים אױף זײַנע קלאָג־רייד: אויב אַ מענטש לײַדט, הייסט עס, אַז ער האָט געזינדיקט; הייסט עס, אַז איִעוו מיט זײַנע אומגעקומענע זין האָבן אויך געזינדיקט, וועגן די זין קאָן מען זיך שוין גאָר נישט ניט דערוויסן, זיי זײַנען שוין טויט און קאָנען שוין ניט טשוווע טאָן; נאָר איִעוון אייצענען זײַנע פרײַנט גוט זיך פאַרטראַכטן, עפשער איז פאָרט געבליבן עפּעס אַ זינד, וועלכע איז נאָך אים ניט פאַרגעבן געוואָרן. ס'איז שוין אַזוי אײַנגעשטעלט: דער פרומער מענטש איז גליקלעך, דער ראָשע לײַדט, טאָמער לעבט אַמאָל אַ ראָשע גליקלעך, איז דאָס נאָר אױף אַ צײַט: זײַן פרייד איז בלויז אױף אַ ווײַלע; ווען ביזן הימל זאָל דערגרייכן זײַן גרויסקײַט, ווען זײַן קאָפּ זאָל אָנשפּאַרן די וואָלקנס, אַלצײַנס וועט ער פאַרלוירן גיין, ווי זײַן אייגענער עקסקרעמענט; און טאָמער טרעפט זיך, אַז דער ראָשע שטאַרבט אין גליק און ווילטיק, וועלן זײַנע קינדער ניט אויסמײַדן דעם מישפּעט און סאָפּקאָלסאָף וועלן פון אונטן פאַרטריקנט ווערן זײַנע וואָרצלען, פון אויבן — זײַנע צווײַגן, דער זייכער וועגן אים וועט פאַרשווונדן ווערן פון דער ערד, און פרעמדע וועלן זיך באַזעצן אין זײַנע געצעלטן.

„ווערט אַנשוויגן, איר לעגן־וועבער", רופט אױף איִעוו. אַלץ, וואָס ס'זאָגן איִעווס פרײַנט, איז, לויט זײַן מיינונג, ראַק פּוסטע אויסריידן און אומזיסטע דיבורים. ניטאָ גאָטס שטעקן איבער די רעשאָים, און זיי זאָגן אָפן צו גאָט: קער זיך אָפּ פון אונדז, מיר ווילן ניט קענען דײַנע געזעצן. איִעווס קינדער זײַנען אומגעקומען; און די רעשאָים האָבן נאָכעס ניט נאָר פון קינדער, נאָר אויך פון אייניקלעך; איִעווס הײַזער זײַנען צעשטערט — פאַר זייערע הײַזער האָבן זיי ניט וואָס מוירע צו האָבן; איִעווס סטאַדעס זײַנען צעראַבירט, זייערע סטאַדעס לעבן אין ווילטיק; איִעוו שטאַרבט אין אומענטשלעכע יעסורים, און זיי גייען אַפילע אין גענעם אַראָפּ גיך, אין איין אויגנבליק, רויִק און בעשאָלעם. „איר וועט דאָך זאָגן, אַז גאָט באַהאַלט די אומגליקן פאַר זייערע קינדער", פרעגט גיפּטיק איִעוו. נאָר דעם מענטשן איז דאָך באַשטימט אַ געוויסער גוויל, וועלכן ער קאָן ניט איבערטרעטן; ווי אַ בלום גייט ער אױף און פאַלט אָפּ, שטאַרבט און ווערט פאַרשווונדן אױף אײַביק. דער בוים — דער איז אויך גליקלעכער פאַר דעם מענטשן; אויב מע האַקט אים אָפּ, לעבט ער ווידער אױף, לאָזט אַרויס נײַע צווײַגן און בליט אױף; און דער מענטש לייגט זיך און שטייט ניט אױף, און ער וועט ניט אופוואַכן פון זײַן שלאָף, אַזוי לאַנג, ווי די הימלען עקזיסטירן. נאָכן טויט זײַנען אַלע גלײַך; סײַ דער צאַדיק, סײַ דער ראָשע וועלן ליגן אין שטויב און ווערעם וועלן זיי עסן. ניין, זאָל גאָט באַשטראָפן דעם ראָשע באַם לעבן, זאָלן זײַנע אייגענע אויגן זען זײַן אומגליק, זאָל ער אַליין טרינקען פונעם בעכער פון גאָטס צאָרן — און אויב ניט, טאָ וואָס זאָל ער זאָרגן וועגן זײַן הויז, ווען עס פאַרענדיקט זיך די צאָל פון זײַנע כאָדאָשים? און אין פאַרצווייפלונג רופט איִעוו אויס, אַז ס'איז געבליבן נאָר איין וועג: רופן צום מישפּעט גאָט אַליין. „דאָס אַלץ האָט געזען מײַן אויג און געהערט מײַן אויער, וואָס איר ווייסט, ווייס איך אויך, איך פאַל ניט אַרונטער קעגן אײַך! איך וויל ריידן צו דעם אַלמעכטיקן, אַ וויקועך וויל איך פירן מיט גאָט אַליין!" און ווענדנדיק זיך צו גאָט, פאָדערט איִעוו אַ טשוווע אױף זײַנע קלאָג־רייד. איך וועל זאָגן צו גאָט: ניט פאַרמישפּעט מיך, נאָר זאָג מיר, פאַרוואָס פירסטו אַ סינע קעגן מיר? איז דען דער אומגליק ניט פאַר דעם פאַרברעכער, און די צאָרעס ניט פאַר די, וואָס טוען אומרעכט? האָט דען גאָט ניט געזען אַלע מײַנע וועגן, האָט ער דען ניט געציילט אַלע מײַנע טריט? זאָל ער מיך וועגן אױף אַ ריכטיקער וואָג, און גאָט וועט וויסן מײַן ערלעכקײַט. און דאָך פאַרפאָלגסטו מיך, גאָט, ווי אַ לייב, דו פאַלסט אָן אױף מיר, און איין אומגליק קומט אױף מיר נאָך דעם צווייטן. וואָס האָסטו פון דעם, וואָס דו באַדריקסט מיך און שטויסט אָפּ דעם, וואָס דײַנע הענט האָבן געשאַפן? האָסטו דען אויגן פון אַ באָסאָר־וועדאָם און זעסט מיט זיי, ווי אַ מענטש, וואָס דו פאָרשסט מײַנע זינד, און ווילסט מיך

באשולדיקן, האגאם דו ווייסט, אז איך בין אומשולדיק, און קיינער וועט מיך ניט רעטן פון דײַן האנט?" און אַט האָט אַנגעהויבן צו דונערן, ס'איז אָנגעלאָפן א שטורעמווינט, און ס'האָט זיך דערהערט די שטים פון יאהווע, וועלכער ענטפערט איִוון. „ווער פארטונקלט עס מײַן אייצע מיט ווערטער אָן פארשטאנד? ווילסטו מיך באשולדיקן און דו זאָלסט בלײַבן גערעכט? האָסטו דען אזא אָרעם, ווי גאָט? קענסטו דען דונערן מיט דײַן שטים ווי גאָט? ווו ביסטו געווען, ווען איך האָב די ערד געגרינדעט, זאָג, אויב דו ווייסט, ווער האָט באשאפן דעם הימל און די ערד און באשטימט גרענעצן פאר דעם יאם? האָסטו דען אמאָל באפוילן דעם פרימאָרגן, האָסטו דען דעם הימלרויט אָנגעוויזן זײַן פלאץ?" און לאנג האָט נאָך יאהווע אויסגערעכנט די דערשײַנונגען פון זײַן אלמעכטיקײַט און כאָכמע און געפרעגט איִוון, צי ער קאָן אויך אויפטאָן דאָס זעלבע. און דער באָטל געוואָרענער איִוו האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן א טשוווע. „איך בין נישטיק, וואָס קאָן איך דיר ענטפערן? איך לייג ארויף מײַן האנט אף מײַנע ליפּן. איינמאָל האָב איך גערעדט, און מער וועל איך עס ניט איבערכאזערן". אזוי האָט טאקע איִוו ניט באקומען קיין ענטפער אף זײַנע ספייקעס. דער מעכאבער פון סייפער האָט אזויוי געוואָלט זאָגן, אז די וועגן פון גאָט איז ניט אויסצופאָרשן און ניט צו באגרײַפן, פונקט אזוי ווי דעם גאָט אליין איז ניט צו באגרײַפן, און דעם מענטשן בלײַבט מער ניט, ווי מיט האכנאָע זיך אונטערוואַרפן אונטער אים. נאָר ניט אלעמען האָט געקענט איבערצײַגן אזא מוסער. פיל האָבן אָנגעהויבן צו טראכטן: „אומזיסט האָב איך אָפּגעהיט די רײַנקײַט פון מײַן הארץ און מיט אומשולד פלעג איך וואשן מײַנע הענט". און צווישן די גליקלעכע רעשאָים פלעגן אלץ אָפטער און אָפטער זיך טרעפן אזעלכע מענטשן, וועלכע פלעגן גאנץ אָפן זאָגן: „גאָט וועט ניט קומען, ניטאָ קיין גאָט!".

(פאָרזעצונג קומט)

---

יִדישע קולטור־נײַס

# ביבליאָטעק פון יִדישע שרײַבער

שאָלעם־אלייכעמס „טעוויע דער מילכיקער" וועט עפענען א נײַע ליטערארישע סעריע — „ביבליאָטעק פון יִדישע שרײַבער", וועלכע עס הייבט אָן ארויסגעבן אין פוילן דער נידער־שלעזישער פארלאג.

„מיר ווילן איבערזעצן אף פויליש די אמערסטן ווערטפולע ווערק פון דער יִדישער ליטעראטור, — דערציילט דער דירעקטאָר פונעם פארלאג אנדזשיי אדאמוס. — אין אָט דער סעריע וועלן ארויסגיין די בעסטע ווערק פון קלאסיקער פון דער ליטעראטור אף יִדיש. אין די נאָענטסטע יאָרן איז פאָרויסגעזען ארויסגעבן 25 ביכער, אכט פון וועלכע מע האָט שוין איבערגעזעצט, און צוויי זעצט מען איבער איצט. אין אונדזערע פּלענער — ביכער פון פּאָעזיע, דראמע, עסיי, ווי אויך אויסגאבעס וועגן דער קולטור־יערושע פון די פוילישע יִדן, וועגן די באדײַטנדיקסטע ליטערארישע, טעאטראלע און קינעמאטאָגראפישע דערגרייכונגען".

אכוץ „טעוויע דעם מילכיקן" וועט אינגיכן אין דער „ביבליאָטעק פון יִדישע שרײַבער" דערשײַנען שאָלעם־אלייכעמס אווטאָביאָגראפיע, און אין קומענדיקן יאָר — מענדעלע מויכער־ספאָרימס „מאסאָעס ביניאָמין האשלישי" און שאָלעם אשס „דער מענטש פון נאצערעט".

דער טיראזש פון די ביכער פון יִדישע שרײַבער וועט זײַן 50 000 — 100 000 עקזעמפּליארן.

גראזשינא צעכאָמסקא
(„אינטערפּרעס")

# נײַע איבערזעצונגען אף אויסלענדישע שפּראכן

„שיר־האשירים" — אזוי הייסט יויסעף בורגס זאמלבוך, וועלכן ס'האָט סאָף פאָריקס יאָר ארויסגעלאָזט דער לײַפּציגער „שט. בענא־פערלאג". אינעם בוך גייען ארײַן דעם יִדישן שרײַבערס דערציילונגען און מיניאטיורן אין בעאטע פעטראס און יורגען רענעטס איבערזעצונגען אף דײַטש.

דער זשורנאל „נויע ליטעראטור", וואָס גייט ארויס אף דײַטש אין בוקארעשט, האָט לעצטנס (נומ. 6, 1989) פארעפנטלעכט א ציקל לידער פון לעוו בערינסקי.

שארל דאָבזשינסקיס נאָמען איז שוין פון לאנג באוווסט דעם לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד". דער פראנצויזישער פּאָעט איז אויך א טאלאנטפולער איבערזעצער פון יִדישער דיכטונג. האיאָר האָט ש. דאָבזשינסקי באקאנט די פראנצויזישע לייענער מיט ל. בערינסקיס און וו. טשערנינס לידער. די איבערזעצונגען זײַנען אָפּגעדרוקט אין צוויי פּאריזשער זשורנאלן — „פּאָעזיע — 89" (נומ. 26) און „עראָפ" (נומ. 722 — 723).

## א בריוו פון ווילנע

סאלאמאן אטאמוקאס
דאקטאר פון היסטארישע וויסנשאפטן

# אנדערהאלבן יאר יידישע געזעלשאפטלעך־קולטורעלע טעטיקייט אין ליטע

מיט גרויס פארגעניגן און וואקסנדיקן נאציאנאלן שטאלץ לייענען מיר אין „סאוועטיש היימלאנד" און אין אנדערע אויסגאבעס וועגן דעם נייעם אופשטייג פון דעם יידישן קולטור־געזעלשאפטלעכן לעבן אין ראטנפארבאנד. גוטע נייעס גייען פון ליטע, לעטלאנד, עסטלאנד, אוקראינע, ווייסרוסלאנד, מאלדאוויע, מאסקווע, לענינגראד, קאלינינגראד און אנדערע שטעט. דאס איז א וויכטיקער פאקטאר פון אונדזער הייַנטיקן שפרודלדיקן נאציאנאלן לעבן. אבער מארגן וועט דאס שוין זיין פארגאנגענע געשיכטע. דערפאר מוזן מיר הייַנט אנהייבן אנאליזירן און באגרינדן, וואס עס קומט פאר. דאס וועט העלפן צו פארשטיין און ניט פארגעסן, וואס עס איז מיט אונדז געווען נעכטן, פארוואס און וויאזוי עס אנטוויקלט זיך דער הייַנטיקער פראצעס פון דעם נייעם נאציאנאלן אופלעבן און אופשוווּנג פונעם יידישן יישעוו אין אונדזער גרויסן פילארטיקן לאנד, וואס פאר א פערספעקטיוון מיר האבן אף מארגן און אין דער ווייַטערדיקער צוקונפט. און דא זייַנען נייטיק מאטעריאלן סיי וועגן פרינציפיעלע פראצעסן, סיי וועגן פראטים, גרעסערע און קלענערע דעטאלן.

ווען די יידישע איניציאטיוו־גרופע באם ליטווישן קולטור־פאנד אין באשטאנד פון נייַן מיטגלידער האט סאף 1987 — אנהייב 1988 אנגעהויבן איר טעטיקייַט, האבן ניט בלויז פאשעטע מענטשן, נאר אויך ניט ווייניק קולטור־טוער זיך אפגערופן סקעפטיש: ס'איז אלץ פארשפעטיקט, די באן איז שוין אוועק, ס'וועט זיך קיין זאך ניט באקומען.

יא, די דאזיקע פעסימיסטישע געדאנקען האבן געהאט א מער אדער ווייניקער אביעקטיווע מאטיווירונג נאך דער גרויסער קאטאסטראפע פונעם ליטווישן יידנטום בייס דער היטלערישער אקופאציע, ווען עס זייַנען בעסטיאליש אומגעבראכט געווארן העכער 90 פראצענט פון די 240 טויזנט יידן, דערבייַ האט זיך די קליינע יידישע געמיינדע אויך ווייַטער פארקלענערט. קיין פוילן זייַנען אוועק פיל יידן פון ווילנע און ווילנער קאנט, וועלכע האבן זיך גערעכנט פאר פוילישע בירגער (אין 1920 — 1939 איז די דאזיקע טעריטאריע געווען אין באשטאנד פון דער פוילישער מעלוכע).

צום סאף פון די 60־ער — אנהייב 70־ער יארן האט זיך אנגעהויבן א נייַע גרויסע עמיגראציע פון ליטווישע יידן קיין ישראל און אין אנדערע לענדער. די צאל יידן איז פארקלענערט געווארן פון 25 טויזנט אין 1959 ביז בערעך 11 טויזנט אין 1989, פון זיי אין ווילנע — פון 16 ביז 9 טויזנט. אין קאוונע, שאוול, קלייַפעדע זייַנען געבליבן גאר קליינע יידישע געמיינדעס. אינעם גרעסטן טייל ראיאנען זייַנען קיין יידן קימאט ניט געבליבן. כאטש אין א פארקלענערטער מאס, ווערט די עמיגראציע דאך פארגעזעצט. עס איז געשטעלט געווארן די פראגע, ווי מע זאגט, מיט ווּעמען גיין צום טיש.

מיר זאגן — ליטווישע יידן, אבער עמעסע ליטוואקעס, וועלכע קענען נאך די עכט ליטערארישע יידישע שפראך און אין וועמענס נעשאמעס לעבן נאך די גרויסע און שיינע טראדיציעס פון דער רייַכער הונדערטיאריקער קולטור פון דעם ליטווישן יידנטום, די צוגעבונדנקייַט צו דעם באדן, ווו זיי זייַנען אויסגעוואקסן און ווו אין קווארים און טויט־גריבער ליגן זייערע נאענטסטע, זייַנען הייַנט א מינדערהייט צווישן די יידן פון ליטע. דער גרעסטער טייל זייַנען געוועזענע ווייַסרוסישע, רוסישע, אוקראינישע, מאלדאווישע יידן. א סאך פון זיי קענען ניט קיין יידיש. אבער דאך קאן מען זאגן, אז פאר די עטלעכע צענדליק יארן, וואס זיי לעבן דא, האבן זיי זיך דערנעענטערט צו די טראדיציעס פון די ארטיקע יידן און צו זייער קולטור. און אלע צוזאמען שטעלן מיר אין א געוויסער מאס ווידער פאר דאס ליטווישע יידנטום. יא, פיל איז געווען פארשפעטיקט, אבער ניט אלץ איז געווען פארלוירן.

און עס איז געשען א גרויסער נעס. און עפשער איז עס גאר ניט קיין נעס, נאר א באשטעטיקונג פון דעם, אז טיף אין מויעך, אין גייַסט און אין הארצן האט געלעבט דער אייביקער ביטאכן, דער גלויבן און די האפענונג, אז עס מוז און וועט קומען די צייַט פונעם נאציאנאלן אופלעבן און אופבלי אויך בא אונדז, אז עס וועט נאך קומען א נייַער יאמטעוו אף דער יידישער גאס אין ראטנפארבאנד. די פסיכאלאגיע פון פעסימיזם און ניט־גלויבן האט ביסלעכווייַז זיך אויס־

געוועפט. היינט איז די קליינע יידישע באפעלקערונג און די יידישע קולטור־געזעלשאפט אין ליטע געווארן א באדייטנדיקער און גלייכבארעכטיקטער פאקטאר אינעם לעבן פון דער רעפובליק.

אין יון 1988 איז פארגעקומען א וויכטיקע געשעעניש אין אונדזער טעטיקייט. עס איז אנגענומען געווארן א באשלוס צו שאפן אנשטאט דער יידישער איניציאטיוו־גרופע באם ליטווישן קולטור־פאנד א יידישע קולטור־געזעלשאפט אין ליטע. ס'איז אויך באשלאסן געווארן פריער דורכפירן פראקטישע ארבעט אין פארשיידענע געביטן.

אונדזער נאציאנאלער און מענטשלעכער כויוו איז קוידעמקאל — אפגעבן קאוועד די העכער 200 טויזנט אומגעבראכטע יידעס, באבעס, טאטעס, מאמעס, ברידער, שוועסטער, קרויווים און כאוויירים. וועלכע ליגן אין די טויט־גריבער פון פאנאר בא ווילנע און באם IX פארט אין קאוונע, אין צענדליקער און צענדליקער אנדערע ערטער פון ליטע. מיר האבן זיך געווענדט צו דער רעגירונג און צו די ארטיקע מאכט־ארגאנען, מע זאל ברענגען אין א געהעריקער ארדענונג די דאזיקע ערטער. די קולטור־געזעלשאפט האט זיך דערשלאגן, אז עס איז אפגערופן געווארן דער באשלוס פון דעם אויספיר־קאמיטעט פונעם קאוונער שטאטראט וועגן ליקווידירן דעם אלטן יידישן בעסוילעם און דעם באשלוס פונעם אויספיר־קאמיטעט פון ווילנער שטאטראט וועגן ניט דערלויבן מער באערדיקן יידן אפן אלטן בעסוילעם. אין אייניקע ערטער זיינען אויך אופגעשטעלט געווארן נייע דענקמעלער און מעמאריאלן.

וועגן איינעם וויל איך דערציילן גענויער. אין שטעטל פלונגע (פלונגיאן), אף צאפן פון ליטע, איז א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג באשטאנען פון יידן, היינט לעבן דארטן פינף האלבע יידישע פאמיליעס. 2000 ליגן דערנעבן אין קאושעני. דער טאלאנטפולער יידישער פאלקס־קינסטלער, דער האלץ־שניצלער יאקאוו בונק האט צוזאמען מיט 6 ליטווישע כאווירים, בא דער הילף פון די ארטיקע מאכט־ארגאנען, געשאפן פון 12 דעמבן א טיף איינדרוקפולן מעמאריאל פון האלץ־סקולפטור. די דערעפענונג פונעם מעמאריאל סאף אווגוסט 1988 איז פארוואנדלט געווארן אין א רירנדיקער געשעעניש אינעם לעבן פון גאנץ פלונגע.

מיטן אנטייל פון א סאך יידן, ליטווינער, פארשטייער פון אנדערע פעלקער זיינען אין הארבסט 1988 פארגעקומען מאסן־מיטינגען און צערעמאניעס צו באערן די אומגעבראכטע אין פאנאר און אין IX פארט.

נאכן כורבן פון דעם יידנטום אף די אקופירטע סאוועטישע געביטן האבן סטאלין מיט בעריען אנגענומען פארשיידענע מיטלען, קעדיי טאטאל צו ליקווידירן דאס געזעלשאפטלעך־קולטורעלע לעבן פון די יידן אין אונדזער לאנד.

דאס לעבן האט אבער באוויזן, אז דאס יידישע פאלק, אזוי ווי אלע פעלקער פון אונדזער לאנד, קאן ניט לעבן אן אן אייגענער נאציאנאלער קולטור, אן אן אייגנארטיקן קולטור־לעבן, אן א מעגלעכקייט זיך פילארטיק אויסצולעבן אין זיין נאציאנאלער סוויווע אפן גרונט פון ספעציפישע הונדערט־ און טויזנטיאריקע טראדיציעס און מינהאגים.

א געוויסע אופלעבונג פונעם יידישן קולטור־לעבן האט זיך בא אונדז אנגעהויבן שוין גלייך נאכן XX פארטיי־צוזאמענפאר. נאר באזונדערס האט זי זיך פארברייטערט אין דער לעצטער צייט.

פון הארבסט 1988 קומען בא אונדז סיסטעמאטיש פאר פארשיידענע אוונטן און אקאדעמיעס, געווידמעט אנגעזעענע יידישע פערזענלעכקייטן. צוויי אוונטן אין יידיש און רוסיש זיינען געווען געווידמעט דעם בארימטן יידיש־פוילישן פעדאגאג און שריפטשטעלער יאנוש קארטשאק. די אוונטן האט צוגעגרייט דער פארדינסטפולער זשורנאליסט פון דער רעפובליק הירש סמאליאקאוו (אגעוו, איז ער אליין אויך געווען פארשפארט אין קאוונער געטא). די דערציילונג איז באגלייט געווארן מיט יידישע לידער, וועלכע עס האבן צום ערשטן מאל עפנטלעך אויסגעפירט קינדער פון פארשיידענעם עלטער — אנטיילנעמער פונעם נייעם יידישן פאלקלאר־אנסאמבל בא דער יידישער קולטור־געזעלשאפט. דעם אנסאמבל האט ארגאניזירט דער יונגער פידלער אמאס טראוב און זיין מוטער ליבע טראוב. געלא־דייכל באוועך (זי איז ניט לאנג צוריק געווען צוגאסט אין ייסראעל און באזוכט דעם דענקמאל יאנוש קארטשאקן און זיינע קינדער) האט פארגעלייענט אן אייגענע פאעמע וועגן דעם געזעענעם און דורכגעלעבטן. די יונגע יוליק גורוויטש און סוועטלאנע רוסינא האבן אויסגעפילט א סצענע „יאנוש און סטעפאניא" וועגן קארטשאקס לעצטן געשפרעך מיט זיין לאנגיאריקער פוילישער מיטארבעטערן סטעפאניא ווילטשינסקא, וועלכע האט באשלאסן גיין צוזאמען מיט אים און מיט די קינדער אף קידעש־האשעם.

500 מענטשן זיינען בייגעווען דעם 5 פעווראל 1989 אף דער אקאדעמיע, געווידמעט דעם 125־טן געבורטסטאג פונעם באוווסטן ווילנער יידישן געזעלשאפטלעכן טוער און פאלקס־דאקטער צעמאך שאבאד, דעם פראטאטיפ פון קארניי טשוקאווסקיס „דאקטער אויסטוטוויי" („אייבאליט"). צוזאמען מיטן פארדינסטפולן זשורנאליסט פון דער רעפובליק אראן גאראן, דעם קאנדידאט פון מעדיצינישע וויסנשאפטן מיכאיל זאק, דעם אינזשעניער לאזאר אראן איז ארויסגעטראטן דער ליטווישער דאקטאר פון מעדיצין ס. ביזיוליאוויטשוס. עס האבן קאנצערטירט אונדזערע קונסט־אנסאמבלען.

דעם 28 — 29 יאנוואר 1989 האט מיט גרויסע קאנצערטן דעביוטירט דער נייער יידישער פראפעסיאנעלער אינסטרומענטאלער אנסאמבל (פידלען, וויאלאנטשעל, קלארנעט, פיאנינא) „ווילנע" אונטער דער לייטונג פונעם פארדינסט־פולן ארטיסט פון דער ליטווישער רעפובליק באריס טראוב. אין ערשטן טייל זיינען אופגעפירט געווארן מוזיקאלישע פיעסעס אף יידישע טעמעס פון פראקאפיעוו און מענדעלסאנען. אין צווייטן טייל האט די מאסקווער זינגערן מארינע בוכינא אין דער באגלייטונג פונעם אנסאמבל מיט גרויס דערפאלג געזונגען יידישע פאלקסלידער.

עס רעפּעטירט שוין זײַן ערשטע פּראָגראַם א נײַער דריטער ייִדישער קינסטלערישער קאָלעקטיוו בא דער קולטור־געזעלשאפט — א טעאטער פון מיניאַטיורן.

אין ווילנע האָבן מיר שוין געהאט א גאנץ גוטע דערפארונג צו שטעלן ספּעקטאקלען, אָרגאַנִיזירן קאָנצערטן, ליטעראריש־מוזיקאלישע אָוונטן. אָבער א נײַס איז פאר אונדז געווען צו אָרגאַניזירן יאָמטויווים, פארבונדענע מיט דער אוראלטער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, מיט זײַנע טראַדיציעס. מיר האָבן באשלאָסן אָפּמערקן דעם יאָמטעוו כאנוקע, וועלכער איז פארבונדן מיטן קאמף פון די מאקאבייער קעגן די סאָנים פון אונדזערע אור־אָוועס פארן גלויבן און פרײַהײַט פונעם פאָלק. צוויי כאדאָשים האָבן די קינסטלערישע קאָלעקטיוון געגרייט די פּראָגראַם. אין א גרויסן רעסטאָראַן (400 ערטער) איז פּלאנירט געוואָרן א פריילעכער מוזיקאלישער אָוונט פאר דערוואקסענע, אויך א כאנוקע־באל פאר 500 קינדער אין קולטור־פּאלאץ פון די פּראָפאַריינען. נאָך פאר דעם, ווי דער ערשטער אָוונט איז דורכגעגאן אין טאָג פון דעם ערשטן ליכטל, האָט זיך אָנגעהויבן א שטראָם מיט ביטעס, אפילע מיט פאָדערונגען — ס'איז ווייניק! עס זײַנען אָרגאניזירט געוואָרן נאָך דרײַ כאנוקע־אָוונטן. אף זיי זײַנען בײַגעווען 1600 מענטשן. און ווידער האָט מען ניט געקאָנט באפרידיקן אלעמען.

עס ווילט זיך זאָגן וועגן דעם, אז בא אונדז באווײַזן זיך אלץ נײַע און נײַע אקטיוויסטן. איינער פון זיי איז כאיִם גורוויטש. נאָך א ייִנגל, האָט ער דורכגעלעבט די קאָוונער געטאָ און דעם גענעם פון טויט־לאגער דאכאו. נאָכן קריג איז ער געוואָרן א פאראנטוואָרטלעכער מיטארבעטער אינעם אפּאראט פון מיניסטאָרן־ראט. אים איז צוגעייגנט דער ערנטיטל פארדינסטפולער האנדלס־טוער פון דער רעפּובליק. איצט האָט ער זיך ארײַנגעצויגן אין דער ייִדישער געזעלשאפטלעכער ארבעט און איז אין א קורצער צײַט געוואָרן איינער פון אירע אקטיווסטע און כאשעווסטע טוער, באטייליקט זיך אינעם אנסאמבל „פײַערלעך".

אפן ערשטן כאנוקע־אָוונט איז בײַגעווען דער פאָרזיצער פונעם ליטווישן קולטור־פאָנד פּראָפעסאָר טש. קוצאבא, דער ערשטער סעקרעטאר פונעם לענינישן ראיאָנישן פארטיי־קאָמיטעט פון דער שטאָט ווילנע ג. גאגיליִענע, אנדערע ליטווישע געסט. זיי זײַנען געווען באגײַסטערט פון די אלטע ייִדישע טראַדיציעס, האָבן זיך פארווײַלט און געטאנצט מיט אלעמען.

דעם 29־טן דעקאבער איז אין קולטור־פּאלאץ פון די פּראָפאַריינען צום ערשטן מאָל אָרגאניזירט געוואָרן א נײַ־יאָר־באל פאר דער ייִדישער געזעלשאפט, אין וועלכן עס האָבן אָנטיילגענומען העכער 700 מענטשן.

אין אָנהייב פונעם 1989 יאָר האָט דאָס קולטור־געזעלשאפטלעכע לעבן זיך ווײַטער פארברייטערט. דעם 7־טן יאנוואר, שאבעס, פון האלב צוועלף ביז צוועלף אינדערפרי, האָט די רעפּובליקאנישע ראַדיאָ געגעבן די ערשטע האלבשאָיִקע אאודיציע אין ייִדיש. די טראַנסליאַציעס גייען רעגולער אלע כוידעש דעם ערשטן שאבעס אין דער זעלבער צײַט. עס ווערן טראַנסלירט 4 — 5 סיוזשעטן וועגן דעם קולטור־געזעלשאפטלעכן לעבן. ס'ווערן אָפּגעמערקט יובילײ־דאטעס פון באוווּסטע ייִדישע פערזענלעכקײַטן, מע הערט שמועסן מיט געסט פון פארשיידענע לענדער, עס קלינגען ייִדישע מעלאָדיעס און לידער... די אאודיציע גרייט און פירט די לאנגיאָריקע מיטארבעטערן פון דער ליטווישער ראַדיאָ און טעלעוויזיע, די פארדינסטפולע זשורנאליסטקע פון דער רעפּובליק זלאטע ערבשטיין־גורוויטש, וועלכע האָט פאר דער מילכאָמע געענדיקט די ייִדישע שאָלעם־אלייכעם־גימנאזיע אין קאָוונע. אגעוו, האָט די ליטווישע טעלעוויזיע נאָך אין 1988 באווײַזן א ספּעציעל פילמירטן ספּעקטאקל פונעם ייִדישן פאָלקס־טעאטער „בראָדער זינגער" און צוויי מאָל גרויסע טראַנסליאַציעס פון דער ייִדישער קונסט־אויסשטעלונג, אויך א קאָנצערט־פּראָגראַם פון דעם אנסאמבל „פײַערלעך".

דעם 8 יאנוואר 1989 האָט זיך געעפנט דער ספּאָרטקלוב „מאקאבי". פּאָרזיצער פון דער אויסגעוויילטער פארוואלטונג איז אן אינזשעניער, א ספּאָרט־ענטוזיאסט סעמיאָן פינקעלשטיין. עס ארבעטן שוין פארשיידענע סעקציעס, גימנאסטן־גרופּעס צו פארשטארקן דאָס געזונט. דער ספּאָרטקלוב „מאקאבי" איז א זעלבשטענדיקע אָרגאניזאציע, וואָס איז געוואָרן א קאָלעקטיווער מיטגליד פון דער קולטור־געזעלשאפט.

עס זײַנען אונטערגענומען געוואָרן אָנשטרענגונגען אָפּצושטעלן דעם ייִדישן היסטאָרישן מעלוכע־מוזיי אין ווילנע, וועלכער איז פארמאכט געוואָרן אין 1949. דער מיניסטאָרן־ראט פון דער ליטווישער רעפּובליק האָט דעם 26 אָקטיאבער 1988 אָנגענומען דעם פּאָרשלאָג איבערצוגעבן די געבײַדע פונעם קינאָ־טעאטער „פּיאָנעריוס" (פאר דער מילכאָמע איז דאָרט געווען דער ייִדישער טעאטער) מיטן ציל צו שאפן דאָרט דעם ייִדישן היסטאָרישן מוזיי און א ייִדישן קולטור־צענטער. אגעוו, שוין עטלעכע כאדאָשים ארבעט אין דער געבײַדע די פארוואלטונג פון אונדזער קולטור־געזעלשאפט. עס ווערט געגרייט א פּראָיעקט צו רעקאָנסטרויִרן און קאפּיטאל רעמאָנטירן דעם גאנצן ביניען. גלײַכצײַטיק האָט מען אָנגעהויבן ברענגען אין אָרדענונג טויזנטער ייִדישע ביכער, צײַטונגען און זשורנאלן, דאָקומענטן פון פארשיידענע ייִדישע ארכיוון, וואָס געפינען זיך אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן אין דער ליטווישער ביכער־פּאלאטע. אין פאָיע פונעם קינאָ־טעאטער „פּיאָנעריוס" איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן א גרויסע אויסשטעלונג פון ייִדישע צײַטונגען און זשורנאלן, וועלכע זײַנען ארויסגעגאנגען אין ליטע אין די יאָרן 1918 — 1940.

דאָס ייִדישע קולטור־געזעלשאפטלעכע לעבן האָט באקומען א ברייטן אָפּקלאנג אין די טעגלעכע ליטווישע אינפאָרמאציעס דורך ראַדיאָ און טעלעוויזיע, אויך אין דער פּרעסע. עס האָבן זיך אין ליטווישע, אויך אין רוסישע און פּוילישע צײַטונגען און זשורנאלן באוויזן ארום 100 אינ־

פאַרמאַציע־מאַטעריאַלן און אַרטיקלען וועגן דעם ייִדישן לעבן, וועגן די ליטוויש־ייִדישע באַציִונגען.

נאָך איין פּרינציפּיעל וויכטיקע דערגרייכונג האָט די געזעלשאַפט געהאַט האַרט פאַר איר גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. דער אויספיר־קאָמיטעט פונעם ווילנער שטאָטראַט האָט סאָף פעווראַל 1989 אָנגענומען א באַשלוס פונדאַסנײַ אופשטעלן די אַלטע נעמען פון צוויי ווילנער גאַסן — די ייִדישע גאַס און די גאַס אַפן נאָמען פונעם ווילנער גאָען.

פון אָקטיאַבער 1988 ביזן סאָף פעווראַל 1989 זײַנען אין ווילנע געשאַפן געוואָרן העכער 60 שטיק־גרופּעס פון אונדזער געזעלשאַפט אויף גרויסע אונטערנעמונגען, אין פאַרשיידענע אנשטאַלטן. באַזונדער דאַרף געזאָגט ווערן וועגן די אָרגאַניזאַציעס און גרופּעס פון געטאָ־אסירים, אַנטיילנעמער אין אַנטיפאַשיסטישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס אין די געטאָס, און פּאַרטיזאַנער, וועטעראַנען פון קריג און אַרבעט, ייִדישע לערער, מעדיקער, זשורנאַליסטן. עס זײַנען געשאַפן געוואָרן אָפּטיילונגען פון דער געזעלשאַפט אין קאָוונע, קלײַפּעדע, שאַוול, דרוסקינינקײַ און גרופּעס אין אייניקע ראַיאָנען... עס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין ייִדיש, ליטוויש, רוסיש און ענגליש דער ערשטער יאָרבוך פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט אין ליטע פאַרן פּעריִאָד 1987.X — 1989.II (3,5 טויזנט עקזעמפּליאַרן). דאָס איז אַן אינפאָרמאַטיווע אויסגאַבע אויף 1,5 דרוקבויגנס, וואָס עס האָט צוגעגרייט דער מעכאַבער פון די שורעס מיט דער הילף פון די אַקטיוויסטן פרידע זימאַן, פירע בראַמסאָן און הירש סמאָליאַקאָוו. אין יאָרבוך איז געגעבן א דעטאַלע כראָניק פון דער אַרבעט פון דער געזעלשאַפט.

...דעם 5 מאַרץ 1989 איז פאָרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט אין ליטע.

אין דער פאַרזאַמלונג האָבן אָנטיילגענומען פאָרשטייער פון די נײַ־געשאַפענע ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס און אַנדערע אנשטאַלטן פון רספסר (מאָסקווע, לענינגראַד, קאַלינינגראַד, אוקראַיִנע (קיִעוו, טשערנאָוויץ), ווײַסרוסלאַנד (מינסק, וויטעבסק), מאָלדאַוויע (קעשענעוו), לעטלאַנד (ריגאַ), עסטלאַנד (טאַלין), אויך פון ייִדישע אינסטיטוציעס אין אויסלאַנד — ייִסראָעל, פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, פּוילישע פאָלקס־רעפּובליק.

...אַכט אזייגער אינדערפרי זײַנען העכער 500 דעלעגאַטן און הונדערטער געסט אין א קאָלאָנע פון צענדליקער גרויסע אויטאָבוסן און פּערזענלעכע אויטאָמאָבילן אַוועקגעפאָרן קיין פּאָנאַר צום מעמאָריִאַל, וווּ צווישן די 100 טויזנט אומגעבראַכטע אין די יאָרן פון דער היטלערישער אָקופּאַציע זײַנען געווען העכער 70 טויזנט ייִדן פון ווילנע און ווילנער אומגעגנט. מע האָט אָפּגעגעבן קאָוועד די קדושים.

11 אזייגער אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרזאַמלונג. געעפנט האָט זי דער שרײַבער גריגאָרי קאַנאָוויטש. א באַריכט־פּאָרטראָג וועגן דער טעטיקײַט פון דער צײַטווײַליקער פאַרוואַל־טונג האָט געמאַכט עמאַנויִל זינגעריס. עס זײַנען אַרויסגעטראָטן פילצאָליקע פאָרשטייער פון דער ליטווישער געזעלשאַפט. דער פאָרזיצער פונעם קאָלווירט „ראַמיגאָלא" פון פּאַנעוועזשער ראַיאָן ו. וועליקאָניס האָט לויט דער ליטווישער טראַדיציע צוגעטראָגן א גרויסן לאַבן דאָרפיש שוואַרץ ברויט אויף א לאַנגן און ברייטן ליטווישן לײַוונטענעם האַנטעך. אין נאָמען פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ליטע האָט דער פאַרוואַלטער פונעם אידעאָלאָגישן אָפּטייל יו. פּאַלעצקיס באַגריסט די פאַרזאַמלונג און אָפּגעמערקט, אַז די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט וועט ווײַטער באַקומען די געהעריקע אונטערשטיצונג און הילף. ער שטרײַכט אונטער, אַז די ייִדן האָבן אַרײַנגעטראָגן א היפּשן צושטײַער אין דער אַנטוויקלונג פון ליטע און זיי פאַרנעמען אויך איצט א וויכטיק אָרט אין דער גרויסער באַנײַונגס־באַוועגונג פון דער רעפּובליק.

עס האָבן גערעדט אויך דער פאָלקס־אַרטיסט פון דער רעפּובליק ל. נאָרייקאַ, דער פאָרזיצער פונעם ראַט פון דער נײַ־געגרינדעטער באַוועגונג פאַרן איבערבוי פון ליטע פּראָפעסאָר וו. לאַנדסבערגיס.

קאַזימעראַס סקאָבערא, א 95־יאָריקער ליטווינער, וועלכער האָט אין דער צײַט פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע געראַטעוועט ייִדן און וועמען מע האָט אויפגענומען מיט שטורמישע אָוואַציעס, האָט געזאָגט:

— איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב דערלעבט אָנטיילצונעמען אין א צוזאַמענפאָר פון די קינדער פונעם פאָלק ייִסראָעל — בעסער שפּעטער, איידער קיינמאָל ניט...

רירנדיקע זײַנען געווען די רעדעס פונעם פאָרזיצער פון דעם ליטווישן קולטור־פאָנד, פּראָפעסאָר טש. קוצאַבאַ, פונעם מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער ליטווישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע א. מינקיאַוויטשוס, פון דעם פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע פון געטאָ־אסירים און אַנטיילנעמער פון די אַנטיפאַשיסטישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס קעגן די אָקופּאַנטן אין די געטאָס און פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן פון ליטע ד. געלפּערן.

צו די אַנטיילנעמער פון דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך געווענדט די אויסלענדישע געסט. וואַרעם איז אויפגענומען געוואָרן די אַרויסטרעטונג פון דעם דירעקטאָר פונעם אינסטיטוט יאַד־וואַשעם אין ירושלאַיִם ייִצחאָק אַראַד (רודניצקי), וועלכער שטאַמט פון ליטע. בייס דער מילכאָמע איז ער געווען א ליטווישער פּאַרטיזאַנער. נאָכן קריג איז ער, ווי א געוועזענער פּוילישער בירגער, אַוועקגעפאָרן קיין פּוילן, דערנאָך קיין ייִסראָעל. דאָרט האָט ער דורכגעמאַכט דעם וועג פון א סאָלדאַט ביז א גענעראַל. ער איז א דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן. די הויפּטטעמע פון זײַנע פאָרשונגען איז די געשיכטע פונעם ליטווישן ייִדנטום.

דער סעקרעטאָר פונעם וועלט־ראַט פאַר ייִדישער קולטור מ. לינש האָט גערעדט וועגן די גרויסע פאַרלוסטן פון דער ייִדישער שפּראַך אין

דער גאנצער וועלט און אויך אין ייִסראַעל. איצט האָט מען אָנגעהויבן בעסער צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אן אוצער עס שטעלט מיט זיך פאַר די ייִדישע שפּראַך — די שפּראַך פון אונדזערע זיידעס און באָבעס, טאַטעס און מאַמעס און די קולטור אויף ייִדיש. עס וואַקסט אין ייִסראַעל די צאָל מענטשן, אויך יוגנט, שילער, וועלכע לערנען ייִדיש, די צאָל ייִדיש־קלאַסן.

מיט א באַגריסונג איז ארויסגעטראָטן דער פאַרזיצער פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פונעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד פון די ייִדן אין פּוילן, דעפּוטאַט פון פּוילישן סיים שימען שורמעי.

דער דירעקטאָר פונעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (ייִוואָ) אין ניו־יאָרק סעם נאָריטש האָט ארויסגעזאָגט א געדאַנק, אז דער צוזאַמענפאַר פון די ייִדן אין ליטע איז א בײַשפּיל פון די פרוכטבאַרע רעזולטאַטן פון דער „פּערעסטראָיקאַ" און פון „גלאַסנאָסט" אין ראַטנפאַרבאַנד.

די דעלעגאַטן האָבן זיך ארויסגעזאָגט וועגן פאַרשיידענע פראַגן, וואָס שטייען פאַר דער קולטור־געזעלשאַפט און וואָס מע דאַרף דרינגענד לייזן: לערנען ייִדיש און איוורית, אויסהיטן און ברענגען אין אָרדענונג די פאַרלאָזענע ייִדישע בעסוילעמס און פאַרניכטונגס־ערטער, אקטיוויזירן די קולטור־וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט, אָרגאַניזירן א לעבהאַפטע ארבעט אין די אָרטיקע אָפּטיילונגען און שטיק־גרופּעס, ארויסלאָזן א צײַטונג פון דער געזעלשאַפט אאַוו.

דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער וואַרשעווער צײַטונג „פאָלקס־שטימע" אוואַרם קוואַטערקאָ האָט אין זײַן ארויסטרעטונג באַרירט די פראַגע וועגן דעם, אז צווישן די ליטווישע ייִדן איז ניטאָ קיין פולשטענדיקע אייניקייט. אין פּוילן, — האָט ער געזאָגט, — איז דאָס אויך געווען. עס קאָנען זײַן פאַרשיידענע מיינונגען, מע קאָן שטרײַטן, אָבער אין איין פראַגע דאַרפן מיר זיך אַלע פאַראייניקן — באַם בויען א געזונטן, שעפערישן ייִדישן ייִשעוו.

אין דעם אַרײַנפיר־וואָרט צו דער פּראָגראַם, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן מיט א גרויסער מערהײַט פון די דעלעגאַטן, ווערט געזאָגט, אז די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט אין ליטע איז באַרופן צו באַפרידיקן די קולטורעלע באַדערפענישן און שטרעבונגען פון די ייִדן אין ליטע. איר ציל איז באַשיצן און פאַרשטאַרקן די פאַרלעצטע אין משך פון צענדליקער יאָרן ייִדישע סאָוועטישע קולטור, אויסהיטן די טראַדיציעס פון אונדזער פאָלק. אין דער געשאַפענער נײַער פּאָליטישער אַטמאָספער וועט די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט זיך אָריענטירן ניט אויף דעם, וואָס עס האָט אין דער פאַרגאַנגענהײַט פאַרפינצטערט די צווישנאַציאָנאַלע באַציִונגען, נאָר אויף דעם, וואָס דערנענטערט און פאַרבינדט די פעלקער. די געזעלשאַפט, — ווערט נאָכאַמאָל געזאָגט אינעם אָפּטייל „די צילן פון דער געזעלשאַפט", — פאַראייניקט אַלעמען, וועמען עס וויל אָנטיילנעמען אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קולטור און גאַראַנטירן איר פאַרזעצונג; זי שטרעבט צו דעם, עס זאָל געשטאַרקט ווערן דער ייִדישער נאַציאָנאַלער באַוווסטזײַן, די נאַציאָנאַלע שפּראַכן און די קולטור, ס'זאָל געפאַרשט ווערן די ייִדישע קולטור־ירושע.

די פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען די פּראָגראַם און דעם סטאַטוט פון דער געזעלשאַפט.

דעם 6־טן מאַרט האָט דער ערשטער סעקרעטאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ליטווישער קאָמפּאַרטיי אַלגירדאַס בראַזאַוסקאַס אופגענומען דעם פאַרזיצער פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט ע. זינגעריס און די געסט פון ייִסראַעל, פּשאַ, פּוילן. ער האָט באַגריסט די געזעלשאַפט מיט דער פרוכטבאַרער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און אין א וואַרעמען שמועס צוגעזאָגט ווײַטערדיקע הילף אין דער שעפערישער ארבעט, אויך אין אָרגאַניזירן אן אַקאַדעמישן אָפּטייל פאַר פאָרשן די געשיכטע פון דעם ייִדישן לעבן און פון דער ייִדישער קולטור אין ליטע. א שמועס איז פאָרגעקומען אויך אין דער ליטווישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

דעם 9 אַפּרעל איז דורכגעפירט געוואָרן א קאָנפערענץ פון דער ייִדישער לערער־אָרגאַניזאַציע „בילדונג". עס זײַנען בײַגעווען פאָרשטייער פון ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס, וועלכע זײַנען געשאַפן געוואָרן אין פיל שטעט פון רוסלאַנד און אוקראַינע, ווײַסרוסלאַנד, לעטלאַנד, עסטלאַנד.

מיר האָבן שוין א דערפאַרונג פון פאַקולטאַטיוון לערנען ייִדיש אין משך פון א לערניאָר אין די ווילנער 6־טער און 8־טער מיטלשולן און אויך אויף קורסן פאַר דערוואַקסענע. מע האָט באַהאַנדלט די קאָנצעפּציע פון א ייִדישער נאַציאָנאַלער שול. דער רעאַלער אָנהייב פון אזא שול זעט זיך אין שאַפן, אָנהייבנדיק פונעם הײַנטיקן האַרבסט, א גרויסן ייִדישן קינדער־גאָרטן און ייִדישע אָנפאַנג־קלאַסן אין די שולן, ווו מע לערנט שוין פאַקולטאַטיוו ייִדיש. דאָ שטויסט מען זיך אָן אויף פיל שווערע פּראָבלעמען. די צוויי וויכטיקסטע פון זיי זײַנען: צוגרייטן לערער און איבערצײַגן די עלטערן אין דער וויכטיקײַט פון דער זאַך.

אין יון האָט דער רעפּובליקאַנישער אינסטיטוט פאַר פאַרפולקומען לערער אײַנגעאָרדנט ספּעציעלע קורסן פאַר 30 ייִדישע לערער פון פאַרשיידענע ספּעציאַליטעטן. מע האָט דיסקוטירט וועגן דער מעגלעכקײַט צו לערנען די קינדער גלײַכצײַטיק ייִדיש און איוורית. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָנהייבן א מאַסן־באַוועגונג פאַר לערנען די ייִדישע שפּראַך, אויך אָנהייבנדיק פון האַרבסט אָרגאַניזירן א זונטיקדיקע שול און א ייִדישן קולטור־אוניווערסיטעט.

דאָ ווילט זיך אָפּמערקן די טעטיקײַט פון דער פאַרזיצערן פון „בילדונג", די לערערן פון ייִדיש אין דער 6־טער שול סאַרע לאַפּיצקאַיאַ, אירע שטעלפאַרטרעטערנס — די לערערנס סאָפיאַ זיבוק און מאַרינאַ ווילדזשונענע, די לערערן פון ייִדיש אין דער 8־טער שול עסטער מייעראָוויטש־שוואַרץ, דעם לערער אויף די קורסן פאַר דערוואַקסענע מאָטל זאַר, גיבן אָפּ פיל מי און זאָרג דער פאַרשפּרייטונג פון דער ייִדישער שפּראַך.

דעם 19־טן מאַרט איז אינעם קולטור־פּאַלאַץ פון די פּראָפאַריינען איינגעאָרדנט געוואָרן א פריילעכער פורים־יאָמטעוו פאַר קינדער.

דעם 21־טן מאַרט איז אין זעלבן קולטור־פּאַלאַץ פאָרגעקומען אַן אָוונט, געווידמעט דעם יאָמטעוו פורים, אין וועלכן עס האָבן אָנטיילגענומען בא 800 דערוואַקסענע. די אַרטיסטן פונעם פאָלקס־טעאַטער האָבן אויף דער בינע געוויזן א פורים־שפּיל — א בייסיקע סאַטירע אויפן אוראַלטן האָמענען און אויף זיינע נאָכפאָלגער — היטלערן און סטאַלינען. אין טאַנצזאַל האָט מען זיך פריילעך פאַרווײַלט אונטער דער מוזיק און געזאַנג פונעם עסטראַדע־אַנסאַמבל „פייערלעך”.

דעם 2־טן אַפּרעל איז פאָרגעקומען א ליטעראַריש־מוזיקאַלישער אָוונט, געווידמעט דעם גרויסן ייִדישן פּאָעט מוישע קולבאַק. וועגן זיין שאַפונג, קורץ לעבן און טראַגישן אומקום האָבן גערעדט ל. אַראָן און א. גאַראָן. זיין פּאָעמע „ווילנע” האָט געלייענט אין ליטוויש דער פּאָעט־איבערזעצער א. בוקאַנטאַס, אויף ווייסרוסיש האָבן גערעדט און געלייענט קולבאַקס לידער פאָרשטייער פון דער ווייסרוסישער קולטור־געזעלשאַפט אין ליטע „סאַברינאַ” וו. סטעך און אַנדערע. אינעם אָוונט האָבן זיך באַטייליקט דעם דיכטערס טאָכטער רײַע מיט איר מישפּאָכע, זיינע אַלטע פריינט — דער שרייבער הירש רעלעס, די געוועזענע אַרטיסטקע פונעם ייִדישן טעאַטער, פאַרדינסטפולע אַרטיסטקע פון דער ווייסרוסישער רעפּובליק יודיס אַראָנטשיק, דער קאַנדידאַט פון טעכנישע וויסנשאַפטן, פּראָפעסאָר פון מוזיק מיכאַיל קליינער.

דעם 28 — 29 אַפּרעל און 1 — 2 מיי האָט דער ייִסראָעל־אַמעריקאַנישער שרייבער און רעזשיסער (א געוועזענער סאָוועטישער בירגער) עפראַים סאַוועלאַ מיט גרויס דערפאָלג דעמאָנסטרירט זיין פילם „די וויגליד” — דריי טיף רירנדיקע נאָוועלעס וועגן דעם טראַגישן גורל פון די ייִדן אין דער צייט פון דער היטלערישער אָקופּאַציע.

דעם 2־טן מיי האָט די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט איינגעאָרדנט א גרויסן מיטינג אין פּאָנארער וואַלד, געווידמעט דעם טאָג פון דער קאַטאַסטראָפע און דעם אומקום פון 6 מיליאָן ייִדן.

דעם 9־טן מיי איז לויט דער איניציאַטיוו פון דער גרופּע קריגס־וועטעראַנען בא דער געזעלשאַפט, צוזאַמען מיטן שטאָטישן קאָמיטעט פון דער געזעלשאַפט פון וועטעראַנען פון מילכאָמע און מי און פונעם ראַט פון די וועטעראַנען פון דער געוועזענער 16־טער ליטווישער דיוויזיע פון דער סאָוועטישער אַרמיי, פאָרגעקומען אין אָפּיצערן־הויז א צוזאַמענטרעף, געווידמעט דעם 44־טן יאָרטאָג פונעם ניצאָכן. אויף ליטוויש, רוסיש, ייִדיש האָט מען זיך געטיילט מיט זיכרוינעס וועגן דעם געמיינזאַם פאַרגאָסענעם בלוט אינעם קאַמף קעגן היטלערישן פאַשיזם, פאַר דער פרייהייט פון אונדזער לאַנד, פון זיינע פעלקער. אין דעם קאָנצערט־טייל זיינען צווישן אַנדערע אויסגעפירט געוואָרן ייִדישע מעלאָדיעס און טענץ.

דעם 12־טן מיי איז אין קולטור־פּאַלאַץ פון די פּראָפאַריינען איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אָוונט, געווידמעט דעם 130־טן געבורטסטאָג פון שאָלעם־אַליי כעמען. עס האָט גערעדט דער זשורנאַליסט ה. סמאָליאַקאָ, דער איבערזעצער פונעם ייִדישן קלאַסיקער אויף ליטוויש ד. אורבאַס. עס איז באַוויזן געוואָרן א מוזיקאַלישער ספּעקטאַקל „דער ייִדישער געט” לויט שאָלעם־אַליי כעמס פּיעסע.

דעם 17־טן מיי איז פאָרגעקומען א צוזאַמענטרעף מיטן שרייבער אַווראָם קאַרפּינאָוויטש פון ייִסראָעל — א געוועזענעם ווילנער איינוווינער. ער האָט מיט א גרופּע פון 17 טוריסטן (געוועזענע געטאָ־אַסירים) באַזוכט מאָסקווע, לענינגראַד, טאַלין, ריגע, קיעוו.

מע זאָגט: דער אָנהייב איז אַלעמאָל שווער. נאָר אויך אויף ווייטער וועט זיין ניט לייכט. עס איז אָבער שוין דאָ אַן איבערצייגונג, אַז מע קאָן א סאַך אויפטאָן, באַזונדערס, ווען מע פילט א נאַציאָנאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.



# ציטאטעס פון דער סאָוועטישער פּרעסע

## פון די מאטעריאלן פונעם צוזאמענפאָר פון די פאָלקס־דעפּוטאטן פון פססר

די צייט האָט דערוויזן די ריכטיקייט פון דער נאציאָנאלער פּאָליטיק, וועלכע ס׳האָט אויסגע־ארבעט וולאדימיר איליטש לענין. די רעזולטאטן, וועלכע זי האָט געבראכט אלע אונדזערע פעל־קער, איז אומעגלעך איבערצושאצן. ס׳איז דורכ־געפירט געוואָרן א קאָלאָסאלע ארבעט אף צו בייקומען דעם נאציאָנאלן יאָך און די אומגלייכ־הייט, צו אופהייבן די עקאָנאָמיק און צו אנטוויק־לען די קולטור פון אלע נאציעס, וועלכע בא־פעלקערן אונדזער לאנד. צו אונדזער דערפאַרונג איז ארויסגעוויזן געוואָרן אן אינטערעס אין דער גאָרער וועלט, און דאָס דארף מען בעשום־אופן ניט פארגעסן.

אָבער אין די 30־ער יאָרן האָט מען די לעני־נישע פּאָליטיק אף א גראָבן אופן פארקריפּלט און דעפאָרמירט. דאָס האָבן געפילט אף זיך אלע פעלקער. פארשטיין פארייןפאכט דעם פילראנגיקן כאראקטער פון די נאציאָנאלע באציונגען, שטיצן די טענדענצן צו אוניטאריזם, אָפּלייקענען די ספּע־ציפיק פון דער נאציאָנאלער אנטוויקלונג, פּאָלי־טיש באשולדיקן גאנצע נאציעס מיט די דריי־גענדיקע דערפון ווילקיר און אומגעזעצלעכקייט, אומדערלאָזבאר שטעלן א גלייכצייכן צווישן די נאציאָנאלע געפילן פון מענטשן און די נאציאָ־נאליסטישע אנטפּלעקונגען — דאָס אלץ איז גע־ווען אין אונדזער לעבן. דאָ איז ניטאָ וואָס, ווי עס רעדט זיך, סיי צוגעבן, סיי פארמינערן.

מ. ס. גאָרבאטשאָוו

ס׳איז שיר ניט געוואָרן א מאָדע צו באשול־דיקן אין נאציאָנאליזם און אָרטיקייט א באליביקן בירגער, וועלכער קעמפט פאר זיינע נאציאָנאלע באדערפעניש, און איינצייטיק שטיצן דעם ניהי־ליזם, אָפּלייקענען זיין פאָלק אלס פאָלק, באשול־דיקן נאָרמאלע פאטריאָטיש געשטימטע מענטשן אין נאציאָנאליזם.

טש. אייטמאטאָוו

פיל פעלקער זיינען דורכגעגאן דורך דעם גאנצן ערדקיילעך און אומגעקומען, ניט איבער־לאָזנדיק קיין שפּורן. וועגן די סיבעס פון זייער אומקום איז א סאך אָנגעשריבן. אינעם אלטן טעסטאמענט איז וועגן דעם געזאָגט: אין דער שפּראך איז דאָס לעבן און דער טויט. די אוראל־טע יידן האָבן פעסטגעשטעלט, אז דאָס שוואכ־סטע, וווייטיקלעכסטע און דעליקאטסטע אָרט בא א באליביקן פאָלק איז זיין שפּראך, דאָס הייסט יענע בריקל, פון וועלכן אונדזער ערדישער יעסאָד גייט אריבער אין א גייסטיקן. און, פארשטייט זיך, אז אונדזער זאָרג וועגן דער שפּראך ווערט דיק־טירט, קודעמקאָל, מיט דעם, וואָס דאָס לעבע־דיקע קאָן ניט שאַלעם מאכן מיט זיין טויט. עס קאָן ניט שאָלעם מאכן מיטן טויט א לעבעדיקער אָרגאניזם, און א לעבעדיקע נאציע קאָן אויך ניט שאָלעם מאכן אין אָנבליק פון דער דעגרא־דאציע פון איר שפּראך.

אי. פּ. דרוצע



# ליפּע העלער



ניטאָ שוין מער דער גוטהאַרציקער, שטילער דיכטער ליפּע העלער (ליפּע קאַהאַן), וועלכער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן, די נאַטור און דערי־קער מענטשן. מיט וועמען ער האָט זיך ניט באַגעגנט, פֿלעגט ער ענדיקן דעם שמועס מיט אַ ווינטשעריי:

— איך האָב צו אײַך אַ באַקאָשע, און איר וועט עס אומבאַדינגט אויספֿילן. — און נאָך אַ קורצער פּאַוזע פֿאָרזעצן: — דעריקער, איר זאָלט זײַן געזונט...

שווער צו באַשטימען, מיט וואָס עס האָט זיך דערקלערט, נאָר בײַ אַ טרעפֿונג פֿלעגט ער זיך סטאַרען אויסמײַדן דיסקוסיעס. אָבער פֿון דעם דרינגט ניט אַרויס, אַז דאָס האָט זיך גענומען פֿון גלײַכגילט. פֿאַרקערט, ער פֿלעג זיך צוהערן צום שמועס אויפֿמערקזאַם און געהאַט פֿעסטע מיי־נונגען בנוגע די אָדער יענע דערשײַנונגען. זייער מעגלעך, אַז דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס ער איז געווען זיכער, אַז אויב ער וועט בײַ אַ סיכסעך וועמען־ניט־איז דערווידערן, וועט ער דערמיט אויפֿקשטעלן יענעם אין אַן אומאָנגענע־מער לאַגע.

ליפּע העלער איז געבוירן געוואָרן אין 1915 אין שטעטעלע דוקאָר, ניט ווײַט פֿון מינסק. זײַן ערשטע ליד האָט ער אָפּגעדרוקט אין דער פּיאָ־נערישער צײַטונג „יונגער לענינעץ" אין 1928, דרײַצן יאָר איז ער דעמאָלט אַלט געווען. שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן זײַנע לידער אין דער רעפּובליקאַנישער צײַטונג „אָקטיאַבער" און אין מידעשלעכן זשורנאַל „שטערן". ווי די מערהײַט דיכטער און פּראָזאַיקער פֿון יענער צײַט, האָט ער אין זײַן שאַפֿונג אויסגעדריקט דעם פּאַטאָס און ענטוזיאַזם פֿון די בויער פֿונעם ערשטן פֿינפֿיאָר, די באַנײַונג פֿון דעם שטייגער־לעבן אין שטעטל, די שטרעבונג פֿון דער יוגנט צו וויסנשאַפֿטן, צו העלדישע טאַטן לטובֿת דעם היימלאַנד.

אין 1934 איז אַרויס פֿון דרוק זײַן זאַמלונג לידער „געבורט". אין 1937 האָט ער געענדיקט דעם ייִדישן ליטפֿאַק באַם מינסקער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט און איז איבערגעפֿאָרן אויף פּעדאַגאָגישער אַרבעט קיין באָברויסק. אין די יאָרן פֿון דער פֿאָטערלענדישער מלחמה האָט ער מיט געווער געקעמפֿט קעגן בלוטיקן פֿאַשיזם.

נאָך דער מלחמה האָט ער זיך ווידער אומגעקערט קיין באָברויסק און האָט אונטערריכטעט רוסישע שפּראַך און ליטעראַטור אין איינער פֿון די מיטלשולן. אין 1949, ווען די סטאַלינישע רעאַקציע האָט זיך ווידער שטאַרק צעבושעוועט, האָט מען רעפּרעסירט ליפּעס ברודער — דעם ייִדישן שרײַבער אײַזיק קאַהאַן. ליפּען האָט מען פֿאַרגעלייגט פֿאַרלאָזן באָברויסק, און ער איז איבערגעפֿאָרן מיט דער משפּחה קיין סמאָלענסק, וווּ ער האָט קוים מיט צרות זיך אײַנגעאָרדנט אַלס לערער.

אין יענע יאָרן איז אויף לאַנג פֿאַרשוויגן געוואָרן זײַן מוזע. שאַפֿן פֿאַרן „טישקעסטל", ווי אַנדערע האָבן עס געטאָן, האָט ער ניט געקאָנט. אָבער ווי נאָר ס'איז פֿאַרורטיילט געוואָרן דער סטאַלינישער יחיד־קולט, האָט ער זיך ווידער גענומען צו דער פּען.

ניט געקוקט דערויף, וואָס אים איז אויסגעקומען באַגלײַך מיט פֿיל אַנדערע שרײַבער איבערלעבן אַ פֿינצטערע און ביטערע צײַט, האָט די פּאָעטישע שטים זײַנע ווידער געקלונגען אָפּטימיסטיש. די ליבע צום לעבן, צו מענטשן, צום היימלאַנד איז געווען די הויפּטטעמע פֿון זײַן שאַפֿונג. פֿאָלקסטימלעכע אויפֿריכטיקע לידער האָט ער אָפֿט געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" און אין „ביראָבידזשאַנער שטערן".

דעם 12 מײַ 1989 איז ליפּע העלער אוועק אין דער אייביקייט.

ערע זײַן ליכטיקן אָנדענק!

א גרופּע כאַווירים

The current issue continues the publication of materials under the heading "Our Memorial".

The current issue concludes the publication of the report N. S. Khrushcev made at the 20th Congress of the Communist Party of the Soviet Union "The Pesonality Cult and its Consequences".

In his article Solomon Atamukas, Ph. D. (History) of Vilnius, deals with the activity of the Society of Jewish Culture of Lithuania. A decision has been taken in Vilnius to reopen the State Jewish Museum closed in 1949; instruction of Yiddish has been introduced in several schools, an exhibition of Jewish art has been staged in Kaunas and Vilnius, different performances and concerts are being produced.

The article by Leib Vilsker (1919-1988) tells the history of an unusual picture on a tomb-stone at the old Jewish cemetery in Medzibozh.

The issue carries "Memories of Distant Childhood", an autobiographical essay by Pearl Kantor (Penza).

The magazine continues the publication of professor N. M. Nikolsky's book "The Ancient Israel People" (see Nos 1-8, 1989); and Sholom Aleichem's novel "Bloody Joke" (see Nos 7-12, 1988, and Nos 1-8, 1989).

Supplement- "Yungvald" ("Young Growth"), "Magazine within a Magazine" designed for young readers who wish to master Yiddish and acquire Jewish culture, issue No 2. (Issue No 1 was supplemented to "Sovietish Heimland" No 8) 1989).

---

## טײַערע לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד״, וועלכע ווינען אין מאָסקווע און אין די ארומיקע יִשוּווים!

קעדיי באקומען א מעגלעכקײַט אײַנצולאדן אײַך אף ליטעראַרישע דאַנערשטיקן און אף באגעגענישן מיט ארטיסטן פון דער ייִדישער עס־טראדע, בעטן מיר מיטיילן אונדז די נומערן פון אײַערע היימישע טע־לעפאָנען אָדער די פּאָסטאַדרעסן.

מיר דערמאָנען, אז די רעדאקציע געפינט זיך אף קיראָוו־גאס 17, דער פּאָסטאינדעקס — 101000.

קולט־קאָמיסיע

# RÈSUMÈ

## "Sovietish Heimland" ("Soviet Homeland")
## No 9, September 1989

"Sovietish Heimland" September issue opens with the new novel by Samuil Gordon (Moscow), entitled "Izkor" ("Remembrance"), which descsribes, on the basis of documents, the ruthless repressions inflicted, in the late forties — early fifties, upon the Jewish Anti-Fascist Committee and prominent figures in Jewish Soviet literature and culture. The issue carries the conclusion of "Hard Years", the new novel by Hershl Polyanker (Kiev).

Modern poetry is represented by the new poems of Chaim Gurevich (Novosibirsk), and the beginning of "Jewish Melodies" by the outstanding Ukrainian poet Dmitro Pavlychko (Kiev), translated by Aron Vergelis, to celebrate his 60th birthday.

The "Memorable Literary Dates" section commemorates the jubilees of poetess Shifra Kholodenko (1909-1974) and prosaist Motl Dekhtyar (1909-1939).

Motl Dekhtyar's youth is depicted by his sister Gemma. The writer was born and spent his childhood in a small Jewish shtetl of Byelorussian Polesye (Woodlands) whose peculiar world he later portrayed in his stories. In 1934 Motl Dekhtyar entered the literature department of the Byelorussian University. The years the writer spent in Minsk are deal with by the poet Hirsh Reles (Minsk). The work of the young prosaist distinguished by lyricism and emotionalism, did not contain the bare realism advocaed in literature at that time. In 1939 Motl Dekhtyar was conscripted into the army, and in several months, on the way to the Finnish front, he fell ill to die a sudden death. Such was the short life of Motl Dekhtyar who merited the reputation of original writer.

Shifra Kholodenko, poetess, sister of the famous Jewish poet David Hofshtein, was born in the Ukraine. She graduated the physics-mathematics department of the Moscow State University. Shifra Kholodenko is author of several poetical selections with some poems published in "Sovietish Heimland", which are marked by feminineness and lyricism.

The Jewish poet Lipe Heller (Kogan), born in 1915, in the town of Dukar, Byelorussia, died in Minsk on May 12, 1989. His first poem was published in 1928 in the newspaper "Yuny Leninets" ("Young Leninist"), followed by his poetry featured in the newspaper "October" and magazine "Shtern" (Star") appearing in Minsk, with his first book of poems "Geburt" ("Birth") published in 1934. Lipe Heller graduated, in 1937, the literature department of the Teacher Training Institute in Minsk. He participated in the war and on his return from the front he settled in Bobruysk to work as teacher. He gave up writing during the wanton repressions of the late forties—early fifties and resumed his creative work only in the sixties. His poems have been repeatedly published by the magazine "Sovietish Heimland" and newspaper "Birobidzaner Shtern".

стал писать. Снова вернулся к творчеству в шестидесятые годы. Его стихтворения неоднократно печатались на страницах журнала «Советиш геймланд» и газеты «Биробиджанер штерн».

В сентябрьском номере журнала продолжают публиковаться материалы под рубрикой «Наш мемориал».

В сентябрьском номере журнала «Советиш геймланд» завершается публикация доклада Н. С. Хрущева на XX съезде КПСС «О культе личности и его последствиях».

Доктор исторических наук Соломон Атамукас (Вильнюс) рассказывает о деятельности Общества культуры евреев Литвы. В Вильнюсе принято решение об открытии Государственного еврейского музея, закрытого в 1949 году, начато преподавание языка идиш в нескольких школах, в Каунасе и Вильнюсе прошла выставка еврейского искусства, проводятся различные вечера и концерты.

В заметке Лейба Вильскера (1919-1988) рассказывается об истории одного необычного изображения на надгробном памятнике на старом еврейском кладбище в Меджибоже.

В номере печатается автобиографический очерк Перл Кантор (Пенза) «Воспоминания о далеком детстве».

Журнал продолжает публикацию книги профессора Н. М. Никольского «Древний народ израиль» (начнло см. в №№ 1—8 за 1989 год). Читатели ознакомятся с дальнейшими главами романа Шолом-Алейхема «Кровавая шутка» (начало см. в №№ 7—12 за 1988 и в №№ 1—8 за 1989 год).

**В качестве книжного приложения публикуется второй выпуск молодежного «журнала в журнале» «Юнгвалд» (первый выпуск вышел вместе с восьмым номером журнала за 1989 год). Он адресован молодым читателям, желающим лучше знать еврейский язык и еврейскую культуру.**

---

## *ДОРОГИЕ ЧИТАТЕЛИ!*

*По многочисленным просьбам читателей редакция журнала «Советиш Геймланд» приняла решение о выпуске второго (исправленного) издания «Краткого идиш-русского словаря». Книжки словаря поступят подписчикам журнала «Советиш геймланд» в мае-августе будущего года.*

*Передайте эту весть всем, кто изучает еврейский язык.*

*Поскольку число экземпляров словаря будет ограничено тиражом журнала, необходимо своевременно оформить подписку на «Советиш геймланд» на 1990 год (наш индекс по каталогу 70821)*

